של אוצר המלכות, הוחזר אחר־כך ההסדר הקודם, של רשות גרודנה, על מכונו.[3]

ב־1761 החליט הסיים הפולני לגבות את מס־הגולגולת המוטל על היהודים — במישרין מכל יחיד או אב־משפחה החייב בו; וב־1764 הוא החליט לבטל את כל „ההתוועדויות", שעסקו קודם בגביית המס בסיטונות, כלומר לפזר את מערכת ההנהגה העצמית היהודית המרכזית והגלילית. לפי ספירה של התושבים היהודים, שנערכה בסוף 1764, ושרבים מהם לא נתפקדו אז — נימנו בקהילת קרינקי עם הקהילות שהיו משלמות מס באמצעותה, 1,285 נפשות מתוך 13,815 נפש יהודים במחוז גרודנה כולו (מזה, לפי ד"ר יצחק שיפר 2,555 בגרודנה גופה; ולפי מקורות אחרים. רק 2,418 כולל ה„סביבות"[4]). באמדור ובקוזניצה הקרובות היו אז: בראשונה מהן — 505; בשנייה — אף היא מן הקהילות הוותיקות שבגליל, הנזכרות ב„פנקס־המדינה" בתקנות שנת תש"ג, (1623) — 434 יהודים משלמי־מס בשנת 1766. בסוקולקה וסביבתה נימנו ב־1765 רק 522.[5]

יהודי קרינקי נזכרים גם ברשומה מימי המרד של קושצ'ושקו בשנת 1794 (לפי ד"ר עמנואל רינגלבלום: „די פוילישע יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשטשושקאָ — 1794", ורשה 1937, עמ' 198) ובה מסופר, שהמורדים הטילו על יהודי העיירה להחזיק מוכנים בשבילם 4 סוסים, בעוד שהעירונים הנוצרים שם חויבו להחזיק מוכנים לאותה תכלית רק 2 סוסים.[6]

## יהודי קרינקי במאה הי"ט

### בראשית המאה

יהודי מקרינקי, ראובן גוממאר, זכה בתעודת־הצטיינות, בעת מלחמת רוסיה בנאפוליאון, ב־1812 — על שבחירוף־נפש הציל חיי קצין רוסי מידי הצרפתים בעת נסיגתם; הללו אף התנקמו על כך באשתו ותלוה, ואת ביתו העלו באש (על כך מסופר ברשימה „היהודים במלחמת 1812", ב„הצפירה" ורשה מכ"ט בניסן תרע"ב). ולעומת זאת, הועלו האשמות על קרינקי, כי נמצאו בין תושביה, בכללם גם סוכנים יהודים אחדים, שהיו מעורבים בהספקת מזון ומספוא לצרפתים, שחנו מעבר לנהר בוג בתחום הדוכסות הפולנית — מסופר ברשימה „יהודי פלך גרודנה ב־1812", מאת א"ב ראם, בשבועון היהודי ברוסית „נובי ווסחוד", פטרבורג מ־26 ביולי 1912).

על מצב היהודים בעיירות ווליה, אמדור וקרינקי בשנת 1823, מסופר בידיעה, שקיבל אז המושל של פלך גרודנה, ושבה נאמר, שמצב היהודים שם הוא כה דחוק, עד שחרף העזרה המסוימת, המוגשת להם ע"י הקהילות המקומיות — אירעו בקירבם מקרי מוות מרעב, ואין לכן אפשרות לגבות מן היהודים הללו את המסים בדרך של הוצאה־לפועל ועונשין. מושל הפלך, שהטיל ספק בכנות תיאור זה, שיגר לשם אחד משופטי בית־המשפט שבגרודנה, והלה אישר, שבאמדור מתו רבים ממחלות ומרעב, אך בקרינקי המצב הוא במידה מסוימת טוב יותר, הואיל ויושב בעיירה רופא קבוע והוא מספק להולים תרופות על חשבונו הפרטי. אך בינתיים שוגרה אל העיירות הללו משלחת־עונשין, לעשות בהן על חשבון התושבים היהודים, על שלא סילקו למלכות את יתרת המסים של השנה ומחציתה האחרונות, ולגבותם בכפייה.[7]

### בימי המרד הפולני 1863

מסופר, שבעת המרד הפולני בשנת 1863, ניסו בעלי־אחוזות שבסביבת קרינקי, להניע, במישרין או ע"י שליחיהם, יהודים בעיירה זו — להצטרף אל ההתקוממות; אולם פניות אלה, לרבות הבטחות לאחינו בני־ישראל כי ייטיבו עמם ויעניקו להם זכויות ועדיפויות שונות, לאחר נצחון הפולנים — לא הוכתרו בהצלחה.

### קרינקי מייצרת טכסטיל

חידוש חשוב בחיים הכלכליים (ובעתיד גם בחב־רתיים) של יהודי קרינקי, נתארע באותה תקופה, לאחר שבעשור השני והשלישי של המאה הי"ט צצו וקמו ביישובים שונים בפלך גרודנה שורה שלימה של מפעלים לטכסטיל: בשנת 1827 מייסד החכרן יוסל גאלאָס בקרינקי בית־אריגה, שהעסיק אז 5 פועלים יהודים ב־4 נולים, והיה מייצר אריגי־צמר אפורים פשוטים.[8] ואם אין בידינו ידיעות נוספות על מארגה זו, הרי בידוע הוא, כי בשנות השישים של המאה כבר היתה קרינקי מלאה מפעלים רבים וסואנים לטכסטיל. נראה, שלצד הצורך בפרנסה קבועה לאוכלוסה היהודית שגדלה והלכה (וזאת במידה מסוימת גם מחמת הנסיון של גירוש היהודים מן הכפרים שבפלך גרודנה בשנות העשרים של המאה) ושהגיעה בשנת 1847 ל־1,856 נפשות — שימשה כגורם

להתפתחות החרושתית הנדונה, גם איכות המים המצויינת, שבהם נתברכה העיירה, והשופעים במעיינות שבעיבורה. על תעשיית טכסטיל זו מספר בזכרונותיו איש־קרינקי אב׳ מילר:

„— — בכל אסם או עליית־גג ניצבו נולים, והבוכ־יארים („הסירות״ הנזרקות דרך חוטי־השתי, ובתוכן ה„כוש״, אשר עליו כרוכים חוטי־הערב) אצו־רצו הלוך ושוב בלא הפוגה. קטן וגדול, גברים ונשים — הכל עבדו בטכסטיל. מי במטוויה ומי בבית־האריגה. מבוקר השכם ועד הערב והלילה לא פסקה נהמת המכונות כשהיא ממוזגת ברינת הסַללוֹת (כורכות החוטים על הסלילים) והקנבות (מסלקות קשרי חוטים בולטים מעל המארג). האורגים יוקרתם בעיירה עלתה, שכן משתכרים היו 6—7 רובלים לשבוע, בעוד שבעלי־מלאכה זולתם — סנדלרים או נגרים — לא היו מעלים ביגיעם אלא 18 זהובים (2.70 רובלים) באותו פרק זמן. מלאכת האריגה כולה נעשתה בידיים, אולם המטוויות השתמשו בכוח מפל־המים שבנחל ניאָטופה.

„תעשיית הטכסטיל נתפתחה עד מהרה, וחרשתנים אחדים, מן האמידים יותר, אף הקימו מספר בתי־חרושת מוּנעים בקיטור, וארובות גבוהות נזדקרו מהם אל על. קרינקי נתאוששה והלכה. צפירתם של מנועי־הקיטור ורעש המכונות שיוו לעיירה אופי של עיר תעשייתית טיפוסית. אולם מוצריה של קרינקי היו מסוג זול, ולא הספיק כוחם לעמוד בתחרות עם אלה של ביאַליסטוֹק ולודז׳, שמוצריהן תאָמו יותר את דרישות הזמן. וכך נמצאו תעשייני קרינקי מפגרים ונחשלים, באין ברצונם או ביכולתם להתקדם עם הזרם; הם גם היו מסוכסכים בינם לבין עצמם. וכך הגיעה חרושת הטכסטיל של קרינקי ביום מן הימים לידי מפוֹלת, שממנה לא יכלה עוד קוּם. הייצור עבר מעט מעט אל עיירות הסביבה — להוֹרוֹדוֹק, ואַשילקוֹב ואחרות. המפעלים נתרוקנו והלכו גם מן הטווים, הסללוֹת, הנקבוֹת, האורגים והסוחרים. בעיירה נשתררה לבסוף דומייה כבבית־קברות, בבנייני־התעשייה נשתלטה עזובה — —.

„— — הכל חשו עצמם בבחינת ׳יורדים׳, אזלת־יד תקפתם ואכלתם. מעט כּעט החלו להתרגל שוב לנסיבות: יוצאים לסחור ולתגר בשה״י פה״י, מסובבים כל ערל המגיע לעיירה ביום השוק וקונים ממנו כל שהביא עמו — קווצת זיפי־חזיר, פשתה, שעווה, צמר, פרוֹת־כבש; היו נצים על כתונת־גוי בלויה וקרועה, אצים־רצים בדרכים המובילות אל העיירה להקדים ו׳לתפוס׳ כל איכר המתקדם אלי קרינקי עם מטען בר כלשהו, ודולקים אחר עגלתו, וכד׳ — —. מפרוטות היה עליהם להתפרנס, לשלם למלמד, להשיא בנות, לשחרר בנים משירות בצבא ולהעניק דמי־כופר — —״.

פרשת שריפות

לא די בכל אלה, פקדו את קרינקי, תוך שמונה שנים, שלוש דליקות גדולות, אשר השמו את העיירה. האחת פרצה בי״ז בסיון תרל״ט (1879), שנייה ב־19 במאי 1882, ושלישית ב־1887 בערך. בעיצומו של יום שרב אחד עלו בלהבות: בית־הכנסת, בית־המדרש הגדול, בית־התפילה „חיי־אדם״ וה„שטיבל״ של חסידי־סלונים. כן היו לאפר השארית ממיבני המארגות ולא נותר עוד סימן מהם.

כאורח יהודים, השפיעו העיירות הסמוכות עזרת־אחים, ובראש וראשונה לחם לרעבים וכסות. וקרינקי היהודית עצמה גמלה, לימים לא רחוקים ביותר, ביד נדיבה, לעיי־רות, אף לערים, זולתה, ששריפות גדולות נפלו בחלקן.

בשנת 1895 נכנס לתוקפו בממלכת רוסיה חוק־המוֹנוֹ־פּוֹלין על יי״ש, ושלפיו נגזר על הממזגות הפרטיות להיסגר כולן, וגם מן המוזגים היהודים המרובים שבקרינקי נשללה פרנסתם; ולא נותר להם עתה, מספר א״ב מילר, אלא לעסוק במזיגת תה לאיכרים, תוך שליפת כוס יי״ש לאלה בהסתר ובפחד מפני השררה.

ובינתיים נתאחזה העיירה בענף תעשייה חדש, היא הבורסקאות, שעליה הושתתה מעתה מיסודה כלכלת היהודים במקום, במגמה חרושתית מובהקת, על כל המשתמע מכך במכלול תחומי החיים שלהם. וכך עלה במשך הזמן בידי קרינקי להתאושש, אף להקים בתי־חומה תחת בנייני־העץ שעלו בשלהבת הדליקות. החל פרק חדש בקורות העדה.

דוב ראבין

# פון דער געשיכטע פון יידן אין קרינקי

## ביז די 90ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט

### פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון קרינקי

קרינקי (קריניק, קרינעק) איז אנטשטאַנען אינעם ווייסרוסיש־פוילישן טרעפפונקט, לערך 49 קילאָמעטער צו דרום פון גראָדנע. ווי אנדערע יישובים אין דער סביבה, האט אויך קרינקי געירשנט איר נאָמען פונעם טייכל, וואס פליסט לעבן שטעטל און פאַלט אריין אין דעם נאָנטן סוויסלאָטש, א בייטייך פון ניעמאַן. קרינקי ליגט אין א פרוכפעריקן טאָל צווישן בערגלעך. נישט ווייט פון איר צו מערב, ציען זיך אור־וועלדער (די קרינקער „פושטשע"), וואס דערגייען ביז צו טשאַרנאַ־וויעש וואס אויף דער אייזנבאַן־ליניע גראָדנע—ביאַליסטאָק, און ביז סופּראַסלע.

אין היסטאָרישע דאָקומענטן ווערט קרינקי דערמאָנט צום ערשטן אין שייכות מיט א צונויפטרעף צווישן פוילישן קיניג וולאַדיסלאַוו יאַגיעללא און דעם ליטווישן גרויס־פירשט זיגמונט קעיסטוטאָוויטש, אין מאַרס יאר 1434. יאַגיעללאָ, וואס איז דאַן געווען אויף געיעג אין די בע־לאָוועזשער וועלדער, האט אנגענומען קעיסטוטאָוויטשעס פאַרבעטונג זיך צו טרעפן מיט אים אין קרינקי, און דאָרט איז באַנייט געוואָרן די „אוניע" (לייזע פאַרייניקונג) צווישן ליטע מיט דער פוילישער „קרוין" און עס זענען פאַרפעסטיקט געוואָרן די באַציונגען צווישן זיי.

ווי א זכר פון א פאַרצייטיקערער תקופה — פון דער טאָטערישער אינוואַזיע אינעם געביט — איז געבליבן נאָנט פון קרינקי, 15 קמ צו דרום, דאָס דאָרף קרושע־ניאַני, דער גרעסטער „קידרישער" (טאָטערישער) יישוב אינעם גאַנצן גראָדנער קרייז (צו וועלכן קרינקי האט אָנגעהערט).

אין צווייטן דריטל פון 16טן יאָרהונדערט ווערט קרינקי דערמאָנט צווישן די „עקאָנאָמיעס" (גיטער), וואס האָבן לויטן רעגיסטער־בוך פון דער גראָדנער „עקאָ־נאָמיע" (אַדמיניסטראַציע), געהערט צו באָנאַ ספאָרצאַ, דער איטאַליענישער פירשטין פון מילאַן און באַרי — די פרוי פון פוילישן קיניג זיגמונט דעם ערשטן. אבער אין יאר 1569 באַקומען די איינוווינער פון קרינקי פונעם פוילישן קיניג זיגמונט אויגוסט דאָס „מאַגדעבורגער־רעכט", דהיינו אַליין־פאַרוואַלטונג, לויט וועלכער די קריסטלעכע שטאָטלייט (די „מיעשטשאַנעס") ווערן אומאָפּהענגיק פון דער פריצישער אדער שליאַכטישער יוריסדיקציע, צו וועלכער זיי האָבן פריער אָנגעהערט, און זיי באַקומען דעם זכות אויסצוקלייבן אַן אייגענעם שטאָטראַט, בירגערמייסטער און ריכטער, און אַן אייגענע מיליץ, און צו ווערן „בעלי־בתים פאַר זיך".

בעת דער צווייטער שוועדיש־פוילישער מלחמה, האָבן אין קרינקי קוואַרטירט, דעם 12טן יאַנואַר 1706, במשך אַנדערהאַלבן מעת־לעת — דער שוועדישער קיניג קאַרל דער 12טער מיט זיין אַרמיי, בעת זייער צוריקטרעט נאָך דער מפלה, וואס זיי האָבן געליטן פון די חיילות פון פוילישן קיניג אויגוסט דעם צווייטן.[1] *

### דער „כתב־הקיום" פון דער יידישער עדה

דער ערשטער אַרכיוו־דאָקומענט וועגן יידן אין קרינקי איז די פּריווילעגיע, וואס זיי האָבן באַקומען פונעם פוילישן קיניג יאַן קאַזימיר, דעם 12טן יאַנואַר 1662 — וועלכע איז נאָך דעם באַפעסטיקט געוואָרן דורך א ריי שפּעטערדיקע קיניגן.

די פריווילעגיע האט באַשאַנקען די קרינקער יידן מיט אלע רעכט און פרייהייטן, וועלכע ס'האָבן בדרך כלל באַקומען אנדערע יידישע קהילות אין דער ליטווישער גרויס־פירשטנשאַפט. ס'איז זיי געגעבן געוואָרן דאָס רעכט: צו איינשאַפן אומבאַוועגלעכע גיטער סיי אין מאַרק, סיי אין אלע גאַסן פון שטעטל, דהיינו — הייזער, פּלעצער, גרינסגאָרטנס, לאָנקעס, פּאַשע־ און אַקער־פעלד; ווי אויך אויסצובויען אייגענע קרעטשמעס, שולן און בתי־מדרשים. יידן איז דערלויבט צו ברענען בראָנפן און קאָכן מעד און ביר און עס פאַרקויפן אין הורט און לאַחדים;

* זען: מקורים, ז' 38.

זיי מעגן: האַנדלען מיט כלערליי סחורות, עפענען קראָמען אין מאַרק און אין זייערע הייזער; זיך פאַרנעמען מיט פאַרשיידנסטע מלאכות; איינקויפן בהמות אין מארק און האנדלען מיט דעם, נישט צאָלנדיק דערפאַר קיין שטייערן און אָפּצאָלן.

ווערט א שול אָפּגעברענט, מעגן די יידן זי אָפּבויען און אויפשטעלן א נייע אויף זייער אָרט אדער אַנדערש ווו, ווי אויך רעמאָנטירן די פריערדיקע; יידן האבן דאס רעכט צו פאַרלייגן אַן אייגענעם בית־הקברות, אים ארומצוימען און אויפשטעלן דארט די נייטיקע געביידעס. די פּלעצער, אויף וועלכע עס געפינען זיך די שול און דער בית־עולם, זענען פריי פון יעטווידער אָפּצאל. יידן מעגן עפענען א מרחץ. צינשן, וואס זענען חל אויף זייערע ערדג־טער און אויף אנדערע זייערע נכסי־דלא־ניידי — דארפן יידן סילוקן אויסשליסלעך דער מלוכהשער קאַסע אין קרינקי.

צו גלייך מיט די קרינקער קריסטלעכע שטעטלשע, מעגן די יידן זיך באנוצן מיטן אָרטיקן „וויגאָן" (פּאַשע־פעלד), ווי אויך מיט א פרייען אריינטריט אין די מלוכי־שע וועלדער, אויף איינצושאפן זיך געהילץ. חוץ דעם, פירט דער קיניג איבער דעם וואָכנטלעכן מאַרקטאָג פון שבת אויף דאָנערשטיק; דערביי ווערט דערלויבט אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג, ווי אויך יידן — בעלי־עגלות, קליינהענדלער און קצבים — צו קומען צו פאָרן קיין קרינקי אין מארקטאג מיט אַלערליי סחורות, זיי פארקויפן, איינקויפן, אויסבייטן און מיסחרן מיט יעטווי־דערן האנדל. אין די כלל־שטעטלשע אפצאלן, בפרט פאר מיליטערישע צוועקן, דארפן יידן אָנטיילנעמען לויט דער פון תמיד אָן פאר זיי פעסטגעשטעלטער פּראָפּאָרץ, אדער לויט די דורך די קיניגלעכע קאָמיסאַרן (שלוחים) באַ־שטימטע קוואָטעס. גלייכצייטיק זענען די יידן באפרייט, לויט דער קיניגלעכער קאָנסטיטוציע פון יאר 1600, פון צו צאלן „דאָנאַטיוון" („מתנות"־געלט פאר שררות) און פּאָטשט־אפצאלן.

## די מיעשטשאַנעס קעגן די רעכט פון די יידן

די קרינקער מיעשטשאַנעס זענען אבער ארויסגע־טראָטן קעגן רעכט, וואס די יידן האבן באקומען לויט דער פּריווילעגיע, און האבן אָנגעגעבן אן אַפּעלאַציע צו דער מאכט, אין וועלכער זיי האבן אָפּגעפרעגט די דער־מאנטע רעכט און געפאָדערט צו מבטל מאכן זיי. תחילת האבן טאַקע די קיניגלעכע קאָמיסאַרן, וואס זענען געשיקט געוואָרן צו באטראכטן די אַפּעלאַציע — געפסקנט לטובת די מיעשטשאַנעס. אבער די קרינקער יידן האבן אָנגעגעבן אן אָנקלאָג קעגן דעם דאזיקן פסק און דערביי אָנגעוויזן אויף די קריוודעס, פון וועלכע זיי ליידן ערשט מחמת דער דערמאָנטער דעציזיע פון די קאָמיסאַרן; אבער קיין ענדגילטיקער אורטייל איז נישט ארויסגעטראָגן געווארן. דערווייל האבן די גוואַלדיקע הוצאות אויף צו גלייכן דעם סכסוך, פאראָרעמט ביידע צדדים, און לסוף האט דער קיניג באפוילן איינצוהיטן אויך להבא די רעכט, וואס די יידן האבן געהאט פריער באקומען.

אויך איצט האבן די קרינקער קריסטלעכע שטעטלשע זיך נישט בארויקט, און דעם 4טן יוני 1668 האבן זיי אָנגעקלאָגט די יידישע קהילה און אירע פרנסים, דאס מאָל מיט א טענה, אז ס'זענען נעלם געווארן, „לויט ווי ס'גיט איבער דער גלח געדרויץ, א סך חפצים", און אז „קלאַנגען" האבן באשולדיקט אין דעם די יידן. ס'האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז דער דאזיקער אָנקלאָג איז גרונטלאָז, און האט פאַרפלאָנטערט די מיעשטשאַנעס אין איבעריקע הוצאות. אויף די קריסטלעכע שטעטלשע איז בכן ארויפגעלייגט געווארן א קנס און ס'זענען ביי זיי אפגענומען געווארן די רעכט, וואס זיי האבן בשעתו באקומען אויפן גרונט פון דער „מאגדעבורגער קאָנסטי־טוציע".

בלית ברירה, האבן די קרינקער מיעשטשאַנעס דעם 1טן פעברואַר 1669 געשלאָסן א שלום־אָפּמאַך מיט די יידן פון שטעטל, און ער איז באפעסטיקט געווארן דורכן קיניג יאַן קאַזימיר. לויט דאָזיקן הסכם, האבן די מיע־שטשאַנעס זיך מתחייב געווען צו העלפן להבא די יידן און זיי צו באַשיצן אין פאַל פון מהומות און אָנפאַלן; חוץ דעם האבן די קריסטלעכע שטעטלשע מסכים געווען, צווישן אַנדערן, אז די יידן זאָלן אומגעשטערט אויפהאלטן די שול, די הייזער זייערע אויפן מאַרק און די אומבאַ־וועגלעכע גיטער, אויך די וואס זיי וועלן האבן אין זייער באַזיץ להבא. און זאל א מיעשטשאַן אדער זיינער א נאָכקומער, אדער ווער ס'נישט איז אַנדערש, באשליסן צו ברעכן א פונקט פונעם שלום־אָפּמאַך, דורך באנייען

קעגן די יידן פריערדיקע פראָצעסן, אדער דורך קוועס־טיאָנירן זייערע רעכט — וועט אזא איינער זיין עלול צו באַצאָלן קנס טויזנט קאָפּ (שאָק, דהיינו 60,000) ליטווישע גראָשנס, לטובת דער מלוכה־קאָסע, ווי אויך אַנטשעדי־קונגען פאר די באטרעפנדיקע היזקות און הוצאות.

דער קיניג ווידער, פון זיין זייט, האט נאך צוגעגעבן דערצו און באפוילן, אז איטלעכער מיעשטשאַן, וואס וועט פרווון באַאומרויקן די יידן דורך קוועסטיאָנירן זייערע רעכט, וואס זיי האבן באקומען פון די פוילישע מלכים — זאל געקנסעט ווערן מיט 2000 קאָפּ (120,000) גראָשנס קנס און עס זאלן פון אים אָפּגענומען ווערן זיינע רעכט.

דאס אַלץ איז ווידער באַפעסטיקט געווארן דעם 17טן יאנואר 1745, דורכן קיניג אויגוסט דעם דריטן און פאַררעגעסטרירט געווארן אין קיניגלעכן געריכט אין גראָדנע, דעם זיבנטן סעפטעמבער 1745, דורך קאָפּל בן טודרוס פון קרינקי, אין אויפטראָג פון מענדל לייבאָוויטש, פרנס הקהל בקרינקי.

## קרינקער קהילה אין איר בראשית

די אויבן געבראַכטע דאקומענטן וואַרפן קודם־כל א שיין אויף די דעמאָלטיקע באציונגען מצד די מיעשטשאַ־נעס צו די יידן אין קרינקי — באציונגען פון קריגעריי און דאָקוטשעניש, וואס זענען אין אנדערע יישובים געווען אמת נאך מער פארשאַרפט און דויערנדיק. ווידער דרינגט פון די דערמאָנטע דאקומענטן אַרויס, אז אין די 60ער יאָרן פונעם 17טן יאָרהונדערט זענען די יידן אין קרינקי שוין געווען אָרגאַניזירט אין א קהילה, וואס האט פאַר־מאָגט א שול, א מרחץ און א בית־קברות, און אז זיי האבן פארמאגט נאך אנדערע פארשיידענע אומבאַוועג־לעכע גיטער. ווידער דערוויסן מיר זיך, אז יידן אין קרינקי האבן דאַן זיך פארנומען מיט ברענען שאַרפע משקאות און מיט שענקעריי, מיט מסחר און מלאכות און מיט גערטנעריי און אנדערע אַגריקולטורעלע נעבנצווייגן. און נאָך — אז די קרינקער יידן האבן שוין דאַן נישט געלאָזן זיך שפייען אין קאַשע און האבן באַוויזן אומאויפ־הערלעך צו קעמפן פאר זייערע רעכט: און אָט־אָ דעם כאַראַקטער־שטריך האבן איינגעזאַפּט אין זיך אויך זייערע קינדער און קינדס־קינדער אין די שפעטערדיקע דורות.

ווידער ווערן קרינקער יידן דערמאנט אין אן אַמט־לעכן אַרכיוו־דאקומענט פון יאר 1680, אין שייכות מיט א סכום קאָפּשטייער, וואס יידן אין דער גראָדנער וואָיעוואָדשאַפט זענען געווען שולדיק דער מלוכה — פון דעם 150 גילדן, וואס דער אונטער־סטאַראָסטע קאָטאָוויטש האט איינגעמאָנט פון קרינקער יידן.[2]

## קרינקי — א קהילה אין ליטווישן „וועד״

אין יידישע מקורים ווערט קרינקי דערמאנט אין יאר תלט (1679) אין פנקס פון „וועד מדינת ליטא״, וועגן וועלכן עס וועט נאך דאָ גערעדט ווערן. די כראָניקן פונעם קרינקער קהל גופא זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען, אדער זיי זענען נישט אויפגעהיט געווארן — אזוי דער פנקס הקהל * און אזוי די „פנקסים״ פון דער „חברה קדישא״, פון „חברות־לימוד״ און פון פארשיידענע סאָציאַלע און צדקה־חברות.

אין פנקס פונעם „ליטווישן וועד״, דעם צענטראַלן מוסד פון דער יידישער אַליין־פאַרוואַלטונג אינעם תחום פון דער ליטווישער גרויס־פירשטנשאַפט אין 16טן און אין דער גרעסטער טייל פון 17טן י״ה — ווערט קרינקי דערמאָנט צו ערשט אין א תקנה פונעם „וועד״ פון יאר תלט, אין שייכות מיט סילוקן חובות, וואס דער „וועד״ איז געווען שולדיק כלערליי מלווים, ביי וועלכע ער האט געליען געלט אויף צו דעקן זיינע הוצאות. צווישן די דאזיקע קרעדיטאָרן ווערט דערמאנט „האַלוף הרב ר׳ לייב מקרינק״, וועמען עס איז געקומען 62.5 גילדן. ס׳אין נישט קלאָר, צי איז ר׳ לייב געווען צו יענער צייט רב אין קרינקי. יעדנפאַלס באצייכנט דער ערנטיטל „אַלוף״, פון מנהיגים פון יידישע קהילות און פון רבנים — ר׳ לייבס שטאַנד. מן הסתם איז ער געווען א פאַרמעג־לעכער, מחמת אין אָט דער שייכותדיקער תקנה ווערט ער דערמאנט נאך עטלעכע מאָל, אין פארבינדונג מיט גרעסערערע חובות, וואס דער „וועד״ איז אים געווען שולדיק.

* לויט ווי ס׳האבן איבערגעגעבן קרינקער, שרידים פון אומקום, איז דער קרינקער פנקס־הקהל, קורץ פאר דער ליקווידאַציע פון דער קהילה, פאַרטרויט געווארן, אויף אויפצוהיטן, איינעם פון די דארטיקע גלחים; מען ווייסט נישט, וואס מיטן פנקס אין געשען.

### דער „וועד־המדינה"
### און זיין סעסיע אין קרינקי

אין יאר תמז (1687) האט די קרינקער קהילה געהאט דעם כבוד מאַרח צו זיין אין שטעטל דעם „וועד־המדינה", במשך איינער פון זיינע 37 אסיפות, וואס ער האט אָפּגעהאַלטן אין די מער ווי אָנדערטהאַלבן הונדערט יאָר פון זיין עקסיסטענץ; און א סעסיע פונעם „וועד" פלעגט פאַררעכנט ווערן פאר א בכבודיקער געשעעניש אין יידישן אינערלעכן לעבן פון יענער תקופה. וואס האט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער „וועד־המדינה"?

ווי שוין דערמאנט, איז ער געווען דער העכסטער רעפּרעזענטאַנץ־אָרגאַן פון די יידן אין דער דעמאָלטיקער ליטע. דער „וועד" איז אַנטשטאַנען א צייט נאך דעם, ווי דער פוילישער סיים האט אין יאר 1579 באשטימט א גלאָבאַלן סכום פון קאָפּשטייער פאר די יידן אין פוילן — און פון ליטע באזונדער — אַנשטאָט דער פריערדיקער שיטה פון אויפמאָנען דעם דאזיקן שטייער לויט דער צאל נפשות אדער דירעקט פון יידן. דער „וועד מדינת ליטא" האט זיך בכן עטאַבלירט ווי די צענטראַלע יידישע רעפּרעזענטאַנץ, וואס איר וויכטיקסטע פונקציע איז באַשטאַנען אין פונאנדערטיילן די סומע פונעם קאפּשטייער און אויך אנדערע שטייערן, צווישן די פארשיידענע יידישע קיבוצים און קהילות אין לאנד, ווי אויך פארטיילן די יידישע אינערלעכע אפּצאלן (פאר די הצטרכותן פונעם „וועד" און פון די קהילות גופא).

געבילדעט דעם „וועד" האבן די פארשטייערס פון דריי הויפּט־קהילות (שפּעטער — פון נאך עטלעכע), צווישן זיי גראָדנע, וואס צו איר „גליל" (ראַיאָן־יוריס־דיקציע) האט אנגעהערט דער קרינקער קהל. אגב דער דערמאָנטער אַמטלעכער קאָמפּעטענץ, פלעגט דער „וועד" אויך פאַרהאַנדלען מיט די העכסטע מלוכה־קערפּערשאַפטן וועגן פאַרלייכטערן דעם שטייער־יאָך אויף יידן, ווי אויך זאָרגן פאר דעם, אז יידישע רעכט און פּריווילעגיעס אין ליטע זאלן אויפגעהיט ווערן. ער איז בכן געווען דער העכסטער יידישער פּאָליטישער אָרגאַן אין דער מדינה און פלעגט פאַרהאַנדלען מיטן „פּוילישן וועד" — דעם „וועד ארבע ארצות" — וועגן ענינים, וואס זענען נוגע דעם כלל יידן, ווי פארטיידיקן זיך קעגן בילבולים, זיך משתדל זיין און אנווענדן אנדערע מיטלען, כדי אויסמיידן, אָפּשאַפן אדער פארלינדערן גזירות אאַז"וו.

האבנדיק די מעגלעכקייט, לויט זיין קאָמפּעטענץ, דורכצופירן זיינע באַשלוסן הלכה למעשה — איז דער „וועד" געווארן דער מאסגיביקער דעה־זאָגער אויף אין אלע אינערלעכע כלל־ענינים פון יידישן לעבן אויף די עקאָנאָמישע, דערציערישע, רעליגיעזע און אנדערע געביטן. אַזוי, למשל, האט דער „וועד", כדי צו באַשיצן די יידישע פּרנסות, ארויסגעלאָזן אן איסור אויף הסגת־גבול, באשטימט „חזקה"־רעכט אין מסחר, מלאכות אאַז"וו; ער האט אנגענומען תקנות אויפן געביט פון דער יידישער אינערלעכער יוריסדיקציע, אין פּראָבלעמען פון פּערזענלעכער אויפפירונג, פון חינוך און לימוד־תורה און זיין פארשטאַרקונג, און אין ענינים פון צדקה און סאָציאַלער הילף; און חוץ דעם האט דער „וועד" אָרגאַניזירט רעגולערע אונטערשטיצונג פאר אחינו בני־ישראל „על אַדמת הקודש" — אין ארץ־ישראל.

כדי נאכצוקומען זיינע גרויסע פינאַנציעלע התחייבותן, פלעגט דער „וועד", ווי שוין אנגעוויזן, זיין געצווונגען גאַנץ אָפט אָנצוקומען צו הלוואות, פון יחידים און פון אנדערע מקורים — בפרט אויף צו פארטיילן שוחד און לאַ־יחרץ־געלט צו פארשיידענע בעלי־השפּעה אין סיים און צו אנדערע שררות, און ספּעציעל אויף צו צאלן „פּדיון־שבויים" (א שטייגער, כדי אויסצולייזן יידישע קינדער פון שמד) דעם צוווילדעוועטן יעזויטישן קלער. איינער פון די קרעדיטאָרן פון „וועד" איז בכן געווען אויך דער דערמאָנטער „רב פון קריניק" — ר' לייב.

ווי געזאָגט, איז איין סעסיע פונעם „וועד" אפּגעהאַלטן געווארן אין קרינקי — אין אלול תמז (1687). געווען איז עס אין א תקופה, ווען די יידישע קיבוצים אין ליטע האבן נאך נישט באוויזן צו קומען צו זיך פונעם חורבן און פון די פּורעניות, וואס זיי האבן געהאט אויסצושטיין מחמת די קאָזאַקישע אָנפאַלן אונטער כמעלניצקיס פירונג, און שפּעטער מצד די רוסישע חיילות בעת דער פּוילישמאָסקווער מלחמה, און פון די שווערע קאָנטריבוציעס אין דער צייט פון דער שוועדישער אינוואַזיע. דער „וועד" האט בכן זיך אוויסגעקליבן א מער־ווייניקער רויקערן פונקט פאר זיין צוזאמענפאָר, און איז זיך צונויפגעקומען אין זאַבלודאָווע, דאַן זייער אן אָנזעעוודיקער יישוב, שפּעטער די „מוטער" פון דער ביאַליסטאָקער יידישער

קהילה. ווייזט אויס, אז מחמת א מסירה אדער א בילבול אויף די מנהיגים און רבנים, זענען די דעלעגאטן צום צוזאמענפאר געווען געצוואונגען עוקר צו זיין פון דאָרטן און זיי זענען אריבערגעפאָרן קיין קרינקי, וואס איז געווען איינע פון די חשובסטע קהילות אין גראָדנער גליל (קרייז) און די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן שטייערן־צאָלן פון אירע „סביבות", ד"ה, פון די קלענערע שכנותדיקע יידישע יישובים און פון אַרומיקע דאָרפיידן.

אין פארלויף פון זיין 22טאָגיקער סעסיע אין קרינקי, האט דער „וועד" פארענדיקט די איבערגעריסענע שקלא־וטריא בנוגע דער פארטיילונג פון די שטייערן־קוואָטעס און די אנדערע תקנות, און אנגענומען זיינע החלטות. צווישן אנדערן איז דאַן באשלאסן געווארן צו מחזק זיין דעם לימוד־תורה און דאס אויסהאלטן ישיבות אין איטלעכער קהילה; און אזוי האט דער „וועד" אויך ארויסגעגעבן תקנות וועגן חזקות (אין אַרענדעס און שענקעריי), און שטרענגסטנס געאַסרט צו פאַלשעווען אין וועגן און אין מעסטן, איינשליסיק בראַנפן־שענקעריי, און זאל עס זיין „אפילו לגבי א גוי".

אין איינקלאַנג מיט דער סטרוקטור פון „וועד", זענען די קלענערע קהילות געווען אָפּהענגיק פון דער הויפּט־קהילה סיי אין שטייער־אַנגעלעגנהייטן סיי אין רעליגיעזע ענינים, ווי למשל, אין אָנשטעלן רבנים פאר זייערע יישובים. די גרויסע קהילות האבן אויסגענוצט זייער העגעמאָניע אין „וועד־הגליל" און פלעגן אריבערוואַרפן, דורך אן אומגערעכטער פּראָפּאָרץ, א גרעסערע לאַסט פון שטייערן אויף די קלענערע קהילות פון זייער גליל.

### קרינקער קהל רעוואָלטירט

אנהייב 18טן י"ה האט קרינקי, צוזאמען מיט א ריי אנדערע קהילות פונעם גראדנער גליל, זיך צעבונטעוועט קעגן דער איבערגעטריבענער קאָפּשטייער־לאַסט, וואס גראדנע האט אויף זיי ארויפגעלייגט, און זיי האבן זיך דעקלאַרירט, ווי א זעלבשטענדיקער „גליל", מיט דער אַמדורער קהילה פאר זייער פאָרשטייערין (די אַמדורער יידישע געמיינדע איז געווען אן „עלטערע" פון דער קרינ־קער און זי ווערט דערמאנט אין „פנקס המדינה" נאך אין יאר 1623). אבער דער ליטווישער שאַצמייסטער, וואס איז געווען קעגן אָפּזונדערונג פון די פּאַרטיקולאַרע קהילות, האט זיך אריינגעמישט. אין יאר 1720, אין דעם סיכסוך און האט צוריקגעשטעלט די פריערדיקע העגע־מאָניע פון גראדנע איבער די קהילות, וואס האבן געוואָלט זיך עמאַנציפּירן פון איר.[3]

אין יאר 1761 האט דער פוילישער סיים באשלאָסן אויפצומאַנען דעם יידישן קאָפּשטייער נישט מער אויף א צענטראַליזירטן אופן און לויט א גלאָבאַלן סכום, נייערט דירעקט פון יעדן ראש־משפחה פערזענלעך. דערמיט האט דער „וועד־המדינה" פאַרלאָרן אין די אויגן פון דער מלוכה, זיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג, און צום סוף פון יאר 1764 איז ער אויפגעלייזט געווארן, צוזאַמען מיט די ראַיאָן־אָרגאַנען פון דער יידישער אַליינפירונג.

אין שייכות דערמיט, וואס יידן האָבן ערשט געדאַרפט צאָלן קאָפּשטייער נישט לויטן אַלגעמיינעם סכום, האט די פוילישע רעגירונג דורכגעפירט, זינט סוף 1764 און ביז 1766, א ציילונג פון יידן אין יעדער קהילה. פון קאָפּ־שטייער זענען געווען באַפרייט קינדער אונטער א יאר און זיי זענען נישט אריינגערעכנט געווארן אין דער אלגעמיינער צאָל פון די אָרטיקע יידן, וואס האבן אויך חוץ דעם זיך באַמיט, צוליב פיסקאַלע טעמים, ווי ווייט מעגלעך נישט רעגיסטרירט צו ווערן. אין קרינקי מיט אירע „סביבות" זענען דאַן אויפגעציילט געווארן 1,285 יידישע נפשות: און דאס — בעת מען האט אין גאַנצן גראדנער קרייז אויפגעציילט 13,815 יידישע נפשות (דער־פון אין גראדנע גופא, לויט ד"ר יצחק שיפּער — 2,555; לויט אנדערע מקורים — בלויז 2,418, די „סביבות" איינשליסלעך)[4]; אין אַמדור — 505; אין קוזניצע (וואס איר קהילה ווערט דערמאנט אין „פנקס־המדינה" נאך אין יאר 1623) האט מען אויפגעציילט 434 יידן שטייער־צאָלער; און אין סאָקאָלקע מיט אירע „סביבות" — 5,222.

### קרינקער יידן אין 19טן יאָרהונדערט

אין אנהייב פונעם י"ה

די קאַרגע און ספּאָראַדישע ידיעות, וואס מיר פאַר־מאָגן וועגן די יידן אין קרינקי אין דער ערשטער העלפט פונעם 19טן י"ה, זענען זייער מאָגערע. איינצלנע סתירה־דיקע ידיעות זענען פאַראַן וועגן קרינקער יידן אין שייכות מיט דער פראַנצייזיש—רוסישער מלחמה אין יאר 1812. א קרינקער ייד, ראובן גאָמער, האט דאַן באקומען אן אויסצייכענונג פאר ראַטעווען, איינשטעלנדיק זיין לעבן,

א רוסישן אָפיציר פון טויט, בעתן אָפטריט פון נאַפּאָלעאָנס חיילות. דאַקעגן, ווערט דערציילט, אז מען האט באַשול־דיקט קרינקער איינוווינער, צווישן זיי עטלעכע יידן, אז זיי זענען געווען פארמישט אין צושטעלן פּראָוויאַנט צו די פראַנצייזן, וועלכע האבן געלאַגערט הינטערן טייך בוג, אין דעם פוילישן תחום.

וועגן מצב פון יידן אין קרינקי, ווי אויך אין אַמדור און אין שטעטל וואַליע, אין יאר 1823, ווערט דערציילט אין א מיטטיילונג, וואס איז איבערגעגעבן געווארן דעם גראדנער גובערנאַטאָר, לויט וועלכער די יידן אין די דערמאנטע שטעטלעך זענען אזוי געדריקט, אז מאַנכע פון זיי שטאַרבן פון הונגער און עס איז נישט מעגלעך דארט אויפצומאנען פון זיי שטייערן דורך סעקוועס־טרירן און שטראָפירן. דער גובערנאַטאָר, וואס האט געצווייפלט אין דעם, האט דעלעגירט אַהין צו א באַאַמטן פון גראדנער געריכט, און יענער האט באשטעטיקט, אז אין אַמדור זענען א סך אויסגעשטאָרבן פון קראנקהייטן און פון הונגער; אין קרינקי איז די לאגע א ביסל בעסער, ווייל דארט געפינט זיך א דאָקטער אן אָרטיקער תושב און ער פאַרזאָרגט די קראַנקע אפילו מיט רפואות אויף זיין אייגענעם חשבון. אבער איידער וואָס וועגן, איז אין די דריי קהילות, אויף זייער קאָסט און קעסט, אריינגעשיקט און איינגעקוואַרטירט געווארן אן עקזעקוציע־קאָמאַנדע, וואס האט געזאָלט אויפמאָנען פון די יידן בגוואַלד דעם חוב פאר שטייערן, וואס זיי האבן נישט געסילוקט דער „קאַזנאַ" (דעם מלוכה־אוצר) די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאר.[5]

בעתן פוילישן אויפשטאנד, 1863

בעתן פוילישן אויפשטאנד אין יאר 1863 — ווערט דערציילט — האבן שכנותדיקע פריצים געפרוווט, דירעקט אדער דורך זייערע שלוחים, ווירקן אויף קרינקער יידן, זיי זאלן אויך צושטיין צו דער פּאָווסטאַניע" (מרידה); אבער די דאזיקע פרווון און ווענדונגען האבן ניט געהאט קיין דערפאָלג — נישט געקוקט אויף הבטחות און צוזאָגן „הרים וגבעות" פאר יידן, „נאכן נצחון", אויב זיי וועלן זיך שטעלן אויף דער פוילישער זייט.

קרינקי פראַדוצירט טעקסטיל

א חשובה נייע דערשיינונג אין ווירטשאַפטלעכן, אויך אין סאָציאַלן, לעבן פון די קרינקער יידן, אין דער אַנדע־רער העלפט פון די 20ער יארן פון 19טן י"ה, איז געווען אין שטעטל די גרינדונג פון דער ערשטער אינדוסטריע־„אונטערנעמונג" — א קליינער געוואַנט־וועבעריי, וואס דער פאַכטער יאָסל געלעס האט אין יאר 1827 איינגע־אָרדנט אין זיין אייגן הויז. אין יאָר 1828 האָבן דאָרט געאַרבעט, ביי 4 וועבשטולן, 5 ארבעטער, אלע יידן, וואס האבן פראַדוצירט פויערישע בייקע.[6] געווען איז עס פארבונדן מיט א גרעסערן אינדוסטריאַליזירונגס־פּראָצעס, אויפן טעקסטיל־געביט, וואס האָט זיך יעמאָלט גענומען אַנטוויקלען אין א ריי יידישע יישובים אין דער גראדנער גובערניע.

מיר פארמאָגן ניט קיין ווייטערדיקע ידיעות וועגן דער דערמאָנטער וועבעריי אין קרינקי, ס'איז אבער באַקאנט, אז אין די 60ער יארן פונעם פאָריקן י"ה, זענען שוין אין שטעטל געווען טעטיק א ריי רודעוודיקע טעק־סטיל־אונטערנעמונגען. מיטגעבראַכט דערצו האט געוויס דער דוחק אין פרנסה, ווער רעדט נאך אין סטאַבילער — וועלכער האט זיך כסדר פארשאַרפט מיטן דורכאנאנדער־דיקן צוווקס פון דער יידישער באפעלקערונג אין קרינקי, וואס איר צאל איז אין יאר 1847 דערגאנגען צו 1,856 נפשות (אין א געוויסער מאָס, ווי אין אנדערע ארומיקע שטעט און שטעטלעך — מחמת דעם פרווו ארויסצוטרייבן די יידן פון די דערפער אין דער אומגעבונג, אין די 20ער יארן פון יענעם י"ה).

א סברה אויך, אז די אויסגעצייכנטע קוואַליטעט פון די קרעניצע־וואסערן, מיט וועלכע קרינקי איז געבענטשט בשפע — האט דארט באַגינסטיקט די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג.

די דעמאלטיקע טעקסטיל־אינדוסטריע אין קרינקי באשרייבט בפרטיותדיק א.ב. מ י ל ל ע ר אין זיינע זכרונות, וועלכע ווערן דא געבראכט אין המשך פונעם יזכור בוך (זע ז' 40 א"וו), וווּ ער באצייכנט, צווישן אַנדערן, אז די גאנצע באפעלקערונג פון שטעטל, „פון קליין ביז גרויס, מענער און פרויען", האבן זיך דאַן אריינגעוואָרפן אין דער טוך־פאַבריקאַציע, וואס האט זיך אַנטוויקלט זייער שנעל. פארמעגלעכערע יידן האבן אויפגעבויט עטלעכע פאַבריקן מיט דאַמף־מאָטאָרן, „און דער רויש פון די מאַשינען האט געשאַפן אן אויסזען פון א רייכער אינדוסטריעלער שטאָט".

קרינקי האט אבער פאַבריצירט א ביליקן סאָרט שטאָף און האט נישט געקאָנט אויסהאלטן די קאָנקורענץ מיט דער אין איכות בעסערער און צו די פאָדערונגען פון קאָנסומענט צוגעפּאַסטערער סחורה פון די ביאַליסטאָקער און לאָדזשער פאַבריקן. קרינקער פאַבריקאנטן זענען געבליבן הינטערשטעליק און זייערע אונטערנעמונגען האבן אויף שנעל געקראַכט און שוין מער נישט אין שטאַנד געווען צו קומען ווען נישט־איז צו זיך. זענען די וועבערייען און שפּינערייען בכן ליקווידירט געווארן, און די כלערליי פאַכלייט האבן פארלאָזן דאס שטעטל און אַריבערגעפארן אין די אויפגעקומענע נייע טעקסטיל־אינדוסטריע־צענטערס אין דער סביבה. פארלאָזט קרינקי האבן אויך אנדערע עלעמענטן, וואס האבן געפונען זייער פרנסה ארום די פאבריקן.

„די שטאָט — שרייבט מיללער — איז געווארן פּוסט ווי א בית־עולם. מען האט נישט געוווסט צו וואס זיך צו נעמען — איז מען געווארן ,קוני־הכל׳״.

פרשת שריפות

לא די מיט דעם אַלעם, איז קרינקי באַשטראָפט געווארן מיט א פלאָג פון שריפות. דריי אַזוינע, האבן פאַרוויסט דאס שטעטל. איינע איז אויסגעבראכן אין יאר 1879, די צווייטע — דעם 19טן מאַי 1882, און א דריטע אין יאר 1887 לערך. אין א ברענענדיקן זומערטאג זענען אַראָפּ מיטן פייער די שול, דער גרויסער בית־מדרש, דער „חיי־אדם״ און דאס שטיבל פון די „סלאָנימער״ הסידים. עס איז אויך קיין סימן נישט געבליבן פון די טוכפאבריקן, וואס זענען נאך געשטאַנען און געפּוסטעוועט.

ווי געוויינטלעך ביי יידן בני־רחמים, זענען די שכנותדיקע שטעטלעך באַלד געקומען צו הילף, קודם־כל מיט ברויט פאר די הונגעריקע און מיט בגדים פאר די מיט זייער בלויזן העמד געבליבענע. אין א געוויסער צייט ארום, ווען קרינקי האט שוין געהאט אָפּגעכאַפּט זיך דעם אָטעם, האט דאס שטעטל אָפּגעצאָלט פון א ברייטער האַנט מיט באַלדיקער הילף — אנדערע יישובים, אפילו שטעט, וואס אויך זייער גורל איז געווען צו ליידן פון שריפות.

סוף פאריקן י״ה האט „פאַניע״ דערצו נאך איינגע־פירט דאס שנאַפּס־מאָנאָפּאָל און גוזר געווען פארמאַכן די בראַנפן־ברויזן און די שענקען — אויך אין קרינקי, פארשטייט זיך. זענען די שענקאַרעס געבליבן אָן פרנסה, און אָנשטאָט יי״ש, האבן זיי זיך גענומען צו פארקויפן טיי צו די פויערים און א גלעזל בראנפן בגנבה.

בינו לבינו האבן יידן אין קרינקי נאך פריער זיך גענומען צו א נייעם אינדוסטריע־צווייג — צו גאַרבעריי — וואס איז פון איצט אָן געווארן דער הויפּט־באזיס פון דער אָרטיקער עקאָנאָמיק און איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אויך אינעם אַלגעמיינעם לעבן פון די יידן אין שטעטל בכלל, און אויפן סאָציאַלן און געזעלשאַפט־לעכן געביט בפרט.



יעקב זלמן לעווין
פון האָראָדאָק/מהוראָדוק
האט געבראַכט ברויט פון דאָרטן פאר קרינקער נישרפים
הביא לחם משם לנשרפי קרינקי

# ביבליוגרפיה

## מקורות / מקורים


1 „קרינקי" — ב־/אין „סלובניק גיאוגראַפיצ'ני קרוליבסטוואַ פּולסקיגו"/ „סלאָווניק געאָגראַפיטשני קרוליעווסטוואַ פּאָלסקיעגאָ" („מילון גיאוגראַפי של ממלכת פולין" / „געאָגראַפישער ווערטערבוך פון דער פוילישער מלוכה"), ורשה/וואַרשע, כרך/באנד 4, 1883 ו־/און כרך/ב' 15/2, 1902; וכן ב־/ווי אויך אין „אנציקלופדיה פובשכנא" / „ענציקלאָפּעדייאַ פּאָווּשעכנאַ" („אנציקלופדיה כללית" / „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע") של/פון שמואל אורגלבאַנד/אָרגעלבאַנד, ורשה/וואַרשע; „אַקטי וילנסקוי אַרכיאוגראַפיצ'סקוי קומיסיי; פּיסצובאַיאַ קניגאַ גרודנינסקוי אקונומיי"/„אַקטי ווילנסקאַי אַרכעאָגראַפיטשעסקאַי קאָמיסיאַי: פּיסצאָוואַיאַ קניגאַ גראָדניענסקאַי עקאָנאָמיאַי" („תעודות הועדה הארכיאוגראַפית הווילנאית: ספר־הרישום של המינהלה הגרודנאית / „אַקטן פון דער ווילנער אַרכעאָגראַפישער קאָמיסיע: רעגיסטער־בוך פון דער גראָדנער עקאָנאָמיע"), וילנה/ווילנע 1882, כרך/ב' 2, עמ'/ז' 235.

2. „רגסטי אי נאַדפּיסי"/„רעגעסטי אי נאַדפּיסי") „רשומות וכתובות", קובץ תעודות לתולדות היהודים ברוסיה / „רעגעסטן און אויפשריפטן", מאַטעריאַלן־זאַמלונג צו דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד), פט"ג (פטרבורג/ פעטערבורג), 1899, כרך/ב' 1 עמ'/ז' 486, וכן/און 1910, כרך/ב' 2 עמ'/ז' 47.

3. פנקס המדינה, או פנקס ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא — הוצאת ש' דובנוב, ברלין תרפ"ח, תקנות הוועד בשנת תל"ט סעיף תשע"ב, עמ' 192, ומשנת תמ"ד, עמ' 204 ואילך; תוספות ומילואים ל„פנקס מדינת ליטא", נוספו ונערכו ע"י ישראל היילפרין, ירושלים תרצ"ה, עמ' 16 ואילך; פנקס המדינה, המבוא עמ' XVI, ותקנות תתק"ו [תתקס"ו], עמ' 265; ד"ר מאַרק ווישניצער: דער „וועד ליטע", זאַמלבוך „ליטע" ב' 1, ניו־יאָרק 1951, ז' 181.

4. ד"ר יצחק שיפר/שיפּער: התיישבות היהודים בליטא/דאס באַזעצן זיך פון יידן אין ליטע — ב־/אין „היסטוריה יברייסקאַבו נאַרודאַ" / „היסטאָריאַ יעווריייסקאַוואָ נאַראָדאַ" („תולדות היהודים ברוסיה"/„געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד"), כרך/ב' 11, מוסקבה/מאָסקווע 1915, עמ'/ז' 121, 123; ח' קורובקוב/ח. קאָראָבקאָוו: סטאַטיסטקה של אוכלוסי ישראל בפולין ובליטא במחצית השנייה של המאה הי"ח / סטאַטיסטיק פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן און ליטע אין דער אַנדערער העלפט פון 18טן י"ה, ב־/אין „יברייסקאַיאַ סטאַרינאַ" / „יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ", פט"ג 1911, עמ'/ז' 555; „קרינקי", „אינדוראַ" (אַמדור), „קוזניצאַ", „סוקולקאַ"/„סאָקאָלקאַ" — באנציקלופדיה היהודית ברוסית / אין דער יידישער ענציקלאפּעדיע אין רוסיש, פט"ג.

5. יולי הסן/העסען: המאבק הסוציאַלי־הכלכלי בקרב יהודי רוסיה בשנות ה־30 — ה־50 של המאה הי"ט/דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער קאַמף צווישן די יידן איז רוסלאַנד אין די 30קער — 50קער יארן פונעם 19טן י"ח, ב־/אין „יברייסקאַיאַ ליטופיס"/„יעווריייסקאַיאַ ליעטאָפּיס", מאסף/זאַמלבוך 1, לנינגראַד־מוסקבה/לענינגראַד־מאָסקווע 1926, עמ'/ז' 46.

6. אַ[שר] מאַרגאַליס: געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד (1772—1861), צענטראַלפאַרלאַג מאָסקווע—מינסק 1930, עמ'/ז' 280.

ד.ר.

# מחיי היהודים בקרינקי

## במחצית השנייה של המאה הי״ט ועד שנת 1896

הבורסקי הראשונה בקרינקי הוקמה עוד בשנת 1864, בקירוב. אחרות, זעירות כולן, נוסדו והלכו בעקבותיה, ועסקו כפי שמספר אב׳ מילר, בבירסוק „לח״ בלבד של עורות־בקר — לסוליות, לרצועות, לסככות, למרכבים וכד׳. התוצרים הללו היו נמכרים בטבורה של העיירה גופה, ביומא דשוקא. באותו בוקר היה הבורסקי נוטל את מלוא תוצרתו, קושרה בשנצים, על גבי „שבר־כלי״ של עגלה קטנה ורותם עצמו אליה, כשאשתו וילדיו מלווים אותו ושורכים דרכם אחריה, לעזור לדחפה קדימה במעלה הגבעה. את „סחורתו״ הדלה היה ה„יצרן״ עורך ליד לול־עץ של מכר וניצב לידה לצפות ל„סוחר״, הווה אומר לקוח מן הכפריים הבאים לשוק, שיהא קונה לו מן העור, להתקין ממנו לעצמו זוג הטנאות („לאַפּצ׳ס״, מנעלים־סנדלים קלועים בידי האיכרים גופם). ובו בזמן ערוכה כל משפחת הבורסי לשמור על העגלה, שלא ייגנב ממנה משהו דמשהו, שכן גם קרע־עור כלשהו באותם ימים שימש מעין „קנין״ לאיכר המדולדל.

ומן הבורסקיות השחוחות והנטויות הללו החלה מתפתחת תעשיית־העור הקרינקאית, שעתיד היה לצאת לה מוניטין בממדיה ובטיב תוצריה.

הן שנות ה־60 של המאה הי״ט, אשר בראשיתן שוחררו ברוסיה משעבודם המוני האיכרים הצמיתים — תקופת־מיפנה היו לה, לאימפריה זו, לקראת התחלה של תיעוש, והממשלה הצארית אף נטתה לה חסד, למערכה הכלכלית החדשה. והפנייה לתעשייה כבר הורגשה, כפי שציינו, בקרב יהודים שבחבל גרודנה־ביאַליסטוק, עוד בשנות ה־20 של אותה מאה, והיא מצאה את ביטויה גם בקרינקי — בהתחלה של ייצור טכסטיל.

אך ההיחלצות לעיסוק בבירסוק דווקא, בקרינקי, קיפלה בתוכה לא רק נכונות ליגיע־כפיים, אף כשכירי־יום, אלא גם התגברות על רתיעה מפני מלאכה לא־נעימה פשוטה כמשמעה. הן כרוכה עבודת הבורסי, בייחוד של ה„לח״, העוסק בעורות־הבהמות („הנבלות״), לפני שיובשו — בטיפול „דוחה״ (שהיה מוחזק גם כ„בזוי״), אף מזיק לבריאות, בתנאים התברואתיים של הימים ההם במיוחד. אולם הדוחק בפרנסה והחוש הכלכלי של יהודי קרינקי עשו את שלהם. וכך עלתה במשך הזמן הבורסקאות בעיירה זו כפורחת.

וזאת — אעפ״י שקרינקי נקודה נידחת היתה מבחינת מצבה הגיאוגרפי, במפת היישובים היהודיים שבסביבה, שכן מרוחקת היא מנתיבי־מים ומדרכי־מלך יבשתיים כאחת (למסילת־ברזל גם לא זכתה כלל); אך, לעומת זאת, נתברכה במים בשפע ובאיכות מעולה, הנובעים בעיבורה מן המעיינות, וכן מבארות אַרטיזאַניות, שניכרו בה אחר־כך. ולא עוד, אלא שבמים אלה, — כך מסופר — גילו כימאים, ביום מן הימים, מלחים מינראַליים חשובים למלאכת הבירסוק ומשפרים את תוצריה.

בורסי, מן החלוצים בקרינקי למלאכה זו, היה עובד בעצמו ומעסיק לידו אי־אלה טאַטאַרים מן הסביבה. עור־גלם היה קונה, „בהזדמנות״, מידי פושט־נבלות או מאת קצב, מעבדו לתוצר גס ומוכרו לסנדלר, או ביום השוק לקונה מן הכפריים, להתקנת מגפיים; בקושי היה הבורסי מוציא מכך כדי קיום בדוחק.

תעשיית־העור במימדים גדולים לשיווקו אל מחוץ למקום, החלה להתפתח בקרינקי אך כעבור שנים. ראשון לה היה יעקב קופל זאַלקין, ואחריו החרו־החזיקו אחרים. כולם כמעט, מוסיף לספר אב׳ מילר, הסתפקו בתחילה בבירוס עורות של סוסים לסוליות. וכולם שיטת עבודתם ומיבניהם החרושתיים דמו אלה לאלה: בורסקי „לחה״, התקרה בסמוך לראש העובד, החלונות שבורים ופעורים, הגיגיות אכולות רקבון, וריחות־„ניחוח״ מחניקים של נבלות, סיד ותמציות שונות במיזוג אחד — מרעילים את אוויר העיירה.

הפועלים הראשונים בבתי־החרושת, במלאכות ה„לחות״, היו, כפי שציינו, טאַטאַרים ונשותיהם, ובמשך הזמן — כפריים נוצרים. במלאכות ה„יבשות״ עבדו

גרמנים, שכן היו הללו ברוסיה חלוצי הבירוס של עורות סוסים (לעור „האַמבורגר"), ומן הגרמנים למדו היהודים, עד שנתמחו בו והיו בעצמם לאומנים מובהקים, אף נדרשים לאַמן אנשי־מקצוע אל מחוץ לקרינקי.

תעשיית־העור נתפשטה עד מהרה על פני העיירה כולה, עד שנמלכה הממשלה ופסקה להעניק רשיונות להקמת בורסקיות „לחות" בטבורו של היישוב, בשל התנאים התברואתיים הגרועים. ואך לאחר יגיעה רבה הצליחו אח"כ החרשתנים לקבל רשות לפתוח מפעלים לעיבוד עור מעבר לנחל בשדותיה של „ינטה". שם רכשו התעשיינים שטחים נרחבים ובנו בורסקיות ענקיות, ובהן חלונות גדולים וציוד נוח יותר, כגון גיגיות מבטון וכד'. כאן הם עיבדו עורות־סוסים לתוצרים למיניהם והעסיקו פועלים, אומנים ושוויליות למאות; ונתפרנסו מבתי־החרושת הללו לא רק יהודי קרינקי בלבד, אלא גם כפריים רבים מן הסביבה.

# פונעם יידישן לעבן אין קרינקי

## אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט ביז יאָר 1896

אב[רהם] מיללער

### אינעם מהלך פון יאָרצענדליקער

פ ר ש ת  ט ע ק ס ט י ל ־ פ ר אָ ד ו ק צ י ע

נאָך איידער עס האט זיך גענומען אַנטוויקלען אין קרינקי א לעדער־אינדוסטריע, האט דאס שטעטל, זינט דער מיט 60קער יארן פונעם פאָריקן י"ה, זיך פארנומען מיט טוך־פאַבריקאַציע. ווו א שטאַל, א בוידעם — זענען געשטאַנען וועבשטולן. הין און הער זענען געלאָפן די שיצן אָן אן אויפהער. קליין און גרויס האבן אַלע דערביי געאַרבעט. פון פרי ביז שפעט אין דער נאַכט האט זיך געהערט דער רויש און די קלאפעריי פון די מאשינען, צוזאַמען מיט די געזאנגען און לידער פון די שפולערקעס און די נופערקעס. כ'געדענק נאך עד היום דאס אַמאָליקע לידל, וואס יענע מיידלעך פלעגן זינגען:

„מאַמע, מאַך מיך חתונה און גיב מיר
א מאַן א וועבער;
אויף מאָרגן נאָך דער חתונה וועל איך פאָרן
אין א קאַרעטע מיט גומענע רעדער".

א וועבער־ארבעטער איז געווען פאָפולער, ער פלעגט פאַרדינען 6־7 רובל א וואָך, בעת אן אנדער בעל־מלאכה, א שוסטער אדער א שניידער, האט מער ווי 18 גילדן אין דער זעלבער צייט ניט געקאָנט אויפפאַרטאָניען.

די וועב־ אדער האַנטשולן, ווי מען האט עס גערופן, זענען געווארן באַטריבן מיט די הענט. אבער פאר די שפינערייען האט מען זיך באנוצט דער הויפט מיט קראַפט פונעם וואַסערפאַל פון דער גרויסער און קליינער ניעטופע, און ווו א ביסל וואַסער האט מען איינגעשפאַנט פאר אט דעם צוועק. עס זענען אויך געווען א סך „רויזוואַרגן" („מאַניעזשן", אן איינריכטונג מיטן כוח פון פערד, באַנוצט שפעטער אין די לעדער־פאַבריקן צום שטויסן קאָרע). די טוך־פאַבריקאַציע האט זיך שנעל אַנטוויקלט און עטלעכע פארמעגלעכערע פאבריקאַנטן האבן אויפגעבויט דאַמף־פאבריקן מיט שלאַנקע הויכע קוימענס. קריניק איז געווארן מער טומלדיק. דער פייף פון די פאַראָוקעס און דער רויש פון די מאָדערנע מאַשינען האבן ארויפגעלייגט אויפן שטעטל א שטעמפל פון אן אינדוסטריעלן צענטער.

לאָמיר דא דערמאנען איניקע פאַבריקאַנטן, א דאנק וועלכע קרינקי האט דערגרייכט איר הויכע שטופע, און וועלכע האבן אויך געטראָגן די געוויינטלעכע שטעטלדיקע נעמען: יהושע קוגלס, זונדל איטעס, מרדכי מאיר קאצעמאך, מאיר יאַכעס, משה אברהם דער נגיד, מוניע דער פאַרבער, בערל פוך, אידל אלי חאצקלס, ברוך דויד, משה סלאוועס, יאָסל פון דאַברע־וואלקע, חיים יאנקל הערשעס, הערשל סוקעניק, יאָסל צאַלאל עניע קרעשעס,

יאַנקל משה אברהמס, חיים אלי, בערל, חיים יאַנקלס, משה חיים, יאַנקלס, פייוול דער עקידעקער, משה יאשיצער, גדליה קרופניק, אאַז״וו.

חוץ די פאַבריקאַנטן, האט זיך אויסגעבילדעט אין שטעטל אויך א קלאַס פון גרויסע סוחרים פון רויוואַרג, קאָמיסיאָנערן און בעלי־עגלות (קיין באַן איז דאך אין קרינקי נישט געווען).

ביאַליסטאָק און לאָדזש, מיט זייערע מאָדערנע פאַבריקן, וואס האבן אויסגעארבעט א בעסערן שטאָף און לויט די פאָדערונגען פון דער צייט, האבן אנגעהויבן אריבערצושטייגן די קרינקער פאַבריקאַנטן, וואס זענען נישט מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם און האבן זיך געהאלטן ביים פאַבריצירן ביליקע סחורה, ווי טיגער, קאשבי אד״גל. דערצו נאָך האבן זיי זיך ארומגעריסן צווישן זיך און זיי זענען אין א קורצער צייט אין גאַנצן אפגעשטאַנען, און האבן אין איין שיינעם פרימאָרגן פשוט געקראַכט.

די ארבעט איז ביסלעכווייז אריבער צו די שכנותדיקע שטעטלעך — האָראָדאָק, מיכאַלאָווע, וואַשילקאָווע א״אַ. די פאַבריקן האבן אנגעהויבן פוסטעווען. די שפּינערס, שפּולעקעס, וועבערס און סוחרים האבן פאַרלאָזט קרינקי, וואס איז געוואָרן פוסט ווי א בית־עולם: פענצטער און טירן פון די פאַבריקן צעבראָכן, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. די פוסטעניש און שטילקייט האט געוואָרפן א מורא אויף די קינדער, און פאַרבייגייענדיק ביי נאכט פון חדר, פלעגן זיי פון שרעק ווייכן די פוסטקעס, זייענדיק איינגעגלייבט, אז דארט האלטן זיך אויף קאַקיאַטשיקעס (טייוואָלים־ליליפּוטלעך). לצים פלעגן וואַרפן די שולד אויף די שטומע פאַראָווקעס, און האבן פון צרות פאַרפאַסט א לידל:

„קומט צוגיין אידל, זאָגט:
די פאַראָווקע גייט ווי א פידל,
קומט צוגיין אלי, זאָגט:
די פאַראָווקע גייט ווי א קאַפּעליע,
קומט צוגיין גדליה, זאָגט:
די פאַראָווקע איז קאַליע,
קומט צוגיין פייגל,
פאַרגלאָצט זי מיטן אייגל״.

## קרינקי אין פאַרלעגנהייט

אז דער עקאָנאָמישער מצב פון קרינקי האט זיך זייער פאַרערגערט, האט מען גענומען זיך ארומזען, אז די קהלשע אינסטיטוציעס פון שטעטל, ווי די תלמוד־תורה, די בתי־מדרשים, די הכנסת־אורחים, דער הקדש (שפּיטאָל) א״א — געפינען זיך אין א זייער אָפּגעלאָזענעם צושטאַנד. אין די גוטע יארן זענען די בעלי־בתים געווען צופיל פאַרטאָן אין זייערע גרויסע געשעפטן, כדי צו האבן אין זינען אזוינע ענינים.

קרינקי האט זיך געפילט ווי נאָך א חתונה. דער טומל האט זיך נאָך געהוישט איז קאָפּ, אבער די קעשענעס זענען געווען ליידיק. איטלעכער האט זיך געפילט ווי א יורד. מען איז ארומגעגאַנגען איבערן מאַרק ווי נאָך א שריפה, נישט געוווסט צו וואס זיך צו נעמען, ווי אזוי צו פאַרדינען אויף א שטיקל ברויט.

ביסלעכווייז האט מען זיך צוגעווינט צו די אומשטאַנדן, געטראָגן א בעזמען (א מין וואָג) אין קעשענע און געוואָרן א קונה־הכל, געקויפט וואס נאר א גוי האט געבראַכט אין א מאַרקטאָג: א בינטל חזיר־האָר, זוימען, פלאַקס, וואַקס, וואָל, פעלכלעך; זיך געריסן איינער מיטן אנדערן איבער אן אַלטע צעלעכערטע פויערישע העמד; געלאָפן אויף די וועגן אין א מאַרקטאָג פאַרהאַלטן א מוזשיק מיט א ביסל תבואה; אים נאכלויפן ביז אין שטעטל אריין, בעת יענער שמייסט בשעת מעשה דאָס פערדל, כדי דער ייד זאל זיך נאך אים נאכיאָגן: פאַרדינט א קאָפּיקע ריוח פון פוד. און פון אזעלכע געשעפטן האט מען געדאַרפט לעבן און צאָלן שכר־לימוד, חתונה־מאַכן קינדער, אראָפּנעמען זיך פון פריזיוו און צאָלן אויסלייז־געלט. האט מען זיך געבראַכן דעם קאָפּ, ווי אזוי איבער־צולעבן פון איין טאָג אויפן אנדערן און געהאָפט אויף בעסערע צייטן.

## שריפות

געפעלט צו דעם אָלעמען האבן נאר — שריפות.

איז אין א שיינעם פרימאָרגן אויסגעבראָכן א פייער אויפן מאַרק ביי ניאָמע דעם פאַרבער, און א פערטל שטאָט איז אַוועק מיטן רויך. פון קיין סטראַכאָווקע האט מען דאַן כמעט ניט געוווסט. האבן די נישרפים זיך ארויסגעלאָזט איבער די ארומיקע שטעט נאך הילף. ווי נישט ווי זענען זיי א ביסל געקומען צו זיך און מען האָט אנגעהויבן עטוואס צו בויען — צו ערשט די קריסטלעכע הייזער, שפּעטער די יידישע. א סך פּלעצער זענען נאך געשטאַנען ליידיק, די וואונד איז נאָך נישט

געווען פאַרהיילט, איז אויסגעבראָכן א נייע שריפה — א גרעסערע.

שבעה עשר בתמוז, מען האט געפאַסט א גאַנצן טאג, די היץ אין געווען גרויס. אלע זענען געווען מיד; מען גייט שלאָפן פארמאַטערטע, און פלוצים ברעכט אויס פאר טאג א גרויס פייער. עס הערן זיך געשרייען: „פּאָזשאַר, עס ברענט!״ מען עפנט די אויגן — אין אלע פענצטער איז ליכטיק. נעמט מען קודם־כל וועקן און אָנטאָן די קינדער. דער טאַטע כאַפּט די האַק — ער וויל לויפן זען ווו ברענט עס, איך לויף אים נאָך. איך לויף צום פייער, כ׳זע חמיה משהקעס שטוב פלאַ־קערט, קיינער לעשט ניט. ס׳צינדט זיך אָן א צווייטע, א דריטע.

דער קרינקער רב, ר׳ ברוך, קריכט ארויס פון פענצטער וואס אַנטקעגן בעני קאַדלס, אין א שלאָפראָק, און בעט זיך ביי די קצבים, זיי זאלן ארויסכאַפּן כאָטש די ספאָקע — מער פארלאַנגט ער ניט פון זיי. דאס פייער צעטראָגט זיך אין אלע זייטן און דראָט צו פארניכטן ס׳גאַנצע שטעטל. מען טראָגט די געראַטעוועטע זאַכן אין שול אריין, מחמת זי האט קיין מאָל ניט געברענט, און מען איז זיכער, אז זי וועט אויך דאָס מאָל ניט ברענען. ס׳האט אבער נישט לאַנג גענומען, און דער גרויסער בית־המדרש מיט דער שול און מיט דעם „חיי־אדם״ און דעם „סלאָנימער שטיבל״, זענען אלע צוזאמען אַוועק מיטן פייער, און פונעם גאַנצן שטעטל איז געבליבן א תל־עולם — כמעט דריי פערטל קרינקי איז דאן אַוועק מיטן רויך.

## דאס שטעטל בויבט זיך אָפּ

אט די גרויסע שריפות האבן אָפּגעווישט אלע סימנים פון די טוכפאבריקן, וואס קרינקי האט פארמאגט. ס׳זענען אַראָפּ אלע געביידעס מיד די פוסטקעס און די קאָקיאַטשי־קעס, ס׳איז פון אַלעם קיין זכר נישט געבליבן.

אבער די וועלט זאגט, אז נאך א שריפה ווערט מען רייך. האט זיך אנגעהויבן אין שטעטל צו רודערן: מען קויפט אַלטע ציגל. מען וואַרפט אָפּ א פּאָר קלעצלעך, עס ווערט לעבעדיק. מאַנכע באַקומען סטראַכאָוועקע־געלט, עט־לעכע בעלי־בתים פאָרן אַרויס אויף דער וועלט מיט א כתב פון רב — מאכן געלט.

מען האט אויך נישט פאַרגעסן דעם גרויסן בית־המדרש, וואס זיינע ווענט זענען געבליבן גאַנץ. מען האט זיך גענומען צו דער ארבעט, ער זאל פאַרטיק ווערן אויף ראש־השנה. יודל לאַסקעס האט געהאָלפן א סך אין דער מלאכה.

ביסלעכווייז האבן די בעלי־בתים זיך אָפּגעבויט, און אופן פלאַץ פון די צעפוילטע הילצערנע הייזער זענען אויפגעקומען שיינע מויערלעך מיט מאָדערנע פענצטער און פלינקאָווע טירן (געמאַכט פון אין ראַמען איינגעפאַסטע דינע האָלץ־טאָוולען).

אבער אָן דער קאַלטער שול האט מען פאַרגעסן און זי געלאָזט שטיין אָן א דאַך. ווער ווייס, ווי לאַנג זי וואָלט אזוי געשטאַנען, ווען ניט יאנקל עלקעס (מרדכילעוויטש) מיט שאול זלמן פון הויף — זיי האבן ניט גערוט ביז די שול איז אָפּגעבויט געוואָרן. יאנקל עלקעס האט זיך געסטאַרעט, זי זאָל אויסזען ווי מעגלעך שיין, לויט די דעמאָלטיקע אומשטאַנדן: די געוועלבן באַפּוצט מיט פיינע אויסשניצן מיט געטאָקטע באַרנעס, מיט א קונציקן קנאָפּ אַראָפּגעהאַנגען אין מיטן. דער שניצער איז געווען שלום פנחס פון גראָדנע און זיין נאָמען איז געווען אויס־געזעגן אין די אויסשניצן. מען האט אויך אויסגעבויט א שיינעם ארון־קודש (געמאכט פון אפרים דעם סטאָליער) און א קינסטלערישן עמוד, אויך אַ פיינע טיר (אויס־געאַרבעט פון אלי מאיר פישלס).

ווי באַקאַנט, פלעגט אין שול דאַוונען שטענדיק דער אַרעמער קלאַס און אורחים פון די יישובים.

## מען נעמט זיך צו גאַרבערייַ

אין קרינקי, ווי אין א ריי אנדערע שטעלעך, זענען געווען טעטיק קליינע „נאַסע״ גאַרבאַרניעס, וואס פלעגן אויסאַרבעטן יוכטן און אויך פּראָסטע פּאָדעשוועס (זוילן) [איינע פון זיי איז געגרינדעט געוואָרן נאך אין יאר 1864 לערך, און אין א צייט שפעטער האט זי אויפגעריכט פון ס׳ניי יעקב קאָפּל זאַלקין]. גאַנץ פרי אין א מאַרקטאָג, פלעגט דער „פאַבריקאַנט״ ארויפלייגן זיין גאַנצע „פּראָ־דוקציע״ אויף א צעטרענצלטן וועגל, עס פאַרבינדן מיט בענדלעך, זיך איינשפּאַנען אין דער „עגלה״ און זיך אַוועקלאָזן צום מאַרקפּלאַץ, באַגלייט פון זיין פרוי און קינדער, וואס העלפן אים ארויפצושטופּן דאס וועגעלע באַרג־אַרויף. לעבן מאָטל חיה טילעס בודקע בלייבט ער שטיין, צעלייגט דאס ביסל לעדער און וואַרט אויף



דער ארון קודש און בימה פון קרינקער שול. אויפ׳ן בימה רעכטס שטעהט דער שמש ; לינקס — דער גבאי
הארון קודש והבימה בבית־הכנסת של קרינקי. על הבימה מימין עומד השמש ; משמאל — הגבאי

בעת ההלקייה, זעזעו את ניומקה והוא גמר אז אומר לנקום בהזדמנות הראשונה, את נקמתן מאת האכזר. נ ומקה — מספר אחיו ברשימתו כאן, ביידיש ארב לו לרשע ליד השער של בית־הכלא וירה בו באקדחו והמיתו. משדלקו אחריו שוטרים, חמק לתוך אחד הבתים ומשם הספיק לירות למוות את אחד הדולקים שאמרו לתפסו. הוא הוסיף לירות אל שאר השוטרים, אך משנותר לו רק כדור אחד — שם בו קץ לחייו של עצמו.

את מעשהו זה של ניומקה, „שקם לנקום את נקמת עמו וירה בראש־שלטון, שהתעלל בנערות יהודיות" — העלה, כאמור, על נס אליהו גולומב, באחת הנסיבות, כשנגע בנגישת התורכים ביישוב העברי בארץ־ישראל, במלחמת־העולם הראשונה. הוא סיפר, לפי ישראל גלילי, שכאשר באותם ימים נצטווה גולומב, יחד עם עובדים יהודים אחרים לעבוד למען הרשות בשבת, „אחזתו אש יוקדת ונתלבו עמו זכרונות פרעות ועמידה מימי הילדות, בעיירה קרינקי, בשנת 1906, כשנער אחד חברו פרידמאן שמ" חרף נפשו למות על כבוד אחיותיו בנות עמו.

עם המהפכנים הצעירים בני קרינקי, שיצאו להם מוניטין גם הרחק מעיירת־מוצאם במעשים נועזים, בהש־ ליכם נפשם מנגד, נימנה, כאמור, הבורסי היהודי סיקורסקי שהיה חבר מפלגת ה„ס"ר", ושהשתתף בהתנקשות בשר־ הפנים הצארי הרצחני פלאווה, שהיה אחראי לפוגרום בקישינב. לפוי הוראות המפלגה, ארבו הוא ועמיתיו, יגור סאזונוב וסרגיי קאלאייב, ב־5 ביולי 1904, לפלאווה, ליד בית־הנתיבות הוואַרשאי בפטרבורג הבירה, כשפצצות־ דינאמיט בידיהם. קאלאייב הטיל אז ראשון את פצצתו באיש־הדמים והרגו. סיקורסקי הוגלה אח"כ לסיביר, משם לא חזר עוד.

### ההתמרדות בקרינקי

המאורע הפוליטי־הכללי, וגם הסנסאציוני ביותר בקרינקי ושגיבוריו היו פועלי הבורסקאות ובני־הנוער המהפכני היהודים — נתארע בה בינואר 1905.

עוד חודש לפני־כן החליט הוועד הפדראטיבי של ה„בונד" ושל המפלגה הסוציאל־דמוקראטית הפולנית בקרינקי, „להחרים" את הדואר באמדור הסמוכה; וב־6 (19) בדצמבר 1904 עלה הדבר בידי „פלוגת המחץ" (ה„בויובקה") של הוועד הנ"ל. „הוחרמו" 1,368 רובל במזומנים וכן בולים וגלויות־דואר, חרב ואקדח טעון — הכול „תרומה" למאבק עם המשטר הרודני.

אך נסערו ונתגעשו הרוחות בעיירה לאחר שהגיעו לקהל הידיעות על יום א' עקוב־הדמים בפטרבורג, ב־9 (22) בינואר 1905, כאשר המון פועלים, בראשות הכומר גאפון, שהיו בדרכם לארמון הצאר כדי להגיש לו כתב־ בקשה להטבת מצבם — הותקפו ביריות ע"י המשטרה ורבים מהם נהרגו; ועוד יותר גברה הסערה, משנודע על שביתתם של עובדי־הרכבת, שפרצה במדינה.

בלא שהיות קרא הוועד הפדראטיבי הנ"ל לציבור העובדים בעיירה לשבות, לערוך הפגנת־הזדהות עם פועלי־הרכבת ולתקוף את כל מוסדות השלטון במקום. כל הפועלים של קרינקי למקצועותיהם ולזרמיהם, למעלה מ־1,500 איש, מהם לא־יהודים, נענו ונתכנסו לאסיפה (בבית־הכנסת); ומשם יצאו, ביום שלג סגרירי, בהפגנה לעבר מרכז העיירה השובתת ומושבתת כולה, גם על חנויותיה, כשנושאי דגלים אדומים (ולפי גירסת ב' פוצ'בוצקי — גם שחורים, משל האנארכיסטים) צועדים בראש, ומן הקהל מושמעות קריאות נגד המשטר ולמען המהפכה, מלוות ביריעות־תרועה ובשירת ה„מארסלייזה" וכשכחלוץ למחנה מתקדמת „פלוגת־המחץ".

המשטרה ואנשי־השלטון נעלמו לאלתר. המפגינים בהתקדמם, הפכו עמודי־טלגראף וקרעו מחוטיו, נכנסו לבית־הדואר וחיבלו במכשיר ההברקה ובאביזריו והוציאום מכלל שימוש — למען נתק את הקשרים עם ההוץ; כן השחיתו את מערכת המשרד ושרפו את הבולים ואילו את תמונת הקיסר הוציאו החוצה וחוררוה ביריות (מסופר בדו"ח של מושל־הפלך שבגרודנה אל הממונה עליו שבווילנה). עתה פנו אל בית־המשטרה ולמשרד־הרישום היהודי, ושם השחיתו כל שמצאו, בייחוד תמונות של מלכי רוסיה ושל אזרחים „חשודים" בעיני הרשות. ממשרד־הרישום נטלו עמם ראשי המרד מאות טפסים של תעודות־זהות ודרכונים ואת החותם — כ„שלל" שהיה אח"כ לתועלת רבה לתנועה המהפכנית, לצייד ממנו בתעודות „כשרות" אסירים פוליטיים נמלטים ולאפשר להם להגיע למקום בטוח.

משם פנו למשרד של מינהל הנפה הכפרית והחרי־ בוהו ולבית־הממכר הממשלתי של יי"ש ושאותו כבשו

בכוח הנשק את המלאי הגדול של בקבוקי „המשקה" השמידו כליל משרידים של המנגנון הממשלתי, שנותרו עוד בעיירה בשל מחלה או מסיבות אחרות, נטלו את נשקם עתה כוננו מיליציה פועלית לשמירה על הסדר במקום

הפגנה ערכו גם בכפר הטאַטאַרי הקרוב קרושניאַני, שם היו שוכנים עובדים בבורסקיות שבקרינקי. גם כאן החריבו את בית־הממכר הממשלתי לדי"ש. ומשם עמדו לעבור בהמון בהפגנות לכפר הולינקה ולעיירה ברסטוביץ־רבתא הסמוכות, ולערוך שפטים דומים.

אולם בינתיים הספיק ראש־משטרת קרינקי, שברח לסוקולקה, להזעיק משם עזרה מאת מושל־הפלך שב־גרודנה. משנתקרב, כעבור יומיים, צבא־המשלוח אל העיירה, מצא בהגיעו לרחוב סוקולקה, את הנוער המקומי ערוך שם, מזוין באקדחים ובמוטות־ברזל וגרזנים. אף בנות ניצבו בשער חמושות באבנים.

קציני הצבא באו בדברים עם המתמרדים, הבטיחו שלא לנגוע באיש, אם יתפזרו. מו"מ זה נמשך, עד שהגיע מושל־הפלך בכבודו ובעצמו ועמו צבא רגלים ופרשים, אשר נשתכנו בבית־המדרש של „ינטה". עתה הוכרז על מצב־חירום בעיירה, וכמאתיים מן המשתתפים בהתמרדות נאסרו ע"י המשטרה, כשזו נעזרת במרגלים־מלשינים מבין הפקידות והתושבים, מהם שעשו כאן לעצמם מקור לסחוט דמי „לא־יחרץ" (לאחר שהפועלים נתאוששו מן הרדיפות הללו הם גמלו למלשינים החרוצים־יתר כגמולם, ושניים מהם אף הוציאו להורג) את האסירים הובילו אל בית־הכלא שבגרודנה והושיבום בתאי־צינוק, כל אחד ואחד ביחידות. הם שוחררו אך באוקטובר אותה שנה, עם „המינשר" המלכותי והחנינה, שהוכרזה עליה בעקבותיו. היו ממארגני ההתמרדות, ביניהם באותה שעה גם ניומקה פרידמאַן — שברחו מן העיירה, ומהם שהיגרו לאמריקה.

### אכזבה ושפל

המרד בקרינקי נסתיים אירגון ה„בונד" נתמוטט וקיומו לא הוחש עוד במשך זמן בקרב הפועלים נשתרר מצב־רוח של אכזבה ושל אזלת־ידיים. האינטליגנציה נתפזרה. הריאַקציה הרימה ראש ב־1906 נוסדה בקרינקי „אגודת־אחים" של החרשתנים למאבק עם הפועלים ב־1907 נתפזרה גם האגודה של פועלי־הבורסקאות, בשל אדישות העובדים. בתעשיית־העור פגע משבר שכר הפועלים ה„לחים" הופחת. כלכלת קרינקי נפגעה קשה ו„לולא תמיכת החברה לחסכון ולהלוואה, כי עתה באו הרבה תגרנים זעירים לידי משבר" — כתב המורה־העסקן אברהם איינשטיין ב„הד הזמן" מ־27 ביוני 1909 „אולם לאחרונה הוטב מצבם של סוחרי העורות והדרישה גדלה".

ועל המצב הרוחני־התרבותי בקרב הפועלים שב־עיירה כותב הוא בכתבה שנייה באותו עתון מ־8 באוגוסט אותה שנה: „השעמום שאדז בפועלים המרובים בקרינקי אחר ימי המהפכה, הביאם למפח־נפש והכריחם לבקש דבר לבלות בו את שעותיהם. חלק מהם יסדו חברת „תפארת בחורים", ואלה לומדים יום יום בין מנחה למעריב ובשבתות פרק ב„עין־יעקב" ובתלמוד, מפי בחורי־ישיבה. ויש מהם המבלים עתותיהם בקריאת הספרות האַמריקאַנית ביידיש, בייחוד בקריאת הרומאַנים עבי־הכרס המזוזעים את העצבים. האינטליגנטים עוסקים בקריאת ספרים רוסיים".

עם השתפרות המצב בתעשיית־העור, הורגשה שוב התעוררות־מה בעיירה. ב־1911 הוקמה שוב אגודת הבורסים־העובדים, והיא הצליחה ב־1912 לערוך שביתה בת 14 שבועות, בדרישה לחזור ליום־עבודה בן 8 שעות, אף הצליחה לשפר את מצבם הכלכלי של חבריה, כן ייסדה ספריה לגאַלית. ב־1914 שבתו שוב פועלי קרינקי, אם כי באזור הבורסקאות היהודית בכללו שררו עוד דכאון ואדישות.

דוב ראַבין

# אין דער בלי־תקופה פון קרינקי

1915 — 1897

## אלגעמיינער איבערבליק

### די יידישע באַפעלקערונג

ערב דעם 20סטן י״ה, אינעם צענזוס פון יאר 1897, זענען אין קרינקי אויפגעציילט געווארן 3,542 יידישע נפשות, אדער 71.45% פון די 4,957 תושבים אין שטעטל בכלל מיט א 20 יאָר פריער זענען (לויט פוילישן געאָגראַ־פישן ווערטערבוך פון יאר 1883) אין קרינקי געווען 3,336 תושבים, פון זיי 2,823 יידן, אדער 84.62% פון דער באַפעלקערונג. פאר די דאזיקע צוויי צענדליק יאר זענען משמעות צוגעקומען אין שטעטל 719 יידישע נפשות, און זינט יאר 1847 — 1,686 פאר 40 יאר, הייסט עס, האט זיך דער יידישער יישוב אין קרינקי פארטאפלט. אבער נאכן 1897סטן יאר האט זיך די צאָל יידן אין שטעטל כמעט נישט פארגרעסערט, בדרך כלל, און אין פראָצענט כלפי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אפילו עטוואָס פארקלענערט נישט קוקנדיק אויפן נאַטירלעכן יידישן צוווקס און אויפן צופלוס פון נייע תושבים יידן, וואס פלעגן אנקומען קיין קרינקי פון אַרום, כדי צו זוכן פרנסה אינעם א ריי יארן עקאנאמיש בליענדיקן שטעטל.

די סיבה פון דער דאזיקער סטאַגנאַציע אין דער גרייס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרינקי איז געלעגן אין דער עמיגראַציע פון שטעטל. איינצלנע יידן, געוואַגטע קרינקער יונגע־לייט, זענען שוין „אוועק״ קיין אַמעריקע נאך פאַרן איצטיקן יארהונדערט. אבער מיט די רעפרעסיעס פון דער צאַרישער פאָליציי, וואס האבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף די דערוואַכנדיקע גארבער־ארבעטער און אויף דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אין קרינקי מיט די אָפטע שטרייקן — זענען די יידישע „יאַטן״ (יונגע געוואַגטע רעוואָלוציאָנערע חברה־לייט) געווען געצווונגען צו פארלאָזן זייערע היימען און אנט־לויפן־עמיגרירן אין די הונדערטער — באַזונדערס זינט 1902 — קיין אויסלאַנד און דער עיקר קיין צפון־אמעריקע. די דאזיקע עמיגראַציע האט זיך מיט דער צייט נאך פארשטאַרקט; און שפעטער, בעת די ערשטע פאָליעס עמיגראַנטן האבן אין זייער נייעם מיקלט זיך מער־ווייניקער „אויסגעגרינט״ און אויך איינגעאָרדנט — האט מען אָנגעהויבן שיקן אַהיים „שיפסקאַרטן״ צו די פאמיליעס און פריינט, איבער הויפט ווען עס זענען נאך אָנגעשטאַנען קריזיס־יארן אין דער קרינקער לעדער־אינדוסטריע, א פשיטא נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די קרינקער יידישע „קאָלאָניעס״ האבן זיך טאקע מיט דער צייט פארשפרייט איבער מערערע לענדער און זיך פארגרעסערט, ביז די צאָל לאנדסלייט דארטן איז אזוי גוט ווי דערגאנגען צו דער צאָל יידן אין קרינקי גופא.

### דער מצב און קאמף פון די קרינקער יידן

אן אָרגאנישער גליד פונעם איבער זעקס־מיליאָניקן שאַפונגספולן רוסישן יידנטום, האט אויך די קרינקער עדה מיטגעמאַכט זיין כלל־גורל, אין דער תקופה, וועלכע מיר באהאנדלען דאָ ערשט אויפן געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן און רוחניותדיק־קולטורעלן געביט בפרט האבן דאך קרינקער יידן געליטן פון די זעלבע שיקאַנעס און באַגרענעצונגען פון „פּאַניעס״ רעזשים ווי דער גאַנצער יידישער קיבוץ אין רוסלאַנד; זיי האבן אבער גלייכ־צייטיק געפונען נאך גענוג מעגלעכקייטן זיך אויסצולעבן אינהאלטסרייך אין א ריי געביטן פון יידישן אינערלעכן לעבן, פונעם טראַדיציאָנעלן על אחת כמה וכמה אין וועלכע אפילו די אנטיסעמיטישע ראַמאַנאָווישע דעספאָטיע האט זיך נישט דערוועגט אריינצומישן. די קרינקער כראָניקעס — פרעסע־קאָרעספּאָנדענצן און באשרייבונגען — און אפילו לאַנדסלייט־זכרונות, שטעלן זיך בכן געוויינטלעך אָפּ מער און דווקא אויף די ספעציפיש אָרטיקע פּאַרלויפעניש פון זיי אויך פונעם אַלגעמיינעם אינטערעס און אפילו דברים העומדים ברומו של העולם — פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג,

למשל — ווי אויף דעם גאַרבער־אַרבעטער־רעוואָלט אין קרינקי אין יאָר 1905 אָדער זייער שטרייקן־עפּאָפּעע.

וועגן איין כלל־יידישער געשעעניש וואָס האָט דערשיטערט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, באַזונדערס אין רוסלאַנד אויך אין קרינקי — דער קישינעווער שחיטה אין יאָר 1903 — זאָגן עדות די לאַנגע רשימות פון צאָלרייכע ראשי־משפחות אין שטעטל, וואָס האָבן באַלד צוגעטראָגן בנפש חפצה זייערע הילף־ביישטייערן פאַר די געליטענע פונעם פאָגראָם. די דאָזיקע רשימות, פאַר־עפנטלעכט אין דער וואַרשעווער „הצפירה" פון יוני יענץ יאָר (זע ז' 226), אַנהאַלטן נעמען און סומען סיי פון די רייכע בעלי־בתים־פאַבריקאַנטן, סיי פון זייערע פועלים־גאַרבערס, ווי פון אַנדערע קרינקער יידישע שיכטן.

די וויכטיקסטע — אויך סענסאַציאָנעלע — כלל פּאָליטישע געשעעניש אין קרינקי, וואָס אירע העלדן זענען די יידישע גאַרבער־אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע יוגנט — איז געווען דער בונט קעגן צאַרישן רעזשים, אין יאַנואַר 1905, בעת די פרייהייט־קעמפערישע „שוועס־טער און ברידער" האָבן פאַרטריבן די אָרטיקע שררה און פאַרכאַפּט די מאַכט אין שטעטל במשך עטלעכע טעג. איבער דעם וועלן מיר דאָ נאָך בפרטיותדיקער ריידן.

קרינקער יידישע יונגע רעוואָלוציאָנערן, מיטגלידער פון פּאָליטישע ריכטונגען וואָס האָבן גוטגעהייסן אויך טעראָר־מיטלען אין זייער קאַמף — האָבן זיך געשאַפן א נאָמען ווייט פון זייער היימאַט־שטעטל מיט זייערע געוואַגטע אַקטן און מסירת־נפש. דער קרינקער יידישער גאַרבער סיקאָרסקי מיטגליד פון דער סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג („ס.ר.") האָט אָנטיילגענומען אין אַטענטאַט אויפן רוצחישן צאַרישן מיניסטער פאַר אינער־לעכע ענינים, וויאַטשעסלאַוו פּלעווע וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קישינעווער פאָגראָם. סיקאָרסקי איז געווען איינער פון די דריי (אחוץ אים יעגאָר סאַזאָ־נאָוו און סערגיי קאַלאַיעוו), וואָס האָבן אָפּגעוואָרט פּלעווען, מיט דינאַמיט־באָמבעס אין די הענט דעם 15טן יוני 1904, ביים וואַרשעווער וואָקזאַל אין פּעטערבורג — ווו קאַלאַיעוו האָט געוואָרפן דער ערשטער זיין באָמבע און געפּטרט דעם פינצטערן שונא־ישראל. סיקאָרסקי איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, פון וואַנען ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

דער 17יאָריקער אַנאַרכיסט ניאָמקע פרידמאַן האָט פאַרענדיקט זיין אַקציעספּולן יונגן לעבן מיטן אַטענטאַט וואָס ער האָט אויף זיין אייגענעם געוויסן דורכגעפירט אויפן אַכזריותדיקן „נאַטשאַלניק" (קאָמענדאַנט) פון דער גראָדנער תפיסה, אין נקמה פאַר יענעמס אָפּשמייסן אַרעסטירטע יידישע יונגע שטרייקערינס פון דער גראָדנער טאַבאַק־פאַבריק, און פאַרן איזדיעקעווען זיך איבער זיי.

ישראל גלילי, פירער פון דער „הגנה" אין ארץ־ישראל און מיניסטער אין דער ישראל־רעגירונג, דערמאָנט (אינעם בוך „אליהו גולומב — חביון עוז", 2טער באַנד, תל־אביב תשט"ו) ניאָמקעס נאָמען אין שייכות מיט זכרונות, וואָס ער האָט געהערט פונעם פאַרשטאָרבענעם אליהו גאָלאָמב, הויפּט־פירער פון דער „הגנה" און פון די פירערס פון דער „הסתדרות" און פונעם יידישן יישוב אין ארץ־ישראל בכלל. אין גאָלאָמבס דערינערונגען פון זיינע ייִנגלשע יאָרן, פון קרינקי (ער גופא איז געווען א וואָלקאָוויסקער געבוירענער) — שטעלט ער פאָר ניאָמקען, זיין „חבר", ווי א „יידישן העלד, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן, כדי נוקם צו זיין פאַר דער פייניקונג פון יידישע מיידלעך־שטרייקערינס".

נישט ווייניקער וויכטיק, פון אַלגעמיינעם אינטערעס, בפרט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־לעבנסבאַדינגונגען — א לאַנגע פּרשה, וועגן וועלכער עס באַוועגונג אין רוסלאַנד, זענען געווען די סדרהס געוואַגטע און שווערע שטרייקן, וואָס די קרינקער יידישע גאַרבער־אַרבעטער האָבן געפירט פאַר מענטשלעכע אַרבעטס און איז אַסך געשריבן געוואָרן און וואָס ווערט אויך דאָ געבראַכט בפרטיותדיקער.

## גאַרבעריי — דער לעבנזייל פון קרינקי

די גאַרבעריי — די לעדער־אויסאַרבעטונג — האָט זיך שוין אין מיטן די 90ער יאָרן פון 19טן י"ה עטאַבלירט ווי דער רוקנביין פונעם קרינקער ווירטשאַפטלעכן לעבן אָוודאי האָבן נאָך אויך איצט א היפּש ביסל יידן אין שטעטל געצויגן זייער חיונה פונעם טראַדיציאָנעלן קליינ־האַנדל און פון האַנטווערק און פלעגן אויסקוקן אויפן וואָכנטלעכן מאַרקטאָג, ווען די פּויערים פון אַרום קומען קיין קרינקי צו פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, עופות און

אויך בהמות, און צו איינקויפן און באשטעלן דאס פאר זיי נייטיקע, און אגב אויך אויסטרינקען א כוסע אדער זיך אנזשליאקען מיט ביר און קוואס און זיך געזונט אָנעסן אין א „סטאלאווקע״ (א מאַרק־רעסטאראַן)

אבער אויב דער דאָנערשטיקער טאָג האט נאך געהאט צו זאגן אינעם לעבן פון מארק־קרעמערל און פון סטראָגאן־הענדלער פ נעם יידישן שמיד, סטעלמאַך רימער, קירזשנער בעקער שערער אד״גל האבן דעם לעבנספולס פון כלל־שטעטל, אויך פון די בעלי־מלאכהס און סוחרים, באשטימט די לעדער־פאַבריקן און די מאַסע גאַרבער־ארבעטער פונעם פאבריקאנט און פון זיינע פועלים האבן עס דער עיקר געלעבט דער קרעמער, דער שניידער, דער שוסטער, שטעפער, בעקער, קצב, דער בעל־עגלה, שלאסער, סטאליער, מוליער, מעלער, גלעזער אאז״וו. א שטרייק אין די גאַרבאַרניעס, אדער א קריזיס אין דער לעדער־אינדוסטריע, האט איצט באַטייט א שעת־חירום פארז גאנצן כלל פון שטעטל

שוין אין יאר 1896 האבן אין קרינקי עקסיסטירט 20 פאבריקן וואס האבן געגאַרבט פערדן־פעל, און באשעפטיקט הונדערטער ארבעטער צווישן זיי אויך א קליינע טייל ניט־יידן די הכנסות פון די גאַרבערייען זענען געווען גרויסע און די פאבריקאַנטן זענען אַלץ רייכער און רייכער געוואָרן קיין יידישע איניציאַטיוו האט אין קרינקי ניט געפעלט, איז די צאָל לעדער־פאַבריקן אלץ גרעסער געווארן זייער פאַרנעם פארברייטערט זייער פראָדוקציע געשטיגן און די צאָל באַשעפטיקטע פאַרמערט פעל ברענגט מען שוין אַזש פון די סיבירער און קאַווקאַזער ווייטענישן און אויך פון אויסלאַנד — דייטשלאַנד עסטרייך, פראַנקרייך און אפילו פון צפון־ און דרום־אַמעריקע; און ווי אַן אפזאַץ־מאַרק דינען די רחבותדיקע געביטן פון דער געוואַלדיקער רוסישער אימפעריע און אפילו אויסלאנד

אין יאר 1897 רעדט זיך שוין וועגן 500—700 גאַרבער־ארבעטער אין די קרינקער פאַבריקן, אין יאר 1898 — וועגן 800 אין 1901 — וועגן טויזנט; און שפּעטער וועגן 1,100 (פון זיי 160 ניט־יידן) אין 67 גאַרבאַרניעס אין שטעטל. די לעדער־פאַבריקאַנטן ווערן שוין אין די 90ער יארן פאַררעכנט פאר די גרעסטע גבירים אין דער צפון־מערב־געגנט פון רוסלאַנד

מיט דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין 1904 איז דער אויפשוווּנג אין דער לעדער־אינדוסטריע נאך באטייטנדיק געשטיגן. פאָניעס סאָלדאטן האבן זיך גענייטיקט אין שטיוול, און נישט נאר דאס מיליטער. עס פילט זיך א גרויסער נאָכפרעג אויף לעדער, און די גארבארניעס פראָספּערירן נאך גאַנצע עטלעכע יארן.

די לאַגע פון די גאַרבער־ארבעטער

נאך אין סאמען אויפשוווּנג אין דער לעדער־אויסאַרבעטונג, ווען די פאַבריקאַנטן זענען שוין געווארן גבירים און זייערע מייסטערס פאַרמעגלעכע בעלי־בתים — איז נאך דער גאַרבער־ארבעטער געלעגן אין שאול־תחתיה. ער האט געארבעט 15 שעה א טאג, אין די דאָנערשטיקן און פאר יום־טוב־טעג נאך מער, פון צייט צו צייט אויך אין די שבת־צו־נאַכטן.

דער לוין איז געווען א נישטיקער און ביי די „טרוקענע״־ארבעטער געצאָלט אומרעגלמעסיק און ווילקירלעך. אין די דאזיקע „טרוקענע״־גאַרבאַרניעס פלעגט זיך דער פאַבריקאַנט לייכטער מאכן זיין טירחה און גלייכצייטיק זיך סטאַרען פאַרגרעסערן זיין ריוח — דורך איבערגעבן די ארבעט פון שטיק אדער פון פּארטיע פעל, צו מייסטאַרעס, ווי „פּאַדראַטשיקעס״ (סוב־אונטערנעמערס). יענע פלעגן זיך אָנדינגען געזעלן און נאך ניט־דערוואקסענע לערניינגלעך, אויף א „זמן״ (א האַלב יאר, פון חול־המועד ביז חול־המועד) פאר וואָכנטלעכע שכירות, און זיי עקספּלואַטירן אויפן סאמע אויסטערלישסטן אופן

די בידנע עטלעכע רובל שכירות פלעגט דער מייסטער אויסצאָלן, ווען ס׳האט זיך אים געלוינט: „נאָרמאַל״ — נאכן „זמן״ אין מיטן האַלב יאר פלעגט דער ארבעטער דאַרפן אָנקומען צום חסד פון זיין בעל־הבית דעם מייסטער כדי אַרויסצורייסן ביי אים א פּאָר רובל פאר א רופא, א קימפּעט, א חתונה און חלילה אן אומגליק דאס גאנצע לעבן פלעגט מען מוזן אויסקומען מיט באָרגן און נעמען אויף קרעדיט ביים קרעמער אדער בעקער און ביים פארריכטן אדער באַשטעלן ביי א בעל־מלאכה א שוך אדער א שטיקל בגד. פלעגט שוין יענער אויספראווען די באשטעלונג און רעכענען דעם פרייז ווי ס׳האט זיך א י ם געלוינט. איז עס ניט גענוג געווען, פלעגט זיך ניט זעלטן טרעפן אז דער מייסטער פלעגט

דאס בידנע ביסל פאַרהאַרוועטע שכירות אַנזעצן דערקלערן זיך באַנקראָט, אדער סתם נעלם ווערן פון שטעטל מיט דעם פאַרכאַפּטן געלט.

שטראָפּן זענען געווען א געוויינלעכער מנהג, אין פאַל ווען א געצייג איז קאַליע אדער צעבראָכן געוואָרן, אדער א ביסל טראָן האט זיך אויסגעגאָסן. פאַר אויס־ריידן א וואָרט ווידער דעם מייסטער, ווער רעדט פראָ־טעסטירן, פלעגט מען דעם „בעל־העזהניק" אַוועקשיקן אַהיים און נאך אנשלאָגן דערצו און מודיע זיין זיינע קרעדיט־געבער, אז מען האט אים אַנטזאָגט פון דער ארבעט און ער איז נישט מער קרעדיטפעיק. אין קיין אַנדער גאַרבאַר־ניע פלעגט מען אזא איינעם ניט אננעמען אָן א צעטל פון זיין פריערדיקן בעל־הבית.

אין דער היגיעניש־סאַניטאַרישער הינזיכט זענען די ארבעט־באַדינגונגען געווען שוידערלעכע: אין א פאַרשטיקטער לופט אין עיפוש און קעלט און שטענדי־קער נעץ — אין די „נאַסע" גאַרבאַרניעס — און אין א שטאַרקער היץ אין די טריקנקאַמערן פון די „טרוקענע". שווינדזוכט און ראָמאטעס זענען געווען ניט קיין זעל־טענע חולאתן ביי די גאַרבערס, און ביי די „נאַסע" פלעגן אפט טרעפן, ווי מיר האבן שוין דערמאנט, שטער־בלעכע פאַלן פון „שקאַרבונקע" (סיבירישע מכות — געשווירן, אן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייט, וואס קומט פון באַרירן מיט פאַרווונדעטע הענט די פעל פון קראַנקע בהמות)

בכלל איז צו יענער צייט דעם ארבעטערס געזונט און אפילו זיין לעבן, און אַוודאי זיין מראַצע, געווען הפקר קיין ארבעטער־אָרגאַניזאַציע האט נאך אין קרינקי ניט עקסיסטירט, דער ארבעטער־יחיד איז נאך דאַן ניט געווען קלאַסנבאַוווסטזיניק און ניט געהאט קיין אַנונג וועגן אן אַליין־אָרגאַניזירונג וועגן סאַציאַלער געזעצ־געבונג האט מען נאך ניט געוווסט. די איינצלנע רעגי־רונגס־פאַראָרדענונגען וועגן אַפּהיטן היגיענע אין די פאַב־ריקן און וואַרשטאַטן, זענען ניט געאכט געוואָרן און עס איז אויך ניט געווען ווער עס זאָל דאס פאָדערן.

א טייל ארבעטער פון די „נאַסע", האבן זיך רעק־רוטירט פון אפּגעשטאַנענע „האַלב־פּוערים", און די ארבעט אין די גאַרבאַרניעס אויסערן דאָרף איז געווען ניט קיין איינציקער מקור פון זייער פרנסה. יידן, ווידער, פלעגן מער אָנקומען אין פאַבריק, כדי זיך איינספּעציאַלי־זירן אין פאַך און צו ווערן אַליין מייסטערס־הארן איבער אַנדערע ארבעטער און אָנקלייבן א שטיקל אַפּותיקי, כדי אַליין צו פאַרלייגן א גאַרבאַרניטשקע, אדער אן אַנדער עסקל. יעדער איינער האט בכן זיך געסטאַרעט געפעלן צו ווערן דעם ארבעטגעבער כדי אַרויפצושטייגן, און מכוח אן ארבעטער־אַחדות האט מען נאך ניט געוווסט

גאַרבערריי איז ביים דורכשניטלעכן יידישן עולם געווען אנגענומען מיט געוויסן רעכט, פאַר א נחות־דרגהדיקער, שווערער און שמוציקער מלאכה פונעם גאַרבער פלעגט זיך טראָגן דער „ריח־ניחוח" פון פאַדלע אוז וואַפּנע פון דער ווייטנס. אין קרינקי האבן די גאַרבער־בעלי־בתים ניט געוואָלט עס פאַרטראָגן פון זייערע פועלים אינעם געמיינ־זאַמען בית־מדרש, און די ארבעטער האבן בכן זיך אויס־געבויט אן אייגענעם גארבארסקן בית־תפילה. נאָך מער: די גאַרבער־ארבעטער האבן זיך אפּגעזונדערט פון זייערע ברויטגעבער אויך אויפן קולטור־רעליגיעזן געביט, און אין יאר 1894 (דערציילט דאַן די וואַרשעווער „הצפירה", נומ' 264) האבן זיי געגרינדעט א חברה „פועלי־צדק", וואס אירע מיטגלידער זענען געווען ארבעטער אין די לעדער־פאַבריקן, 400 לערך. דער מיין מיט דער „חברה" איז געווען אַנצושטעלן אן אייגענעם מגיד־שיעורים, טאָג־לעך, פאַר זייער בית־מדרש.

די בונדישע טוערין ס אָ פ י ע ד ו ב נ אָ ו ו ־ ע ר ל י ך (טאָכטער פון יידישן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו און אלמנה פונעם בונדישן פירער אין פוילן דעם מאַרטירער, הענריק ערליך) שילדערט אין איר בוך „גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד", וואַרשע 1937 — דעם טיפּ פון יידישן גאַרבער־ארבעטעריונג ווי ער האט זיך אויס־געפורעמט אינעם יידישן תחום־מושב. זי שרייבט אז צוליב די אויבן דערמאנטע סיבות, „פלעגן אין די גארבע־רייען גיין אַזעלכע וואס זענען געשטאַנען אויפן נידע־ריקסטן שטאַפּל פון סאַציאַלן לייטער א גאַרבער איז א סינאנים פון אן עם־הארץ. ערשט צו ביסלעכווייז האט זיך אין די לעדער־וואַרשטאַטן און פאַבריקן גענומען אויסאַרבעטן א נייער טיפּ פון א פאַבריק־ארבעטער אין דער יידישער סביבה, פון א יונג מיט ביינער וואס האט ניט קיין שטאַרקן חשק צו תורה, פאַרמאגט אבער דערפאַר א פאָר געוויכטיקע פויסטן און א קריגערישן טעמפּעראַ־מענט. אט דער יונג מיט מאָזאָליעס אויף זיינע הענט,

וואס זענען דורכגעווייקט פון לעדער, צווינגט בהדרגה מ'זאָל זיך צו אים באַציען מיט אכטונג".

### דער ערשטער שטרייק

דער ערשטער גרעסערער שטרייק פון יידישע גאַר־בערס איז אויסגעבראָכן אין יאר 1894 אין ווילנע, וואס איז געווען די מוטערשטאָט פון גאַרבעריי אין יידישן תחום־המושב. נאָך מיט יארן צוריק האט דארט א דייטשישער מייסטער געגרינדעט א גאַרבאַרניטשקע אויף צו באַאַר־בעטן פערדנפעל צו „האַמבורגער" לעדער — א סאָרט וואס מען פלעגט אים פראדוצירן אין האַמבורג אין דייטש־לאנד. פון אָט דעם דייטשן מייסטער האבן זיך מיט דער צייט אויסגעלערנט דעם פאַך אַנדערע גאַרבאַרעס (אויך אין קרינקי זענען, ווי מיר האבן שוין דערמאָנט די ערשטע גאַרבער־מייסטערס געווען דייטשן). א דאַנק דעם גאַרבער־שטרייק אין ווילנע, האבן דארט די פאַבריקאַנטן געהעכערט דעם לוין פון די קוואַליפיצירטע ארבעטער, און דער ווידערקול פונעם שטרייק האט זיך צעטראָגן אין גאַרבאַרניעס ווייט אין אנדערע ערטער

אין יאר 1897 זענען שוין געווען אין קרינקי עטלעכע ארבעטער, עדותן פון אָרגאַניזירטע שטרייקן אין ביאַליס־טאָק און אין גראָדנע. עס איז אנגעשטאַנען די ריי פון די קרינקער גאַרבער־ארבעטער עס איז אויסגעבראָכן זייער ערשטער שטרייק — א שווערער און א דויערנדיקער — וואס האט זיך געענדיקט מיטן ערשטן ארבעטער־נצחון: א 12 שעהדיקן ארבעטס־טאָג און „געצאָלט דורכן פאַברי קאַנט דירעקט".

דערמיט האט זיך ערשט אנגעהויבן דער מוטיקער און אויסגעהאַלטענער קאמף פון די קרינקער גאַרבערס פאר מענטשלעכע ארבעטס־באַדינגונגען. „די קרינקער ארבעטער, שרייבט וויטער סאפיע דובנאָוו־ערליך האבן אָוועקגעשטעלט די גאַרבער אין די ערשטע רייען פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג צוזאַמען מיט דעם איז אויך געקומען אָן ענדערונג אינעם לעבן־שטייגער: „גאַר־בער האבן זיך דורך זייער קאַמף דערשלאָגן צו גרויסע אויסבעסערונגען אין זייער מאַטעריעלער לאַגע, און דערפאַר האט די אַרומיקע סביבה אופגעהערט זיך צו באַציען צו זיי ווי צו פאַריער; די עלטערן — בעלי־מלאכהס און קליינהענדלער — האבן אָנגעהויבן גערן צו שיקן זייערע קינדער אויף דער גאַרבעריי־פאַבריק".

### קרינקי — א תורה־שטעטל

דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־קאַמף און זיינע משמעותן, זינט דעם אָנהייב פון דעם דא באהאנדלטן צייטאָפשניט — איז געווען נאר איין זייט אינעם גע־שטאַלט פונעם קרינקער יידישן לעבן. אַן אנדערע זייט האט מיט זיך פאַרגעשטעלט קרינקי דאס תורה־ און טראַדיציע־שטעטל, אין דער הינזיכט אפילו אז אנזעעוודי־קער צענטער

אין דער באַהאַנדלטער תקופה, איז אויפן כסא־הרבנות פון קרינקי געזעסן ר' זלמן סענדער כהנא שאַפּיראָ, א גדול בתורה בדורו, א פּראָמינענטע פערזענלעכקייט, מכובד און אָנגענומען ביי אלע שיכטן פון שטעטל, א מענטש מיט א נאָמען ווייט איבער די אָרטיקע גרענעצן. פריער איז ר' זלמן סענדער געווען רב אין מאַלטש און געשטאַנען בראש פון דער דאָרטיקער באַוווסטער ישיבה, א טייל פון איר האט ער איבערגעפירט קיין קרינקי און דא ממשיך געווען צו זיין איר ראש־מתיבתא

און נאָך פאר דעם פלעגן קיין קרינקי פארן כדי צו לער־נען תורה בקיבוץ, יונגע פרושים פון פארשיידענע יידישע יישובים איינער פון אָט די לערנערס איז געווען אריה לייב סעמיאַטיצקי, דער שפּעטערדיקער חשובער העברעי־שער פילאָלאָג און פון די פּראָמינענטסטע רעדאקטאָרן פאר יוגנט־ליטעראַטור אין העברעיש

### אונטער רוסישער קולטור־השפעה

אָנהייב 20סטן י"ה און ביזן אַריינמאַרש פון די דייטשן אין יאר 1915, האט זיך אויך אין קרינקי, ווי אינעם גאַנצן יידישן תחום־המושב פון רוסלאַנד שוין גוט געלאָזט פילן, צווישן דער יוגנט, א רוסיפיקאַטארישע השפעה. מיטגעבראַכט דערצו האבן אין א גרויסער מאָס די פאַר שולן אין רוסיש, וואס האבן דאַן עקסיסטירט אין שטעטל, קרינקער גימנאַזיסטקעס, וואס האבן געלערנט אין די רוסישע גימנאַזיעס אין די נאָנטע שטעט און דער עיקר — דער אַלגעמיינער גייסט און שטימונג צווישן געווויסע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַרום. דאס ריידן רוסיש און זינגען בדחילו ורחימו רוסישע לידער, איז געווען אין דער „מאָדע", איבער הויפּט צווישן דער אינטעליגענץ און די „אייבערשטע" קרייזן, ווער רעדט נאָך דאס לייענען און דאס באַווירקט זייך פון דער

גייסטרייכער און פּרייהייטדאַרשטיקער ליבעראַלער רוסישער ליטעראַטור.

### אַנהייב קרינקער ציוניזם

זינט 1898 אַנטשטייען אין קרינקי שפּראָצן פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס נעמט זיך אין גיכן דורכצופירן אירע אידעען אויך אין דער פּראַקטיק, בפרט דורך אַ נאַציאָנאַל־יידישער דערציונג. עס ווערט געלייגט אין שטעטל דער יסוד פון אַ העברעישן שולוועזן, מיט וועלכן קרינקי האָט זיך מיט דער צייט אויסגעצייכנט און וועלכער האָט שפּעטער אויך געבראַכט אויסגעצייכנטע רעזולטאַטן — אין אויספורעמען אַ נאַציאָנאַל־געזינטע יידישע יוגנט, וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן פון זיך געטרייע חלוצים פאַרן אויסבוי פון ארץ־ישראל.

אַנהייב איצטיקן י״ה, אין יאָר 1908 איז באַקאַנט געוואָרן אין ארץ־ישראל דער „פּועלי־ציוניק" ישראל קאָרנגאָלד, וואָס איז דאָן עולה געוואָרן אַהין צו האָט געאַרבעט אין די יידישע קאָלאָניעס אין יהודה און דאָן אין גליל, וווּ ער איז גלייכצייטיק געווען סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי; ער ווערט אַ וועכטער, פון די ערשטע מיטגלידער פון דער „השומר"־אָרגאַניזאַציע (די פאַרגייערין פון דער „הגנה"), און באַלד פּסח 1909 פאַלט ער פון די הענט פון אַראַבישע רויבער, ווי איינער פון די ערשטע קרבנות פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע און פון דער קרינקער עדה — אויפן מזבח פון דער וואַך איבער דער זיכערקייט פון יידישן לעבן און גוטס אין דעם אויפקומענדיקן ישראל.


מפלגת הפועלים העברים הסוציאל־דימוקרטים בא״י (פועלי ציון)

# חברים ואחים!

ביום כ׳ אחרון של פסח נשפך דם העבודים הצעירים ישראל קורנגולד וש. מלמד בעמדם על משמרתם להגן על אדמת ישראל וכבוד עמם ובעוד איזה ימים נוע דב שויינר שנפצע לפני שני ירחים. מירכתי צפון, מרוסיה באו הצעירים האלה לעבד את אדמת א״י ולשמרה ובזעת אפם רוו אותה כתור שכירי יום. אך הם לא יכלו להתפק בתפקיד פועל פשוט. נפשם שאפה לגדולות מאלה ויתאוו לעמד בשדרות הלוחמים הראשונות, ויעלו הגלילה, מקום שם התחילה המלחמה הלוהטת, ויהיו לשומרים, שומרי מושבות עבריות, עד עתה היתה משרה זו כלה בידי הנכרים, והאכר היהודי נח בהשקט על במתו, נשען ובטוח כי לא ינום שומרו הערבי. דב שויינר היה בין הראשונים שהבינו את כל המרירות של מצב הדברים, וביחד עם עוד מחברינו לקח ע״ע שמירת המושבה מסחה, ואחר כך עבד בתור שומר בסג׳רה ומצפה. דב הצטין באמץ לבו ובמהירותו עד להפליא, ויעמד בראש השומרים במסחה, אשר כידוע עלה לה לעמד בפני כל איביה, בגרשה אותם. גם חברנו ישראל קורנגולד, שזה אך פחות משנה עברה עלין מיום באו לא״י היה שומר בסג׳רה. בעמדו על עמדתו התנפלו עליו פראי האדם ויורו בו מקני רובה, ובנפלו לארץ קרבו אליו וימיתוהו. בשעת הרדיפה אחרי הרוצחים נפל הצעיר השני ש. מלמד. אך בעבדם במעדרם ובקשתם, לא עזבו גם את חיי הרוח. דב שויינר וישראל קורנגולד היו חברים מסורים ואקטיביים למפלגתנו ושניהם עבדו בהועד הגלילי של מיישבות הגליל. הנאהבים והנעימים, בחייהם ובמותם לא נפרדו!

בדמעות אנו עומדים על קברי הקרבנות היקרים, ומביטים בינון בעיני העתיד. המובהרים שבנו נופלים חללים מהין הפרא הערבי. ואנו שואלים בדאגה: איכם, איכם בני המכביים, צאצאי בר־גיורא, ובר־כוכבא, באו לרשת מקום הגבורים הנופלים אשר נפלו במלחמתם בעד חרותם ועמם!

ואתם, קרבנות חביבים, תהיו תמיד לפנינו לסמל חי, לזהר נוצץ, לעמיד האש. לא פעם אחת עוד יהיה עלינו להקריב קרבנות בעד חרות עמנו בארצו, כי לא ביום אחד יולד עם. אך לעולם ישאר זכר הלוחמים הראשונים, ושמם ינון לדור ודור!

הועד המרכזי
של מפלגת הפועלים הס״ד בא״י
(פועלי ציון)

כרוז „פּועלי־ציון" בארץ־ישראל, תרפ״ט, על רצח ישראל קורנגולד ועמיתיו השומרים
דער צ. ק. פון פּוע״צ אין ארץ־ישראל, 1909, וועגן מאָרד פון ישראל קאָרנגאָלד און זיינע חברים וועכטערס

# דאס גארבער־שטעטל קרינקי אין שאפן און קאמף

## דער קאָכעדיקער גאַרבער־צענטער

מרדכי וו. בערנשטיין

### קרינעק א שטעטל מיט א נאָמען*

צווישן די פאַרשניטעטע יישובים מיט א שם אין דער וועלט איז קרינעק געווען באַרימט מיט איר לעדער־אינדוסטריע; אין דעם יידישן כלל — באַקאַנט מיט אירע אָנזעעוודיקע רבנים און אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון צאַרישן רוסלאַנד האָט זי פאַרנומען אַן אויבן־אָן פּלאַץ. אין קרינעק איז פאָרגעקומען איינער פון די ערשטע היסטאָרישע שטרייקן פון הונדערטער יידישע פּראָלעטאַריער, אַרום וועלכן עס איז אָנגעשריבן געוואָרן א גאָר היפּשע ליטעראַטור און וואָס ווערט פאַררעכנט ווי א וויכטיקער מיילן־שטיין אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד.

קרינעק איז געווען אינע פון די וויכטיקסטע שטעטלעך אין דעם באַרימטן „גאַרבער־בונד”. אין דעם רעוואָלוציע־יאָר פון 1905 ווערט דער נאָמען פון קרינעק צעטראָגן איבער גאָר דער וועלט. די טעלעגראַפן־אַגענטור האָט דאַן איבערגעשיקט די ידיעה, אַז אין פּעטערבורג און קרינעק זענען געשאַפן געוואָרן אַרבעטער־ראַטן...

אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע איז עס, ווי אַזוי איז געקומען דערצו, וואָס אין קרינעק, א פאַרוואָרפן שטעטל, ווייט פון א באַן־סטאַציע, זאָל זיך אַנטוויקלען אַזאַ ברייטע גאַרבער־אינדוסטריע. ווערט דערציילט, אַז כעמיקער האָבן אויסגעפונען, אַז דאָס וואַסער פון קרינקי איז רייך מיט געוויסע וויכטיקע זאַלצן, וואָס זענען זייער נייטיק פאַר דער גאַרבער־טעכניק: עס העלפט גוט אויסצוגאַרבן די פעלן, די לעדער פון קרינקער וואַסער גייט אַרויס בעסער און די פּראָדוקציע איז א פּרעציזע.

שמואל געלער

### די גארבונג

אויסאַרבעטן לעדער האָט געפאָדערט א סך איניציאַטיוו, פאַכמענישקייט, וויסן און אויסדויער — „אַרטיקלען”, וואָס קריניק האָט פאַרמאָגט בשפע, און קודם כל וואַסער אָן א שיעור. ווער געדענקט עס נישט די קרינקער קרעניצעס און בפרט די אַרטיזאַנישע ברינעמער, וואָס האָבן געשטראָמט מיט וואַסער קיילעכדיקע יאָרן, זומער און ווינטער אָן אויפהער?

דער פּראָצעס פון גאַרבן די רויע פעל פלעגט דויערן וואָכן. די פעלן זענען „געגאַנגען” פון טשאָפּ (קובל) צו טשאָפּ, פון האַנט צו האַנט, זיך געווייקט אין א סך וואַסערן, זומפּ, וואַפּנע און „דוב” (דעמב דעמבענע קאָרע); זיי האָבן איינגעזאַפּט אין זיך כל מיני עקסטראַקטן און כעמיקאַליען, און זענען געווייכט געוואָרן מיט פאַרשיידענע טראָנען. א סך פאַכמענישע הענט האָבן שווער געאַרבעט און בייגעטראָגן זייער חלק, ביז עס האָט זיך באַקומען דער גוט באַקאַנטער קרינקער לעדער

„נאַסע”־אַרבעטער, מיט שאַרפע קאָסעס, האָבן געשאַבן, געהאָרט און געפליישט די פעל. פאַלצערס האָבן געפאַלצט, געגלעט און געגלייכט די לעדער. די „טרוקענע” אַרבעטער האָבן געבלאַנזשירט, פּלאַטירט, געקרויזלט און געראָלט, געפאַרבט און געגלאַנצט, גערעקט און אָנגעשפּאַנט אויף ראַמען. דאָס ליד:

„געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שווייס!!”

איז געווען צום האַרצן די לעדער־אַרבעטער. דאָס איז געווען פאַר זיי טאָג־טעגלעכע פּראָזע.

די „נאַסע”־אַרבעטער האָבן בעת זייער אַרבעט זיך געווייקט אין וואַפּנע. די לאַנגע לעדערנע פאַרטוכער און שטיוול זענען ניט געווען בכוח אויסצוהיטן זיי איבעריקנס פון דער שטענדיקער אַרומיקער נאַסקייט. זייערע הענט פלעגן שטענדיק זיין באַדעקט מיט ווונדן, אויסגעברענטע דורך וואַפּנע, די נעגל פאַרגעלט און פאַרגרינט.

* פון ראַדיאָ־פּראָגראַם פון „בונד”, ניו־יאָרק, 20סטן יולי 1963

א שאַרפער ריח, אנגעזאַפּט אין משך פון לאַנגע שווערע יארן פון ארבעט — האט זיך שטענדיק געטראָגן פון זיי. א „נאַסער" ארבעטער האט ליב געהאט צו מאַכן פון צייט צו צייט א כוסע. דאס ביסל בראנפן פלעגט צוואַרעמען די גלידער און פאַרטרייבן די וואַפּנע־ביטערקייט פון מויל און די אָפּטע ביטערניש פון האַרצן.

לייכטער איז געווען די „טרוקענע"־ארבעטער, וואס פלעגן זיך ספּעציאַליזירן אין פארשיידענע מלאכות. די הויפּט־מעלה איז געווען אין דעם וואס זיי האבן געארבעט על־פּי־רוב אין דער טרוקן און אָפּט געגנאָסן, דער עיקר ווינטער, פון דער וואַרעמקייט און דעם רויך פון די דערבייקע „סושניעס" (טריקנקאַמערס).

א פּאַך פאר זיך איז געווען „וואַלקעריי": די וואַל־קערס פלעגן אויסארבעטען „פרישוועס" (צונגען). די הויפּט־חכמה פון וואַלקעריי איז געווען אין דעם, אז די „פרישוועס" זאלן זיין שטאַרק און ווייך און אז זייער קליין צינגל זאל גוט אָפּשטיין. די קרינקער „צונגען" האבן באַצירט טויזנטער פּאָר פויערישע שטיוול.

דער „מיוחסדיקער" פּאַך איז געווען — פּאַלצעריי. ס'האָט געגומען יאָרן ביז מ'איז געווארן א גוטער פּאַלצער, ביז מ'האט געקראָגן די פילבאַרקייט אין די פינגער, די לייכטע פּאַכמענישע באַוועגלעכקייט מיטן שאַרפן פּאַלץ. די פּאַלצער פלעגן באַקומען א סך א העכערן לוין. זיי פלעגן אויסלערנען דעם פּאַך נאר די קינדער זייערע און נאָנטע משפחה־מענטשן, כדי אים אָנצוזעבן פאר נדן די צוקונפטיקע איידעמס...

# די שטרייק־עפּאָפּעע

מרדכי וו. בערנשטיין

### דער מעמד פון יידישן גארבער־ארבעטער

שוין אין די 90קער יארן פון 19טן י"ה איז קרינעק געווען א שטאט מיט אן אנטוויקלטער גאַרבער־פאַברי־קאַציע, וואס האט די אויסאַרבעטונגען צעשיקט איבער דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. קרינקער „האַמבור־גער", „יוכטן" און כאַלעוועס זענען אַוועק אין די ווייטסטע מרחקים. איידער מען איז אריינגעפאַרן אין שטעטל — צי מען איז געקומען פון דער סאָקאָלקער זייט, אָדער פון ברעסטאָוויץ — האט מען שוין געשפּירט די ריחות פון די גאַרבער־טשאַפּעס — פון וואַפּנע, פון מעזדרע און פון געטריקנטן דעמב.

די עקספּלואַטאַציע איז דאַן געווען א שרעקלעכע. וויפל שעהן מען האט געארבעט אין די פאַרשטיקטע גאַר־באַרניעס, איז אלץ געווען צו ווייניק, און דער לוין איז געווען א קנאַגעדיקער. די ארבעטער האבן געפּראַצעוועט אין עיפּוש און ענגשאַפט; געשלעפּט די פעלן — פריער די נאַסע אין די טשאַפּעס פון וואַפּנע און דעמב, און שפּעטער אין דער „טרוקענער" אָפּטיילונג — צו די פּאַלצערס און וואַלקערס. חיונה איז אבער ניט געווען.

אין דער יידישער סביבה איז דער גאַרבער דעמאָלט געווען פאררעכנט פאר א נאָך נידעריקערער מדרגה ווי סתם אן ארבעטער — עס איז אים נאכגעגאַנגען דער ריח פון די פעל פון דעם בלוט און וואַפּנע, אין וועלכע מען האט די פעל געווייקט. די פאַבריקאַנטן, די „שיינע יידן", האבן ניט געוואָלט אפילו דאַוונען מיט זייערע פּועלים אין איין שול און די גאַרבער־אַרבעטער האבן אויפגעבויט אן אייגענעם בית־מדרש.

ה. וויינבערג (הערשל פינקעס)

### אנהייב פון דער שטרייק־באוועגונג

ווינטער, יאר 1896—1897, אייניקע ארבעטער הייבן זיך אן ארומצוטראגן מיט עפּעס מאָדנע סודות, וועלכע מען פארטרויט נאר צו איינצעלנע און געקליבענע, אויך מיר.

א דאנק דער אגיטאַציע פון חיים לייזער יונה דעם סטאָליער, וואס האט געארבעט אין גראָדנע און איז נאכהער געקומען קיין קריניק, האבן אייניקע ארבעטער זיך ארומגעזען און פארשטאנען ווי גרויס עס איז די

עוולה וואס מען באגייט קעגן דעם האַרעפּאַשניק. האבן זיי זיך ארגאניזירט אין א קליינע גרופּע, האפנדיק, אז מיט דער צייט וועט זי זיך פילפאַך פארגרעסערן אבער די באוועגונג איז אנגעגאנגען זייער פּאמעלעך און אין אנהייב פון קומענדיקן זומער איז זי כמעט איינגעשלאָפן.

צאלקע דרעטשינער, א קרינקער גארבער־ארבעטער, איז דאן אנגעקומען פון ביאַליסטאָק ווו ער האט פאר בראכט א געווויסע צייט, ווען דארטן איז אנגעגאנגען די סטאטשקע (שטרייק) ביי די וועבערס; ער האט טאַקע געבראכט מיט זיך א פארטיקן פּלאן ווי אזוי דורכצופירן אזוינס אויך אין קרינקי צו ערשט האט ער אויסגעקליבן נאר עטלעכע פארטרויענסווערטע ארבעטער און האט זיי פאררופן צו א געהיימער פארזאמלונג. אויך מיך, כאטש איך בין געווען יינגער פון זיי. מיר האבן זיך געגעבן א שבועה, צו זיין טריי צו דער ארבעט און איינער זאל נישט פארראטן דעם אַנדערן מען האט דיסקוטירט און ארומגערעדט פּלענער ווי אזוי צוגרייטן צו א סטאטשקע. אונדזערע פאדערונגען זענען געווען — צו ארבעטען פון 7 ביז 7 און צו קריגן באצאלט דירעקט פון דעם פאב־ריקאנט

פון טאג צו טאג איז אונדזער צאל געוואקסן. עס האבן זיך שוין געפונען גוטע רעדנער פון דער מאסע גופא. עס איז שוין אויך נישט מעגלעך געווען צו אפּהאלטן אין געהיים גרעסערע פארזאמלונגען צו אפט. אין פארלויף פון עטלעכע וואכן איז שוין די מערהייט ארבעטער פון קרינקי געווען אריינגעצויגען אין דער באוועגונג.

**יאסל כאהן**

## פאַר און אין אויסבראָך פון שטרייק*

„אויפגעקלערטע" זענען אין יענער צייט געווען אין קרינקי ניט קיין סך יידן זענען געווען טיף פארוואָרצלט אין די שטייגערס און מנהגים פון יידיש לעבן, און דאס וואס די אגיטאטארן האבן זיי דערציילט און האבן פון זיי פאַרלאַנגט, האט געמיינט מרידה און א שטאַרקע אויפ־טרייסלונג אין זייער לעבן און באַנעם.

די גאַרבאַרעס, וועלכע מען האט אָנגעהויבן אַגיטירן דורך אינטימע שמועסן אויף די שפּאצירן, און שפּעטער דורך „סכאַדקעס" (צונויפקומען) אין וואַלד זענען נאָך אַלץ ניט געווען קיין זיכערער עלעמענט. די אגיטאַטאָרן האבן געהאט פאר זיך צוויי צוועקן: פאַרשטאַרקן די אחדות און פאַרהיטן, אַז פאַבריקאנטן מיט די „מייס־טארעס" זאלן זיך דערוויסן פון די הכנות

די יינגערע, וואס זענען שוין געווען אויפגעקלערט האבן דעמאָלט געקענט א ביסל פון די „ברידער־און שוועסטער"־לידער; פאר די גרויסע „מאַסן" אבער, זענען די אלע זאכן נאך געווען פרעמד.

ווען מ'האט געמאכט די ערשטע גרויסע „סכאָדקע" אין „ראַזבאַיניקאָווער" וואַלד, אן ערך 5 וויאָרסט פון שטעטל, האבן די פירער, מיט דער הילף פון די „זיכערע עלעמענטן", צוגעגרייט אן אמתן ספּעקטאַקל

ווען די גארבערס זענען געזעסן אין האַלבן קרייז האט זיך פלוצים דערהערט א קול, וואס האט געשילדערט דעם שווערן לעבן און די שקלאפישע לאגע, אין וועלכער די פאבריקאנטן און די „מייסטערס" האלטן די גארבארעס דאס ניט זען דעם פנים פון דעם פארבארגענעם בעל דרשן, האט געשאפן א שטימונג פון מיסטעריע און גרויס נייגיר — אן איינדרוק ווי עס וואלט זיך אפּגע־שפּילט די סצענע מיט משה רבינו, להבדיל ווען גאָט האט זיך פאר אים אנטפּלעקט אין מדבר דורך זיין קול עס האט נאר געפעלט דער ברענעדיקער דאָרן. ווען דער קול איז אנטשוויגן געוואָרן, האט מען אלעמען געבעטן זיך אויפצושטעלן און מאכן א קרייז אויף דאס ניי האט זיך דערהערט דער קול:

— ברידער, איז עס אמת אלץ וואס איך האב פאר אייך גערעדט?

— יע! — האט מען געענטפערט.

— ווילט איר שאפן אחדות?

— מיר ווילן! — האט די מאסע געענטפערט

— וועט איר זיך האלטן אלע פאר איינעם און איינער פאר אלע?

— מיר וועלן! — האבן זיי אויסגערופן.

— וועט איר אלץ וואס איר האט געהערט האלטן בסוד פון די פאבריקאנטן און מייסטערס

— מיר וועלן!

---

* לויט „גראָדנער אָפּקלאַנגען", בוענאָס־איירעס, נ' 14.

— אויב אזוי, וועט איר שווערן

באַלד האָט זיך באוויזן א חברה־כאַן מיט אַ ספר און א פּאָר תפילין. ער האָט די הייליקייטן אויפגעהויבן אין דער הויך און די מאַסע האט נאָכגעזאָגט נאָך דעם פּארבאַרגענעם קול א שבועה — צו האַלטן אחדות און בסוד אלץ וואָס איז גערעדט געוואָרן

נאָך דער צערעמאניע, האט מען זיך גענומען ביי די הענט און די „אויפגעקלערטע" האבן געזונגען:

„ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט,
צו אלע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט,
צוזאמען — די פאַנע איז גרייט,
זי פלאַקערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט,
מיר שווערן א שבועה אויף לעבן און טויט!"

אז די „אחדות"־באוועגונג האט גענומען זיך אויסברייטערן, זענען די ארייגעשיקטע אגיטאטארן צוריק אוועק קיין ביאַליסטאָק. אויפצוקלערן די גארבערס איז איבערגעלאזט געווארן צו די שטעטלשע „אויפגעקלערטע". די הויפּט־אנפירערס זענען דעמאלט געווארן הערשל פינקע דעם שמשס, איטשקע גראדנער און מיין פעטער משה בערל. אקטיוו איז אויך געווען דער צווייטער פעטער חיים שלמה.

די שבועה, וואס די ארבעטער האבן געגעבן ביים ספר און תפילין, איז הייליק אפגעהיט געווארן.

דער שטרייק איז אויסגעבראכן צופעליק. א מייסטער פון הערשל גראָסמאַנס פאבריק האט א פּאָטש געטאן אן ארבעטער, און דאס איז געווען דער סיגנאל, וואס האט אין צארן אויפגעהויבן די ארבעטער אין אלע פאבריקן. עס איז אפגעהאלטן געווארן אן אסיפה פון אלע גארבארעס און מען האט באשלאסן, אז אויף מארגן זאל קיינער נישט גיין ארבעטן.

תחילת האבן די פאבריקאנטן און די מייסטערס געמיינט, אז עס איז א שפּאָס אזא. האבן זיי זיך געוויצלט און אפגעלאכט פון די „סטאטשניקעס":

— „עט, האבן זיי געזאגט, זיי וועלן ווערן הונגעריק, וועלן זיי קומען צוריק ארבעטן".

אז אט דער ווונטש איז נישט מקוים געווארן, האט איינער פון די דעמאלט גאר אַנזעעוודיקע בעלי־בתים, אייזיק קרושעניאנער, א שוועסטערקינד פון מיין זיידן חיים אשר — געזאגט:

— מ'וועט שוין, זע איך, מיט זיי גאר נישט קענען אויפטאן, ווייזט אויס, אז עס איז ביי דער חברה אן אפגערעדטע זאך!

די בעלי־בתים זענען געווארן אומרויק און האבן גלייך צעשיקט שמשים צו די ארבעטער, זיך דערקונדיקן, פאר וואס זיי קומען ניט ארבעטן. דער ענטפער איז געווען, ווי מען האט אפגערעדט: מען פאדערט אפּשאפן די מייסטערס, צאלן שכירות יעדע וואך דירעקט דורך די פאבריקאַנטן, און ארבעטן נאר 12 שעה אין טאג

אויף אזא „קראַמאַלע" האבן זיך די פאבריקאנטן ניט גערי‎כט און זייערע אן אסיפה האט באשלאסן רופן די „מורדים" צום ארטיקן רב, ר' ברוך לאוויסקי, זצ"ל שטארק באליבט ביי די ארבעטער און ארעמע־לייט איז ער נישט געווען אבער אנגענומען פאר א תקיף ביי די גבירים, און זיי האבן פון אים גאר שטארק געהאלטן. געווען איז ער א רייכער ייד און זיינער א זון אביגדור האט געהערט צו די גאר גרויסע פאבריקאנטן

דער רב האט געשיקט רופן צו זיך הערשל פינקע דעם שמשס, פון די אנפירערס פונעם שטרייק.

ווען יענער איז געקומען, האט ר' ברוך ארומגערינגלט פון אלע פאבריקאנטן, זיך גלייך גענומען שטארק אויסרעדן הערשלען פאר וואס מען לאזט יידישע ארבעטער זיך באטייליקן אין א מרידה.

ה ווײַנבערג (הערשל פינקעס)

## מיין אויסטענהן זיך מיטן רב

געקומען צום שטאט־רב, לויט זיין איינלאדונג, האב איך אים געפונען זיצנדיק ארומגערינגלט פון בעלי־בתים פאבריקאנטן. ער האט זיך באלד צו מיר געווענדט און געזאגט:

— אויף אייך וואונדערט מיך זייער: איר קענט דאך לערנען, פרעג איך אייך — איז דאס א יושר און א יידישער וועג אזוי צו שליכטען א סכסוך? יידן, אז זיי האבן א טענה איינער צום אנדערן, קומען זיי צום רב נאך א דין־תורה און ער פסקנט ווער עס איז גערעכט.

— רבי, האב איך געענטפערט — אייך וואונדערט אויף מיר און איך וואונדער מיך אויף אייך: א דין־תורה קען

נאר זיין, ווען איינער האט די מאכט און דער אנדערער האט דאס רעכט. אבער אין אונדזער פאל האבן מיר די מאכט, ווי איר זעט, און אז מיר זענען גערעכט — זאג איך אייך; צו וואס זשע דארף מען דא א דין־תורה?

— עס קען טאקע זיין אז איר זענט גערעכט און האט מן הסתם אויך די מאכט האט זיך אנגערופן דעם רב, אבער איצט איז דאך אין מיטן זמן, ווארטסט ביזן סוף זמן, וועט איר קענען דורכקומען מיט אייערע פאדערונגען.

— סטייטש, רבי איר זאלט דאס אזוינס זאגן! — האב איך אים שנעל געענטפערט: עס שטייט דאך בפירוש „פועל חוזר באותו היום״, און אפילו אין מיטן שעה?

**יאסל קאהן**

## טעראָר און אַרעסטן

הערשל פינקע דעם שמשס האט געפרעגט, פאר וואס פאַרלאַנגט דער רב כסדר, קהל זאל אים געבן הוספות; ער האט אים אויך דערמאנט, אז זיין פאָרגייער, דער „אלטער״ רב (ר׳ „אברהמטשיק״ חריף), איז זיך מכתפק געווען מיט ווייניק אזא „חוצפה״ האט ר׳ ברוכן און די בעלי־בתים דערשטוינט, און דער רב האט הערשלען געהייסן פאַרלאָזן זיין שטוב.

זעענדיק, אז די ארבעטער זענען איינגעשפארט און חוצפהדיק, האבן די פאַבריקאַנטן מיט דער הסכמה פון רב, זיך געווענדט קיין גראדנע צום גובערנאַטאָר. עס זענען אנגעקומען קיין קרינקי א מחנה זשאָנדאַרן מיט א זשאַנדאַרמסקן פאַלקאָווניק (רעגימענט־קאָמענדאַנט) בראש — צום ערשטן מאל פארן שטעטל צו האבן אזוי פיל „געסט״. די זשאָנדאַרן האבן זיך גלייך גענומען צו טעראריזירן די שטרייקפירער זיי געכאַפּט און געשלאָגן מכות־רצח. דאס האט נאך מער אויפגעבראַכט די בעלי מלאכות, און דער קאַמף איז געווארן ניט נאר פאַרביסע נער, נאר אויך בלוטיקער

די אנפירער האבן זיך גענומען אויסבאַהאַלטן זייערע היימען זענען באַפאַלן געווארן און אין צענדליקער יידישע הייזער איז מען ניט געשלאָפן רויק דורך די נעכט; די מורא, אז זשאָנדאַרן וועלן זיי באַפאַלן, האט זיי געהאַלטן אויפגערעגט און וואַכנדיק הערשל פינקע דעם שמשס און נאך צענדליקער האט מען אַרעסטירט און פאַרשיקט אין גראדנער טורמע

**הלל כּץ־בלום**

## דער ערשטער נצחון

דער שטרייק און די פאַרזאַמלונג, פאר אים, אין וואַלד זענען געווען פול מיט דראַמאַטישע מאמענטן וואס כאראקטעריזירן בולט די שטרייק־אטמאָספער און די קאַמף־מיטלען אין א יידיש שטעטל אין די 90ער יארן בעת דער עולם איז געשטאַנען אויף די פיס אין רעגן העכער צוויי שעה מיטן שווערן און זינגען די „שבועה״ האבן זיך אייניקע אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און געוויינט — פאר פרייד אדער צער ווייס איך נישט; האט דאָך א שטרייק געהייסן הונגער, לייד און צרות.

ווערלנדיק שטערן די שטרייקנדיקע ארבעטער זיך צונויפצוקומען ביי זיך אין גארבארסקן בית־מדרש און זיך מיישב זיין דארטן מכוח דעם ווייטערפירן פונעם שטרייק — האבן די פאבריקאנטן געפועלט ביי דער פאליציי זי זאל דעם בית־מדרש פארחתמענען

דערפאר האבן די ארבטער־גארבערס פאַרכאַפּט שבת אין דער פרי דעם גרויסן בית־המדרש, ווו עס פלעגן דאַווענען די בעלי־בתים פון די גארבארניעס די ארבעטער האבן זיך צעזעצטביים מזרח, געשטעלט א וואַך, נישט אריינצולאזן קיין ארבעטגעבער און האבן זיך געטיילט „פעטע״ עליות. נאכן דאַווענען האבן זיי פאַרשלאָסן דעם בית־המדרש און מיטגענומען די שליסלען די בעלי־בתים זענען געווען געצוווּנגען צו ווענדן זיך צו דער פאליציי זי זאל פאר זיי אויפמאַכן דעם בית־המדרש.

שפעטער האט מען מיט אלע מיטלען און דראָונגען געפרווט איבערצייגן די גאַרבערס צוריקצוגיין צו דער ארבעט אויף די אלטע באַדינגונגען, ס׳האט אבער נישט געהאָלפן און די ארבעטער האבן לסוף אויסגעפירט: עס איז געבליבן, אז ארבעטן זאל מען פון 7 בין 7 און די שכירות אויסצאלן יעדע וואָך

זיי זענען דאַן ארויס אויפן גאס זינגענדיק און פאַטשנדיק מיט די הענט: „פון זיבן ביז זיבן, און אלע וואָך געלט!״

**אב[רהם] מילדער**

## די ארבעטער האבן דערשפירט זייער מאכט

די פאבריקאנטן מיט די מייסטערס האבן געמוזט נאכגעבן אלע פונקטן. די הייליקע שבועה, וואס די שטרייקערס האבן געשוואָרן ביי צוויי בולבעס, וואס זענען געלעגן אין א תפילין־זעקל — האט זיי געהאלטן צוגעבונדן צוזאמען ביז וואנען זיי זענען געגאנגען זיגרייך צוריק צו דער ארבעט

עס האט זיך אנגעהויבן די געשיכטע פון סטאטשקעס אין קרינקי. די גארבערס האבן דערשפירט זייער מאכט, די מייסטערס האבן אויפגעהערט צו דרייען מיט די וואָנצעס און ארבעטער האבן שוין מער קיין פעטש פון פאבריקאנטן נישט געקראגן. אויך נחום אַנשלס שטארקע האנט האט אויפגעהערט צו„ארבעטן"

שוסטערס, שניידערס, סטאליערס און אנדערע פאכ־ארבעטער, האבן זיך פארקוקט אויף די גארבערס, זיך אויך גענומען בונטעווען און ארויסשטעלן פאדערונגען, ביז אויך זיי האבן געוווּנען קרינקי האט אנגעהויבן ווערן א מין גן־עדן פאר ארבעטער

(—)

## דער צווייטער גאַרבער־שטרייק*

נאך סוכות 1897, ערב דעם נייעם „זמן", האט זיך דער גאַרבער־קאַמף צעפלאַקערט פון ס'ניי די פאַבריקאַנטן האָבן געמאַכט אן אסיפה ביים רב און נאך זיין עצה האבן זיי באַשטימט צו מאַכן קאנטראקטן מיט די מייסטערס אויף 3 יאר און פון די ארבעטער נעמען צו דער ארבעט נאר יענע, וואָס זענען נישט קיין „בונטאוו־שטשיקעס" און וואס שטימען איין צו ארבעטן פון 6 ביז 8 אויב עם וועלן זיין ווייניק ארבעטער — האט מען באשטימט צו נעמען פויערים

די מייסטערס און ארבעטער האבן נישט מסכים געווען און דערקלערט א שטרייק די בעלי־בתים האבן זיך געווענדעט צום גובערנאַטאָר, אז ער זאל שיקן מיליטער אין שטעטל אריין. זיי האבן אים געגעבן די נעמען פון די „בונטאָווטשיקעס". די פרעמדע האט מען ארויסגעשיקט פון שטעטל און די אָרטיקע האט מען אַרעסטירט. מ'האט אויך אנגערייצט די שטרייקברעכע־רישע פויערים צו שלאָגן די שטרייקערס דערביי איז געפאַלן טויט א פאָטער, אן עלטערער בעל־עגלה, וואס האט זיך אַנגענומען פאר זיין באַפאַלענעם זון.

די ראָטע סאָלדאַטן, וואס איז געקומען פון גראָדנע, איז באַפאַלן אין גאס די ארבעטער און זיי געשלאָגן מכות־רצח. די סאלדאַטן זענען אריין אין דעם ארבעטאָ־רישן בית־המדרש, האבן ארויסגעוואָרפן די ספרים און געמאכט אים פאר זייער קאזארמע זענען די ארבעטער אַוועק אין רייכן בית־המדרש און האבן נישט געלאָזט לייענען דאן איז געקומען דער איספּראַווניק מיט אן אוריאַדניק, האבן צעטריבן די ארבעטער און דער איספ־אַווניק האט ארויסגענומען די ספר־תורה פון ארון־קודש, פריער זיך איבערצלמענדיק

מיט דער הילף פון צאַרישן מיליטער, פון די פויערים און פון שטרייקברעכער וואס זענען אַנגעפארן פון ביאַ־ליסטאָק, בערדיטשעוו און פון אַנדערע שטעט, זענען די קרינקער יידישע אַרבעטער באַזיגט געוואָרן זיי האבן א צייט געהונגערט און לסוף געווען געצוווּנגען זיך אונטער־צוגעבן — און אַוועק ארבעטן ווידער 14 שעה א טאג.

**סאָפיע דובנאָוו ערליך**

## דער דויערעוודיקער גאַרבער־קאַמף פאַר א מענטשלעכן לעבן

דעם 18טן יוני 1900, האבן די קרינקער „טרוקענע" גאַרבערס (ביז 300, פון זיי 50 קריסטן) פון ס'ניי געוואָרפן די ארבעט, ארויסרוקנדיק די פאָדערונג פון א 12 שעהדיקן ארבעטסטאָג נאך אן אינטערווענץ פון רעגירונגס־פאַרשטייערס וואס זענען אַנגעקומען פון גראָדנע, האבן די פאַבריקאַנטן איינגערעדט א 50 ארבע־טער זיך צוריקקערן אין די פאַבריקן, אבער א צו קנאַפער צאָל, כדי זיי צו לאָזן אין גאַנג

האבן די פאַבריקאַנטן זיך אוועקגעלאָזט אין אנדערע שטעט זוכן ארבעטער, אבער קיין שום גארבער האט זיך נישט אָפּגערופן, מחמת אומעטום איז געווען באַוווּסט וועגן שטרייק האבן די בעלי־בתים אראפּגעבראכט פויערים פון דאָרף און זיך געווענדעט צו דער פאָליציי, זי זאל זיך נעמען שטרענגער צו די שטרייקנדיקע ארבעטער האט

* „דיא ארבייטער שטימע", נומ' 7 פון 9טן דעצעמבער 1897

זיך יענע צוזאמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע, טאַקע א נעם געטאָן צו די גאַרבער, דורכגעפירט ביי נאַכט א סך הויזזוכונגען און אַרעסטן, דערונטער עטלעכע אויף מאַרגן, אין גאַס די פאַבריקאַנטן האבן אויך דירעקט איבערגעגעבן ארבעטער צו דער פּאָליציי.

דער שטרייק האט זיך פאַרצויגן, און פון די ארבע־טער, וואס האבן זיך געפונען אין א גרויסער נויט, זענען א סך אַוועק און זיך פארדונגען צו ערד־באַזיצערס אין דאָרף ביי דער סעזאָן־פעלדאַרבעט, פאר 25 קאָפּיקעס א טאָג; מיט אט דעם פאַרדינסט פלעגן זיי זיך טיילן מיט די איבעריקע שטרייקערס. האבן די פאַבריקאַנטן באַוועגט דעם פּריסטאַוו, ער זאל פועלן ביי די ערד באַזיצערס, זיי זאָלן נישט באַשעפטיקן די „בונטאָוו־שטשיקעס״ נאָך 7 וואָכן שטרייקן, זענען די הונגעריקנ־דיקע ארבעטער געוועזן בכן געצוווּנגען זיך צו שטעלן ווידער ארבעטן 14 שעה א טאָג.

ווען ס'איז סוף 1901 אויסגעבראָכן אן אַלגעמיינער גאַרבער־שטרייק אין סמאָרגאָן, און די לעדער־פאַברי־קאַנטן אין צפון־מערבדיקן קאַנט, האבן זיך מאָביליזירט צו העלפן זייערע קאָלעגן־אינדוסטריעלער — איז נחום אַנשל קנישינסקי, דער „לעדער־קיניג״ פון קרינקי, פער־זענלעך אַראָפּגעקומען קיין סמאָרגאָן צו באַוועגן די פאַבריקאַנטן, זיי זאָלן זיך נישט אונטערגעבן.

דורך ווייטערדיקע שטרייקן אין די יאָרן 1903 און 1904, האט זיך די קרינקער גאַרבערס איינגעגעבן דורכצו־זעצן אייניקע פאַרבעסערונגען.

בעת דעם רעוואָלוציע־שטורעם אין די יאַנואַר־טעג 1905, זענען די אין לאַנגיאָריקן עקשנותדיקן קאַמף פאַר־האַרטעוועטע קרינקער גאַרבערס געווען דער הויפּט־כוח, וואס האט פאַרכאַפּט די מאַכט אין שטעטל במשך עטלעכע טעג.

יענעם זומער איז טאַקע געלונגען סוף סוף די קרינ-קער ארבעטער דורכצוזעצן אן 8 שעהדיקן ארבעטסטאָג.

אבער ווען ס'איז, נאָכן זודיקן אויפבראויז, אָנגעג־שטאַנען אין 1906, א רעאַקציע־תקופה און די פאַברי־קאַנטן האבן פאַרריסן די קעפּ און אין עטלעכע שטעטלעך פון ביאַליסטאָקער ראַיאָן אויך דערקלערט לאָקאַוטן, האט זיך אין קרינקי געגרינדעט אן „אַגודת־אַחים״ צום קאַמף מיט די ארבעטער דאָך איז אין יענעם יאָר פאָרגעקומען אין קרינקי א שטרייק

האַרבסט 1907 איז זיך דער קרינקער גאַרבער פאַריין צעפאַלן, צוליב דער גלייכגילטיקייט פון די ארבעטער, און יעדער פּלאַנמעסיקער קאַמף איז געוואָרן אוממעגלעך. ביי די „נאַסע״־ארבעטערס האט מען אויך אָפּגעריסן פון וואָכנטלעכן לוין.

נאָך עטלעכע קריזיס־יאָרן אין דער לעדער־אינדוסט־ריע און נאָך דעם דעפּרעסיע־פּעריאָד אין דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד, האט זיך אין דער גאַר־בער־סביבה אָנגעהויבן באַמערקן א געוויסע אויפלעבונג אין קרינקי אַנטשטייט אין 1911 א פּראָפעסיאָנעלער פאַריין וועלכער אַנטוויקלט אן ערנסטע טעטיקייט. האַרבסט 1912 האט זיך דעם פאַריין איינגעגעבן דורכצופירן א 14 וואָכיקן שטרייק, מיט דער פאָדערונג איינצופירן פון ס'ניי אן 8 שעהדיקן אַרבעטסטאָג. נאָכן שטרייק זענען געקומען אַרעסטן, אבער זיי האבן נישט צעבראָכן די ענערגיע פונעם פאַריין און ער איז אויסגעוואַקסן צו א גרויסן כוח.

דער פאַריין האט דורכגעפירט א ריי עקאָנאָמישע אויפבעסערונגען, האט איינגעפירט א סיסטעם פון באַ־שטראָפן די בעלי־בתים פאר שלעכטער באהאנדלונג; ער האט געגרינדעט א לעגאַלע ביבליאָטעק און געפירט א קאַמף מיט דער פאַרמיטלעריי, וואס האט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט אין דער גאַרבערישער סביבה פאר דער צייט פון דער רעאַקציע. דער פאַריין האט געהאַט דאַן אויס־צושטיין ניט נאר פון די בעלי־בתים און פון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע נאר אויך פון די אָרטיקע אנארכיסטן, וואס האבן געפירט א פאַרביטערטע אַגיטאַציע קעגן פאַריין און די שטרייק־קאַסעס

אין 1914 בעת אין קרינקי האט זיך געשטירט אן אויפלעבונג און מען האט ווידער געשטרייקט האט אין אַנדערע ערטער פונעם גאַרבער־ראַיאָן נאָך געהערשט אַפּאַטיע און דערדריקטקייט. די אַמאָליקע אחדות איז פאַרשוווּנדן: קיין צוגעפּאַרענע ארבעטער האט קיינער קיין ארבעט נישט געגעבן. נאר אין דער מער גאַסט-פריינדלעכער קרינקי, ווו עס האט עקסיסטירט א פאַריין, פלעגן זיי געפינען א שטיקל מקום־מיקלט

דעם ביישפּיל פון די קרינקער גאַרבערס האבן דאַן באלד נאכגעטאָן טויזנט ארבעטער פון 5 פאַבריקן אין ווילנע, וואס האבן טאַקע אויך פארשטרייקט

# רעוואלוציאנערע טעטיקייט

דוב ראבין

## אנהייב רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין קרינקי

קרינקער „יאַטן" — ערשטע אין די רייען

קרינקי, א וויכטיקער צענטער פון דער גארבעריי־אינדוסטריע, און א קליין־שטאט א האַרעפּאַשנע, האט פארמאגט אין זיך א נאטירלעכן באדן פאר א סאציאלער פערמענטירונג. און ווען אין די ניינציקער יארן פון פאריקן יארהונדערט האט אין יידישן תחום־המושב אין רוסלאנד גענומען אויפברויזן דער סאָציאלער און רעוואָלוציאנערער קאמף — זענען די קרינקער יידישע יוגנט־לעכע און ארבעטער געווען פון זיינע אנהייבער.

די שווערע און פארשקלאפנדיקע ארבעט־באדינגונגען אין די גארבארניעס האבן געשאפן דעם ארויסרוף צו א שארפער און לאנגדויערנדיקער שטרייק־באוועגונג; און די אלגעמיינע פאליטישע און עקאנאמישע אונטער־דריקונג פונעם פאלק אין רוסלאנד און די אויסזיכט־לאזע לאַגע פון די דיסקרימינירטע און פארפאָלגטע יידישע מאסן — האבן געשטויסן צו אן אויסבראך פון רעוואלוציאנערן אויפברויז.

די יידישע „יאַטן" (בחורים) אין קרינקי זענען געגאנגען די ערשטע אין די רייען פון די קעמפּענדיקע פארטייען, וואס האבן ארויסגעשטעלט אויף זייער פאָן די שטרעבונג צו אלגעמיינער פאָליטישער און סאָציאַלער באפרייונג, וואָס האט געזאלט ברענגען די ישועה אויך פאר יידן און זיי אויסלייזן פון זייערע ספּעציפישע צרות.

לויט געוויסע ידיעות, האבן נאך אין סוף ערשטער העלפט 90קער יארן פון 19טן י"ה, עקסיסטירט אין קרינקי רעוואָלוציאָנערע יידישע ארבעטער־קרייזן. איינצלנע אַגיטאַטאָרן, מיטגלידער פון אט די קרייזן, האבן געפירט א פּראָפּאַגאַנדע אפילו אין גראדנע, און געפרוווט דאָרט אָרגאַניזירן די סטאָליערס, שניידערס און שוסטערס, און דער עיקר די ארבעטער אין שערעשעווי־סקיס טאַבאַק־פאַבריק

ס'איז אָנצונעמען, אז זייער אידעישע יניקה האבן די דערמאנטע קרייזן געצויגן פון דער אינדוסטריעלער ביאַליסטאָק, די שטאט, מיט וועלכער קרינקער יידן האבן אנגעהאַלטן נאָנטע באַציונגען און פון וועלכער זיי זענען אויך שפּעטער יארן לאנג געווען באַווירקט איבער הויפּט אין קולטורעלער און רוחניותדיקער הינזיכט

די דערמאנטע ארבעטער־קרייזן האבן עס גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו און האבן אָרגאַניזירט אנגעפירט און דורכגעפירט די באַרימטע אָרטיקע גאַרבער־שטרייקן, צווישן זיי דעם אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד היסטאָרישן שטרייק אין יאר 1897 — איבער וועלכע ס'איז דא שוין געשריבן געווארן בפרטיותדיק.

ווער זענען געווען די ערשטע אַקטיוויסטן?

די אַקטיווע אין די דאזיקע קרייזן זענען געווען דאס רוב יונגע „יאַטן", 18—22 יאָריקע אין א רשימה* פון 21 „באשולדיקטע" דורך דער צאַרישער מאַכט אין אָנגעהעריקייט צו אן „ארבעטער־קרייז" אין קרינקי זענען נאר 7 געווען איבער 23 יאר, פון זיי דריי 27—30 יאר אַלט. דער „עלטסטער" איז געווען פּ ע ל אליהו סענדערס א בלעכער, באַשולדיקט אויך אין אָנטיילנעמען אין שטרייקן. די נעמען פון די איבעריקע זענען (לויטן א"ב): ברעוודע אברהם זלמנס, גוז מיכל אברהמס, גלאַזער מרדכי משהס, היילפערין יאָסל־אייזיק משהס („זיך באַ־טייליקט אויך אין א שטרייק"), האַרקאַווי יאָסל אברהמס (א שניידער), ווירשובסקי הירש־לייב ליפּמאַנס, זאגלי מנחם־יודל נפתליס, זאלקינד אברהם מרדכיס, לוריע נחום אברהמס, מאַריינע חיים משהס, נישט לייב הירשס (א וועבער, אן האַראַדאָקער, „האט זיך אָפּגעטראָגן קיין שווייץ") פיינהערש לייב, פרידמאַן יוסף אברהמס, קוויאַט מאיר הירשס, קערבער שמעון נוֹחס ראָם בנימין (בעניע), רייזען הירש יהושעס, רימאַן ישראל יעקבס, שימאַנסקי ישעיה יהושעס, שמיד יחזקאל לייבס

אין די זעלבע פּאליציי־אקטן (פון די יארן 1898—1899) ווערן באשולדיקט אין אָנטיילנעמען אין די גאַרבער־שטרייקן אין קרינקי: כאנוטין מענדל זלמנס

* זע: נ.א. בוכבינדער — מאטעריאַלן פאר דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד (אין רוסיש) ערשטע טייל, מאָסקווע־פּעטראָגראַד 1923.

(באַטייליקט אינעם ערשטן שטרייק אין 1897), מאַריינע יעקב משהס („איבערגעגעבן צו א באַזונדערער פּאָלי־ציישער השגחה"), נעשקעס אליהו־חיים אברהמס („געווען אונטער א ספּעציעלער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, און עמיגרירט קיין אמעריקע"), פּאַליוניק הערש שמואלס, שלום אברהם־יצחק טוביהס (ווי דער פאַריקער; און אויך „אַנטלאָפן קיין אַמעריקע")

אויך אנדערע צוויי, פון די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם ערשטן שטרייק, מוחם מאָטל און משה בערל, זענען „אוועק" קיין אויסלאנד (זע וועגן זיי ווייטער, ז' 202). און נאָך נעמען פון קרינקער רעוואלוציאנערע אקטיוויסטן דערמאָנט שמואל געלער: חיים דעם שניידערס, אברהמקע יעקב צלאלס דעם בעקערס, פּינקע שבחס מארדוכאוויטש און מאיר עפשטיין (דעם „קאַזיאָנער רבס" זון)

ווען א פייערונג לכבוד דעם 1טן מאַי אין קרינקי אין יאר 1901 דערציילט די בונדישע „ארבעטער־שטימע" (פון 24סטן אויגוסט 1901), אז ס'זענען זיך צונויפגעקומען אין וואַלד 70 גאַרבערס, מען האט געהאַלטן רעדעס, פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און דאַן איז מען זיך פונאנדערגעגאנגען זינגענדיק רעוואָלוציאָנערע לידער. ווען דער פּריסטאַוו האט זיך דערפון דערוווּסט, האט ער אָוועקגעשטעלט אויף די פּיס די ארומיקע פּאָליציי, און במשך 5 וואָכן האט מען געהאַלטן אין ארומזוכן די „שולדיקע" ביז ס'איז די זוכערס נימאס געווארן.

דעם זעלבן יאר ווערן דערמאנט אין ווייטערדיקע פאליציי־אַקטן 3 באַשולדיקטע אין האבן א חלק אין „מהומות" אין קרינקי וואס א מחנה ארבעטער האבן אַרויסגערופן אויף דער חתונה פון איינעם, וואס האט זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אינעם דעמאלטיקן גאַר־בער־שטרייק; די דריי זענען: מאָזור הירש־ישראל אברהמס מאַלעץ אברהם שמואל־הירשס („פון פריער באַשולדיקט אין יאר 1898 אויך אין אַנטיילנעמען אין גאַרבער־שטרייק און פארמישפּט דאַן צו 2 יאר פּאָליציי־השגחה") מייסטער לייב אברהמס.

אַנהייב 1902 זוכט ארום די פּאָליציי א קרינקער „פּאָליטישן" — מאַזור הירש־ישראל מרדכיס, וואס איז פארמישפּט געווארן צו 6 חודשים אַרעסט. אין דער זעלבער צייט איז פארגעקומען אין קרינקי א דעמאָנסטראַ־ציע, בעת א לוויה פון אן ארבעטער, און מען האט דערביי געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער.

אין די ערשטער־מאי־פאַרזאַמלונגען אין קרינקי (1904 האבן זיך באַטייליקט 50—100 ארבעטער. אין זעלבן יאר האט דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט פון „בונד" פאַרטראָטן אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאנגרעס, אין אַמסטערדאַם, 2,240 מיטגלידער, פון זיי 250 אין קרינקי (און 700 אין ביאַליסטאָק גופא) אין דער זעלבער צייט ווערט אָנגעקלאָגט מאַזור שמעון אברהם מרדכיס פאר אָנגעהעריקייט צום „בונד" („נאך פריער געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער פאליציי") און עס ווערט געזוכט דימאָנט שמחה מרדכיס, א „פּאָליטישער" וואס איז „נעלם געווארן" פון דער פּאָליציישער השגחה.

**בצלאל (אלטער) פּאָמשעבוצקי**

### די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע

די געהיימע „סכאָדקעס" (צוזאמענקונפטן) פלעגן פארקומען אויסערן שטעטל. די סצענעס פון „שליסן אחדות" זענען געווען פייערלעכע און אימפּאָזאַנטע; איבער הויפּט די שבועה־צערעמאָניעס איבער א ספר תנ"ך און תפילין — צו זיין געטריי די אידעאלן פון קאמף פאר ארבעטער־רעכט און פרייהייט און קעגן „טיראַני און פארשקלאפונג", און צו האלטן בסוד פון די ארבעט־געבערס די אחדות און די „סכאָדקע". ווייזט אויס, אז דער גלויבן אין גאָט און די קדושה פונעם ספר און תפילין זענען געווען אויך אין די אויגן פון די קרינקער „יאַטן" דאס הייליקסטע.

צונויפקומען און פונאנדערגיין זיך פלעגט מען אין קליינע גרופּקעס אדער איינציקווייז. פון צייט צו צייט פלעגן די אגיטאטארן זיך לאזן גיין שפּאצירן מיט גרופּעס יאַטן אין דער ריכטונג צו סאָקאָלקע אדער אויף שישלעווי־צער גאס, אדער צו יענטעס אדער שאלקעס אדער ראזבוי־ניקאווער וואלד, ווי אויך צו וויריאַנס הויף און געבן דארטן אויפקלערונגען וועגן דער לאגע און וועגן די צילן פון די רעוואלוציאנערע באוועגונגען אפט פלעגט מען האלטן רעדעס, פונאנדערטיילן פּראָקלאַמאַציעס, ביכער און בראשורן, און זינגען ארבעטער־ און רעוואלוציא־נערע לידער.

א פארשפרייט ליד איז געווען עדעלשטאטס „אין

שטורם און קאַמף". די מעלאָדיע פֿלעגט אַנוואַרפֿן אומעט און טרויער; דער פֿאַרצויגענער ניגון, די האַרצרייסנדיקע ווערטער — האָבן גערופֿן צו געראַנגל:

„אין שטורם און קאַמף איז מיין יוגנט פֿאַרשוווּנדן,
פֿון ליבע און גליק האָב איך קיין מאָל געוווּסט;
נאָר ביטערע טרערן און ס'מערצלעכע ווונדן
געדריקט האָבן מיין ברוסט".

פֿון די בונדישע געזאַנגען זענען געווען אָנגענומען די צוויי שבועות. איינע פֿון זיי האָט אַנטהאַלטן אַן אָפּזאַץ — „הייליק איז די נאַטור מיט אירע פֿרייהייטס־קליידער"; ווידער, דער אַנדערער הימן — די פֿלאַמענדיקע סטראָפֿן, וואָס הייבן זיך אָן מיט „ברידער און שוועסטער פֿון אַרבעט און נויט", און ענדיקן זיך מיט „מיר שווערן אַ שבועה — אויף לעבן און טויט!"

## אַנאַרכיסטישע טעטיקייט

אַנאַרכיסטישע אַני־מאַמינס

א באַזונדערן פּלאַץ צווישן די קעמפֿער פֿאַר אַ נייעם און באַפֿרייענדיקן רעזשים, האָבן אין קרינעק פֿאַרנומען די אַנאַרכיסטן. זיי האָבן, ווי באַקאַנט, נישט אָנערקענט קיין הערשאַפֿט אין דער געזעלשאַפֿט און פֿון דער מדינה, וואָס באַזירט זיך, ווי זיי געפֿינען איין, אויפֿן כוח און צוואַנג פֿון געזעץ.

די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט אויך אין קרינעק געהאַט אירע פֿאַרשיידנסטע שאַטירונגען און ריכטונגען. דיסקוסיעס איבער פּרודאָנס ווערק „דאָס פּריוואַטע אייגנטום — אַ גניבה", זענען אָנגעגאַנגען אין שטעטל; און די באַגריפֿן „פֿעדעראַליזם" און „מוטואַליזם" (קעגנזייטיק צוזאַמען־לעבן) זענען געווען טאָג־טעגלעכע אויסדריקן צווישן די קרינקער בחורים. עס האָבן ניט געפֿעלט קיין אָנהענגער פֿון קראָפּאָטקינס אַנאַרכאָ־קאָמוניזם און פֿון באַקונינס פּריידיקונג צו פֿאַרניכטן די מדינה, די מוטער פֿון יעדער אונטערדריקונג — דורך „ספּאָנטאַנע" טעראָר־אַקטן. אפֿילו פֿאַרערער און פֿאַרגעטערער פֿון דעם דייטשישן מאַקס שטירנער מיט זיין עקסטרעמען אינדיווידואַליזם און אינסטיקטיוון עגאָיזם און פֿון דעם רוסישן ניהיליסט ניעטשאַיעוו מיט זיין באַרעכטיקן די ברוטאַלסטע טעראָר־מיטלען קעגן דעם הערשנדיקן רעזשים — האָט מען אויך געקענט געפֿינען צווישן די קרינקער אַנאַרכיסטן.

און דערצו זענען נאָך אויך געווען „אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן" און „עטישע" און „פֿילאָסאָפֿישע" אַנאַרכיסטן.

די קרינקער אַנאַרכיסטישע גרופּע איז געשאַפֿן געוואָרן דורך יאַנקל „פּראָפֿעסאָר" (דער שרייבער יעקב קרעפּליאַק). טעטיק צווישן דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען ניאַמקע יונה דעם סטאָליערס. משהקע (ריוועס) און אברהם יצחק דער ווילנער, וואָס איז געווען זייער אָנפֿירער.

טעראָר־אַקטן

אין דער פּראַקטיק האָבן די מערסטע טייל אַנאַרכיסטן באַרעכטיקטע טעראָר־אַקטן, געווענדעטע פּערזענלעך קעגן דער צאַרישער אויספֿירנדיקער מאַכט און קעגן אַרבעטער־אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרן. זיי פֿלעגן אויך באַרעכטיקן און דורכפֿירן עקספּראָפּריאַציעס, אָדער בקיצור „עקסן" אויף זייער לשון. אויב עס לאָזט זיך נישט אויסצובעסערן די שכירות רעכטלעך און צוריקגעבן דעם אַרבעטער דעם ביי אים אָוועקגעגזלטן מערווערט פֿון דער אַרבעט — האָבן זיי געטענהט — לאָז מען עס אויפֿמאָנען ביי די עקספּלואַטאַטאָרן מיט אַנדערע מיטלען.

האָט מען טאַקע אין קרינעק דורכגעפֿירט גרויסע „אַקציעס". אַזוי האָט מען געשאָסן דעם פֿאַבריקאַנט שמואל וויינער־„אַמעריקאַנער". געהייסן האָט ער אַזוי ווייל ער איז געווען אַמאָל אין אַמעריקע. ער האָט געהאַט אַ דערלויבעניש צו טראָגן אַ רעוואָלווער און פֿלעגט דערמיט שטענדיק שטאָלצירן. האָט ער זיך אַפֿילו גערייצט מיט דער יוגנט, אָנווייזנדיק אויף זיין „כלי". דעם לעצטן טאָג פּסח, ווען שמואל „אַמעריקאַנער" איז געגאַנגען פֿון דאַווענען, צווישן אַ גרופּע אָנזעעוודיקע בעלי־בתים, איז מען אים באַפֿאַלן אויף גאַרבאַרסקע גאַס. די אָנפֿאַלער זענען געווען 17—19־יאָריקע.

די יידישע באַפֿעלקערונג אין קרינעק האָט נאָך ניט באַוויזן זיך צו באַרויקן נאָך דעם פֿאַל מיט שמואל דעם „אַמעריקאַנער" — ווי ס'האָבן זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט קלאַנגען וועגן אַן אָנפֿאַל, וואָס מען פּלאַנעוועט אויסצופֿירן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון פֿאַבריקאַנטן אין גרויסן בית־מדרש. דער אָנפֿאַל האָט געזאָלט דורכגעפֿירט ווערן דורך וואַרפֿן אַ באָמבע, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אין האַראַדאָק. די קרינקער גרופּע האָט דעלעגירט דעם קרינקער משהקע זי אָפּצונעמען.

אויפן וועג איז משהקע פארוואונדעט געווארן. עס זענען געווען גרויסע שוועריקייטן צו געבן אים מעדי־צינישע הילף, האט מען אים געבראַכט קיין שישלעוויץ (סוויסלאָטש, אין וואָלקאָוויסקער קרייז). דער דאָקטער, וואס האט אים געגעבן הילף, האט וועגן דעם צופאַל מודיע געווען דער פאליציי. משהקע איז אַרעסטירט געווארן און מעז האט אים פארשפאַרט אין גראדנער תפיסה.

שפעטער האט מען זיך דערוווּסט, אז זיין מישפט דארף פאַרקומען אין וואַרשע. זיין מוטער ריווע האט איינגעלייגט וועלטן, מען זאל דעם מישפט אריבערטראָגן קיין ווילנע. מען האט געמאַכט אלע אָנשטרענגונגען איבערצוגעבן דעם ענין צו אַדוואָקאטן. אבער משהקע, געטריי זיינע אידעאַלן, האט באשלאָסן זיך מודה צו זיין אין פירן די באָמבע אַן גלייכצייטיק פראָקלאַמירן א פאליטישע דעקלאַראַציע קעגן דעם רעזשים פון פאַרשקלאַ־פונג און טיראַניי. ער האט געזאָלט דערקלערן, אז ער האט געפרווט אומברענגען מיט דער באָמבע די קנעכט פון דער אליין־הערשונג. זיין מוטער האט געסטראַ־שעט, אז זי וועט זיך נעמען דאָס לעבן, אויב ער וועט עס טאָן. האט זיך אבער אין אים לסוף דערוועקט דאס יידיש קינד, דער מאַמעס זון, און דער רעוואָלוציאָנער משהקע האט אָפגעלייקנט זיין שולד און איז באַפרייט געווארן. ערשט אין א צייט ארום איז ער ווידער אַרעסטירט געווארן און מען האט אים פארמישפט אויף פיר יאָר תפיסה.

### אנאַרכיסטישע דעמאָנסטראַציעס

עטלעכע מאָל זענען אין קרינעק פאָרגעקומען אַנאַר־כיסטישע דעמאָנסטראַציעס. די דעמאָנסטראַנטן זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין שוואַרצע „רובאַכעס״ (אויבער־העמדער) שוואַרצע קוטאַשן, שוואַרצע בורקעס און שווארצע פוראַזשקענע היטלען. זיי האבן מאַרשירט אויפן וועג צום קאָסציאָל. געזונגען האבן זיי אַנאַרכיסטישע לידער, דעם אַנאַרכיסטישן הימן, איינשליסלעך.

אז די שטילע קליינשטעטלדיקע באַפעלקערונג פלעגט דערפילן, אז עס האלט ביים ווערן „צו פריילעך״, פלעגן די קרעמער פאַרשליסן די קראָמען, דורכגייער זיך פאַרמאַכן אין די הייזער, און די תקיפים פון שטעטל, אין וועמענס שפיץ עס איז געשטאַנען נחום אנשל, פלעגן זיך באַציען מילד צו די אומפאַראַנטוואָרטלעכע ברויזנ־דיקע יינגלעך.

### ניאָמקע „אַנאַרכיסט״

איך דערמאָן מיך אָן אן אסיפה פון קרינקער פאַבּרי־קאַנטן. זי איז געווען שטאַרק באַוואַכט דורך באַוואָפנטע קאָזאַקן, און מיט זיי דער „אוריאַדניק״. פלוצים האט זיך דערהערט א שאָס און א געברוזגעריי פון גלאָז. דער אוריאַדניק האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך ניאָמקע הערשל דעם קרעציקנס און אים אומגעוואָרפן.

ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזן, האט די באָמבע געוואָרפן משהקע סידערער. זי האט אויפגעריסן ,אבער קיין מענטשן ניט געשאַדט. ניאָמקע איז פארמישפט געווארן דורכן סלאָנימער געריכט צו אַכט יאָר קאַטאָרגע.



ניאָמקע/ניומקה פרידמאַן („אַנאַרכיסט״)

אויפן וועג פון תפיסה האט ניאָמקע אַרויסגענומען א רעוואָלוווער, וואס איז געווען באַהאַלטן אין א לאַבן ברויט, געשאָסן אין דער וואַך און אנטלאָפן קיין קרינעק. אין עטלעכע טעג ארום איז ער ווידער ארעסטירט געווארן און מען האט אים אָפגעפירט אונטער א שטאַרקער וואַך אין גראדנער תפיסה.

ווען מען האט אים גערופן צו דער ערשטער אויס־פארשונג, האט ער ארויסגעריסן דאס געווער ביי די וועכטער, זיי באַפאַלן און אויף זיי געשאָסן. נאָך דעם האט ער זיך פארבאַריקאַדירט ביי א שניידער אין א שכנותדיק הויז און פון דאָרטן ממשיך געווען צו איבער־שיסן זיך מיט דער פאָליציי. אז ניאָמקע האט דערזען, אז עס איז אים געבליבן איין איינציקע קויל, האט ער זיך דערשאָסן.

אז די פּאָליציי איז אריין אין צימער, האט זיך אַנטפּלעקט פאר זייערע אויגן אן אויפשריפט, געשריבן מיט בלוט: „זאָל לעבן די אַנאַרכיע, קיין לעבעדיקן וועט איר מיך ניט נעמען!" (אַן אַנדערע ווערסיע וועגן ניאַמקעס סוף גיט דאָ איבער זיין ברודער (זע: ליפּא פרידמאַן / „ניאַמקע אַנאַרכיסט", ז' 201 — רעד.).

עס זענען געווען פאַלן פון אַטענטאַטן אויף קרינקער אוריאַדניקעס, לאנג נאך דעם ווי זיי פלעגן פארלאָזן דאס שטעטל. אזוי ארום איז דערשאָסן געוואָרן דער קרינקער „קליינער" אוריאַדניק בעת ער איז איינגעשטאַנען ביי קאָפּע־ליושניקן אין סאָקאָלקע. דעם אַטענטאַט האבן אויסגעפירט אפּרויטשיק יאָסל משה דעם שוסטערס און משהקע סידערער. אפּרויטשיק איז פארמישפּט געוואָרן צו תליה. אין א געוויסע צייט ארום האט מען אים דעם פּסק־דין פאַר־ביטן אויף 20 יאר קאַטאָרגע. אין יאר 1917 האבן זיך אין קרינעק פארשפּרייט קלאַנגען, אז מען האט אים געזען אויף דער פריי אין מאָסקווע און אז ער פארנעמט דארט אַן אָנגעזעענעם אָרט.

אַקטיוויטעט פון קרינקער אַנאַרכיסטן אויסער זייער שטעטל

ווידער זענען געווען פאַלן, ווען קרינקער יידישע אַנאַרכיסטן פלעגן אומקומען ביים אויספילן געהיימע אומבאַוווּסטע באַפעלן. אזוי האבן באַצאָלט מיט זייער לעבן, פאָרנדיק קיין ביאַליסטאָק אויף א דראָזשקע, ישראל איסר דעם שוחטס און מאיר יאנקל בונימס. עס האט זיך אויפן וועג דערהערט אן אופרייס און ביידע זענען אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן.

א שטאַרקן איינדרוק האט געמאכט אין שטעטל אהרן וועלוועל יאנקל בונימס (דעם קרינקערס) טעטיקייט צווישן די ביאַליסטאָקער אַנאַרכיסטן. מען האט איבערגעגעבן, אז ווען א גרופּע אַרעסטירטע איז געפירט געוואָרן פון דער ביאַליסטאָקער טורמע אויף וואַשילקאָווער גאַס צום איס־פּראַווניק (קרייז־קאָמאַנדיר פון דער פּאָליציי), איז די וואַך באַפאַלן געוואָרן און די אַרעסטירטע זענען גלייך פריי געבליבן.

די דאזיקע טאַט האט דורכגעפירט אהרן וועלוועל, וואס איז צו יענער צייט געווען א מיטגליד פון דער אָנפירערשאַפט אין דעם ביאַליסטאָקער „באָיעוואָי־אָט־ריאַד" (באָיעווקע" — קאַמף־גרופּע).

אין א צייט ארום, אין יאר 1897, האט דער זעלבער אהרן וועלוול דורכגעפירט אן אטענטאַט אויף א טעקסטיל־פאבריקאנט מיטן נאָמען נחום קאָלנער, און איז פארמישפּט געוואָרן צו פיר יאר תפיסה אין אירקוטסק, סיביר. אהרן וועלוולס געליבטע איז מיטגעגאַנגען מיט אים אין זיין לאַנגען וואַנדערוועג און דאס פּאָר האט חתונה געהאט אין טורמע, און אין דער פארשיקונג זענען ביי זיי געבאָרן געוואָרן קינדער. שפּעטער איז די פאַמיליע צוריקגעקומען קיין קרינעק.

קרינקער בחורים פלעגן אָפט ווערן גערופן צו העלפן „מאַכן רעוואָלוציע" אין אנדערע שטעטלעך. אזוי איז יאַנקל „טשיינע" (טשאַינע) דעלעגירט געוואָרן דורך יעקב קרעפּליאַק מיטצוהעלפן „מאַכן רעוואָלוציע" אין שישלעוויץ. ביידע האבן דאָרט גערעדט פאר א גרויסן עולם. פּלוצים האָט זיך דערהערט א וואָרנונג, אז פּאָליציי קומט. אלע זענען זיך שנעל צעלאָפן, און יאַנקל טשיינע איז געקומען צוריק קיין קרינעק. ער איז געווען איינער פון די פעיקסטע אַגיטאַטאָרן.

געשמועסט האט מען אין שטעטל, אז יעקב טשיינע איז איבערגעגאַנגען צו דער אַנאַרכיסטישער באוועגונג, ניט באנוגנדיק זיך מיט דער טעטיקייט פון „בונד", וואס איז אין זיינע אויגן געווען צו מעסיק. געבראַכט צו דעם האט דער פאָלגנדיקער צופאַל:

ישראל איסר דעם שוחטס האט אים אוועקגענומען קיין ביאַליסטאָק און אים אריינגעפירט אין די רייען פון קעמפער. עס איז פאָרגעקומען א „סכאָדקע" אויף פאַבריטש־נע געסל. איז עמיצער צוגעגאַנגען און אריינגעשטעקט אים דעם „אַלף־בית פון אַנאַרכיזם". גלייך נאך דעם האט זיך דערהערט א גערודער. פּאָליציי איז באַפאַלן דעם זאַמלאָרט. צו אים האט מען געשריען: „ביזט פון די קרינקער בונטאָוושטשיקעס!" און גלייכצייטיק האט מען אים געשלאָגן. יעקב טשיינע האט געשטרעבט נקמה צו נעמען, אבער די רייען פון „בונד" זענען דערצו נישט פּאַסיק געווען. איז ער אַריבערגעגאַנגען צו דער עקסטרע־מערער אנאַרכיסטישער באוועגונג.

קרינקער אנאַרכיסטן זענען געווען טעטיק אויך אין אנדערע שטעט.

אין סידרע (א שטעטל אין סאָקאָלקער קרייז) האבן קרינקער אַנאַרכיסטן באפאלן די פּאָטשט. איינער פון זיי,

דויד דעם מוליערס, איז דערהרגעט געווארן דורך א פּאָטשט־באַאַמטן.

אין יאר 1905 האט אן אַנאַרכיסטישע גרופּע, צו וועל־כער עס האבן צווישן אנדערע געהערט עטלעכע קרינקער בחורים, געזאָלט דורכפירן אן אַטענטאט אויפן אַדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק (שטאָט־הויפּטמאן). טעטיק אין די צוגרייטונגען זענען געווען: אברהם יצחק דער ווילנער, משהקע ריוועס און ניאָמקע יונה דעם סטאָליערס.

**אבא לעוו/בצלאל (אַלטער) פּאַטשעבוצקי ***

### די ארבעטער פארכאַפּן די מאכט אין קרינקי אין יאַנואר 1905

ס'איז יאַנואר 1905. ביי אונדז אין קרינקי האט זיך אנגעהויבן רודערן, ווען ס'זענען דערגאנגען די נייעס וועגן בלוטיקן מארש, געפירט דורכן פּראוואָקאַטאָר, דעם גלח גאַפּאָן, צום צארישן פּאַלאַץ, זונטיק דעם 19טן (22סטן) יאַנואר. אבער שטורעמען האבן די קרינקער יאטן אנגע־הויבן נאָך דעם ווי מען האט זיך דערוווּסט וועגן שטרייק פון די אייזנבאַן־ארבעטער

(ב. פּאַטשעבוצקי)

מיר האבן באקומען אן אויפרוף פון ביאַליסטאָקער קאמיטעט פון „בונד" און אויך פון דער ארטיקער ארגאַ־ניזאציע פון דער פּוילישער סאציאַל־דעמאָקראַטיע („פּ. ס. ד."), צוצושטיין צום אפענעם קאמף פון די פּעטערבורגער חברים. האבן מיר אין קרינקי געבילדעט א פעדעראַטיווע קאמיסיע פון די ביידע ארגאניזאציעס, וואס האט באשלאסן אפּצושטעלן, דעם 17טן (30סטן) יאנואר, די ארבעט אין שטעטל, מאכן א דעמאנסטראציע און אנפאלן אויף אלע רעגירונגס־אנשטאלטן.

כדי צו דערקלערן דעם פּאליטישן שטרייק, האט די בונדישע ארגאניזאציע באשלאסן אויפצורופן א מאסן־פארזאמלונג אין שול. אלע קרינקער ארבעטער, אריבער 1,500 מאַן, האבן זיך אפּגערופן און געקומען צו דער פארזאמלונג. צוויי רויטע פאָנען, פון „בונד" און „פּ.ס.ד.", האבן באפוצט די בימה.

נאך דער פארזאמלונג איז די מאסע מיט באגייסטע־רונג [און מיט א געזאנג פון דער „מאַרסיעליעזע"] ארויס אויף דער גאס. פאַרויס איז געגאנגען די „באָיעוואָקע" (קאמף־גרופּע) מיט רעוואָלווערן אין די הענט. [ס'איז געפאַלן א נאסער שניי, די פאָנען האבן געפלאָטערט אין ווינט — ב. פּאטשעבוצקי]. מען האט זיך א לאז געטאן צום צענטער שטאט.

די פּאליציי איז נעלם געווארן. דער „פּריסטאַוו" און עטלעכע „סטראַזשניקעס" האבן זיך אפּגעטראָגן אין יענטעס וואלד. די דעמאנסטראנטן זענען מיט געזאנג און אויסרופן אוועק אויף שישלעוויצער גאס צו דער פּאָטשט. דער טויער איז געווען פארמאכט, האבן אים די דעמאנסטראנטן אויפגעבראכן. מיר זענען אריין אין קאַנטאָר, צעבראכן דעם טעלעגראַף־אַפּאַראַט, צעריסן און פארניכט די ביכער, פארברענט די מארקעס. די קאסע, אין וועלכער ס'איז געווען ביי 18,000 רובל, האט מען נישט גערירט, הגם דער פּאָטשט־פאַרוואַלטער האט פאַר־געלייגט די שליסלען. מיר האבן צוגענומען בלויז די שווערד און דאַן אַוועק צו דער געביידע פון דער פּאָליציי און צו דער יידישער „מיעשטשאַנסקער אופּראַווע". פון פּאָליציי איז קיינער נישט געווען און מיר האבן געמאַכט א תל פון אַלץ, וואס מיר האבן געפונען: צעריסן, פאַר־ניכט און פאַרברענט פּאַרטרעטן פון קייסרים, ביכער, פּאַפּירן, פּאָטאָגראַפיעס פון „פּאַרדעכטיקע" אד"גל.

די יידישע „מיעשטשאַנסקע אופּראַווע" האבן מיר אויך אזוי גרונטלעך בודק געווען, ווי די פּאָליציי. מיר האבן דארט צוגענומען עטלעכע הונדערט פּאַספּאָרטן־בלאַנקען און פּאַספּאָרט־ביכלעך מיטן שטעמפּל. דער דאזי־קער „רויב" איז נאָכהער גאנץ שטאַרק צו נוץ געקומען דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, דער הויפּט, ווען עס האט זיך אנגעהויבן דאס מאַסן־אַנטלויפן פון סיביר. נישט איין צענדליק אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן איז טאַקע באַ־זאָרגט געווארן מיט פּאַספּאָרטן פון די דאזיקע קרינקער בלאַנקען, און א דאַנק זיי בשלום אנגעקומען, וווהין זיי האבן געדאַרפט.

אָפּגעפטרט מיטן עולם, זענען מיר מיט גרויס באַגייס־טערונג אוועק אין „וואָלאָסט" (דארף־באַצירק)־פארוואל־טונג און אויך דארט געמאכט דעם זעלבן חורבן. אין

* זכרונות־פראַגמענטן פונעם פאַרבליבענעם כתב־יד פון ב. פּאַטשעבוצקי ז"ל, און פון אבא לעוווס ארטיקל אין דער „כרעסטאָמאַטיע פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין אַמאַליקן רוסלאַנד", מאָסקווע 1925 — איבערגעדרוקט אין „גראָדנער אָפּקלאַנגען", בוענאָס־איירעס.

דער קאַסע פון וואָלאָסט האט מען געפונען אן ערך 600 רובל. דעם גרעסטן טייל דערפון האבן צוגענומען די אַנאַרכיסטן, און 80 רובל האבן צוגענומען אונדזערע ארבעטער (רעגירונגס־געלט האט מען זיך דערלויבט צו נעמען) און דאס גלייך אפגעגעבן דער אָרגאַניזאַציע.

אין געשלאָסענע רייען מיט געזאַנג און אויסרופן זענען מיר אַוועק צו דער „מאָנאָפּאָלקע". דער פּאַרקויפער האט פאַרשפּאַרט די טיר, און ווען מיר האבן זי אויפגע־בראָכן, האט ער אנגעהויבן שיסן פון א רעוואָלווער. מיר האבן אים געענטפערט אויפן זעלבן לשון, צוגענומען זיין געווער, און ער איז תיכף אַנטלאָפן. אַקוראַט האט מען דעם זעלבן טאָג באַקומען א גרויסן טראַנספּאָרט בראנפן. מיר האבן אַוועקגעשטעלט א גרופּע יונגע בחורים און מיידלעך ארום דער דאזיקער רעגירונס־שנאַפּס־קראָם, און זיי האבן א גאַנצן טאָג געבראָכן פלעשל נאָך פלעשל און אויסגעגאָסן די שנאַפּס, אז קיינער זאל עס ניט קאָנען נוצן, און עס פאַרניכט ביז א לעק.

ערשט זענען מיר אריין אין דער דירה פון אָרטיקן זשאַנדאַר, האבן אבער דארט געפונען בלויז א מעדאַל און א שווערד און זי צוגענומען. געבליבן אין שטעטל איז נאר איין „נאַדזיראַטעל" (פּאָליציישער משגיח אויף געוויסע „פּאַרזינדיקטע"). ער איז געלעגן א קראַנקער און האט ניט געקאָנט אַנטלויפן. מיר האבן פון אים געפאָדערט אונדז אָפּגעבן זיין רעוואָלווער און שווערד. ער האט דאס גלייך געטאָן.

קרינקי איז געווען „ריין" און אין גאַנצן אין אונ־דזערע הענט. דער פּריסטאַוו און א פּאָר „סטראַזשניקעס" (דאָרפישע פּאָליציסטן) זענען אַנטלאָפן אין יענטעס וואַלד.

אויך אין דאָרף קרושעניאַני, ווו א ריי קרינקער ארבעטער האבן געהאַט זייערע פאַמיליעס, האט זיך אונדז לייכט איינגעגעבן דורכצופירן א דעמאָנסטראַציע און צו חרוב מאכן די „מאָנאָפּאָלקע".

דערווייל זענען אַלץ נענטער אַנגעקומען סאָלדאַטן פון דער סאָקאָלקער ריכטונג. ס'האט זיך ארויסגעוויזן אז דער אַנטלאָפענער פּריסטאַוו איז אוועק קיין סאָקאָלקע, און פון דארטן אַלאַרמירט דעם גובערנאַטאָר און פאַר־לאַנגט הילף. יענער האט עס ארויסגעשיקט די סאָלדאַטן, און אונדזער באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אויף סאָקאָל־קער גאס.

פון איין זייט איז געשטאַנען די יוגנט, באַוואָפנט מיט רעוואלווערן און מיט כלערליי אייזנס און העק; אויך מיידלעך זענען געשטאַנען באוואָפנטע מיט שטיינער. די אָפּיצערן האבן גענומען איבעררײדן מיט אונדז, צוגעזאגט נישט צו שיסן און קיינעם נישט אָנרירן, אויב מיר ווילן זיך פונאנדערגיין.

א גאַנצן טאָג האבן מיר זיך געקליבן אין פארשיידענע ערטער, ביז די סאָלדאטן פלעגן אונדז פונאנדערטרייבן, נישט שיסנדיק דערביי. אין גיכן איז אראפּגעקומען דער גובערנאַטאָר גופא. קרינקי איז פאַרפלייצט געווארן מיט מיליטער — פוסגייער און רייטער, צווישן זיי טשער־קעסן, וואס האבן זיך איינגעקוואַרטירט אין יענטעס בית־מדרש.

(א. לעוו)

עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מלחמה־צושטאַנד און עס זענען דורכגעפירט געוואָרן א 200 ארעסטן פון אָנטיילנעמער אין דעם אויפברויז. געשמידט אין קייטן, האט מען א סך פון זיי אָפּגעפירט אין גראָדנער תפיסה און א ריי אויך אריינגעזעצט אין איינצלקאַמערן. זיי זענען באַפרייט געוואָרן ערשט נאָכן אָקטאָבער־מאַניפעסט פון 1905. עטלעכע קרינקער, וואָס האבן ארויסגערופן דעם בונט, זענען אַנטלאָפן פון שטעטל: יאַנקל טשיינע, לייבקע נאָסקעס א"א (צווישן די אָנפירערס פונעם רעוואָלט זענען אויך געווען ניאַמקע פרידמאַן און הערשל דעם קרע־ציקנס).

דער אויסנאַם־צושטאַנד איז אַדורך נישט אָן אַן אומשולדיקן קרבן — יאַנקל צלאל דער בעקער. גאַנץ אין דער פרי איז ער געגאַנגען נאָך האָלץ און האט ניט גע־הערט, ווען מען האט אים באַפוילן צו שטיין. ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דער קרינקער רעוואָלט האט זיך געענדיקט. אין שטעטל איז געוואָרן שטיל.

(ב. פּאַטשעבוצקי)

**נחום בליאַכער / מ. פרידמאַן**

### א. ש. זוץ באַנייט דעם „בונד“

בעתן אויפשטאַנד אין קרינקי אין 1905, ווען עס איז אָנגעקומען אין שטעטל די קאָזאַקישע שטראָף־עקספּע־דיציע און ס'איז דערקלערט געוואָרן באַלאַגערונג־צו־שטאַנד — זענען אַרעסטירט און פאַריאָגט געוואָרן ביז 300 מאַן, און די „בונד“־אָרגאַניזאַציע איז מחמת דעם



אברהם־שמואל זוץ
(„נר־תמיד“)

זיך צעפאַלן. אין 1906 שטייט שוין אין דער שפּיץ פון ווידעראויפבויען די אָרגאַניזאַציע — אברהם־שמואל זוץ, צוזאַמען מיט די חברים ברוך־מרדכי בליאכער, יודל דעם קאַטלערס זון, און אברהם גאָרדאָן (יאַנקל צאַלעס זון).

געבאָרן אין יאר 1887 אין קרינקי ביי ניט־פאַרמעג־לעכע עלטערן (זיין טאַטע איז געווען א קצב), האט אברהם־שמואל זוץ שוין אין דער פריסטער יוגנט פאר־זוכט דעם טעם פון ארבעטן ביי גאַרבעריי, צו ערשט ווי א בלעטלמאַכער און שפּעטער ווי א שוואַרצאַרבעטער ביי וואַלקעריי.

נישט באַזיצנדיק קיין עלעמענטאַרע שולבילדונג, האט ער אבער גאר יונג שוין געגריבלט זיך אין די אומלעגאַלע ביכלעך פון דער בונדישער ליטעראַטור. אין שטורמישן יאר 1905 ווערט ער אן אַקטיווער מיטגליד אינעם אָרטיקן „בונד“, און די קעמערלעך אין זיין שטוב און דער שטאַל דינען ערשט פאר צוזאַמענקומען פון טוער און צו באַהאַלטן פארבאָטענע ליטעראַטור.

אין אַפּריל 1907 ווערט אברהם־שמואל ארעסטירט פאר באַזיצן אומלעגאַלע ליטעראַטור און ער ווערט איינ־געזעסן אין דער גראָדנער טורמע. דארט באַקומט ער געפּערלעכע קלעפּ, און איין מאָל, פון א סאָלדאַט — מיט דער קאָלבע פון א ביקס איבערן קאָפּ. זינט דאַן ווערט ער קראַנק אויף די אויגן, און אין א פּאָר יאָר ארום — גאַנץ בלינד. ער ווערט באַפרייט און קערט זיך צוריק אַהיים.

1909 — די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קייקלט זיך שנעל באַרג־אַראָפּ. די אינטעליגענץ איז זיך צעלאָפן. צווישן די אַנטוישטע ארבעטער הערשט רעאַקציע, זיי ווערן אַפּטע איינגייערס אין די טראַקטירן, און זייער גייסטיקע שפּייז איז — קאָרטנשפּיל. אברהם־שמואל נעמט זיך אבער אָן מיט מוט צו אַקטיוויזירן די שארית־הפּליטה פון דער באַוועגונג און זיי נעמען אים אויף פון איצט אָן פאר זייער לערער און וועגווייזער. און שפּעטער, אין 1911, ווערט ביסלעכווייז ווידער רודערדיק.

# בתרבות ובחברה

## קרינקי — מרכז לתורה

משה צינוביץ׳

### ר׳ זלמן סנדר שפירא וישיבתו

ר׳ זלמן סנדר כהנא שפירא נולד בשנת תרי״א בניסביז׳ שבפלך מינסק, לאביו, ר׳ יעקב, בנו של ר׳ משה הכהן, חתן הגאון ר׳ חיים מייסדה של ישיבת וולוז׳ין הנודעת. ר׳ זלמן סנדר נודע עוד בילדותו כעילוי. הוא נשלח לוולוז׳ין ליהנות מתורתו ושיטתו הלימודית של שאר־בשרו ר׳ יוסף־דוב סולובייצ׳יק, ושם נתפרסם כתל־מודי מובהק חריף־השכל־והחידוש.

בשנת תרמ״ה נתמנה ר׳ זלמן סנדר לאב״ד בעיירה הקטנה מאַלטש שבמחוז פרוז׳נא שבקירבת ביצות פולסיה. בעיירה זו חי ר׳ זלמן סנדר כשהוא מרוכז בתלמודו, עוסק בענייני רבנות ונושא ונותן בסוגיות של תורה עם רבני הסביבה ולמדניה.

בשנת תרנ״ז, עם התכוננות הישיבה „כנסת בית יצחק״ בסלובודקה, הוזמן ר׳ זלמן סנדר, מטעם מייסדיה ומפקחיה, לכהן בה כראש־מתיבתא, אך נראה, שהפצרתם של אנשי מאַלטש השפיעה עליו שלא יעזבם והוא נעתר להישאר בתוכם, אך בתנאי — שיסכימו, כי ייסד בעיירתם ישיבה וכי ימסור לה חלק מזמנו; ואמנם קיבלה קהילת מאַלטש את התנאי בנפש חפצה. ואם כי באותו זמן נתקיימו בליטא ובזאַמוט ישיבות מפוארות, החלה ישיבת מאַלטש החדשה, שנוסדה בתרנ״ח, לתפוס עמדה חשובה באהלי תורה, ומעשרה תלמידים עם פתיחתה, הגיעה במשך שנים אחדות למאה ועשרים בחורים. אף בני־ישיבה קשישים יותר, שעשו מקודם בישיבות גדולות, העדיפו ללמוד עתה במאַלטש במחיצתו של ר׳ זלמן סנדר.

בשיעוריו הקבועים בתלמוד, בישיבה, הוא נתגלה במלוא קומתו הרוחנית ובכוח למדנותו הלא־שכיחה. השיעורים פיתחו בלומדים את היכולת לחדש, לתפוס כל עניין וסוגייה לפי תוכנם ולהעמיק לשורשיהם. ר׳ זלמן סנדר דאג גם למצבם הכלכלי ולעידודם הנפשי־הרוחני של בני־הישיבה, וביתו היה פתוח לפניהם לרווחה. הוא השתדל אף להרים את כבודם וערכם בעיני הבריות והזהיר את „בעלי־הבתים״ שבעיירה, שלא להקל ביחסם אל תלמידי־חכמים צעירים, אף ביקש לכנותם בשם „אנשי־ישיבה״ ולא „בחורי־ישיבה״, כמקובל — כינוי שריח־מה של זלזול שמור עמו. ר׳ זלמן סנדר גם הקפיד על תלמידיו, שיהא לבושם ונימוסם נאה ויהיו רצויים לבריות.

ר׳ זלמן סנדר לא היה נוטל כל שכירות מקופת הישיבה כי הסתפק במשכורתו הזעומה שהיה מקבל מאנשי העיירה. מלבד זאת החזיק שם דיין לענייני „שאלות״ ולפסקי־דינים, כי בעצמו, כקרובו הגאון ר׳ חיים איש־בריסק, מיראי־ההוראה היה.

מבין תלמידיה של ישיבת מאלטש מן התקופה ההיא יש לציין במיוחד את החי עמנו לברכה, הרב הראשי לישראל — מרן ר׳ איסר יהודה אונטרמאן.

באייר תרס״ג נתקבל ר׳ זלמן סנדר לאב״ד בקרינקי, לאחר הסתלקותו של ר׳ ברוך לאַוּוסקי, ולפי המלצתו לפני פטירתו. ר׳ זלמן סנדר העמיד כתנאי־בל־יעבור למתן הסכמתו לכהן כאב״ד בקרינקי — כי עמו יועבר לשם ממאלטש גם חלק מן הישיבה ושבה יוסיף לכהן כר״מ. ואמנם הסכימו לכך פרנסי הקהילה פה־אחד. לישיבה שבקרינקי, שקוראה גם עתה בשם „ענף עץ חיים״, החלו לנהור כעת תלמידים מרחבי סביבה — הורודנה, ביאַליס־טוק ולומז׳ה וממקומות אחרים.* שיעוריו של ר׳ זלמן סנדר וחידושי־התורה משלו היו מוצאים להם מהלכים ומגיעים בעל־פה ובקונטרסים מהכא להתם — אל הישיבות המפורסמות האחרות.

עם תלמידיו המצוינים בישיבת קרינקי נימנו אנשי־תורה רבים, שיצאו להם מוניטין אחר־כך. נציין ביניהם את ר׳ לייב גואלמאן מן העיירה ידוואַבנה, שמלבד למד־נותו נתפרסם אחר־כך כמחנך תורני וכבלשן עברי. לימים,

---

* יצויין, שעוד שנים קודם לכן היו בחורים ואברכים צעירים באים ממקומות שונים לקרינקי, ללמוד בה תורה בקיבוץ. בין אלה היה בין השאר, אריה לייב סמיאַטיצקי, בן סוקולי שבפלך לומז׳ה, לימים בלשן עברי נודע, חבר ל„וועד הלשון העברית״ בארץ־ישראל, ואחד העורכים הדגולים לספרות עברית לנוער (היה עורך של הוצאת „אמנות״) — ה ע ו ר ך.

בשנת תרע"ה, הגיע ר' לייב כפליט־מלחמה לקרינקי, ולפי המלצת ר' זלמן סנדר, פתח „חדר" ציבורי ערוך כהלכה לגילאי כיתות גבוהות, אשר שמו יצא לתהילה בכל הסביבה.

### ר' זלמן סנדר כאדם

ר' זלמן סנדר נהג את נשיאותו ברמה בענייני הרבנות בקרינקי, כבמאלטש. עם זאת היה נערץ בעיירה, ואפילו בהמונים ובקרב הפועלים. נתפרסם גם כרב להושיע וכבעל־מופת והיו באים אליו להתברך הימנו. הוא עצמו, כנכד רבנו חיים מוולוז'ין, היה נגד מופתים, והראה לתלמידיו, שכל שהוא אומר או מייעץ לפונים אליו, במרי שיחם לפניו — הם אך דברים שמתקבלים על השכל. ר' זלמן סנדר היה מספר על מעשים, שבריות ראום כמופתים ושעל־פי השכל אין בהם משום נס מכל וכל.

ר' זלמן סנדר היה מטיל את מרותו על חולים וחלו־שים, וגוזר עליהם לאכול ביום־כיפור; אף היה שולח רופא אליהם לבדיקה, ואם זה היה מוצא, שלפלוני קשה לעמוד בצום — היה ר' זלמן סנדר מאַלצו לאכול, ויש והיה מביאו אל ביתו, שיאכל בנוכחותו כמיצוות הרופא.

את סדר הפסח בקרינקי, וקודם־לכן במאַלטש, היה ר' זלמן סנדר עורך ברוב פאר, כבישיבת וולוז'ין בשעתה. חובב זמרה נלהב היה ר' זלמן סנדר, אף מחדש בנגינה; ובימי חג ומועד, כשהיתה השמחה מלאה בבית־הישיבה או בבית הרב, היה משמיע מזמורים ופזמונים משלו ומשל זולתו. כך פשטה בכל ישיבות ליטא קומפוזיציה משל ר' זלמן סנדר על הפיוט הלבבי „יונה יעלת חן, מה לך כי תבכי, משיחך יבוא לך, קומי ולכי, כי אהי מושיעך וגואלך אשר תחכי". כן היה מזמר בימי־פגרא את הסיום של הפיוט המיוחס לר' שלמה אבן־גבירול „אכולה שכולה, למה תבכי, הנואש לבך מאשר תחכי?" למנגינותיו אלה יצא שם בכל הישיבות והיו חוזרים עליהן בימי חג, ובייחוד בשמחת בית־השואבה ובשמחת־תורה. כותב רשימה זו עודנו זוכר, שבכמה ישיבות היו בימים הללו משמיעים מנגינה מיוחדת משל ר' זלמן סנדר לתפילה „שמך מעולם עובר על פשע".

בשנת תרע"ה, עם התקרבותה של חזית המלחמה לסביבת קרינקי, נדד ר' זלמן סנדר עם קבוצה מתלמידיו לפנים רוסיה הגדולה וישב שנים מספר בעיר טולה. לאחר המלחמה לא חזר עוד לקרינקי, שנכללה עתה בתחום פולין — אלא עלה לארץ־ישראל והשתקע בירושלים, בה בילה את שנותיו האחרונות ונפטר בכ"ט בשבט תרפ"ג.

מעט מליקוטי תורתו של ר' זלמן סנדר נשתמרו במקצתם של חוגי הישיבות וכן בספרי מחברים אחדים בני־דורו. בראש וראשונה מובא קונטרס של חידושיו בתורה בחיבורו הגדול של בנו ר' אברהם כהנא שפירא — „דבר אברהם"; ר' אברהם דוב כהנא היה אב"ד של סמילוביץ' שבפלך מינסק, ואח"כ של קובנה והרב הכולל האחרון של יהודי ליטא. חידושיו הנ"ל של ר' זלמן סנדר מעידים על טיב חריפותו ושכלו החד ועל הברקותיו בהבנתה של תורה. חידושים מעטי־הכמות ורבי־האיכות משלו אנו מוצאים גם בספר „זכר יצחק" של הרב ר' יצחק יעקב רבינוביץ' מפוניבז'.

שני בניו הצעירים של ר' זלמן סנדר, ר' יהודה ור' חיים, עמדו ליד אביהם בייסוד הישיבה במאַלטש וכן היו במחיצתו שנים מספר בקרינקי, בעזרם לו בביסוס ישיבתו. ר' חיים כיהן אח"כ כאב"ד בקוזניצה, ומשנת תרע"ח — כרב בפרבר סלובודקה שבגרודנה, שם נפטר מתאונה בשנת תרפ"ה.

ייזכרו כאן גם שניים מנכדיו של ר' זלמן סנדר, בני בנו של ר' אברהם דוב. האחד, חיים נחמן שפירא, התחמם זמן מסוים באורו של סבו בקרינקי. היה תלמיד־חכם מובהק, מחבר ספרים במחקר הספרות העברית החדשה, פרופסור לעברית וללשונות המזרח באוניברסיטת קובנה, שם ניספה ב־1943 בשואה עם שאר בני־קהילה זו.

הנכד השני, ד"ר נח שפירא, למד בנעוריו בקרינקי אצל סבו, ר' זלמן סנדר, נתפס להשכלה, למד כימיה והיה דוצנט באוניברסיטת קובנה. בתרצ"ה עלה לארץ־ישראל, היה פרופסור לכימיה באוניברסיטת בר־אילן ומ־עורכיה של האנציקלופדיה הכללית בעברית בהוצאת „יזרעאל" בתל־אביב, שם נפטר בשנת תשכ"ד.

# פעילות ציונית

ד. רבין

## ראשית התנועה הציונית בקרינקי

אגודה ציונית, שעמדה בקשרים עם „המרכז הציוני לקורספונדנציה" אשר בקישינב — נתקיימה בקרינקי עוד בשנת 1898, כשאחד ממייסדיה היה שמואל נישט (אבי ברוך־בּנדט ניב), ועוד קודם לכן היו פעילים בעיירה „חובבי־ציון". ייזכר, שעוד בשנת תרמ"ו (1886) כיהן בקרינקי כמגיד המטיף לחיבת־ציון וליישוב ארץ־ישראל, צבי־הירש אוֹרלאַנסקי („הרשלה מדוברובה"), והוא רכש לו בקרב המון העם שבעיירה חסידים נלהבים. גם המסורת רבת־הדורות, של עליית מהדרין במצוות לעת זקנה לארץ־הקודש, לא פסחה, כמובן, גם על קרינקי, ושניים כאלה, יחיאל־צבי ופרידה־רבקה, נזכרים כמקבלי סיוע בירושלים, בשנת 1890 מאת „בית הועד הכללי דכוללות האשכנזים".

„הרעיון הציוני — מסופר בכתבה מקרינקי, ב„הצפירה" (מס' 236 מד' מרחשוון תרס"א — 1900), וכתובה בידי „ש.ה." — עורר תנועה והתרגשות גדולה בקרב בני־עיירתנו. האגודה הציונית דפה יסדה חברה 'תפארת בחורים', שנועדה להפיץ בין המון הצעירים דעת שפת קודש ולימוד התנ"ך, וכן חברה מיוחדת למקרא ספרי השכלה ועוד.

„אולם במקום ההתלהבות הראשונה, גברו עתה הקפ־און וקרירות־הרוח בין הציונים, בוודאי בגלל הימנעותם של בעלי־היכולת ליתן יד לדבר, או נכון יותר — מפני רדיפות הקנאים, העומדים לצר לפעלי הציונים. כי על כן נתפרדו החברות ותשבוֹתנה ממעשיהן ותהיינה כלא היו. נשארו אך מתי מספר באגודות הציונים, בכללם הרוקח יתוֹם וכן קנישינסקי, החותרים בכל עוז לעורר את החב־רים לרכוש את השקלים וכד'. אפס, כי אין יחידי־סגולה אלה יכולים לפעול גדולות לטובת הכלל ולהרמת מצב החינוך, שהוא ברשות הקנאים צוררי הציונים ורודפיה".

עם זאת הוסיף הרעיון הציוני להכות שורש בעם בקרינקי. ב־1903 אנו מוצאים את „אגודת־ציון" שבעיירה, תורמת את תרומתה ל„וועד האוֹדסאי" — הוא המרכז הלגאַלי של „חובבי־צִיון", שפעל בתחום של ההתיישבות והחינוך בארץ־ישראל; ועוד: בראשית השנה ההיא אף נוסדה בעיירה אגודת „צעירי־ציון", שחבריה „בייחוד פועלים".

ברוך (בּנדט) ניב

## בתנועה הציונית בקרינקי בראשית המאה

פעילות ציונית היתה קיימת בקרינקי עוד מראשית התנועה. הציונים המבוגרים נתרכזו מסביב לאחד מראשו־ניהם בעל־בית־המרקחת יתוֹם, אדם מכובד, בעל השכלה גבוהה ויהודי חם ולבבי. את בניו חינך להגשמה ציונית והם אף עלו לארץ.

עם בני־הנוער הציונים נימנו פועלים צעירים ותלמי־דים, מבית־הספר הרוסי ומבתי־הלימוד העבריים הפרטיים. המבוגרים הפיצו שקלים, נתנו דעתם על מכירת בולים של הקרן־הקיימת לישראל ע"י הצעירים, חתמו על „הצפירה" ו„הצופה", היו מתכנסים לתפילות ב„מניין" הציוני, מחליפים דעות ומתווכחים בבעיות שתעמודנה על הפרק בקונגרס הציוני, על היחס אל הרצל ו„תכנית־אוגנדה" ובכיוצא באלה שבתחום העניינים של הציונות בימים ההם.

נמצאו גם מבני־הנוער, שעלו לארץ־ישראל: המורה העברית מלכה גרוסמאן והרשל פיינברג, שחזרו אחר־כך — פיינברג, משלא עמדו לו כוחותיו בשל המלריה, שלקה בה. ולעומתם איש „פועלי־ציון" ישראל קוֹרנגוֹלד, מראשוני אגודת „השומר" בארץ, ושנפל על משמרתו בשנת תרס"ט.

אנו, תלמידי בית־הספר שברוסית, נימנינו כמעט כולנו עם „פרחי־ציון". היינו מפיצים בולים של הקרן־הקיימת ומתכנסים ומאזינים להרצאות על הציונות ועל ארץ־ישראל, שהיו נערכות מדי ליל־שבת בשבתו בדירתו של פיינברג ברחוב הבורסים, לאחר שחזר מא"י. התנועה הציונית ברוסיה התנהלה על דרך האי־לגאַליות, במחתרת. עלינו, תלמידי בית־הספר הממשלתי, היתה אסורה ההש־תייכות לתנועה כלשהי, לציונית מכל שכן.

באחד מלילי־שבת, כשהלכתי לאחת האסיפוֹת, לביתו של פיינבּרג, נתקלתי במורה איינשטיין, כשהוא בורח ונמלט מן החצר וקורא גם לי להסתלק חיש מהר. פנינו שנינו בריצה, כל אחד בכיוון אחר, מתחמקים מן הסכנה להיעצר. כעבור מחצית שעה, בערך, ראיתי, כי שוטרים מובילים כשני מניינים של תלמידים מבית־ספרי למעצר.

במקרה לא הספיקו אז להגיע לאסיפה המיועדת שאר האורחים.

כל העיירה נרעשה, כמובן. את הילדים אסרו ושל־טונות בית־הספר הודיעו, שכל אלה שנתפסו באסיפה הנ״ל, יגורשו ממנו. ראשי־העיר התערבו והפעילו לחץ אישי ובעזרת ממון, וכעבור יומיים שוחררו כולם, תוך אזהרה חמורה, שלא יוסיפו לעסוק עוד בפעולה „האסורה״. אולם כל זה, לרבות האזהרה, לא הפחידונו, כמובן, מלהמשיך בפעולתנו, אמנם תוך אמצעי־זהירות שנקטנו בהם.

# בחינוך ובתרבות

ד. ר.

## בתמורות העתים

בראשית המאה הנוכחית, ועד לכיבוש הגרמני במל־חמת־העולם הראשונה, הורגשה גם בקרינקי, כבתחום־המושב היהודי כולו ברוסיה, השפעה ברוח התרבות וההווי של העם הרוסי, במיוחד בקרב חוגים ניכרים מבני־הנוער. מלבד גורמים והלכי־רוח כלליים ארציים שבקרב היהודים במדינה, פעלו לכך בתי־הספר ברוסית, שהוקמו בעיירה, וכן לא בשיעור מבוטל, הבנים, ובייחוד הבנות, שלמדו בגימנזיות שבגרודנה ובביאליסטוק, משם היו מביאים עמם מן התרבות הרוסית, ובעיקר את הדיבור בה, ומן הסגנון החברתי שבבתי־הספר הללו. הדיבור הרוסי וזמרת שירים רוסיים ברוב הנאה, היו „באופנה״ גם בקרינקי, בייחוד בקרב האינטליגנציה והשכבות „העיליות״. ורבתה מאלה השפעתה החודרת של הספרות הרוסית העשירה, רחבת־האופקים ושוחרת־הדרור, ושהיתה מפעימה את לב קוראיה.

כבר ב־1897 היה שוקק מתלמידים מבתי־ישראל, בית־הספר העממי הממשלתי, שנפתח בקרינקי בתקציב ממס־„הקורובקה״ היהודי (על בשר ויין כשר, נרות, שמרים וכיוצא באלה). ולעומת זה, מסופר בכתבה ב„הצפי־רה״ משנת 1900, „כלואים בבית־'תלמוד־תורה' כ־70 נערים מן הבוקר עד הערב, אך אין כל סדר בחינוכם. ה'מלמדים' נבערים מדעת החיים ודרך־ארץ, והם רודים בחניכים האומללים כבשנות קדם״. כל לשון אין מלמדים אותם שם וגם תנ״ך אין מורים כהלכה. ו„מלבד זה, צר מעון בית־האולפנה ואוויר מחניק שורר בו״.

אך במשך שנים אחדות נתחוללו שינויים לטובה גם בחינוך העברי בקרינקי: שתי צעירות עבריות מברסטוביץ הסמוכה פותחות כאן בית־ספר עברי ראשון לילדות, וב־1905 קם גם „החדר המתוקן״ העברי. וכך כבר יכול היה המורה העברי איינשטיין לציין בכתבתו ב„הצפירה״ מי״ד אלול תרס״ט, שחינוך הבנים בקרינקי הוא „במצב טוב. תלמידי בתי־הספר מקבלים חינוך עברי ולאומי, והשפעתם נתפשטה גם על ה'חדרים' והמלמדים החלו להכניס אף הם תיקונים שונים בלימודים והקצו מקום מיוחד לעברית ולדקדוקה וספרותה ולדברי־ימי ישראל״. אולם „נערים בגיל י״ג לומדי תלמוד מועטים. רבים בהגיעם לגיל זה, מתמכרים ללימודים כלליים״.

ובנוגע למצב הקריאה, כותב הוא, הרי האינטליגנטים לבם לספרים רוסיים; ומן העתונים שברוסית נקראים בעיקר „סוברמננויה סלובו״ הליבראלי והעתון הזול „גאזטה קופייקה״. מן היומונים ביידיש נפוצים: „היינט״, „אונזער לעבן״ ו„פריינד״. כן מקבלים בקרינקי את העתון העברי „הד הזמן״, את הירחון „השלוח״, ומארץ־ישראל — את השבועון „הפועל הצעיר״. מביני עברית, מוסיף איינ־שטיין, ישנם בקרינקי יותר מקוראים בה, וקונים של ספרים עבריים מעטים הם. ובספריה המקומית מעטים הספרים העבריים, אך באחרונה גברה הדרישה לאלה, ובעלי־הספריה אומר להגדיל את המחלקה העברית.

ברוך ניב

## תלמידים יהודים באסכולה „העירונית״

בבית־הספר „העירוני״ הרוסי במגמה תיכונית, ה„גו־רודסקויה אוצ׳ילישצ׳ה״, שנוסד בשעתו ביזמתו של יעקב־לייב זאלסקי — היה נהוג, כבכל האסכולות הממשלתיות

הרוסיות, „נומרוס־קלאוזוס" בקבלת תלמידים יהודים, כלומר מספרם הוגבל ל־10%, בערך, מכלל הלומדים. נפל בגורלי ללמוד בבית־ספר זה, יחד עם עוד אחד מתושבינו בישראל, הוא שמאי קאפלאן.

בעיירתנו, שרובה הגדול של אוכלוסיה יהודים היו ושבית־הספר הוקם בממונם, לא ניתן היה להכניס תלמיד מבני־ברית אלא אם נמצאו לומדים כנגדו באסכולה 9 מבני־הנוצרים; וכאלה היו נאספים מכפרי הסביבה. בתנאי התחבורה של הימים ההם, היו הכפריים הללו מגיעים יום־יום אל הלימודים ממרחקים של 8—10 ק"מ, ברגל, וכך גם חוזרים לבתיהם. ברובם היו אלה ילדי בלורוסים־„פראבוסלאבים", ומיעוטם קאתולים. השיעורים היו נפתחים בתפילות־הבוקר הנוצריות בנוכחות כלל התלמידים, לרבות היהודים. הלימודים התנהלו גם בשבת, והשבתון היה ביום א' בשבוע.

„תקרית" יהודית

התלמידים מבני־ברית היו, לפי בקשת הוריהם, פטורים מלכתוב בשבת, לרבות מציור. היה זה בבחינת עיקרון להם, להפגנת „יהדותם", אם כי לא כולם באו מבתים אדוקים דווקא בדת.

שיעורי הציור היו מתקיימים פעמיים בשבוע בימי־חול, והמורה היה גוי זקן מטומטם במקצת, טוב־לב ומשעמם וסומך על התלמידים, כי ימלאו כלשהו את חוק־לימודם. התלמידים, ללא הבדל של „דת ולאום", עמדו בלא קושי על חולשת מורם והיו „משתעשעים" להנאתם בעת השיעורים, אמנם בלא הגדיש את הסאה.

אולם נתארע ובאחת ההפסקות שבין שיעור לשיעור, שבהן היו נוהגים בכיתה „לקשקש" על גבי הלוח, למחוק את „הציורים" וה„חיבורים" במטלית הלחה ולהטילה זה בעמיתו וחוזר חלילה — רבתה ההשתובבות עד שהגיעה להשתוללות. ה„הטחה" ההדדית נהפכה לסערה וכל הכיתה מלאה אבק־גיר, עד שלא ניתן היה עוד להבחין בנעשה בה. וכך קרה, שהמטלית ספוגת הלכלוך קלעה בפני המורה בשעת כניסתו לכיתה. משנפגע, הגיב הלה בצעקה אדירה ונסתלק כל עוד נפשו בו מן הכיתה. התלמידים נדהמו וכ„עבריינים", שנתפסו על חטאם, מיהרו „להתיישב" דוממים על ספסליהם.

עד מהרה נפתחה הדלת, ובכיתה הופיעו ה„דירקטור" (המנהל) בכבודו ובעצמו ועמו „האינספקטור" (המפקח) והמורה־הקרבן, שפתח בהטחת דברים בקול, וברוח, שאין עוד בכוחו לשאת בכל אלה, „ויש להעניש כדין". את מי להעניש לא ידע, מרוב האנדרלמוסיה. פתח אפוא הדירקטור בנאום על נימוסים ודרך־ארץ וכהנה וכהנה, ובפתע הטיח ברוגזה כלפי התלמידים היהודים: „בעיקר אני פונה אליכם! בשבת אינכם מציירים, ובשיעור היחיד בשבוע, שהנכם משתתפים בו, הנכם מתנהגים בצורה מחפירה!"

פנייתו ללא יסוד אלינו היהודים, ועל דרך השנאה לישראל, הרגיזתני ושיסעתיו בהערה, כי שיעור בציור בשבתות אינו לפי תכנית־הלימודים בכלל. הערתי הקפיצתו ובריתחה הפטיר כלפי: „הביתה, יהודי, ואל תבוא עוד הנה!" השתהיתי כלשהו, אספתי ספרי ובדרך הפגנתית פניתי לעבר הדלת, כשהכיתה כולה המומה ונדהמת מהתפרצותו זו של הדירקטור. הלה חש, כנראה, כי הגדיש את הסאה, וליווני ב„הוספה": „בלא אבא — אל תבוא!"

לי סופר אחר־כך, כי לתלמידים פנה, עם צאתי, ברוגז: „היאך העז זה פניו כלפי?!" וכאן פרצו התלמידים היהודים בבכי. או־אז נתרכך עליו לבו של הדירקטור, ואמר להרגיע את הללו, בהפטירו: „נו־די, רגזתי עליו קמעה, לא צריך היה לשסעני. אמרו לו, שסלחתי לו — יחזור־נא מחר אל הלימודים כרגיל".

מכל התקרית נשכר למעשה המורה הנ"ל לציור, שכן מעתה והלאה שככה במקצת רוח ההשתובבות היתרה בכיתה לעת שיעוריו.

ה„חדר המתוקן"

ביום שרב של קיץ 1904, פרצה שריפה בסימטת „קאווקאז", והיא נתפשטה עד שמחציתה של קרינקי עלתה באש. ה„חדרים" נסגרו, והורים רבים שלחו את ילדיהם לקרוביהם שבעיירות הסמוכות, ללמוד אצל ה„מלמדים" שם.

כעבור שנה, בערך, החליטו מספר הורים־ציונים לפתוח בעיירה בית־ספר עברי, או „חדר מתוקן", כפי שהיה מכונה באותם ימים — ושבו יורו „עברית בעברית", לפי השיטה הטבעית, בלא תרגום ליידיש.

בתחילה קיבלו ל„חדר" ילדים רכים בני 6—8 והוזמן מורה אחד מומחה (צירקל). בית־האולפנה נתפתח, ולשנה השלישית הוזמן מורה שני (קוליק). אולם מספר התלמידים היה מועט, שכן לא נשא ה„חדר" חן בעיני ההמון שומר

המסורת שראוהו כבית־ספר „אפיקורסי", שבו מורים אך **לדבר** עברית, ולשיר ולהתעמל...

כעבור שנים מספר, הורחבה תכנית־הלימודים בו והוזמן עוד מורה (פאַרבר) מוולקוביסק, ואח"כ מורה נוסף ממסיימי הקורסים הפדגוגיים שבגרודנה. עתה הורו את כל המקצועות, במתכונת של גימנזיה, בעברית בלבד, וכן גמרא, כפי שנדרש בימים ההם.

„החדר המתוקן" החזיק מעמד כ־4 שנים, עד שהמורה פאַרבר עזב את קרינקי. רמת־הלימודים בכיתה המתקדמת הגיעה אז למתכונת של 6 כיתות גימנזיה.

אך בינתיים הגיעו לקרינקי והשתקעו בה מספר מורים עבריים, ביניהם אברהם איינשטיין, והם שהורו מעתה בעברית תלמידים ביחידות או בקבוצות — ומרבית תלמידיו של „החדר" המשיכו בלימודיהם עמם.

**אידה אביטוב (הינדה נישט)**

### „המורות העבריות"

„די העברעישע לערערקעס" — „המורות העבריות" — כך כונו האחיות מלכה וסימה גרוסמאַן, שתי נערות רכות, שבאו מן העיירה הסמוכה ברסטוביץ לקרינקי ויסדו בה בית־ספר עברי ראשון לילדות, ע.ד בתחילת המאה



בית־הספר הראשון לבנות 1903; המורות — האחיות סימה ומלכה גרוסמאַן; בין שתיהן — התלמידה הינדקה נישט.
ערשטע העברעישע מיידל־שולע

הנוכחית. קדמו להן המורה לבנות נוביק ו„חדר מתוקן" של המורים צירקל, קוליק ופארבר; אולם בידי השתיים עלה לרכז במוסדן את כל נערות העיירה כמעט שבגיל חמש עד שמונה.

סימה, הקשישה שבאחיות, הורתה את התלמידות הגדו־לות יותר, ומלכה — את הרכות. מורתי היתה מלכה ואנו אהבנוה מאוד, שכן היתה בעינינו כלילת היופי, שחוט של עדינות ואצילות משוך עליה; ושתיהן גם יחד נחונו במידות נעלות.

הורונו עברית בעברית, לפי תמונות בספר גדול — דומני, ש„למוד שפת עבר" שמו. כל תמונה מן הרבות שבו, היתה בבחינת סיפור שלם. אם בראשונה מהן תואר שולחן — למדנו ושנינו כולנו במקהלה: „זה שולחן, זה שולחן!" — „מה זה?" שואלים אותנו, ואנו משיבות: „זה שולחן". ושוב: „השולחן על הרצפה, הכסא אצל השולחן, הילדה אצל הכסא, הילדה תחת השולחן", והפעם — בהדגשה מוחשית — מוצבת אחת מאתנו תחת השולחן. וכך, לאחר שלושה חדשים, כבר היה פינו ממלל אף מדבר עברית.

גם השיטה של לימוד הקריאה היתה חדישה: לא עוד „אלף", „בית", „גימל", „קמץ א אָ", „פתח בית בַ" וכו' — כי אם בעיצור ב, ג, ד, ובמונע אַ, אָ, בֵ ואילך. לכתוב הורונו וחינכונו, שתהא כל אות תמה, נאה ומטופחת היטב.

אך מה יידמה לספירה זו של סיפורי המקרא הרא־שונים — על בריאת העולם ועל חטא האדם הקדמון, בעצם של חוה זו הקדמונית, שכה רגזנו עליה על שנתחשק לה לטעום מעץ־הדעת דווקא, ושקיפחה בכך את כל המין האנושי שלא יהא עוד חי חיי נצחים!

בשלוש שנים תמימות — כי חופשה נהוגה היתה בימי הפסח וסוכות — התקדמנו יפה: כתבנו בלא שגיאות, ידענו דקדוק, למדנו תנ"ך עד לספר ישעיהו. גם משסיימנו את שלב לימודנו העברי ועברנו לבית־ספר עממי רוסי, הוספנו ללמוד בשיעורי־ערב אצל המורים אבראש ורוז־פינסקי — נביאים אחרונים וספרות עברית. וכל זה — עוד לפני מלחמת העולם הראשונה.

מורתנו מלכה גרוסמאַן עלתה עוד בימים ההם לארץ־ישראל, ואנו תלמידותיה, שבינתיים נתבגרנו במקצת, ליווינוה לדרכה. מכתבים רבים כתבנו לה וקיבלנו ממנה. ומשלא עלה בידיה להכות שורש בארץ והיא חזרה משם — הביאה לנו את הבשורה של גימנזיה עברית, של „הרצליה". החלום היה עתה — לעזוב את הגימנזיה הרוסית ולהמשיך בארץ־ישראל, שהכיסופים אליה נתעוררו בנו וגברו עם לימוד העברית. אולם מלחמת־העולם שפרצה ניצבה לנו בדרך.

זכו שתי המורות, „די העברעישע לערערקעס", סימה ומלכה גרוסמאַן, שבדרכן תמשכנה גם תלמידותיהן ותורינה עברית בבית־הספר העברי, שהוקם בעת מלחמת־העולם בקרינקי לילדי הפליטים וגם למקומיים. בנות 13—14 היו למורות לילדים רכים יותר, ובמשך הזמן אף לידועות־שם לטובה ברשת החינוך של „תרבות" שלאחר המלחמה. כאלה היו: לאה ויין הי"ד, אסתר טרקל ז"ל ותבל"א האזרחית של מדינת ישראל עתה — אחותה בריינה, (היא חברה בקיבוץ יגור), נישט הינדקה (אידה אבידוב) ולאהצ'ה (ז"ק, בקבוצת גבע) ועוד.

# פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן

## קרינקי — א תורה־צענטער

***

### ר' זלמן סענדער כהנא שאַפּירא און זיין ישיבה*

ר' זלמן סענדער ב"ר יעקב כהנא שאַפּיראָ, רב אין קרינקי, אין די יארן תרסג—תרעה (1903—1915), איז

* לויט מ. ציַנאָוויטש און אנדערע מקורים.

געוועזן אן אייניקל פון ר' חיים וואָלאָזשינער און האט געשטאַמט פון ניעסוויזש. פון קינדוווייז אָן האָט ער שוין ארויסגעוויזן פעיקייטן פון אן עילוי, און שפּעטער זיך קונה שם געווען ווי א גדול, חריף ובקי אין תלמוד.

אין יאר תרמה (1885) איז ער נתמנה געווארן פאר רב אין מאַלטש, ווו ער האָט געגרינדעט די דאָרטיקע

ישיבה, איינע פון די בעסטע און חשובסטע אין ליטע,און פון וועלכער ער איז געווען ראש־מתיבתא. זיין שיטה אין לערנען איז געווען — אינספּירירן די תלמידים צו באַנעמען יעדע סוגיה לויט איר אינהאַלט און שורש. צווישן די רבנים, וואס די מאַלטשער ישיבה האט ארויס־געגעבן, איז צו דערמאנען ר׳ ישראל איסר אונטערמאַן, רב ראשי אין מדינת ישראל.

נאָך דער פּטירה פון ר׳ ברוך לאַוואָסקי, האט די קרינקער קהילה פאַרגעלייגט ר׳ זלמן סענדערן דעם כסא־הרבנות אין שטעטל, און ער האט די התמנות אָנגענומען, בתנאי — ער זאל זיך אויך ווייטער קאָנען אָפּגעבן מיט זיין ישיבה, וואס א טייל פון איר וועט איבערגעפירט ווערן קיין קרינקי.

אויך דאָ האט די ישיבה — „ענף עץ החיים״ — מיט ר׳ זלמן סענדערן ווי איר ראש, ווייטער איינגעהאַלטן איר נאָמען ווי איינע פון די מובחרות און האט אויך צוגעצויגן קיין קרינקי תלמידים פון דער נאָנטער און ווייטערער סביבה, און זייער צאָל איז דערגאַנגען ביז אַכציק.

ווי רב־דמתא, איז ר׳ זלמן סענדער געווען זייער אָנגענומען ביים קרינקער עולם, רעספּעקטירט און באַ־ליבט. דאָקעגן, „נישט נושא חן געווען האט ר׳ זלמן סענדער — ביי די קרינקער פאַבריקאַנטן, מחמת ער האט זיך צו פיל געחברט מיטן המון — דערציילט אב. מיללער; מען האט אים א מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף און געפרעגט:

— עס שטייט דאָך: רבי מכבד עשירים?

האט ר׳ זלמן סענדער גלייך אויף דעם געענטפערט:

— רבי האט געוווסט, ווער ס׳איז אַ עושר, איך וויים נישט...״

ר׳ זלמן סענדער — דערציילן יאָסל קאָהן און ב. פּאָטשעבוצקי — פלעגט זיך איינשטעלן פאַר די בעלי־מלאכהס און מוסרן די פאַבריקאַנטן. ער האט זיך אפילו אָפּגעזאָגט צו מתפלל זיין אינעם גבירישן בית־מדרש, און פלעגט ליבערשט דאַוונען אינעם „קאַווקאַזער״ בית־התפילה מיט „עמך״ און די האַרעפּאַשניקעס.

אַן אָנגענומענער בר־סמכא, פלעגט ר׳ זלמן סענדער באַווירקן חולים און שוואַכע, און אויך גוזר זיין אויף זיי, צו עסן אום יום־כיפור. ער פלעגט אפילו שיקן א רופא בודק זיין דעם חולה; און פלעגט זיך ארויסווייזן, אז ער קאָן ניט ביישטיין קיין תענית — פלעגט ר׳ זלמן סענדער בכבודו ובעצמו גיין און צווינגען יענעם צו עסן, און אפילו פאַר זיינע אויגן ממש.

אין 1915, בעת דער שלאַכט־פראָנט האט זיך דער־נענטערט צו קרינקי, איז ר׳ זלמן סענדער, מיט א גרופּע פון זיינע תלמידים, אריבערגעפאָרן קיין טולע, אין צענטראַל־רוסלאַנד; און נאָך דער מלחמה, איז ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל, זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו ער האט פארבראַכט זיינע לעצטע יארן, ביז זיין פּטירה אין יאר תרפּג (1923).

זיין זון ר׳ אברהם דובער כהנא שאפּירא, איז געווען דער לעצטער רב הכולל אין ליטע און רב אין קאָוונע, מחבר פון א באַרימטן קלאַסישן ספר „שו״ת דבר אברהם״. ער איז ניפטר געוואָרן אין קאָוונער געטאָ אין אדר תשג (1943).

א צווייטער זון פון ר׳ זלמן סענדער, ר׳ חיים, איז געווען רב אין קוזניצע און שפּעטער אין דער גראָדנער פאַרשטאָט סלאָבאָדקע.

פון ר׳ זלמן סענדערס אייניקלעך, ר׳ אברהם דובערס זין — וואס האבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין קרינקי — איז איינער, חיים נחמן שאַפּירא, געווען פּראָפעסאָר פאַר העברעיִש און מזרח־לשונות אין קאָוונער אוניווערסיטעט, ערשטקלאַסיקער פאָרשער פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור און מחבר, צווישן אנדערן, פון 2 ביכער, וואס זענען דערשינען אין ישראל, וועגן דער געשיכטע פון דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור און וועגן דער השכלה־ליטעראַטור אין צענטראַל־דייטשלאַנד. ער איז אומגעקומען מיט דער גאַנצער קאָוונער עדת־ישראל.

דער צווייטער אייניקל, ד״ר נח שאַפּיראָ, איז געווען דאָצענט פאַר כעמיע אין קאָוונער אוניווערסיטעט; איז עולה געווען אין יאר תרצה (1935) קיין ארץ־ישראל און געווען פּראָפעסאָר פאַר כעמיע אין דער בר־אילן אוני־ווערסיטעט. ער איז ניפטר געוואָרן תשכד (1964).

# דערציונג און קולטור

ד. ר.

## לאַגע און טענדענצן

שוין אין 1897 האָבן א היפּשע צאָל יידישע קינדער אין קרינקי געלערנט אין דער מלכישער פּאָלקשול, וואָס איז געגרינדעט און אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף די געלטער פון דער יידישער „קאָראָבקע" (אָפּצאָל אויף כשרע פליש, ווײַן, הייוון אד"גל). גלייכצייטיק, ווערט דערציילט אין דער העברעישער „הצפירה", אין יאָר 1900, „זײַנען א 70 יינגלעך פאַרשפּאַרט אין דער 'תלמוד־תורה' פון פרי ביז נאַכט, ווו די 'מלמדים' לערנען און פירן זיך אויף מיט די קינדער לויטן אַלטן שניט, אָן א וועלכן ס'איז סדר אין די לימודים. קיין שום שפּראַך לערנט מען נישט דאָרט, און אפילו ניט תנך ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. דערצו נאָך איז דאָרטן די לופט פאַרשטיקט פון גרויס ענגשאַפט".

אָבער אין משך פון עטלעכע יאָר, זײַנט דאַן, האָט זיך די לאַגע אין יידישן חינוך אין שטעטל געביטן צום גוטן. עס זײַנען אַנטשטאַנען א העברעישער „חדר־מתוקן" (וועגן דעם זע דאָ ווייטער) און א העברעישע שולע פאַר מיידלעך. וואָס וועגן איר דערציילט אידא אביטוב (הינדע נישט):

„די העברעישע לערערקעס" — אַזוי האָבן געהײסן די צוויי יונגע שוועסטערלעך מלכה און, סימע גראָסמאַן, פון ברעסטאָוויץ, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קרינקי און געעפנט אָנהייב איצטיקן י"ה אַן ערשטע העברעישע שולע פאַר מיידלעך.

„געלערנט האָט מען אין דער שולע לויט דער נאַטיר־לעכער שיטה פון 'עברית בעברית', אָן איבערזעצונגען. די שולע האָט עקסיסטירט 3 יאָר, ביז מלכה גראָסמאַן איז עולה געוועזן קיין ארץ־ישראל (שפּעטער איז זי צוריק־געקומען).

„די צוויי העברעישע לערערקעס איז בייגעשטאַנען א זכות, אַז אויך זייערע תלמידות זאָלן זיי נאָכפאָלגן, און שוין אין עלטער פון 13—14 יאָר זײַנען זיי געוואָרן לערערקעס אין דער העברעישער שולע, וואָס איז אַנט־שטאַנען אין קרינקי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — פאַר קינדער פון די אַהין צו אָנגעקומענע פּליטים און פאַר די היימישע קינדער".

אַזוי אַרום האָט שוין אין 1909 דער העברעישער לערער אברהם איינשטיין געקאָנט פעסטשטעלן (אין „הצפירה", פון י"ד אלול תרסט), אַז דער מצב פונעם „חינוך־הבנים" אין קרינקי איז א גוטער. די תלמידים באַקומען אין די שולן א נאַציאָנאַלע העברעישע דערציונג. אויך די „חדרים" זײַנען באַוווירקט געוואָרן פון אָט די שולן, און די מלמדים האָבן אָנגעהויבן איינפירן פאַרשיי־דענע אויסבעסערונגען אין די לימודים. מען לערנט שוין עברית און דקדוק, העברעישע ליטעראַטור און יידישע געשיכטע, „אָבער נאָכן בר־מצוה־עלטער גיבן זיך איבער די יינגלעך צו אַלגעמיינע לימודים".

בנוגע לייענען, שרייבט איינשטיין, אַז די אינטעלי־גענטן ציט צו רוסישע ביכער און „גאַזעטן". פון די



גרינדערס פון דער ערשטער ביבליאָטעק אין קרינקי, 1908/1907 — ליבקע און אַהרצ'יק לעוו

מייסדי הספריה הראשונה בקרינקי, ליבקה ואהרצ'יק (אהרון) לב

יידישע טאגצייטונגען זענען פארשפרייט אין שטעטל דער „היינט", „אונזער לעבן" און דער „פריינד". פון די העב־רעישע קומען אן דער טעגלעכער „הד הזמן", דער חודש־לעכער „השילוח", און פון ארץ־ישראל — דאס וואָכנבלאַט „הפועל הצעיר".

אין דער אָרטיקער ביבליאָטעק, דערציילט ווייטער איינשטיין, איז פאַראַן בלויז ווינציק העברעישע ביכער, אבער לעצטנס האט זיך פאַרשטאַרקט דער נאָכפרעג אויף אויף אַזעלכע, און דער אינהאבער פון דער ביבליאָטעק קלייבט זיך צו פארגרעסערן דעם העברעישן אָפּטייל. אגב, איז אין קרינקי, אין יאר 1912, פעסטגעשטעלט געוואָרן אן עקסיסטענץ פון א ליי־ביבליאָטעק אין יידיש (200 ביכער). יענץ יאר האבן דאָרט 3 פרייוויליקע ביבליאָטע־קאָרן ארויסגעגעבן 2,500 אויסלייונגען.

**בענדעט נישט (ב. ניב)**

### דער „חדר מתוקן"

אין א הייסן זומערטאָג יאָר 1904, איז אין קאַווקאַזער געסל אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט זיך צעשפרייט און פארניכט ביי א האלבע שטאָט. חדרים (די איינציקע לער־אנשטאלטן דעמאָלט) זענען פארמאכט געוואָרן און א סך עלטערן האָבן צעשיקט זייערע קינדער צו פריינט אין די נאָנטע שטעטלעך, לערנען ביי דאָרטיקע מלמדים.

קרוב א יאָר נאָך דעם האט א גרופע עלטערן־ציוניסטן באשלאָסן עפענען א „שולע", אדער ווי מען האט עס דעמאָלט גערופן א „חדר מתוקן", וווּ די לימודים וועלן געלערנט ווערן אין העברעיש לויט א מעטאָדע „עברית בעברית" — א נאַטירלעכער סיסטעם, אָן איבער־זעצונגען אויף יידיש.

אָנגעהויבן האָט מען מיט 6—8 יאָריקע קינדער און אַראָפּגעבראכט א פּאַסיקן לערער א מומחה (צירקל ; זיין פרוי און קינדער געפינען זיך אין ישראל). דער „חדר מתוקן" האט זיך אנטוויקלט און צום דריטן שוליאָר האָט מען אָנגעשטעלט נאָך א לערער — קוליק.

אָבער א קנאַפּע צאָל פונעם כלל קרינקער יידישע קינדער האָבן געלערנט אין „חדר מתוקן", מחמת די טראַדיציאָנעלע מאַסע האט געקוקט אויף אים קרום, ווי אויף אן „אפיקורסישע" שולע, ווו מען לערנט בלויז ר י י ד ן לשון קודש און זינגען און מאכן „גימענאַסטיק"... (אגב, דער לערער פון געזאַנג שמעון באַס, בשעתו א לעדער־ארבעטער, וואס האָט שטודירט מוזיק, האט שפּע־טער, אין אמעריקע, אונטערריכט די ווירטואָזן יאָן פּירס און ריטשאַרד טאַקער און געלערנט נאָטן דעם חזן יאָסעלע ראָזענבלאַט).

נאָך דעם ווי דער „חדר מתוקן" האָט אָנגעהאַלטן אייניקע יאָר, האָט מען זיין לערן־פּראָגראם פארברייטערט און אָנגאָזשירט דעם לערער פארבער פון וואָלקאָוויסק. צום צווייטן לערניאָר פון דעם איצט פארברייטערטן „חדר מתוקן", האָט פארבער אנגאזשירט נאָך א לערער, אן אַבסאָלווענט פון די גראָדנער העברעישע פעדאגאָגישע קורסן. אלע קעגנשטאנדן, אין א גימנאזיעלן פארנעם, ווערן ערשט אונטערריכט אויסשליסלעך אין עברית בעברית. מ'לערנט אויך גמרא, לויט ווי ס'האָט זיך דאָן געפאָדערט.

נישט קוקנדיק אויף די שטענדיקע שטערונגען מצד אָרטאָדאָקסישע קרייזן, האָט די שולע עקסיסטירט ביי א פיר יאָר, און האָט זיך פארמאכט מחמת דעם אוועקפאָרן פונעם לערער פארבער. צו יענער צייט איז די בילדונג, וואס די תלמידים פון דער פאָרגעשריטנסטער כיתה אין „חדר" האָבן באקומען — דערגאנגען צו 6 קלאסן גימנאזיע.

אָבער דערווייל האָבן זיך שוין אין קרינקי באזעצט א ריי העברעישע לערערס, וואָס פלעגן פריוואַט אונטער־ריכטן תלמידים אין גרופן אָדער ביחידות, און צווישן זיי קונשט, ראזעפינסקי, אברהם איינשטיין א"א. ביי זיי האָבן ערשט די גרעסטע טייל שילער פון דעם פארמאכטן „חדר מתוקן" ממשיך געווען לערנען עברית. דער לערער איינ־שטיין איז נאָך יאָרן לאנג פארבליבן אין קרינקי און זוכה געווען צו זיין איינער פון די גרינדער פון דער דאָרטיקער העברעישער „תרבות"־שולע און איר ערשטער לייטער און פעדאגאָג ; און שפּעטער — איינער פון די טוער און אינסטרוקטאָר פון דער „תרבות"־געזעלשאפט אין פוילן בכלל.

# מלחמת־העולם הראשונה

## המלחמה בראשיתה

**

עזרת־אחים לפליטים*

פרוץ המלחמה העולמית הראשונה, באוגוסט 1914, הביא עמו, לצד הגיוס של הצעירים ושל אנשי־המילואים, על המשתמע מכך — סיכוי של גיאות בתעשיית־העור בקרינקי, כי רבתה מאוד הדרישה לתנעולת לצבא העצום. אולם, משהחלו, ב־1915, צבאות הצאַר לנחול מפלות בפרוסיה המזרחית, ולסגת לשטחים שלהם, הרוסיים — פונו והועברו מרבּיתם של בתי־החרושת מקרינקי אל פנים המדינה מזרחה. עתה אף נזדקקו צוררי־ישראל שבממלכת רוסיה לשעיר־לעזאזל, להטיל עליו את האשמה בתבוסה, וכדרכם, הם מצאו אותו על נקלה: ישראל־סבא! עד מהרה החלו בכן מתהלכות שמועות, תוכפות ומתגברות, שהעם הזה, הבוגדני, מסייע בדרכים שונות, וגם בריגול, לאויב, שכן מקווים הללו להיבנות ממנו, אם ינצח.

עד מהרה גם יצאה פקודה מאת המצביא העליון של צבא הצאַר, בן־משפחתו הארכידוכס ניקולאי ניקולאַייביץ׳, רשע וצורר — לגרש את היהודים מן האיזור של הקרבות ומן הסמוך לו. נתמלאו הדרכים והנתיבות שיירות עגלות, עמוסות בני־ישראל פליטים חסרי־בית, הנסים באשר הם נסים, לתור להם פינת־גג חדשה לנפשם ולבני־ביתם, ומהם שעשו תחנתם בקרינקי וקבעו את חנייתם בה.

עד מהרה הוקם בעיירה „ועד לעזרה" — לדאגה לאיכסון הפליטים, למזון וללבוש למענם. וועדה מיוחדת כונן ה„וועד" לשם טיפול בילדיהם, וקודם־כל בחינוכם — ובראשה פעיליה סוניה פּל, יעקב קירזשנר, בנדט נישט, פּ׳חס ומנשה גאַרבר. בעזרת מורות אחדות, בעצמן נערות רכות, אך אידיאַליסטיות נלהבות, כגון: לאה נישט, אסתר ובריינה טרקל ועוד — עלה בידי הוועדה לפתוח בית־ספר עממי בן 3 כיתות למען ילדי הפליטים ולילדי־העוני המקומיים. ולא ארכו הימים, וצלילי קולותיהם הרכים החלו בוקעים מבעד לכותלי המוסד, לנחת־רוחם הרבה של המורים ושל עסקני־החינוך, שלא חסכו כל עמל למען הילדים החלכאים הללו.

ימי־פחדים והרי־סכנות נתקרבו ועברו על יהודי קרינ־קי, לאחר שכבשו הצבאות הגרמניים את המיבצר אוסוֹבייץ שעל נהר בובר, ונתפנתה לפניהם הדרך אל חבל ביאַלי־סטוק־סוֹקוֹלקה שממערב לקרינקי ודרומית־מערבית ממנה. ידיעות ופליטי־חרב מן העיירות שבקירבת החזית, ושהגיעו משם, סיפרו על מעשי־נקם־וזוועה, שחילות הצארים עוללים בנסיגתם, בעורכם שפטים ביהודים וברכושם.

בני־המן מקומיים, מן הזריזין והמקדימין, אף החלו מסתובבים בשוק ליד חנויות היהודים ובחצרות של האמי־דים מבני־ישראל, „מרחרחים", מתכננים ומתווכחים בריש גלי, מי מהם ומה יירש מן הטוב הזה בימים הקרובים.

אולם, צדקה עשתה ההשגחה עם יהודי קרינקי, שכן לא נתפנו הרשעים, בחפזונם כי רב, לבצע את מזימותיהם, עד שנתקדם ונכנס בינתיים אל העיירה צבאו של „ר׳ ולוול" (הקיסר וילהלם, כפי שכונה אז בפי היהודים), ופרק חיים חדש נפתח אז בכל האיזור.

---

* לפי ברוך ניב (ב׳ נישט) ומקורות אחרים.

# די ערשטע וועלט־מלחמה

## אנהייב רוסישע מפלות

בענדעט נישט (ברוך ניב)

### הילף צו היימלאָזע פּליטים

אין יאר 1915, ווען אונטערן דראַנג פון קייזער ווילהעלמס אַרמיי האבן זיך די רוסישע חיילות גענומען צוריקציען פון מיזרח־פּרייסן — האט זיך „פּאַניע" גענייטיקט אין א שעיר לעזאזל, כדי ארויפצוואַרפן אויף אים די שולד אין דער מפלה. האט מען טאקע גלייך געפונען: „יידן!" באלד איז ארויס א באפעל זיי ארויסצוטרייבן פון די צום גרענעץ און צום פראַנט נאָענטע יישובים. האבן זיך אויף די וועגן באוויזן לאנגע רייען פורן באלאָדענע מיט יידן היימלאזע פליטים, זשעדנע צו געפינען א נייעם ווינקל פאר זיך און זייערע פאמיליעס. מאַנכע פון זיי האבן זיך דאן אפגעשטעלט און באזעצט ביי אונדז אין קרינקי.

ס'האט זיך באלד געשאפן א „קאָמיטעט פאר היימלאזע", און ער איז צוגעטראטן צו שאפן פאר זיי א דאַך איבערן קאפ און באשפייזן און קליידן. דער קאמיטעט האט זיך אויסגעטיילט אויף סעקציעס — איינע פון זיי פאר קולטור־ענינים. אירע אקטיוויסטן, מיט סאָניע פעל, יעקב קירזשנער, בענדעט נישט, פנחס און מנשה גאַרבער א״אַ אין דער שפּיץ — האבן זיך אפגעגעבן מיט באזארגן די אומשולדיקע היימלאזע קינדער מיט דערציונג און בילדונג, זיי זאלן חלילה ניט פארמישפט ווערן צו בלייבן הינטערשטעליק אין זייער גייסטיקער אנטוויקלונג.

מיט דער מיטהילף פון עטלעכע לערערס — אליין נאך קינדער כמעט, אבער אָפּערווילִיקע אידעאַליסטן — ווי לאה נישט, ברײנע און אסתר טערקל א״אַ — איז דער קולטור־קאמיסיע געלונגען צו גרינדן א דריי־קלאַסיקע העברעישע פאלקשול פאר היימלאזע און אויך פאר ארעמע היימישע קינדער. גאַר אין גיכן פלעגט זיך טאקע דער קלאנג פון די תלמידים־קולכעלעך אויפגיין פון די כיתות און פארשאפן נחת די לערערס און די שול־טוערס אין זייער שווערער ארבעט.

ד. סעלקאָף

### סוף זומער 1915

ארום תשעה באב יאר 1915 בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, די גאנצע יידישע באפעלקערונג לעבט אין טויטשרעק פארן מאַרגנדיקן טאג. פּלוצים אין א פרימאָרגן פאַרשפרייט זיך א קלאַנג, אז די קרינקער יידן וועלן אין גיכן מוזן פארלאָזן די שטאָט מחמת די גרויסע רוסישע מפּלות אויף דעם גאַנצן פראַנט און דעם דערנענטערן זיך פון די דייטשן. דער גאַנצער שטח צווישן גראדנע און ביאַליסטאָק איז דאָך פאררעכנט פאר א סטראַטעגישן מלחמה־ראיאָן, ווי צוליב די צוויי גרויסע פעסטונגען אין גראָדנע און אין אָסאָוויעץ, האבן די דייטשן קאָנצענטרירט געוואלדיקע כוחות. במשך פון 6 חדשים האבן די דייטשן געשטורעמט די אָסאָוויעצער פעסטונג, און ביי אונדז פלעגט מען הערן די האַרמאַטן־שיסעריי. מען האט איבערגעגעבן, אז יידן פון גראדנע האט מען בגוואַלד פארטריבן קיין טיף־רוסלאנד, און אזוי אויך — פון די אַרומיקע שטעטלעך. מיר האבן זיך געשראָקן און געריכט זיך, אז באַלד וועט קומען אויך אונדזער ריי און מיר וועלן דאַרפן פארלאָזן אונדזערע היימען און ווירטשאַפט אויף הפקר. באזונדערס שרעקעוודיק איז געווען דער געדאנק, אז מיט אונדזער ארויסגיין פון שטאט וועלן די גויים צונעמען אונדזער גאנץ האָב־און־גוטס.

און יענע פלעגן טאקע פירן צווישן זיך אזעלכע שמועסן וועגן צוקונפטיקער חלוקה, אָט שטייט צאַפּאַן דער הינקעדיקער שוסטער פון סאָקאָלקער גאס, אין מאַרק, און ארום אים א כאָפּטע שקצים, און מיט זיין גראָבן שטעקן ווייזט ער אָן זיינע חברים, וועלכע קראָם מיט איר סחורה וועט ער ירשנען, נאך דעם ווי די זשידעס וועלן אַנטלויפן פון שטאט; אָדער יורהילאָ דער „נאָסער"־ארבעטער, וואס פלעגט מיט זיינע שווארצע צעביילטע פיס זיך ארומדרייען בארוועס, און איטלעכן פרייטיק בעטלען קאָפּיקעס ביי יעדן יידן, אט דער יורהילאָ וויל נישט אַנדערש נאר איטשע מאָסטאָוולִיאַנסקעס מויער!

אין א געוויסער נאכט האט די גאנצע שטאָטישע פּאָליציי זיך אַפּגעטראָגן פון קרינקי, און — איבערגעלאָזן דאס שטעטל אויף הפקר. אן אָפיציר מיט א כאָפּטע באָרוועסע סאָלדאַטן נעמען איבער די מאכט, דערקלערן מלחמה־צושטאַנד, און יענער פּראָקלאַמירט זיך ווי דער דערווייליקער קאָמענדאַנט. אלע ציטערן, טאָמער גיט ער ארויס א באַפעל צו פאַרלאָזן די שטאט.

איין מאל אַ פארנאַכט האבן זיך אַראָפּגעלאָזן צו אונדז א מחנה גוים מיט רידלען און העק אויף די אַקסלען. תחילת האבן מיר געמיינט, אז דאס זענען פּאָגראָמשטשיקעס גרייטע צו דער מלאכה. ס'האט זיך אבער באלד אַרויסגעוויזן, אז מען האט זיי געשיקט אין קרינִיק צו מאַכן שוצגריבער קעגן אָנגריף פון דעם שונא. פון די גוים האבן מיר זיך דערוווּסט, אז זיי קומען פון סאָפּאָצקין, ווו זיי האבן אויך געגראָבן אַזעלכע טראַנשעען, אבער דייטשע עראָפּלאַנען זענען אָנגעפלויגן און אָנגעהויבן וואַרפן באָמבעס, ביז זיי האבן געמוזט אָפּטרעטן. דא ווידער דערוויסן מיר זיך, אז די דייטשן זענען שוין נאָנט צו גראָדנע. דערווייל האָט מען אויס ווירִיאַנס וועלדלעך, כדי צו גראָבן דארטן שוצגראָבנס. יידישע יונגע־לייט האט מען נישט גענומען צו דער ארבעט, כאָטש א סך זענען זשעדנע געווען צו פאַרדינען א 2 רובל א טאג. יידן האט מען אויסגעשלאָסן פון די מלחמה־אַפּעראַציעס, מחמת מען האט אויף אחינו בני־ישראל אויסגעטראַכט שרעקלעכע בלבולים, אז זיי האַלטן מיט די דייטשן און שטיצן זיי אפילו אויף פארשיידענע וועגן און אופנים.

פארשטייט זיך, אז נאך אזעלכע קלאנגען, האבן יידן נישט געקענט דערוואַרטן קיין גוטס פון דער גוישער באַפעלקערונג און אויך נישט פון די רוסישע זעלנער.

די גריבער זענען טאַקע פאַרטיק געוואָרן גרייט צו דער שלאַכט. מאַכט זיך א נס, און פאָניע האט ניט דערלעבט זיך צו באַנוצן מיט זיי. די דייטשן זענען באַלד אָנגעקומען און דאס רוסישע מיליטער האט געמוזט אפּטרעטן. אַנטלויפנדיק, האבן זיי אנגעהויבן צו פארברענען אלץ אויף זייער וועג. פלאַמען האבן געפלאַקערט אין אלע דערפער ארום קריניק. א גאנצע נאכט האבן פאָניעס סאָלדאַטן געהאָרעוועט צו פארברענען די גרויסע וואַסער־מיל נישט ווייט פון שטאט. אבער דער הילצערנער ראַד, וואס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט נאַסקייט, האט בשום אופן, און ווי צו להכעיס, נישט געוואָלט ברענען — איז די מיל געבליבן גאַנץ. שפּעטער, ווען די דייטשן זענען אריין אין קריניק, איז טאַקע די מיל זייער צו נוץ געקו־מען: יעדער אָרעמער ייד האט געהאט די מעגלעכקייט דאָרטן אָפּצומאָלן א פּוד קאָרן אויף ברויט, פאר זיין געזינדל.

# תחת משטר־הכיבוש הגרמני

## סתיו 1915 — אביב 1919

דוב רבין

## עם מכבש הכובש בעיצומו

נשימה לרווחה — ומחסור

עם כיבוש האיזור ע"י צבא הקייזר, נשמו היהודים לרווחה מבחינה פיזית ופוליטית, משסר מעליהם הסיוט המעיק של החרדה לחייהם ולנכסיהם, ולאחר שנפטרו מן המשטר הצאַרי, שהפלם לרעה ונגש בהם במשך דורות.

ועם זאת נשתרר לאלתר משטר־כיבוש חמור — של עבודת־כפייה בכבישים מזה ושל אבטלה מזה, של החרמות ושל הגבלות בתנועה ואיסור להכניס לעיירה ולהוציא ממנה מזונות, וכן של מחסור חריף בהם ובמיצרכים החיו־ניים ביותר. ועל הכול — של שיתוק גמור של החיים הפוליטיים והציבוריים.

התעשייה בקרינקי — זו הבורסקאות — שותקה לחלו־טין. בתי־החרושת הגדולים פונו ברובם עוד קודם לכן לפנים־רוסיה, ועתה החרימו הגרמנים את המלאי של עורות־הגלם וגזרו על ייצור עור בכלל. המסחר פסק. בתי־עסק וחנויות רבים נבוזו בעת חילופי־השלטון, את הסחורה



חלוקת תפוחי־אדמה, בבית־הכנסת קארטאפל־פארטיילונג אין שול

שנותרה החרימו הכובשים או שהיא „נחטפה" בקנייה המבוהלת עם כניסת הגרמנים; ואילו שארית הפליטה נעלמה, כי נגנזה לשם ספסרות, הברחה ו„שוק שחור".

כל שנותרו בידיו חסכונות, יצא עד מהרה נקי מהם, משנצטוו התושבים להמיר את כספם הרוסי בשטרות־נייר חסרי־ערך של שלטון־הכיבוש. כן נגזר על האוכלוסה „למכור" לרשות החדשה בפרוטות את כל המוצרים העשויים מנחושת, לרבות כלי־בישול וכלי־אכילה־ושתיה.

עברו ימים לא רבים, ורעב ומצוקה נשתררו בקרינקי, כבשאר הערים מסביב. יצאו יהודים, מבוגרים כבני־תשחורת, לתהות אחר מזונות כלשהם לנפשם ולטפם — על פני הכפרים הסמוכים. משפחות שלימות ניפנו אל השדות ללקט שיבלים שהותירו איכרים אחר הקציר, או לחטט, באתים ובידיהם, בלילות, בשטחי התפודים — ל„גלות" שם בולבוסים או בדליהם. ויש והיו מצעידים עצמם אל יערות מרוחקים ללקט גרגירים ופטריות. ובגבור הקור והקרה, היו יוצאים חלכאים עטופים בלואים וסמרטוטים ו„נעולים" קבקבים — לקושש זרדים בחורשות הסביבה, למען חמם כלשהו את „מעונותיהם" הדלים. עתה פשטו בעיירה גם מחלות אף מגיפות.

פרנסות־השעה

ועם זאת, נימנו רבים מיהודי קרינקי, שמאז ומתמיד לא היו אמונים על התפנקות — והם גמרו אומר לשחר אחר פרנסות, שהם לא היו מורגלים בהם. היו שיצאו וחכרו גנים ובוסתנים מידי בעלי־האחוזות הקרובות. עשרות משפחות נאחזו בדרך זו, למשך שנים, בגידול תפודים בשטחים שהם חכרו. ולעומת אלה, לא נרתעו אחרים מלפנות לספסרות ולהבריח סחורות ומיצרכים באיסור מאיזור למשנהו, ובלבד להחזיק מעמד. נמצאו גם שאחזו בעגלונות, הענף, שהיה אז מבצע את ההברחות; ובין ה„עגלונים" החדשים הללו — כאלה, שעיסוק ב„מלמדות" היה הולם אותם יותר מטיפול בסוסים ובעגלות. והיו, שמצאו לעצמם עסקי־שעה אחרים לפרנסתם.

חמור ביותר היה מצבם של היהודים פליטי־החרב שבמקום, של משפחות־מגויסים ושבויים, ובעיקר — של ילדיהם, אף יתומיהם.

שמאי (שימחה) לידער

### ברעב ובמצוקה

המצב הכלכלי בקרינקי, בימי הכיבוש הגרמני במל־חמת־העולם הראשונה, היה, כידוע, בכל רע, כבכל השטח הנכבש. בתי־הבורסקי שבתו ממלאכתם. גם מצבם של החנוונים ושל הסוחרים היה לא מזהיר, רוב החנויות נשדדו בעת חילופי השלטון, להוציא אלה של אביזרי־ברזל ולמכשירים הדרושים לאיכרים, ושבהם לא מצאו החיילים עניין־יתר באותה שעה.

הרעב החל ליתן את סימניו ברבים. משפחות שלימות על מבוגריהן וטפן היו יוצאות לשדות לאסוף את „השיכחה" שלאחר הקציר ואיסוף התפודים. אף אם היה האיכר חוזר ומשדד את הלקתו, למען גלות בולבוסים שנותרו עוד מוצנעים פה ופה — היו הבאים מן העיירה חופרים שוב באדמה וגם מעלים בסופו של עמל מקצת תפודים זעירים ובדלי־בולבוסים. כן היו מפליגים ליערות מרוחקים למדי מן העיר, ללקט בימי קיץ תותי־בר או פטריות ולקושש עצים לכיריים ולהסקה. מדי פעם בפעם היינו אף מתגנבים ליער הקרוב של ויריון, ועל אף האיסור שבדבר, כורתים עצים יבשים.

אירע גם, שגילונו, שיירה שלימה מרחובנו, כשאנו מתנהלים בדרך הביתה עם השלל הכרות על שכמינו. הספקנו אמנם לישא רגלינו להימלט לכל הרוחות, אך זוהד שנתפס ונחקר (ניוניה סטאַמבלר), לא עמד לו כוחות בפני החבטות שספג ומסר את שמותינו. וכך נקראנו לדין ונקנסנו ומאתנו שגם נידונו למאסר. זכורני, היאך היו באים לאסור את אמא והמתרגם היהודי שבתאי חיות היה רומז לנו, לילדים, כי נפרוץ בבכי וכי נרבה לבכות, ואנו נשמעים וגועים ביללל ובזעקות „אמא, אמא!" עד שהיו עוזבים אותה לנפשה, ועד שבסופו של דבר נפטרנו מן הרעה הזאת.

## תמורות בתחום החברה

שמאי קאַפּלאַן

### הרב ויינטרויב

עם נסיגת הרוסים בסתיו 1914, עזב הרב ר' זלמן סנדר את העיר. נשאר בה אך מורה־הוראה יחיד. הגרמנים, הכובשים, השליטו את המשטר שלהם, והקהילה היהודית התחילה לחיות את חייה, בתחום המיגבלות של ימי הכיבוש.

לפני רוב העדה, שהיו שומרי־מסורת, ניצבה הבעייה של מינוי רועה רוחני למקום. ב־1916 נתכנסו אנשי בית־הכנסת והזמינו לכהן ברבנות קרינקי את הרב ויינטרויב, אז פליט מקובנה. היה זה אדם משכיל, מלא וגדוש הן יהדות ותורתה והן השכלה כללית. הוא ידע גם לשונות, גרמנית בכללן. הרב ויינטרויב כינס קבוצת בחורים, אותי ביניהם, ולימדנו יום־יום דף גמרא. אנו גם היינו יוצאים כל יום שישי לקבץ בעיר מבית לבית את מיכסת יושביו בדמי־שכירות השבועית של הרב.

משטר הכיבוש הגרמני על חומרותיו וגזירותיו הביא לכך, שבתי־אב רבים נתרוששו והגיעו עד לפת לחם, בשל הנגישות. בו בזמן נמצאו בין הנוער היהודי גם משתפי־פעולה עם הגרמנים ומפיקי־רווחים מכך. הרב ויינטרויב היה איש האסכולה ההומניסטית. בשבתות אחרי „שלוש־סעודות" היה נוהג לדרוש דרשה, בבית יהודה ורלינסקי בעיקר בהלכות מוסר, והיה מתקיף את הסרים מדרך זו. בקהל היו יורדים לרמזיו, שכוונתם למשרתים את צרכי הגרמנים, אף מפענחים מי הם הללו.

ביום מן הימים נדרש להתייצב לפני קצין־המחוז, ונשא מאוד חן בעיניו, הלה הכיר בו כרב, אף הסכים לשחרר מעבודת־הכפייה, הנהוגה אז, את בחורי הגמרא שלו, לפי שימליץ עליהם. לקראת חג הפסח גם קיבל מאת הגרמנים תפוחי־אדמה, שהיה בהם מחסור, לחלוקה לעניי העיר, ואנו עסקנו בזה בהתנדבות. וכך עלתה מאוד קרנו של הרב.

אולם דבר זה לא נראה בעיני אחדים מן „המקורבים למלכות", אשר חששו לדחיקת רגליהם, והם החלו לחתור תחתינו. ביום ששי אחד, כשהלכתי, עם משה מריין, ברובע „קאַווקאַז" לקבץ דמי־שכירות לרב, נטפלו אלינו בחורים אחדים והתגרו בנו, עד שהביאונו לידי קטטה עמם. מאז התחילו לרדפנו בדרכים שונות, אף נלקחנו לעבודת־כפייה. את ריחו של הרב הבאישו בתואנה שהוא חותר, כביכול, תחת שלטונם של הגרמנים.

בסופו של דבר הם הצליחו להביא לידי כך, שביום מן הימים, ערב שבת דווקא, נצטווה הרב ויינטרויב, לעקור, תוך 24 שעות, מקרינקי.

# די דייטשע אקופּאַציע

## האַרבסט 1915—פרילינג 1919

דוב ראַבין

## אונטערן פּרעס פון אקופּאַנט

### אין צוואַנג און אין נויט

מיטן אריינגיין פון די דייטשן, האָבן די יידן אין גאַנצן ארומיקן געביט פרייער אָפּגעאָטעמט פון דער קאַשמאַרפולער אימה, וואָס האָט זיי אַזוי באַהערשט, מחמת דער סכנה פאַר זייער פיזישן קיום. יידן האָבן זיך ערשט אויך געפילט באַפרייט פון דעם „פּאַנישן" רעזשים, וואָס האָט זיי דורות לאַנג דיסקרימינירט און געררודפט.

עס האָט אָבער באַלד זיך איינגעשטעלט א שטרענגער אַקופּאַציע־רעזשים. עס האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה פון צוואַנגאַרבעט אויף שאָסייען; פון רעקווירירן לעבנסמיטלען און א ריי סחורות, ווי לעדער, מעטאַלן און כעמישע פּראָדוקטן; פון אַרבעטלאָזיקייט, נאָך דעם ווי ס'איז רעקווירירט געוואָרן דער רויפעלן־זאַפּאַס און פאַרבאָטן געוואָרן צו פּראָדוצירן לעדער, אַזוי אַז אויך די אין קרינקי פון דער פריערדיקער עוואַקואַציע נאָך פאַרבליבענע גאַרבאַרניעס, זענען ערשט געבליבן פאַרמאַכט; אַזוי זענען אויך איינגעשטעלט געוואָרן באַוועגונג־פאַרבאָטן, לויט וועלכע עס איז א שטייגער נייטיק געווען אַרויסצונעמען א ספּעציעלע דערלויבעניש אויף אַרויסצופאָרן פון שטעטל אדג"ל: עס איז פאַרווערט געוואָרן אַרויס־ און אַריינצופירן שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, אאַז"וו.

דער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט. א ריי קראָמען און געשעפטן זענען נאָך בעתן אָפּטרעטן פון די רוסן צעראָבירט געוואָרן. די געבליבענע סחורה איז באַלד מערסטנס רעקווירירט אָדער אויסגעקויפט געוואָרן; און דער נישאר איז נעלם געוואָרן — אַוועק אויף שמוגל און שפּעקולאַציע.

איז אַנטשטאַנען א שאַרפער מאַנגל אין עסנוואַרג, א בהלה און א געוואַלטיקער יקרות. האָבן זיך יידן אַוועקגעלאָזט, גרויס און קליין, אין די שכנישע דערפער, צו קריגן וועלכע נישט איז פּראָדוקטן ביי די פּויערים, וואָס זענען דערווייל אויך געבליבן אָן זייערע בהמות און תבואות, וואָס די דייטשן האָבן שוין באַוויזן אויסצורויבן ביי זיי. איז מען געווען גליקלעך צוריקצוקומען אַהיים מיט א האַרטן דאָרפישן ברויטל, א ביסל קאָרנקערנער אָדער געדרשטענע גרויפּן אדג"ל — פאַר זיך און פאַר די איבעריקע נפשות אין שטוב.

באַלד האָבן די וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט אָן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן — אויך דאָס פאַרלאָרן, מיטן באַפעל אויסצובייטן דאָס רוסישע געלט אויף ווערטלאָזע באַנקנאָטן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. עס איז אויך אַרויס א גזירה, צו „פאַרקויפן", פאַר א שיבוש, דער דייטשער שררה אַלע קופּער־אויסאַרבעטונגען, איינגעשלאָסן שטיביקע חפצים און כלים, אָנהייבנדיק פון טירהענטלעך און ענדיקנדיק מיט די קופּערנע פּאַנען און טעפּלעך און אַנדערע עס־ און טרינק־געשיר.

גאָר אין גיכן האָט דער דלות אָנגעהויבן פּייפן אין די יידישע הייזער. עס זענען אָנגעשטאַנען צייטן פון הונגער און נויט, וועגן וועלכע קרינקער היימישע דערציילן אין זייערע זכרונות, אַז „איינגעוויקלט אין שמאַטעס און מיט הילצערנע 'טרעפּעס' אויף די פיס, פלעגן מאַמעס



יידן און קריסטן, צוואַנג־אַרבעטער, ביים לאָדעווען און שלעפּן וואַגאַנעטקעס אויפן שאָסיי קיין קליין־ברעסטאָוויץ
יהודים ונוצרים, עובדי־כפייה, בהעמסת קרוניות והובלתן, בכביש לברסטוביץ־זוטרתא

און שוועסטערס גלייך מיט טאג זיך ארויסשיטן פון אלע עקן שטאָט און אויסטאָפּטשען די פעלדער פאר 20 וויאָרסט, ארומזוכנדיק א פארגעסענעם קאָרנזאַנג אדער א פארפרוירענע צעפוילטע בולבע". אנדערע פלעגן אַוועק אויך אין די שכנותדיקע וועלדער אויפצוזוכן און צונויפ־קלייבן א ביסל האָלצאָפּפאַל צום קאָכן און כדי ווי ס'איז זיך אָנצוואַרעמען.

נויט־צייט־פרנסות

גלייכצייטיק האבן אבער קרינקער יידן אויך נישט געזעסן מיט פארלייגטע הענט. מען האט געזוכט מיטלען, ווי אזוי אויסצוקומען און אויסהאלטן די שלעכטע צייט. האבן יידן אַרענדירט סעדער און גאָרטנס ביי ארומיקע פּריצים, און צענדליקער משפחות האבן געצויגן פרנסה, במשך יארן, פון קאַרטאָפלצוכט. אנדערע יידן, ווידער, האבן זיך גענומען צו פרנסות־השעה: גרעסערע איינשטע־לערס האבן זיך פארנומען מיט שמוגל — געשמוגלט פאר־באָטענע סחורות פון איין זאָנע אין דער אַנדערער; קלע־נערע — זענען געווארן בעל־עגלות, וואס פלעגן אריבער־פירן די דאָזיקע אַרטיקלען, און האבן פון דעם געצויגן זייער חיונה. אמת, געוועז צווישן זיי אויך אזעלכע, וואס „וואלטן בעסער געפּאַסט צו זיין מלמדים, ווי צו האבן צו טאן מיט פערד און וואָגן" — שרייבט א קרינקער — אבער קיין בעסערע ברירה האבן זיי טאַקע ניט געהאט. אזוי האט מען זיך געסטאַרעט אויסצוזוכן אויך אנדערע פרנסות, ווי ווייט עס האט זיך געלאָזט.

ד. ר.

## התעוררות תרבותית־יהודית

שידוד־מערכות נתחולל בקרב היהודים בשטח הכבוש, מבחינה תרבותית־לשונית. החוגים נושאי הרוסיפיקאַציה היו הראשונים לצאת מן המקום אל השטחים, שנמצאו כעת מעבר לקו־החזית מזרחה. הנשארים נותקו ממקור־ההשראה הרוסי, ועם המשך המלחמה, לא נראה עוד, כי ישובו אליו. המוסדות לחינוך ולהשכלה, מפיצי הרוסית, היו עתה סגו־רים, והשלטונות החדשים דאגו לסלק לשון זו מכל שאר התחומים.

ליידיש, לשון־העם, שהחוגים הלאומיים היהודיים, במר־ביתם, ראוה תמיד כתריס חשוב בפני ההטמעה, באה עתה שעה טובה גם מבחוץ, כי הגרמנים סברו, שעשויה שפה זו להחליש את ההשפעה הרוסית בקרב היהודים, אף לפתוח שערים ל„גרמונם".

הכובשים, עם גזרם על כל פעילות פוליטית באיזור, נאותו כעבור זמן, להתיר לערוך הצגות ואירועי־תרבות אחרים, להפקת הכנסה מהם לצרכי סיוע לנזקקים הרבים. החלו אפוא בני־נוער ביישובי היהודים להקים לתכלית זו, ולא לכך בלבד כמובן, אלא לגופו של עניין, „חוגים דרא־מאתיים" של חובבים, שהיו מציגים מחזות ביידיש — דבר שהקהל היהודי היה צמא לו מזה שנים, מאז אסר השלטון הצאַרי על הצגות בלשון זו. אגב כך, התירה השררה הגרמנית להקים גם אגודות לספרות יהודית, שתארגינה את החוגים הדראמתיים ותדאגנה להם ולקיום ההצגות.

אנשי־קרינקי לא נשתהו עתה ויסדו בכן אגודה כזו, בשם „ליטעראַרישע געזעלשאַפט", שפיתחה לאלתר פעולה ענפה לתרבות, ביידיש, בערכה „ערבי־ספרות", הרצאות בנושאי־מדע וכד', ולפעמים — אם נעדרו „המפקחים" מטעם הרשות — גם שיחות מענייני־דיומא הציבוריים. הוקמו גם חוגים דראמאתיים, שהעלו במשך הזמן הצגות מהצגות שונות מטובי המחזאים, בעיקר היהודיים. בכך גם הפיגו מועדון האגודה ופעולותיו את השממון ואת קדרות־הרוח, שהציבור היהודי, והנוער במיוחד, היו שרויים בהם. כן משכו לתחום של הלשון והתרבות היהודית גם את החוגים, שהיו עד כה מרוחקים מאלה, כמעולם הרוח של עמם ומערכיו בכלל.

מלבד „האגודה לספרות" הנ"ל, שהיתה פתוחה לכול, ושפעלו בה חברים אשר השתייכו לזרמים שונים — הקימו הציונים, ובייחוד „צעירי־ציון", שנתארגנו בחשאי — מועדון בשם „מרכז", אשר „בחסותו" פיתחו פעילות ציונית, שלא הותרה ע"י השלטון.

„צעירי־ציון", ועוד קודם לכן אגודת־נוער ציונית בשם „קדימה" (בני למטה מגיל 18, ובין פעיליהם אסתר טרקל, אייזיק אוסטרינסקי, משה זאַלסקי ואחרים), הם שיזמו ונתמסרו בלב ונפש לפתוח ולקיים גם עתה בית־ספר עברי בעיירה — מפעל, שנתפתח אחר־כך לתפארת, ושעליו ידובר כאן בהמשכנו.

גם החוגים, שגרסו חינוך יהודי ביידיש, בעיקר מאנשי מפלגות־הפועלים הוותיקות — נחלצו עתה לדבר חינוכם

של ילדי ישראל, ברוחם, והקימו גם הם בית־ספר יידישאי, ונתמכרו לו ולהחזקתו בהתלהבות רבה.

בגורלם של שני בתי־הספר גם יחד נפל עד מהרה לעמוד במאבק קשה עם הגרמנים, שפתחו בינתיים במ־קום בית־ספר משלהם, בגרמנית, ואמרו לאלץ את ילדי היהודים לעבור ללמוד במוסדם ולהתחנך ברוח השלטון החדש. במזימות אחרות מצד הכובשים, נאלצה להיאבק גם „האגודה לספרות", והיא ידעה להפרן.

ימי תמורות גדולות הגיעו לקרינקי, כלכל האיזור הכבוש, אך בסוף 1918, לאחר המהפכה בגרמניה, ועל כך עוד ידובר.

**שמואל געלער**

## אין די פּאַרוואָרלאָזטע גאַרבאַרניעס־הויפן

ווען די פראָנט־ליניע, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט זיך דערנעענטערט צו קרינקי — האבן די גרעסטע צאָל לעדער־פאַבריקן זיך עוואַקוירט טיף אין רוסלאַנד. מיטן אריינגאַנג פון די דייטשן זענען אויך די איבעריקע גאַרבאַרניעס געשלאָסן געווארן, די פאַבריקס־הויפן, פארוואַקסן מיט ווילד גראָז. פאַריתומטע זענען געשטאַנען די „רויזוואַרגן", אויסגעטרינקט זענען געווארן די „טשאַפּעס", מיט פאָוויטשעניע באַצויגן די „ראַלקעס" און די ארבעטטישן.

די גרויסע פארוואָרלאָזטע גאַרבאַרניעס־הויפן זענען געווארן ערשט א גן־עדן פאר די חדר־ייִנגלעך. דא האט מען זיך זאָרגלאָז, פריילעך געשפילט אין באַהעלטעניש, אין „קאָזאַקן", אין „גנבים". די הונדערטער פארלאָזענע „טיטשקעס" האבן אויך א סך געדינט ווי ביקסן, שווערד און... ביי שפילן אין „טשאָרטן".

**ד. ר־ן**

## יידישע־קולטור אויפשטייג

א ראַדיקאַלע ענדערונג האט זיך אָנגעהויבן צו פילן אינעם ארומיקן אָקופּירטן געביט, קורץ נאכן אריינגיין פון די דייטשן — אינעם יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. יידישע תושבים פון די רוסיפיצירטע קרייזן, זענען דאָך געווען די ערשטע צו פארלאָזן דאס שטעטל און ארי־בערצופאָרן טיפער קיין רוסלאַנד, מיטן דערנעענטערן זיך פון דער פראָנט־ליניע צו קרינקי; און די וואס זענען פארבליבן אויפן אָרט, זענען איצט געווען אָפּגעריסן פון זייער גייסטיקן יניקה־מקור. רוסיש איז ערשט אַראָפּ פון דער אָרענע. די דייטשן האבן זי ארויסגעשטויסן פון די לערנאַנשטאַלטן און פון געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל, און זיי זענען געווען אפילו גרייט צו פרעפערירן יידיש, א שפּראַך, וואס איז נאָנט צו זייערער און קען אויך דינען — אזוי האבן זיי געמיינט — ווי א גורם צו גערמאַניזירן די באַפעלקערונג.

פאַר יידיש מאַמע־לשון, וואָס די מערהייט נאַציאָנאַל־געזינטע יידן האָבן זי איינגעזען תמיד ווי אַ שוצשילד קעגן אַסימילאַציע און ווי א נאַטירלעכן פאַקטאָר פאר א יידישער קולטור־אַנטוויקלונג — איז ערשט אָנגעשטאַנען א ריכטיקע צייט, אפילו אין פרט פון די אויסערלעכע באַדינגונגען.

נישט נאר אין עקאָנאָמישן זין האט זיך איצט געפילט די ביטערע נויט ביים יידישן עולם, און דער עיקר צווישן דער יוגנט — נאר אויך גייסטיק. מען האט געלעכצט נאָך א מעגלעכקייט צו פארברענגען און צו פארטרייבן בחברותא דעם שווערן געמיט, צו הערן א יידיש וואָרט און געניסן טאָקע פון א רוחניתדיקן פאַרוויל.

ווען די דייטשן האבן מיט דער צייט געגעבן זייער הסכמה איינצואָרדענען פארשיידענע פאראַנשטאַלטונגען, וואס זייער הכנסה זאל געווידמעט זיין אויף צו געבן הילף די פילצאָליקע נויטבאַדערפטיקע — האט מען באלד אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך אויסגענוצט די דאזיקע מיגלעכקייט און עס זענען אַנטשטאַנען פאריינען צום פלעגן יידישע קונסט און דראַמע, תחילת פארן דער־מאנטן צוועק.

אזוי איז אויך אין קרינקי אָן שהיות געגרינדעט געווארן א „ליטעראַרישע געזעלשאַפט" אונטער דער אָנפי־רונג פון די בעסטע אינטעליגענטסטע כוחות פון פארשיי־דענע געזעלשאפטלעכע ריכטונגען, און מען האט זיך גענומען אָרגאַניזירן ליטעראַרישע „אָוונטן" און אנדערע פאראנשטאַלטונגען. עס איז ביי דער געזעלשאַפט געשאַפן געווארן א „דראַמאַטישער קרייז", וואס האט זיך פאר־מאָסטן צו שפילן טעאַטער אין יידיש — א **גענוס, וואס**



דייטשישע צוואַנגשולע פאַר יידישע קינדער
בית־ספר־של־חובה לילדים יהודים
די לערערין / המורה — פּאַטשעבוצקי

„פּאַניעס" רעזשים האט עס בשעתו פאַרבאָטן אין וואס דער יידישער עולם האט שוין זינט יארן נישט טועם געווען. א פרישער לעבנסגייסט האט אנגעהויבן ווייען אין שטעטל און אַרומנעמען אויך די וואָס זענען געווען ווייט ביז איצט פון יידישער קולטור אין אירע אויסדריקן מכל המינים.

ציוניסטישע קרייזן, באַזונדערס די יוגנטלעכע „צעירי־ציון", וועלכע האבן זיך אין צווישן אָרגאַניזירט קאָנספּיראַטיוו, האבן א חוץ זייער טעטיקייט אין דער אַלגעמיינער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" און אין דעם דראַמאַטישן קרייז — געעפנט אויך א באַזונדערן צוזאַמענקום־לאָקאַל, דעם „מרכז" (צענטער). דער דאזיקער שילד האט געדינט ווי א דעקמאַנטל, אונטער וועלכן עס האט זיך, ווי מעגלעך, געפירט א ציוניסטישע טעטיקייט, אין די דעמאַלטיקע אומלעגאַלע באַדינגונגען.

יונגע לערערס און טוערס האבן זיך גענומען מיט ענערגיע און מסירת־נפש צו זאָרגן פאַר דער דערציונג פון די יידישע קינדערלעך. עס איז ווידער געעפנט געווארן די העברעישע פאלקשול, און שפּעטער איז דורך ארבעטער־טוערס געגרינדעט געווארן א פאלקשול אין יידיש. די אָקופּאַציע־מאַכט האט זיך אבער אין צווישן ארומגעזען און געעפנט אייגענע שולן אין דייטש, מיט דער מיין צו ליקווידירן דעם יידישן חינוך. תחילת האבן די דייטשן געפאָדערט איינצופירן זייער לשון אלס אונטער־ריכט־שפּראַך אין די יידישע שולן, און אז מען האט זיך קעגן דעם ווידערגעשטעלט — האבן זיי די יידישע פאלק־שולן געשלאָסן, אבער אָן אן איבעריקן דערפאָלג פאַר די דייטשישע. זענען טאַקע שפּעטער די יידישע ווידער געעפנט געווארן.

אויך די ליטעראַרישע געזעלשאפט האט געהאט זוויסצושטיין פון דער מאַכט.

ערשט אין סוף 1918, נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, האבן די צייטן זיך געביטן.

ישראל ווייַנער

### די „ליטעראַרישע געזעלשאַפט" און איר קאַמף*

עס איז ערשטע וועלט־מלחמה, יאר 1916. קרינקי, ווי גאַנץ ליטע, איז אָקופּירט פון דייטשישע חיילות. אין כמעט אלע יידישע שטעט און שטעטלעך ארום פּילט זיך א זייער אינטענסיווע קולטורעלע אויפלעבונג, און נאַטיר־לעך, קען קריניק נישט צוריקשטיין. עס האט זיך ביי אונדז דאַן אָן שהיות געגרינדעט א „ליטעראַרישע געזעלשאַפט" אונטער דער אָנפירונג פון די סאַמע אינטעליגענטסטע כוחות, ווי דער לערער איינשטיין, דויד גאָטליב, די ברידער פּאַטשעבוצקי און נאָך אנדערע.

די דאזיקע געזעלשאַפט האט זיך פאַרנומען צו אַנטוויקלען א ברייטע טעטיקייט, אָרגאַניזירנדיק אָפטע ליטעראַרישע אָוונטן, אויף וועלכע ס'זענען געהאלטן געווארן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע און וויסנשאַפט־לעכע טעמעס, רעציטאַציעס און דעקלאַמאַציעס, אויך פאַרלעזונגען. ס'האבן זיך אין דעם באַטייליקט די בעסטע קולטורעלע כוחות, וואס אונדזער קרינקער יידישער ציבור האט פאַרמאָגט. און געקומען איז דער עולם צו די אָוונטן מאַסנווייז, און מיט גרויס בייפאַל אויפגענומען יעדן דורכגעפירטן פּראָגראַם. ס'האט אבער דערנאָך דאס פּובלי־קום אנגעהויבן צו פאָדערן אינהאַלטסרייכערע פּראָגראַמען, ווי רעפעראַטן, רעציטאַציעס און דעקלאַמאַציעס — ווייל דער עולם האט זיך געניי‌טיקט אין א סך קולטור און ליטעראַטור כדי צו פאַרטרייבן פון זיך דעם הונגער און דעם דלות, וואס האבן דאַן געהערשט אין שטאָט. האט זיך טאַקע געשאַפן ביי אונדז א דראַמאַטישער קרייז פון אַמאַטאָרן, וואס האט, אונטער דער לייטונג פון דער פריער דערמאַנטער ליטעראַרישער געזעלשאַפט,

* פון „גראָדנער אָפּקלאַנגען", בוענאָס־איירעס, נ' 10

אנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער אין לאָקאַל פון דער אָרטיקער באַנק.

געדענקט זיך מיר נאָך עד־היום די ערשטע אויפגע־פירטע פּיעסע יעקב גאָרדינס: „כאַשע די יתומה“, ווו די ראָליע פון טראַכטנבערג האָט געשפּילט דער לערער איינשטיין; אַלס מאָטיע שטרייכל — שמולי טענאָר, ווי מ'פלעגט אים אַזוי רופן; און רחל סטאַמבלער האָט געשפּילט די ראָליע פון כאַשע די יתומה.

יעדע דורכגעפירטע פאָרשטעלונג האָט געהאַט גרויס דערפאָלג, הן מאַטעריעל הן מאָראַליש.



„הערצעלע מיוחס“־פאָרשטעלונג
חוג־החובבים הדראַמאַטי מציג את „הערצעלע מיוחס“

די טעאַטער־אָוונטן האָבן אנגעהויבן באַזוכן אויך די דייטשישע מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך געפונען דאַן אין שטאָט און אין די ארומיקע דערפער, אויך אין לישקער הויף און אין אַלעקשיץ, ווו זיי זענען געווען איינגעקוואַרטירט. ס'האָבן זיך די שטאָטישע דייטשן אפילו פאַראינטערעסירט מיט די פאַרשטעלונגען און אָפט מאָל זיך אַריינגעמישט אין דער רעזשי, אַזוי אַז איין מאָל, ביי דער אויפפירונג פון „הערצעלע מיוחס“, האָבן זיי רחל סטאַמבלערן ממש געצווונגען צו זינגען ביים סוף פון דער פאָרשטעלונג די סערענאַדע פון שובערט.

די דייטשן האָבן „געזיגט“

גאָר גיך האָבן די דייטשן זיך מתקנא געווען אין דעם פאַרגעניגן וואָס יידן געניסן פון די פאָרשטעלונגען, און די העכערע שׂררה האָט שטרענג פאַראָרדנט דער פאַר־וואַלטונג פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט צוצוגעבן נאָך יעדער טעאַטער־פאָרשטעלונג א טאַנץ־פאַרווייַלונג, צו געבן די דייטשן א געלעגנהייט צו טאַנצן מיט די יידישע מיידלעך. נישט קענענדיק זיך קעגנשטעלן, האָט די פאַרוואַלטונג בעל־כרחה געמוזט די פאַראָרדענונג נאָכ־געבן און ס'זענען אוועק א פּאָר חדשים, בעת וועלכע יעדער טעאַטער־ספּעקטאַקל איז לסוף באַגלייט געוואָרן מיט א טאַנץ־פאַרווייַלונג צום פאַרגעניגן פון די דייטשן, ביי וועמען אונדזערע קרינקער יידישע מיידלעך האָבן שטאַרק נושא־חן געווען.

אָבער אין שטאָט האָט זיך דאַן צווישן יידישן עולם אויפגעהויבן א מורמלעריי קעגן אַזעלכע פאַרווייַלונגען, צו ערשט אין דער שטיל און באַלד אַלץ העכער און העכער. ס'האָבן בייזע צינגער געהאַט א שעת־הכושר צו „פּליאַטקעווען“ און „גוזמאַווען“ נישט דער ערך מער ווי ס'איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. און געווען איז די פאַרוואַלטונג פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט מאַכטלאָז צו קאָנען טאָן בנוגע דעם עפּעס ווירקזאַמעס, ווייל בטל צו מאַכן די פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מיליטער־מאַכט, בשעת מלחמה־צייט, האָט פּשוט געדראָט מיט טויטשטראָף, אָדער לפּחות פאַרשיקט צו ווערן קיין הייִנאָווקע און ביאַלאָוויעזש אין צוואַנגס־באַטאַליאָן. אַזוי אַז דער ענין איז שוין געהאַט באַטראַכט געוואָרן פאַר פאַרשפּילט לחלוטין.

דאַן האָט דער חבר דוד גאָטליב, פאַרזיצער פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, געמאָלדן ביי א זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, אַז ער נעמט אויף זיך די אחריות און ער וועט בעת א קומענדיקער טעאַטער־פאָרשטעלונג נישט דערלאָזן דורכצופירן די טאַנץ־פאַרווייַלונג. האָבן אים אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער געפרווט אָפּצורייַדן דערפון, וואָרנענדיק פאַר דער גרויסער געפאַר, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, ער איז געבליבן איינגעעקשנט ביי זייַנס. און כך הווה: ווען ס'איז געגעבן געוואָרן א נייע טעאַטער־פאָרשטעלונג און מ'האָט צום סוף גענומען מאַכן פּלאַץ צום טאַנצן, האָט גאָטליב פון דער בינע אַראָפּגעלאָזט הערן זייַן שטרענגן באַפעל, נישט מער צו טאַנצן, און נישט פּראָוון קיין אָרגיעס אין דעם אָרט, ווו ס'ווערט פאַרגעטראָגן ס'וואָרט פון מענדעלען, פון פּרצן און פון שלום־עליכמען.

זענען די דייטשן געבליבן געפּלעפּט ווי פון א דונער געטראָפן: וואס הייסט? „ווי האט ער דער 'שמוציקער אָסטיודע' זיך דערוואַגט קעגנצושטעלן די אַלמעכטיקע דויטשן!" בעת אט דער סומאַטאָכע, האט דערווייל חבר גאָטליב אויסגענוצט די געלעגנהייט, און אין דער באַגלייטונג פון אייניקע חברים איז ער נעלם געווארן פון זאַל.

נאָך דעם ווי די דייטשן, זענען געקומען צו זיך פון זייער דערשטוינונג, האבן זיי זיך גענומען אָפּצוזוכן גאָטליבן, כדי זיך נוֹקם צו זיין אין אים. באלד נאָך אין דער שפּעטער נאכט זענען זיי באַפאַלן די שטוב פון דווידס פאטער ר' יודל גאָטליב ע"ה, דאַן אויך אנדערע יידישע שטיבער. נישט געפינענדיק אים אין ערגעץ, האט אויף צו מאָרגנס אין דער פרי די דייטשע זשאַנדאַרמעריע געמאָלדן דער ליטערארישער געזעלשאפט, או אויב דוויד גאָטליב גופא וועט זיך אין משך פון 6 שעה נישט צושטעלן צו אים, וועלן דאַן אלע פאַרוואלטונגס־מיטגלידער אַרעסטירט און די געזעלשאפט ליקווידירט ווערן. פונקט צו די 6 שעה האט זיך דוויד גאטליב אַראָפּגעיאַוועט אין דער זשאַנדאַרמעריע, ווו ער איז געבליבן ארעסטירט.

ווען מ'האט דארט שפּעטער גענומען באַשטימען, וואס פאר א שטראַף אָנצווענדן לגבי אים, האט דער וואַכט־מייסטער גראַבאַק פראָסט און פשוט געפּאָדערט די סאַמע העכסטע שטראָף. ס'האט זיך דאַן אָנגעהויבן א סדרה פון השתדלותן ביים אַמטס־פאָרשטייער און אין אנדערע קרייזן, ביז מ'האט קוים אויסגעפועלט, מ'זאָל גאָטליבן פאַרשיקן קיין היינאַווקע. דאַן איז אבער גאר אומגעריכט געקומען די ישועה פאר גאָטליבן מצד זיינער א שוועס־טער־קינד, שבע מרדכילעוויטש, וואס איז געווען גוט באפריינדט מיטן סעקרעטאַר פונעם אַמטס־פאָרשטייער, שטורמאַק, א טיף־רעליגיעז־געשטימטער דייטשער ייד, א גראַדואַנט פון א רבנים־סעמינאַר (זיי האבן שפּעטער ביידע חתונה געהאט). מיט שווערער מי איז געלונגען ארויסצוקריגן דוויד גאָטליבן פון די דייטשישע מילי־טערישע לאַפּעס.

באפרייט איז ער אבער געווארן בתנאי, אז די ליטע־ראַרישע געזעלשאפט זאל תיכף פאַררופן אן אלגעמיינע עקסטרע־פארזאמלונג און אים נישט נאר דיסמיטירן פון פאָרזיצערײַ, נאר אפילו פשוט אויסשליסן פון דעם פאריין. איז אויפן צווייטן טאג די פארזאמלונג פארגעקומען ביי דער אנוועזנהייט פון אלע מיטגלידער און אויך פון א סך דייטשישע מאַכט־פארשטייערס. אנגעפירט מיט דער פאר־זאמלונג האט דער וויצע־פאָרזיצער אַנשל פּאָטשעבוצקי, וואס האט פאר די פארזאמלטע אויפגעקלערט דעם מאָטיוו איבער וועלכן זיי זענען פאררופן געווארן. לטובת דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון דער ליטערארישער געזעל־שאפט, האט ער געבעטן שטימען דורך הייבן די הענט, דערפאר, אז דוויד גאָטליב ווערט אויס פאָרזיצער, און אויסגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט. אבער קיינער פון דעם עולם האט נישט אויפגעהויבן זיין האַנט.

דא האט דער הויפּט־פאָרשטייער פון די דייטשן געוואָרנט די פארזאמלונג, אז מען מוז געפינען אַן אויסוועג, און אויב נישט — וועלן אָנגעווענדט ווערן סאַנקציעס. דא איז אונטערגעקומען גאָטליב גופא צו ראַטעווען די סיטואַציע, און מיט א תחנונים־קול האט ער געבעטן, לטובת דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון דער ליטערארישער געזעלשאפט, צו שטימען פאר אויס־שליסן אים. נאר צו א צווייטער אָפּשטימונג איז נישט דערגאַנגען, ווייל ס'האט זיך באלד דערהערט אן אַליארמ־רוף פון די פייערלעשער, וואס איז געוויס געווען בכיוון צוגעגרייט דורך די דייטשן און זייערע משרתים — אזוי אז די פארזאַמלטע זענען זיך צעלאָפן.

די דייטשן האבן בכן „געזיגט"... אָפיציעל איז גאָטליב געווארן פאַררעכנט פאר אן אויסגעשלאָסענעם פון דער געזעלשאַפט, אבער קיין איין זיצונג פון דער פאר־וואלטונג, אדער באַראַטונג, אדער קולטור־אַקט, איז נישט פאָרגעקומען אן דעם אז גאָטליב זאל נישט זיין באמצע.

און צענדליקער בריוו זענען דערנאָך אָנגעקומען צו אים פון די ארומיקע יידישע שטעטלעך, אין וועלכע אים איז אויסגעדריקט געווארן אַנערקענונג פאר זיין קוראַזש געוואַגטקייט און אומדערשראָקנקייט.

אזוי האבן יידישע יונגע־לייט אין קרינקי אונטער־גענומען א קאַמף קעגן דער דייטשישער פּינצטערער מאַכט אין יאר 1916.

ברוך ניב

## פעולה ציונית ולחינוך עברי

### ה„מרכז הציוני״ ; „צעירי־ציון״

בעת מלחמת־העולם הראשונה, כאשר הכול היו מרו־תקים במשך שנים אל יישוביהם, בלא יכולת לצאת מהם אפילו אל סביבתם — היו בני־הנוער שרויים בצמאון לפעילות ולפורקן מבטלה. וכך צמחו והוקמו ה„ליטעראַ־רישע געזעלשאַפט״ (אגודה לספרות ולתרבות יהודית — פתוחה לשוחריהן לזרמיהם) וכן ה„מרכז״ הציוני. מאחורי השלט „מרכז״ קיימנו למעשה מועדון לפעולה ציונית, אשר השלטונות הגרמנים ראוה בעין זעומה. מכאן יצאה הפעולה למען הקרן־הקיימת לישראל, אורגנו האזכרות לד״ר הרצל בכ׳ בתמוז וכו׳.

ב„מרכז״ היו נפגשים חברי האגודה של „צעירי־ציון״, שנוסדה במקום באותו זמן, ואשר ראשיה בני־התשחורת, גילו פעילות והתמדה רבה במשך כל שנות הכיבוש הגרמני, ורכשו להם בפעולתם בתחומים שונים, השפעה ומעמד ציבורי מכובד בעיירה. „צעירי־ציון״ הם אשר פתחו עתה שוב את בית־הספר העברי ונשאו בעול הנהלתו וקיומו; והואיל ובו למדו כעת רוב הילדים היהודים שבקרינקי, נקשרו גם הוריהם אליו ולאלה שעסקו בו. „צעירי־ציון״ הקימו את הספריה הגדולה שבמקום. הם גם קיימו קשרים עם התנועה שמחוץ לקרינקי, וציר מטעמם (כותב השורות האלה) השתתף, ב־1916 בכינוס של אגודות זרם זה בביאַליסטוק. ציר מן האגודה שבקרינקי (אברהם איינשטיין) השתתף, ב־1918, בוועידה הציונית של חבל ליטא־נגב, בביאַליסטוק, ונבחר לחבר המרכז המחוזי.



משכן „המרכז הציוני״ / לאָקאַל פון ציוניסטישן „מרכז״
(אין אלטער דעם פאַרבערס הויז)

כן היו צ״צ פעילים ב„אגודה לספרות״ שהוזכרה ובחוג הדראמאתי והצגותיו.

### בית־הספר העברי

עם כניסת הגרמנים לקרינקי, נפסקה פעולתו של הוועד למען הפליטים בעיירה, ובית־הספר העברי, שנוסד למען ילדיהם, היה סגור. אפס, אחדים מבין חברי הוועדה לתרבות של הוועד הנ״ל, והם אשר נשארו במקום — מנשה ופנחס גאַרבר, יעקב קירז׳נר וכותב השורות האלה — החליטו לפתוח שוב את בית־הספר, וכן עשו.



גן הילדים העברי    דער העברעישער קינדער־גאָרטן

אולם אחר־כך שינו השלטונות את יחסם אליו לרעה וסגרוהו ואילצו את התלמידים לבקר בבית־האולפנה הגרמני שהם יסדו. אעפי״כ, נפתח ביה״ס העברי שוב כעבור זמן, בזכות פעיליו — אם כי במימדים צנועים יותר.

בסוף 1917, לאחר הצהרת־באַלפור, נתכנסו חברי הוועד של „צעירי־ציון״ — אלתר פוצ׳בוצקי (נפטר בארץ־ישראל ב־1964, לאחר שניצל משואת המלחמה העולמית השנייה), ברל זאַקון (כעת בניו־יורק), מלך זאַלקין (ניספה בשואה), פנחס ומנשה גאַרבר וכותב השורות האלה — והוחלט להגדיל את ביה״ס, לאור הסיכויים המקווים לעליה לא״י והצורך להכשיר את הדור הצעיר לכך. הדבר נתאפשר אך לאחר המהפכה בגרמניה, כאשר מחץ האגרוף של שלטון הכיבוש נתרכך. או־אז החלו לחזור לביה״ס תלמידיו, שאולצו בשעתו ע״י הגרמנים לעבור אל בית־האולפנה שלהם.

בין הפעילים, שנתמסרו עתה להחזקת ביה״ס, היו: אברהם איינשטיין, השיל ספירשטיין, מלך זאַלקין, יוסף גבאי, פייגל אפשטיין, מנשה גאַרבער וכותב השורות האלה, ואח״כ — אפרים אפרימזון, שמאי (שיימה) קאַפּלאַן ועוד.

**בענדעט נישט (ברוך ניב)**

## די העברעישע פּאַלקשול

מיטן אריינמארש פון די דייטשן אין קרינקי, האט זיך אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פונעם קאָמיטעט פאר די היימלאָזע און עס האבן זיך אויך איבערגעריסן אויף א פאר חדשים די לימודים אין דער העברעישער פאָלקשול פאר די קינדער פון די פּליטים און פון דער אָרעמקייט, וועלכע איז געגרינדעט געווארן אָנהייב מלחמה.

הונגער, נויט און קעלט איז איצט געווען דער גורל פון דער באַפעלקערונג. באלד אבער זענען זיך צונויפ־געקומען פיר אין קרינקי פארבליבענע מיטגלידער פון דער קולטור־קאָמיסיע פונעם דערמאנטן קאָמיטעט — מנשה און פנחס גאַרבער, ב. נישט און יעקב קירזשנער — און זיי האבן באשלאָסן ווידער צו עפענען די פאָלקשול, מעשה „קמח אין, אבל תורה יש" (ס'איז טאקע נישטא צום עסן, אבער לערנען דארף מען)

אין פארלויף פון א יאר האט זיך די שולע, די איינ־ציקע העברעישע אין שטעטל, זיך צעוואקסן, און די הער־שער, וואס האבן זי תחילה טאָלערירט, האבן איצט גע־וואָרפן אויף איר אַן אומחן און זי פארמאכט און געצוווּנגען די קינדער צו באזוכן די דייטשע שולע. דאָך האט זיך אונדזער בית־ספר, א דאנק דער מי פון זיינע טוער, ווידער געעפנט, כאטש אין א קלענערן פאַרנעם.

סוף 1917, נאך דעם ווי ס'איז פראָקלאַמירט געווארן די באַלפור־דעקלאַראַציע, איז זיך צונויפגעקומען דער קאמיטעט פון „צעירי־ציון" אין קרינקי (בענדעט נישט — איצט אין ישראל; אַלטער פּאַטשעבוצקי — נפטר געווארן 1964 אין ישראל, נאך דעם ווי ער האט איבערגעלעבט די גרויזאמע צווייטע וועלט־מלחמה; בערל זאַקאַן — איצט אין ניו־יאָרק; מלך זאַלקין — אומגעקומען, און פנחס און מנשה גאַרבער). ס'איז באשלאָסן געווארן די שולע צו פארגרעסערן, באזונדערס מחמת דער פערספּעק־טיוו פון א פאָרשטייענדיקער עליה קיין ארץ־ישראל און דער דערמיט פארבונדענער נויטווענדיקייט איינצופלאַנצן אין די קינדער די דאָרטיקע אומגאַנג־שפּראַך, עברית.

א פּאַקטישע מעגלעכקייט דורכצופירן אָט דעם באַשלוס איז אנטשטאנען ערשט אין יאר 1918, ווען ס'האבן אנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן, פון רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און שפּעטער אויך אין דייטשלאַנד. און ווען מען האט אנגעהויבן פילן אויך ביי אונדז, אז די אייזערנע האנט פון די אָקופּאַנטן ווערט א ביסל ווייכער האט די „צעירי־ציון"־אָרגאַניזאַציע פארברייטערט די שולע און ס'האבן זיך אהין א לאָז געטאן צוריק אויך די תלמידים, וואס זענען פריער געווען געצוווּנגען אריבער־צוגיין אין דעם דייטשן לערן־אנשטאַלט.

צו דער גרופּע אַקטיווע טוער, וואס האבן זיך איצט אָפּגעגעבן בלב ונפש אויפצוהאלטן די שולע, האבן געהערט: אברהם איינשטיין, העשל סאַפּירשטיין, מלך




זאַלקין, יוסף גבאי. פייגל עפשטיין, מנשה גאַרבער, ווי אויך דער שרייבער פון אָט די שורות, און שפּעטער — אפרים אפרימזון, שיימע קאפּלאַן א״א. מיט גרויס מי איז זיי איינסגעקומען צו קעמפן מיט די האַרבע שוועריקייטן, אָן וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, ווי: פּאָליטישע רדיפות מצד דער שולמאכט און דער עיקר געלטמאנגל.

צום פינאַנסירן דעם בודזשעט פלעגט שטענדיק אויס־פעלן א־40%—50% פון אים. גרויסע מסירת־נפש האט זיך געפאָדערט מצד דעם שול־קאָמיטעט און דער „צעירי־ציון"־אָרגאַניזאציע, כדי צו דעקן דעם דעפיציט. צו ביסלעך פלעגט מען די גאַנצע צייט באקומען שטיצע פון

קיבלנו הזמנה מאת הרב מישקובסקי, שביקש, כי נגרינו יבואו לתקן רצפה באחד מחדרי דירתו. כמרכז הנגרייה ואחד ממארגניה, הלכתי אליו, יחד עם המדריך ואחד החברים העובדים בה. הרב שמח מאוד לקראתנו, ובמשך כל הזמן, שעסקנו בתיקון הרצפה, שוחח עמנו והתעניין במוסדנו החדש. לא עמד עמנו על המקח ושילם בעין יפה, הילל אותנו ושיבח את מעשינו כבני־חיל ואנשי־עבודה.

## מפלגת „פועלי־ציון־צ״ס״

לאחר הוועידה בוורשה, בשנת 1925, בה התאחדו „פועלי־ציון״ הימניים עם „צעירי־ציון״ הסוציאליסטיים, ושבה השתתף מטעם הסניף בקרינקי החו׳ בנדט נישט — הצטרפו בעירנו רבים מחברי „החלוץ״ למפלגה המאוחדת, ופעולתה החלה לפכות במישנה מרץ. בנשף־האיחוד, שנערך אז באולמי בית־הספר „תרבות״ שבבנין פאַרבר, ושעבר במצב־רוח מרומם, היו ראשי המדברים החברים מנשה גאַרבר ובײלה קלוֹטניצקי ז״ל וייבדל לחיים הח׳ בנדט נישט.

ליד המפלגה נתקיים חוג דראמאתי, שהיה מעלה לעתים קרובות הצגות שונות, שהכנסתן היתה מוקדשת לתכליות־ציבוריות מקומיות או לאומיות כלליות. ליד החוג היתה עוזרת ועדה טכנית, אשר בראשה עמד הח׳ צבי גנדלר, שהיה מצטיין בכשרונותיו ובדייקנותו.

כן היה מתקיים ליד המפלגה חוג לנגינה במנדולינות, שרובו בוגרי בית־הספר. או תלמידי הכיתות הגבוהות. מנהליו ומוריו היו הח״ח: מ. בוֹרוֹבסקי והאחים אשר וצבי גנדלר.



החוג הדראַמאַתי ליד בית־הספר העברי
דראַמאַטישער קרייז ביי דער העברעישער שולע

### הספרייה הציונית ע״ש השל ספירשטיין

באחד החדרים של בית־הספר „תרבות״ ועל־יד המפלגה המאוחדת היתה קיימת הספרייה הגדולה ע״ש השל ספירשטיין („העשל־ביבלאָטעק״). החדר היה מלא וגדוש ספרים, חלקם הגדול בעברית, חדישים ביותר ומן ההוצאות האחרונות והטובות ביותר. בני־הנוער המקומי ורוב תושבי העיירה היו מקוראי ספרייה זו.

אשר גנדלר ובנימין אוסטרינסקי היו ספרניה הקבו־עים והמסורים שלא על מנת לקבל פרס. מדי ערב בערב היו נענים לבקשת כל הפונה אליהם ומחליפים לקהל את הספרים. השניים הנ״ל היו עמודי־התווך של המוסד, ייצגו את החברים הצעירים שבתנועה ב„וועדת־הספרייה״, ומשכו יחד עם המבוגרים בעוֹלה.

### למען הקרנות הלאומיות

הרבה היינו פועלים למען הקרנות הלאומיות, ובייחוד למען הקרן־הקיימת לישראל: מארגנים ימי־סרט, בהם היו זוגות עוברים בכל רחובות העיירה, אף מבקרים בכל בית ובית, וכל זוג היה מתאמץ לאסוף את הסכום הגדול ביותר; כן היינו משגרים חברים לשמחות פרטיות ומתרימים שם את הבאים למען הקרן־הקיימת. בראש כל הפעולות הללו עמד הח׳ בנדט נישט.

### אגודת „חירות־ותחייה״

בראשית שנות העשרים של המאה הנוכחית היתה קיימת בקרינק גם אגודה של הסתדרות הנוער הציוני „חירות ותחייה״, שהתפתחה וצמחה יפה והיתה לערשה של תנועת ארץ־ישראל העובדת שלאחר־כך. פעיליה היו: אוסטרינסקי, משה בוֹרוֹבסקי ואשר גנדלר.

## קבוצות ספורטיביות

### „מכבי״

באותן שנים (1921—1922) נוסדה ונתקיימה בקרינק קבוצה ספורטיבית להתעמלות בשם „מכבי״ (ליד מפלגת „צעירי־ציון״ שבמקום), ושבה לקחו חלק החברים המבו־גרים. בין חבריה המסורים והמצטיינים במופעיהם הפומ־ביים באולם הציבורי של „הבנק העממי״, היה גם אחי הגדול גדליהו ז״ל. על הרוב הם היו מעלים „פיראַמידות״ ומערכי התעמלות אחרים לצורותיהם ומשעשעים את הקהל.

קבוצת כדור־רגל „בר־כוכבא״

באמצע שנות העשרים היתה מתקיימת ליד „הליגה למען ארץ־ישראל העובדת״ בקרינק קבוצת כדור־רגל בשם „בר־כוכבא״, שחבריה היו מבני־הנוער שבתנועה. הם סבלו הרבה בשל ההפרעות מצד ההורים והדתיים שבתושבי העיירה; שכן היו רוב התחרויות הפומביות נערכות בשבתות בחלקת־המרעה הנוצרית („אויפן וויגאָן״). נוסף על כך היו מזמינים מדי פעם בפעם קבוצות אחרות מן העיירות הסמוכות וכן מגרודנה ומביאליסטוק, ואלה



„בר־כוכבא״
קבוצת־כדורגל / פוטבאָל־גרופּע

היו באים למקום או עוזבים אותו לעתים בשבת ובדומה לכך, כשהיו יוצאים חברים מקומיים ליישובי הסביבה לפי הזמנותיהם של הללו.

## „החלוץ הצעיר״

**דבורה לוין־שפיץ**

### מפעולה במקום — להכשרה

לתנועת „החלוץ הצעיר״ נצטרפתי בשנת 1928. נימנו אז עם סניפנו בקרינקי כמאה נערים ונערות, רובם דוברי עברית, חדורי רוח לאומית וכמהים לראות את עתידם בארץ־ישראל.

הפעולה התרבותית בסניף התנהלה בעיקרה ע״י בוגרי התנועה עצמם, שהייתי אחת מהם. שימשתי כמזכירת הסניף במשך זמן ממושך. בין השאר עסקנו גם בהרקת הקופסאות של הקרן־הקיימת שבעיירה ובהתרמה ל„קרן־



קבוצת „השומר הצעיר״ 1927

החלוץ״. על קשיים לא מעטים היה עלינו להתגבר למען קבלת לגאליזאַציה מאת הממשלה וכן בתחומים אחרים.

אם כי בשנת 1929 אירעו מאורעות־דמים בארץ־ישראל והמצב המדיני היה שם קשה והעלייה נעצרה — נצטרפו אז מחברינו להכשרה, וכותבת השורות האלה ביניהם; ועם חידוש העלייה, בשנת 1932 ואילך, יצאו מסניפנו להכשרה עשרות בנים ובנות, שלא זו בלבד שלא ביישו את שם קרינקי, אלא גם נתבלטו בשליטתם בעברית ובחינוכם התרבותי, שהם זכו לו בסניף.



יושב במרכז / זיצט אין צענטער — זאב צור (וועלוול שטיין)

**חיים שיינברג**

### „החלוץ הצעיר״ בתנופת פעולתו

סניף „החלוץ הצעיר״ בקרינקי בשנות־השלושים של המאה, באמצען ובסופן, היה מן הגדולים והפעילים שב־תנועה זו שבפולין. הוא הקיף את רובו של הנוער הלומד

הפעיל והמתקדם שבעיירה — זה שהיה חדור ברוח העברית וקרוב לספרותה ולשאר יסודותיה של התרבות היהודית. מחד גיסא היה עליו לעמוד במאבק עם הדור הצעיר השמרני־הדתי שבעיירה, ולאידך עם בני־התשחורת




של ה„בונד" שב„סקי׳ף" וב„צוקונפט", חניכי בית־הספר היידי, בעלי־הכרה ודבקים בהשקפות, שהקנו להם מחנכיהם, אף עמלים בסדנות ובחרושת לבורסקאות ומאו־גדים באיגוד המקצועי, וכשעמם, נגדנו — הנוער הקומו־ניסטי המאורגן למופת ופעיל במחתרת. יריבות זו הוסיפה עניין ומתח בתכונת סניפנו ובפעולתו.

כחברים לתנועה מחנכת ברוח ובמעשה ולהגשמה אישית, היינו שמים את הדגש בפעולה חינוכית רב־ענפית, ליד עזרה נאמנה לאחותנו הבכירה — ל„החלוץ". וכך היו נערכים כינוסים, מושבות־קיץ, סמינריוני־לימוד שבועיים, „עתוני־קיר", מסיבות ליל־שבת בענייני־דיומא ו„עתון־חי", מדי שבת בשבת, ברוח של פולמוס עם ירי־בינו שבקרב הנוער שבמקום — בבעיות יהודיות ועול־מיות, שהעסיקונו באותו זמן. ואל אירועים אלה היו מיתוספים „משפטים ספרותיים" ו„ערבים של שאלות־ותשובות („קעסטל־אָוונטן" בפינו), לקראת בחירות לקונגרסים, לעירייה ולוועד־הקהילה — כל אלה התסיסו את דעת הנוער והפעילו והעשירו את רוחו.

ועם זאת היינו מתמסרים במלוא להט־הנעורים, לעבודה ציונית מעשית: לאיסוף תרומות למען הקרן־הקיימת ול„קרן־היסוד"; אף משכנו אחרינו והפעלנו את בני־משפחותינו, את שכנינו ואנשי־סביבתנו. גם זכינו



ביום פרח לטובת הקרן הקיימת לישראל
א „בלימל־טאָג" לטובת דעם ידישן נאַציאָנאַל־פאָנד

להערכה ולשבחים מצד המוסדות התנועתיים המרכזיים, לפרסים ולדגלים, ולהזמנות בקבוצות גדולות לסמינרים שונים ולפניות להפריש מדריכים מקירבנו לתנועה בכללותה.

ואמנם, שכיחים למדי היו חלוצים מבין הנוער ה„קרינקאי" בתוך קיבוצי ההכשרה השונים ברחבי פולין ובין מקימיהם.

# אונטער באַנייטער פוילישער הערשאַפט

**מאי 1919 — סעפּטעמבער 1939**

דוב ראבין

## אַלגעמיינער איבערבליק

### אָ נ ה י י ב פּ ו י ל י ש ע ר מ א כ ט

די ערשטע פּאָר יאָר נאָכן ארייננמאַרש פון די פּאָ־ליאַקן, אין פרילינג 1919, איז קרינקי, ווי די גאַנצע געגנט ארום, און דאס שטעטל בתוכה, געווען פאררעכנט פאר אן אָקופּירטן געביט, אינעם תחום פון דער „קערזאָן־ליניע", וואס אַנטשיידן זיין פּאָליטישן גורל האט געזאָלט, מיט דער צייט, א פלעביסציט. א ריי פוילישע געזעצן, מיליטער־פליכט איינגעשלאָסן, זענען דאַ, לעת עתה, נישט חל געווען, זענען די פּאָליאַקן בכן געווען פאראינ־טערעסירט, צו געווינען פאר זייער מלוכה די געזעלשאַפט־לעכע מיינונג פונעם קאַנט. אין קרינקי, ווו יידן זענען געווען דער רוב פון די תושבים און אויך אין איר שטאָט־פאַרוואַלטונג, האט בכן דער „סטאַראָסטע" (מושל פון דיסטריקט) צונויפגערופן א ספּעציעלע זיצונג פונעם שטאָטראַט, מיט דער מיין, אז דארט זאל אויסגעדריקט ווערן דער ווונטש פון דער באַפעלקערונג אַנגעהערן צו פוילן.

„לויט די צייטווייליקע פאראָדנונגען פון דער פוי־לישער 'קרעסן־פאַרוואַלטונג', וואס איר זיצאָרט איז געווען אין ווילנע — דערציילט ש י י מ ה ק אַ פּ ל אַ ן — האט יעדע נאַציע אינעם געביט געהאט דאס רעכט קומען צום אויסדרוק אין אָפיציעלע אַרויסטרעטונגען אין איר אייגע־נער שפּראַך. מיר האבן בכן דערקלערט, אין יידיש, אז מיר האבן פון דער באַפעלקערונג באַקומען א מאַנדאַט אַנצו־פירן בלויז מיט דער מוניציפּאַלער ווירטשאַפט פין שטעטל, אָן שום פולמאַכט צו פאַרטרעטן זי אין פּאָליטישע ענינים. מיט דעם האט די 'פייערלעכע זיצונג' זיך געענדיקט, און דער סטאַראָסטע מיט זיין גאַנצער סוויטע, וואס זענען צו איר אַראָפּגעקומען מיט דער פולער פּאָמפּע — האבן זיך נעבעך איצט אָפּגעטראָגן ווי אבלים, מיט 'ליידיקע הענט'..."

די „מזרח־קרעסן" זענען אַיינגעגלידערט געווארן אין פוילן „דע־יורע" ערשט נאָך דער פויליש־סאָוועטישער מלחמה, אין זומער 1920. פון איצט אָן איז דער גורל פון די קרינקער יידן געווען פארקניפּט און פארבונדן, ביזן חורבן פון דער קהילה, מיטן שיקזאַל פון אונדזערע אחינו בני־ישראל אין פוילן בכלל.

### י י ד ן א ו ן ק ר י ס ט ן א י ן ק ר י נ ק י

לויט דער אין פוילן, אין 1921, דורכגעפירטער פאָלק־ציילונג, האט די יידישע באַפעלקערונג אין קרינקי באַ־טראָפן 3,495 נפשות — 67.1% פון דעם כלל 5,206 תושבים אין שטעטל, פון זיי 904 פּראַוואָסלאַוון און 922 קאַטוילן, פון וועלכע געוויסע טיילן זענען געווען פארקאַ־טוילישטע ווייסרוסן, נאָך פון די צייטן פון דער אַ מ אָ ־ ל י ק ע ר פויליש־פויפסישער הערשאַפט אינעם געביט. די עטנאָגראַפישע סטרוקטור פון דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג אין קרינקי האט פאַקטיש איינגעשטימט מיט דער עטניש־געאָגראַפישער לאַגע פונעם שטעטל אויף דער פויליש־ווייסרוסישער תחום־גרענעץ.

כדאי צו דערמאָנען, אז בעת די גויים האבן זיך לאָקירט בדרך כלל אין דער פעריפעריע פון קרינקי, לעבן זייער לאַנדווירטשאַפטלעכן אדער האַלב־אַגריקולטורעלן אייגנטום — זענען די יידן געווען קאָנצענטרירט אין צענטער פון שטעטל. אין דער־אַ טאָפּאָגראַפישער קאָמ־פּאַקטקייט, און זייענדיק דער רוב אין קרינקי און אין איר שטאָטראַט — האבן די יידן, אין א געוויסער מאָס מיט רעכט, זיך געפילט ווי פולשטענדיקע בעלי־בתים פונעם שטעטל, וועלכע איז טאַקע געווען א פולבלוטיקער יידי־שער יישוב לויט זיין כאַראַקטער און לעבנס־שטייגער.

די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן יידן און קריסטן אין קרינקי, אריינגענומען די פּאָליאַקן, וואס זענען איצט

געווען דאס הערשנדיקע און פּריווילעגירטע מלוכה־פאָלק — זענען ביז דער נאַצישער אינוואַזיע געווען קאָרעקטע, בדרך כלל, און נישט איבעריקנס באַווירקט פון דער אָפענער און אפילו אָפיציעלער אַנטיסעמיטישער העצע, וואס האט זיך פארשארפט, בפרט אין די 30ער יארן פונעם איצטיקן יארהונדערט.

אין לאָקאַלן זין זענען דאָ די יידן געווען אַן אַנזעעוודיקער פּאָליטישער כוח. ביי די וואַלן צום סיים, נאָוועמבער 1930, איז די צאָל שטימען אָפּגעגעבענע אין קרינקי פאר יידישע פּאַרטייען און בלאָקן, דערגאַנגען ביז 1,193, בעת די קריסטלעכע האבן אַנגעזאַמלט בלויז 940. א פשיטא אין דער אָרטיקער מוניציפּאַליטעט, ווו יידן זענען געווען די מערהייט סיי אין שטאָטראַט, סיי אין זיין פאַרוואַלטונג. פאר א שטאָט־פּרעזעס פלעגן אויך די יידן, אמת, אויסקלייבן א קריסט, מחמת פארשטענדלעכע טעמים; אבער דער וויצע־פּרעזעס איז די גאַנצע יאָרן געווען א ייד — צי בענדעט נישט (דער ערשטער פון אחינו בני־ישראל אין אַזאַ אַמט אין פּוילן) פון „צעירי־ציון", צי דויד גאָטליב פון „בונד", אדער מלך זאַלקין (אין יאר 1939) — פון פּועלי־ציון־צ"ס.

די יידישע ראַטמענער און „לאָווניקעס" זענען געווען היפּש אַקטיוו אין דער מוניציפּאַליטעט, און א דאַנק דעם איז זיי אויך געלונגען אָפּצוהיטן די יידישע רעכט און



**„ועד־העזרה" / קרינקער „רעליף־קאָמיטעט — 1920.**
חבר הפעילים של עסקני הציבור היהודי / די אַקטיווע יידישע כלל־טוער (עם „השליח" מאמריקה / מיטן „דעלעגאַט" פון אַמעריקע — לואיס שיין־לייבקע נאָסקעס)
מימין, יושבים / פון רעכטס, זיצן: ישראל סטאָלאַרסקי, יאַנקל לווי, לואיס שיין, א. איינשטיין, ברוך סטאָלאַרסקי, אברהם רובינשטיין; עומדים / שטייען: דויד גאָטליב, דאנעוויצער, נחום בליאַכער, באַרקאַן, וו. וויינער, אפרים אפרימזאָן, ב. נישט, יצחק יתום, משה שמואלעוויטש, ?, ש. פּייוול נישט.

אינטערעסן, בפרט בנוגע שטאטישע סובסידיעס פארן יידישן שולוועזן און די מוסדות פאר סאָציאַלער הילף.

### עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציעס

עקאָנאָמיש איז איצט קרינקי פארבליבן אויף תמיד אָפּגעריסן פון איר אומבאַגרענעצטן ברייטן רוסישן אָפּזאַצמאַרק פאר אירע לעדער־אויסאַרבעטונגען, און דאס האט פאַקטיש אזוי גוט ווי רויני׳רט פאר לענגערע יארן דיווירטשאַפטלעכע הויפּט־באַזע פונעם שטעטל.

די ערשטע יארן פון דער פּוילישער הערשאַפט, האט אין לאַנד געבושעוועט א ביטערע אינפלאַציע, און די ברייטע מאַסן, פאַראָרעמטע פון דער וועלט־מלחמה, זענען ערשט נאך מער פּויפּעריזירט געווארן, און דערמיט אויסערסט איינגעשרומפּן אויף דעם אינערלעכן מאַרק. די צושטעלונג־קוואַלן פון די רויע פעלן זענען אויך זייער מאָגער געווארן. „די לעדער־פּראָדוקציע, וואס א העלפט פון שטעטל פלעגט זיך מתפרנס זיין פון איר, עקסיסטירט נישט כמעט" — רעפּאָרטירט, אין יאר 1926, גיטערמאַן, דער פאַרשטייער פון „דזשאַינט", פון זיין באַזוך אין קרינקי, ווו ער האט דאָן אויך איבערגלאָזט 200 דאָלער פאר ברויטלאָזע.

געטראָפן געווארן זענען אויך דאס האַנטווערק און דער מסחר און די איבעריקע ווירטשאַפט־צווייגן, וואס האבן געצויגן זייער חיונה פון די פאַבריקן און פון די וואס האבן זיך מתפרנס געווען ארום זיי. און צום דעם אַלעם, האבן נאך די טראַדיציאָנעלע יידישע באַשעפטיקונגען געליטן פון מלוכישע דיסקרימינאַציעס און עקס־טערמינאַציעס מכל המינים, וואס האבן זיך כסדר געשאָטן אויף יידן איינע נאך דער אנדערער.

אזוי האט מען אונטערן מאַנטל פון כלומרשטן פּראָגרעס, איינגעפירט צוואַנג־רו אום זונטיק, חגאות און נאַציאָנאַל־פּוילישע און מלוכישע פייערטעג, און א יידי־שער קרעמערל, בעל־מלאכה און אויף פאַבריקאַנט, האט זיך געמוזט מסתפּק זיין מיט א דורכשניט פון $4\frac{1}{2}$ אַרבעט־און געשעפט־טעג אין וואָך. אין דערזעלבער צייט פלעגט די מאַכט פארטיילן פארשיידענע „קאָנצעסיעס" אויף „קיאָסקן" (ווו מען פלעגט מעגן פארקויפן פּאַפּיראָסן, לייכטע געטראַנקען, שאָקאָלאַד אד"גל, אויך אין די „רוטעג") — בלויז צו אַלערליי קריסטלעכע כלומרשטע מיוחסים (אלמנות פון פּאָליציאַנטן, למשל, א"אַ). היינט



א פאָלקסקיך באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה (געגרינדעט דורכן „דזשאָינט")
מטבח עממי עם סוף מלחמת־העולם הראשונה (מיסודו של ה„ג'וינט")

די „פאַטענטן", וואָס מען האָט ארויפגעלייגט אויף די פארשיידנסטע פאַכן און באַשעפטיקונגען, כדי אויסצו־פרעסן שווערע אָפּצאָלן פון יידישע פּאַראָרעמטע קעשענעס.

און דאָן די גזירה, וואָס מען האָט גוזר געווען אויף יידישע בעלי־מלאכהס, ארויסצונעמען ספּעציעלע דערלוי־בענישן אויף צו האַלטן א וואַרשטאַט און לערניינגלעך, און צו דעם צוועק אויסהאַלטן אן „אָמטלעכן עקזאַמען" אין פּויליש דווקא, און נאָך באַצאָלן א היפּשע סומע דערפאַר. דערציילט וועגן דעם וואָלף עקשטיין, דעמאָלט מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן האַנט־ווערקער־פאַריין אין קרינקי, ביזן יאָר 1925:

„אונדזער אויפגאַב איז געווען צו באַקעמפן, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, די אַלע גזירות, וואָס האָבן זיך געשאַטן מצד דער דעמאָלטיקער פוילישער אַנטיסעמיטי־שער רעגירונג. מיר זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיטן וואַרשעווער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישע האַנטווערקער־פאַריינען.

„אבער דא איז געקומען דער טאָג, ווען מיר האָבן דערהאַלטן א בריוו, אז די פּוילישע רעגירונג גייט ארויס־געבן איר נייעם צעכן־געזעץ, וואָס איז געווען געצילט צו דערדריקן אין גאַנצן דעם יידישן בעל־מלאכה. עס איז דאָן אויסגעקומען, אז מיין טאַטע, חיים דער סטאָליער, אן עלטערער מענטש, וואָס האָט פון 15 יאָר אָן געאַרבעט ביי זיין פאַך — האָט ערשט געדאַרפט אָנקומען צו א פּוילישן שייגעץ, וואָס האָט זיך געלערנט ביי אונדז, אז יענער זאָל אָנערקענען זיין לערער פאַר א האַנטווערקער. מיין טאַטע איז געווען א גוטער פאַכמאַן, און האָט עס שוין נישט געקאָנט פאַרטראָגן; האָט ער ליבערשט באַשלאָסן צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און פאַרלאָזן דאָס פּויליש לאַנד".

אבער די ערגסטע אָנשיקעניש איז ערשט געווען דער שווערער שטייערן־ און אָפּצאָל־פּרעס, ווי קאָפּשטייער, ווינונג־שטייער, שטאָטשטייער, הכנסה־שטייער, פאַר־מעגן־שטייער, הויזשטייער און כלערליי אַנדערע שטייערן, וואָס די פּוילישע שונאי־ישראל האָבן נאָר באַוויזן צו דערפינדן און אויסקלערן, כדי אונטערצורייסן די לעצטע

נעבעכדיקע מעגלעכקייטן פון יידישע עקסיסטענצן. און האַרבער פון דער עצם אויספּרעסונג־סיסטעם, איז נאָך געווען די אומברחמנותדיקע אויפמאַנונג־שיטה אין דער פּראַקטיק — וואָס פלעגט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר זאַפּשרייבן און אויספאַרקויפן די לעצטע בעבעכעס און בעטגעוואַנט פון פאַראָרעמטע און אויסגעהונגערטע הויז־געזינדן.

### קרינקי — אַ „ווירטשאַפטלעכע רוינע"

„פון דער פרנסה־פולער און זאָרגלאָזער קריניק — שרייבט זינט אין יאָר תרפ"ט, דער לעצטער רב פון שטעטל, ר' חזקיה מישקאָווסקי, צו די קרינקער לאַנדס־לייט אין טשיקאַגאָ, פּאַריניקטע־שטאַטן — איז געבליבן נאָר אַ גרויסע רוינע מיט אַ גרויסער אַרבעטלאָזער און מוטלאָזער מאַסע, אָן וועלכע ס'איז סימנים פון לעבן: פוסטע חורבות פון אַמאָליקע פאַבריקן, זכרונות פון אַמאָליקע יאָרן. וואָלקנס פון טיפע זאָרגן פאַרקנייטשן יעדערנס געזיכט, ווי אין דער מגילת איכה: 'כל עמה נאנחים מבקשים לחם'!"

„די גאַרבאַרניעס ביי אונז שטייען געשלאָסן. — — שוין זינט לאַנג ליידן אַרבעטער־משפחות הונגער מחמת אַרבעטלאָזיקייט" — ווערט דערציילט אין אַ קאָרעספּאָנ־דענץ פון קרינקי אין דער בונדישער וואָכנשריפט „גראָד־נער שטימע", פון 7טן מאַרץ 1930. „פאַריקע וואָך האָבן עטלעכע הונדערט אַרבעטלאָזע דעמאָנסטרירט אין די גאַסן, גייענדיק צום מאַגיסטראַט פאָדערן הילף".

## דינאַמישקייט און קעגנזייטיקע־הילף־איניציאַטיוו

די ענערגישע, איניציאַטיוו פולע און אין קאַמפן אויסגעפּרוווטע קרינקער יידן זענען נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און סתם זיך צוגעקוקט צו דער פּיינ־לעכער נויט און צו די שווערע נגישות.

גאַרבערס האָבן געפּאָרשט און בודק געווען דעם טעם און די פאָדערונגען פונעם אינערלעכן מאַרק אין פּוילן, און האָבן אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן אַ נייעם עלע־גאַנטערן, דינערן און ווייכערן סאָרט לעדער פון קאַלבפעל, כדי צו פאַרגרעסערן דעם פאַרקויף און די פּראָדוקציע. דער בעלי־מלאכהס־פאַריין האָט זיך גענומען צו צוגרייטן זיינע מיטגלידער צו די „מייסטער־עקזאַמענס", כדי אויפצוהאַלטן זיך אינעם פאַך.

אַ באַזונדערע דינאַמישקייט האָבן אַרויסגעוויזן די בעלי־עגלות, בעת זיי זענען געבליבן הינטערשטעליק און נישט געהאַט ביי וואָס צו בעל־עגלהווען. זיי האָבן זיך גענומען צו שאָפערייַ, געגרינדעט צוויי אויטאָבוסן־„ספּולקעס" (געזעלשאַפטן) און איינגעשטעלט אַ מאָדערנע ר״יזע־קאָמוניקאַציע מיט סאָקאָלקע, דער נאָנטסטער אייזנ־באַן־סטאַציע פון קרינקי. אַנשטאָט צו טרייסלען זיך שעהן לאַנג אויף די פורן, אַ סך מאָל אין רעגן און אין שניי, אָדער זיך שלעפּן מיטן „דיליזשאַנס" — האָט מען איצט געקאָנט „דורכשפּרינגען" די 22 קמ שאָסיי פון קרינקי ביז צו דער סטאַציע גאַנץ געמיטלעך. און אַז די פּאָליאַקן האָבן שפּעטער געמאַכט אַ „נתחכמה" און „מאָנאָפּאָליזירט" (פאַרמלוכהט) די אויטאָבוסן־קאָמוניקאַציע, ד"ה, אַרויס־געשטויסן פון דעם די יידן — האָבן די אַמאָליקע בעלי־עגלות זיך געגעבן אַן עצה: זיך גענ מען צו לאַסטאויטאָס און אַנטוויקלט אַ נייעם פרנסה־צווייג אין קרינקי.

די „קליינהענדלערס" ווידער האָבן זיך אָר־גאַניזירט אין אַ פאַריין, קעגנזייטיק זיך אַרויסצוהעלפן לעת צרה, דער עיקר מיט אַ ביסל קרעדיט, מען זאָל נאָך קאָנען ווייטער זשיפּען. און די גאַרבער־אַרבע־טערס, די וועטעראַנען פון דער פּראָפעסיאָנעלער קעמ־פערישער באַוועגונג אין קרינקי, האָבן אויפגעהיט זייער פאַריין, ער זאָל זיי ביישטיין אויך אין די שווערע צייטן — אויסמיידן און אָפּצוהאַלטן אָפּזאָגן פון אַרבעט, זאָרגן פאַר אַ נייעם אַרבעטפּלאַץ, איינהאַלטן די אַזוי שווער אויסגעקעמפטע בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט זיי אויך מער אויסבעסערן.

אַ סך איניציאַטיוו האָבן די קרינקער יידן, ווי אַנ־דזערע אחינו בני־ישראל אין פּוילן בכלל, געווידמעט, אין אָט די ביטערע צייטן, אויפן געביט פון שאַפן געזעלשאַפטן און מוסדות פאַר קעגנזייטיקער הילף, דער עיקרשט פאַר באַזאָרגן קרעדיט און גמילות־חסדים. אַ באַזונדערס וויכטיקע טעטיקייט האָט אָנגעפירט די יידישע קאָאָפּעראַטיווע „פאָלקס־באַנק", דאָס „בענקל", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין קרינקי נאָך יאָר 1912 דורכן געזעלשאַפטלעכן עסקן פון אַמאָל, יעקב־

לייב זאַלעסקי. מיט זייערע באַשיידענע הלוואות, אויף צוטריטלעכע באַדינגונגען, פלעגט זי ערשט, אויף א פּראָ־דוקטיוון אופן, ראַטעווען פ.ן אונטערגאַנג א סך יידישע עקסיסטענצן, טאַקע פון די עמך־שיכטן — קרעמערלעך, האַנטווערקערס און אַנדערע געדריקטע האַרעפּאַש־ניקעס.

און אַן ערשטראַנגיקע רעטונג־טעטיקייט — א הצלת־נפשות ממש — האט איצט אַנטוויקלט אין שטעטל די גמילות־חסדים־קאַסע — דער „ג מ״ ח״ — מיט זייערע קליינע אַנפּראַצענטיקע הלוואהלעך, אַן „שטעמפּל־אָפּ־צאָל״, וועלכע מען האט געקאָנט, נאכן אויסצאָלן, אויך באַקומען פון ס׳ניי.

אין די 20ער יארן זענען אין קרינקי געגרינדעט געווארן, מיט דער הילף פון דער ייקאָ־געזעלשאַפט, און עקסיסטירט, אויך 2 ארבעטער־פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, איינער פאר גאַרבעריי, און דער אַנדערער — פאר וואָל־קערײַ. אין 1919טן יאר האט אויך עקסיסטירט אַן אר־בעטער און האַנטווערקער־קאַנסום קאָאָפּעראַטיוו.




קאָמיטעט, עסקנים או פערסאָנאַל / הוועד, העסקנים והעובדים: הרב מישקובסקי, מתות טאַרלאָווסקי, ש. פייוול נישט, ליפא קוויאַט, חנוך יאַגלאָם, אייזיק ניימאַן, אפרים אלי רודי מלך ליכטשטיין, מלך זאַלקין, אַרקע שימער, משה עקשטיין.

# דאס יידישע ציבור־לעבן

## געזעלשאַפטלעכע פאַרמעסטן

### וואַכזאַמקייט און אַקטיוויטעט

דאס וואַכעדיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון יידן אין קרינקי, איז, אין דער תקופה פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות, דערגאַנגען צו זיין פולסטן ברויז. די פאַרשטייער פונעם קרינקער יידישן ציבור, אין זיינע גרונטיקע ריכ־טונגען און פאַרטייען, זענען געווען אַקטיוו אויפן אָרטיקן אַלגעמיינעם געביט — אין שטאָטראַט, און אין יידישן קהלשן תחום — אין וועד־הקהל, וועלכער האט געהאַט צו זאָגן, קודם־כל, אין די ענינים און צרכים פון די מוסדות־הדת, און האט באַדייטנדיק משפיע געווען, אויך אין פינאַנציעלן פרט, אין די אַנגעלעגנהייטן פון דערציונג און סאָציאַלער הילף.

וואס שייך דעם תחום פונעם **רעליגיעזן לעבן** — און וועגן דעם וועט אין אונדזער המשך נאָך פּרטימדיקער גערעדט ווערן — האט קרינקי אויך איצט זוכה געווען צו האבן אויף איר כסא־הרבנות א רב א גדול בתורה און פראָמינענטע פערזענלעכקייט, ר' חזקיה יוסף מישקאָווסקי, זצ"ל, א הייסער אוהב־ישראל און אויסגעפּרוּווטער עסקן בציבור, מיט א נאָמען ווייט אויסער זיין מקום־רבנות.

און ווידער א מאָל האט קרינקי פאַרמאָגט א חשובע ישיבה, „בית־יוסף" — פאַר יוגנטלעכע, און עס האבן עקסיסטירט אין שטעטל א ריי „חברות־לימוד" פאַר דערוואַקסענע און יונגע־לייט, שפּעטער אויך א „חברה תפארת־בחורים", פון יינגערע שיכטן, פאַר לערנען תנ"ך, „עין־יעקב" וכדומה. עס האט זיך פאַרפולשטענדיקט און מאָדערניזירט דער רעליגיעזער חינוך, מיטן שאַפן פונעם „חדר־הכללי", און עס האט עקסיסטירט, א געוויסע צייט, אויך א „בית־יעקב"־שולע פאַר מיידלעך.

### אידעאָלאָגיעס און שטרעמונגען

אויף דער קרינקער געזעלשאַפטלעכער אַרענע זענען טעטיק געווען און האבן ריוואַליזירט איינע מיט די אַנדערע די יסודותדיקע שטרעמונגען אין דעם היינט־צייטיקן יידנטום: אָנהייבניק פון די, וואס האבן געזען אין „שמירת־המצוות" דעם תוכן און עיקר פונעם יידישן לעבן, און געגלייבט און געהאָפט, אז תורה ועבודת־השם וועלן אָפּהיטן דעם כלל־ישראל פון צרות און גזירות און ברענגען צו ביאת־הגואל, ואפילו יתמהמה; און פאַרזעצנדיק, פון דער אַנדערער זייט, מיט א טייל אַרבעטער און יוגנט, מאמינים אין א ראַדיקאַלער איבערקערעניש, לויטן באָלשעוויסטישן און יעווסעקישן נוסח, וועלכע וועט ברענגען די ישועה שלמה דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייט, און יידן בתוכה.

נאָענט צו אָט דעם גלויבן, אבער אין א סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישער ווערסיע, מיט א צוגאָב פון א יידישער נאַציאָנאַלער קולטור־אויטאָנאָמיע — זענען געשטאַנען, אויף דער באַזע פון א „דאָיקייט־דאָגמע", די בעלי־אמונה אין דער כוללדיקער אומדערשיטערטקייט פונעם „נצח־הגלות", לכל הפחות, פון דעם קאָמפּאַקטן יידישן קאָנצענ־טראַציע־געביט אין די מזרח־אייראָפּעישע סלאַווישע לענדער.

אין דער קעגנאיבערדיקער זייט פון די ערשט דער־מאָנטע אידעאָלאָגיעס און פון זייערע אָנהענגערס, איז, אין דעם שייכותדיקן צייטאָפּשניט, אַלץ מער און מער פילבאַר און ווירקזאַם געוואָרן די אַקטיוויטעט פון די ציוניסטישע יונגע ענטוזיאַסטישע חלוצים־פּיאָנערן, גרייטע צו פאַרווירקלעכן־רעאַליזירן בגופם ובנפשם דעם אידעאַל פון אויסלייזן בימינו דאס יידישע פאָלק און דעם יידישן מענטש — אין זיין היימלאַנד ארץ־ישראל.

### געזעלשאַפטלעכע־כוחות־פאַרמעסטן

איבער די כוחות־פאַרהעלטענישן אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין קרינקי, אין די 20ער און 30ער יארן פונעם י"ה, גיבן אונדז א געוויסן אריינבליק די ניט־פולע דאַטן, וועלכע מיר פאַרמאָגן וועגן דעם אויס־גאַנג פון די וואַלן צום שטאָטראַט; ווי אויך — אין יאר 1928 — פון די וואַלן צום וועד־הקהל.

פון די 8 מיטגלידער פונעם **וועד־הקהל**, וואס זענען דאן אויסגעוויילט געוואָרן, זענען 4 אדורכגעגאַנגען

פון דער אַרטאָדאָקסישער ליסטע, איינער פון דער חסי־דישער, 1 ציוניסט, 2 פון „בונד"; די פועלי־ציון־צ"ס האט געפעלט איין שטימע, כדי צו באַקומען אַ מאַנדאַט.

די רעזולטאַטן פון די שטאָטראַט־וואַלן אין קרינקי, זענען געווען:

אין 1919: 4 פוילישע און 4 ווייסרוסישע מיט־גלידער; יידישע — 16, פון זיי 4 אַרטאָדאָקסן, 4 ציונים, 4 צעירי־ציון, 2 „בונד", 2 בעלי־מלאכהס. דער אויס־געוויילטער שטאָטראַט האט אויסגעקליבן זיין מיטגליד בענדעט נישט (פון צ"צ) פאר וויצע־בירגערמייסטער און וויצע־פּרעזעס פונעם מאַגיסטראַט (שטאָט־פאַרוואַל־טונג).

אין 1927: 8 פוילישע און ווייסרוסישע מיטגלידער, 16 יידישע, פון זיי — 5 פון „בונד", 4 בעלי־מלאכהס, 3 ציונים, אַרטאָדאָקסן און סוחרים; 3 פועלי־ציון־צ"ס, 1 פון אַ פּערזענלעכער ליסטע. פאר וויצע־בירגערמייסטער איז אויסגעקליבן געוואָרן דוד גאָטליב, פון „בונד".

אין 1934: 10 קריסטן, 6 יידן, פון זיי — 3 פון „בונד", 2 אומפּאַרטייישע, 1 פּוע"צ־צ"ס. 60 אָפּגעציילטע שטימען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פאר קאָמוניסטן, און נאָך אַנדערע קאָמוניסטן האבן, ווי מען האט דערציילט אין שטעטל, געשטימט פאר דער בונדישער ליסטע.

אין 1939: קריסטן — 8; פון די יידישע מאַנדאַטן האָבן פּוע"צ־צ"ס באַקומען 6, „בונד" — צוויי. פאר וויצע־בירגערמייסטער איז אויסגעוויילט געוואָרן מלך זאַלקין פון פּוע"צ־צ"ס.

דער „בונד"

מיר האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט זיך אָפּצו־שטעלן, אין אַ ריי אָפּהאַנדלונגען, אויפן שווערן קאַמף, וואָס דעם יידישן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט אין קרינקי איז אויסגעקומען צו פירן, זינט די סוף 90ער יאָרן פונעם פאַריקן י"ה, פאר די רעכט פונעם ארבעטער, און פאר זיינע חשובע דערגרייכונגען — און אין וועלכן ס'האט אַ דאָמינירנדיקן טייל געהאַט דער „בונד". איז טאַקע נאָך פון יענע צייטן, ווען דער יידישער פאַבריק־ארבעטער איז געווען באמת איינגעפונדעוועט אין די קרינקער גאַרבאַרניעס — דאס שטעטל געווען אַ טראַדי־ציאָנעלע פעסטונג פון דער דערמאָנטער פּאַרטיי.

„די קרינקער בונדיסטן — דערציילט דער פאָרשטאַר־



1־מאַי־מאַניפעסטאַציע / תהלוכת 1 במאי („בונד", „צוקונפט", „סקיף")

בענער בונדישער ליטעראַט און היסטאָריקער מרדכי וו. בערנשטיין — האבן איצט באַנייט די אַלטע יידיש־רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דער שטאָט. זיי האַלטן אויף קולטור־אינסטיטוציעס, אַ יידישע פאָלקשול, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. עס קומט אויף אַ בונדישע יוגנט — די 'צוקונפט' און 'סקיף'־אָרגאַניזאַציעס. בראש פון דער קרינקער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות געווען אַ שם־דבר אין פוילן, איז געשטאַנען דויד גאָטליב; און צו דער פּלעיאַדע בונדישע שליחי־ציבור האבן אָנגעהערט, צווישן אַנדערע: יאַנקל לעווי ('דער קלאָרער') 'לאַוויניק' אין שטאָטראַט; טעוול קוּנצעוויצקי — ראַטמאַן אין שטאָטראַט; יאַנקל טעמקין — דאָזאָר אין דער קהילה; נחום בליאַכער — סעקרעטאַר פון גאַרבער־פאַריין; רחל שוסטער — די 'מאַמע' פון 'בונד'; אפרים פעטריצער — פירער פון דער 'צוקונפט'.

„און איבער די אַלע האט ארויסגעשיינט דער בונ־דישער פּיאָנער, דער געוועזענער גאַרבער און וואַלקער אברהם שמואל זוץ — 'דער בלינדער נר־תמיד', וואָס איז אבער אין בלינדקייט געווען דאס ליכט פון דער גאַרבער־שטאָט. ער האט באַקומען דעם צונאָמען 'דער נר־תמיד', און אונטער אט דעם נאָמען איז ער אריין אין דער בונדישער ליטעראַטור. ער, דער 'בלינדער', איז געווען דער ביבליאָטעקאַר פון דער גראָסער־ביבליאָטעק, וואָס ער האט געגרינדעט אין קרינעק" [ביז די באָלשעוויקעס

האבן, נאָך זייער פארנעמען דאס שטעטל, אין יאר 1939, צעשטערט אברהם שמואלס לעבנסווערק — די ביבליאָטעק].

**קאָמוניסטן**

פון די אַמאָל שטורמדיקע בונטאַרישע אַנאַרכיסטן האט מען ערשט אין קרינקי, ווי אין דער גאַנצער געגנט, נישט מער געהערט. די פון דער רעגירונג שטאַרק גע־רודפטע א״מלעגאַלע פּאַרטיי, איז איצט געווען די קאָ־מוניסטישע. איר טעטיקייט האט זיך געפילט באַזונדערס אין די 20ער יארן, בעת דער עקאָנאָמישער קריזיס אין פּוילן, און אין קרינקי בפרט, איז דערגאַנגען צו זיין הויכפּונקט און עס האבן זיך נישט אויסגעוויזן דארט קיין אויסזיכטן אויף בעסערע צייטן. דאָקעגן האט נאָך צו יענער צייט דער אָרעאָל פונעם ראַטן־פאַרבאַנד גע־שיינט מיט זיין פולן גלאַנץ — ווי דער גואל פון דער מענטשהייט און באַפרייער פון פּאַרקנעכטעטע פעלקער, פונעם יידישן בתוכם, כביכול. ווי אינעם ארומיקן געביט, אזוי אויך אין קרינקי, פלעגן דאָן פאַרקומען אָפטע אַרעסטן פון יידישע ארבעטערס און יוגנטלעכע, און גע־ריכטן איבער זיי, ווי באַשולדיקטע צו זיין פּאַנען־טרע־גערס פונעם באָלשעוויזם.

אין אינערלעכע יידישע ענינים, ווי וועלטלעכע דער־ציונג אין יידיש, פלעגן די „רויטע״ מיטאַרבעטן מיט די בונדיסטן. אין געוויסע פאַלן, פלעגן זיי, ווי שוין דערמאָנט, אויך שטימען פאַר בונדישע ליסטעס, אין וואלן, אין וועלכע די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האט, מחמת פּאָלי־צייִשע רדיפות, נישט געקאָנט ארויסשטעלן אירע אייגענע קאַנדידאַטן.

דערקעגן, האט ווי שוין אָנגעצייכנט, כסדר זיך פאַר־שטאַרקט אין יענער תקופה, אינעם יידישן ציבור אין קרינקי, דער ציוניסטישער כוח, בפרט פון זיין ארבעטנ־דיקער און סאָציאַליסטישער ריכטונג, צו וואס מיר וועלן זיך נאָך צוריקקערן.

רעליגיעזע יידן אין קרינקי, מיט הרב מישקאָווסקי, בראש, האבן אין יאר 1933, אָרגאַניזירט א פיליע פון דער „אגודת־ישראל״־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, און, 1934, איז אַנטשטאַנען אין שטעטל אויך א פיליע פון די „צעירי־אגודת־ישראל״ אין פּוילן.

## פונעם דערציונג־ און קולטור־געביט

### די וועלטלעכע שול אין יידיש

דאס מוסטערהאַפטיקסטע ווערק, וואס די קרינקער יידן האבן מיט גרויס מי און אָנשטרענג געשאַפן אין דער דאָ באהאַנדלטער תקופה — איז געווען אויפן געביט פון דער קינדער־דערציונג, אין זייער גייסט. וועגן דעם אויפטו אויפן פעלד פונעם רעליגיעזן חינוך אין קרינקי, מיטן שאַפן פונעם „חדר־הכללי״, האבן מיר שוין דאָ געהאט גערעדט.

אויפן געביט פון דער יידישער, מער וועלטלעכער אדער בפירושדיק וועלטלעכער, דערציונג — האט אין שטעטל ריוואַליזירט דאס העברעישע שולוועזן מיט דער וועלטלעכער פאָלקסשול אין יידיש, וועלכע איז אַנט־שטאַנען אין יאר 1919.

„דאַן, אין די פינצטערע און ביטערע צייטן, ווען מענטשן זענען געשוואָלן געווארן פון הונגער — איז ביי די קרינקער יידישע ארבעטערס געבאָרן געווארן דער געדאַנק פון גרינדן די פאָלקשול״ — שרייבט י ש ש כ ר  פ י נ ק. „זי האט זיך תמיד שווער געראַנגלט



פאַרוואַלטונג פון דער וועלטלעכער שול אין יידיש, מיטן גאַסט פון אַמעריקע, לואיס שיין („לייבקע נאָסקעס״)
הנהלת בית־הספר החילוני ביידיש



הנהלת בית־הספר היסודי ביידיש ומוריו ועסקניו, בשנת 1928

פאר איר קיום, מחמת געלט־מאַנגל, און אין אן אַטמאָ־ספֿער פון אומפאַרשטענדעניש מצד דעם יידישן ציבור אין שטעטל. אבער יאר נאָך יאָר האבן קינדער פון יידישע ארבעטערס און בעלי־מלאכהס באוויזן צו ענדיקן אָט די שול, מיט א באדייטנדיקער מאָס פון וויסן און בילדונג, וואס האט זיי לײַכטער געמאכט זיך דורכצעשלאָגן א וועג אין לעבן".

שוין אָנהייב 1920 האבן אין די 4 קלאַסן פון דער שול געלערנט 138 קינדער, און אין די 2 אָוונטקורסן־גרופן האבן זיך באטייליקט 93 צוהערערס. די שול האט געהאַט אויסצושטיין נגישות מצד דער רעגירונג, וועלכע האט זי, אָנהויב לערניאר 1923/1924, פאר א געוויסער צייט געשלאָסן. שפעטער האט דער וואַרשעווער צענטער פון „ציִשאָ" איבערגענומען די שול אויף זיין נאָמען. די שול האט פארמאָגט אן אויסערסט איבערגעגעבענעם לע־רער־פערסאָנאַל. זי האט זיך געפֿינען אונטער דער השפעה פון „בונד", און אירע שילער זענען געווען א קוואַל פאר דעם בונדישן סקויטן־פאַרבאַנד („סקיף"). באזונדערס צום גוטן דערמאנען זי קרינקער לאַנדסלייט פאר די שיינע פאָרשטעלונגען און פייערונגען, וועלכע פלעגן דארט איינגעאָרדנט ווערן עטלעכע מאָל אין יאר.

### דאס העברעישע שולוועזן

די העברעישע קאָעדוקאַטיווע פאָלקשול איז, ווי מיר האבן שוין דערציילט, געגרינדעט געווארן נאך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, סוף ערשטער וועלט־מלחמה — דורכן אַקטיוו פון די „צעירי־ציון", אָן א זייטיקער הילף כמעט.

„מען האט איינגעאַרדנט עטלעכע 'אָוונטן' לטובת דער פּראָיעקטירטער שול, חברים האבן בייגעשטייערט פון

זייערע לעצטע פרוטות, און דערמיט האט מען צורעכט
געמאכט א פּראָוואָרלאָזטע דירה פאר א בית־ספר" —
דערציילט אפרים בן־אפרים (אפרימזאָן). „אזוי
האבן מיר אויך איינגעשאַפט בענק און מכשירים. קיין
דערפאַרונג אין דערציונג האבן מיר נאך אויך נישט
געהאַט, דערפאר אבער האבן מיר פארמאָגט א שטאַרקן
ווילן צו רעאַליזירן דאס ווערק. דאס שטעטל איז געווען
פאַראָרעמט פון דער מלחמה, אבער אונדזערע יונגע
לערערס האבן זיך באַצויגן צו זייער אויפגאַבע ווי צו
עבודת־קודש און האבן נישט געזשאַלעוועט קיין מי כדי
צו פארפולקאָמען זיך.

„אָרטאָדאָקסישע קרייזן פלעגן אויף אונדז אָנריידן,
אז מיר, 'אפיקורסים', פירן אַראָפּ קינדער פון יידישן



„ליליפוטלעך"־טאַנץ פון א קינדער־פאָרשטעלונג ביי דער
יידישער פאָלקשול
ריקוד „ננסים" בהצגת תלמידים של בית־הספר העממי ביידיש

וועג, און מ'טאָר זיי נישט אריינגעבן אין אונדזער שול,
אבער 'חדרים' האבן זיך פארמאַכט, ווייל די קינדער
זענען אריבער צו אונדז, און מיר זענען באַלד דערגאַנגען
צו 300 תלמידים. אונטער אונדז האבן געגראָבן אויך
יידישיסטישע קרייזן. מיר האבן אבער זיך נישט איבער־
געשראָקן און איינגעפירט אין גיכן אויך א שכר־לימוד,
כדי צו פארזיכערן לכל הפחות א וועלכן ס'איז קיום
פאַרן אַנשטאַלט, און אויך כדי אויסצומיידן שנאָרעריי —
אזוי אז שוין אין די ערשטע אַנדערהאַלבן יאר זענען
מיר דערגאַנגען צו אן איינטראָג פון 30%—40% פאר
דעם נייטיקן בודזשעט.

„א שרעקלעכע צייט האבן מיר דורכגעמאַכט מיטן
אריינטריט פון דער רויטער אַרמיי קיין קרינקי, זומער
1920, ווען די באָלשעוויקעס האבן זיך א נעם געטאָן צו



החוג הדראַמאַתי, 1930

עוקר מן השורש זיין די נאַציאָנאַל־העברעישע דערציונג.
מיר האבן אבער זיך אַקעגנגעשטעלט בכל הדרכים.
שפעטער, מיטן צוריקקומען פון די פּאָליאַקן, האבן אויך
זיי זיך גענומען צו אונדזער בית־ספר, אויסצוגעפינען
אין אים פגימות, און פטור צו ווערן פון אים, בכדי די
יידישע קינדער זאָלן אריבער אין דער פּוילישער מלוכה־
שול. האבן מיר פון ס'ניי געהאט זיך צו ראַנגלען, ביז
מיר האבן אויסגעפירט און אויך באקומען די נייטיקע
לעגאַליזאַציע פאר אונדזער שולע.

„1922 האט שוין גראַדוירט דער ערשטער ארויסלאָז
פונעם בית־ספר און מיר האבן געעפנט אויך א מיטלשול
אין העברעיש. אונדזער ענטוזיאסטישער עסקן פאר העב־
רעישער דערציונג און בילדונג, אברהם יהודה איינשטיין,
האט זיך איינגעשפּאַנט און אויסגעפונען און אראָפּגע־
בראַכט אויך די נייטיקע דיפּלאָמירטע לערערס — אזש
פון גאַליציע. ליידער האט צו יענער צייט געבושעוועט א





פאַרוואַלטונג און פעדאַגאָגישער ראַט פון דער העברעישער
פאָלקשול, 1928



א כיתה אין דער העברעישער פאָלקשול
כיתה בבית־הספר העברי

געוואַלדיקע אינפלאַציע אין פוילן, און נישט קוקנדיק אויף דער מסירת־נפש פון די לערערס און דעם גוטן ווילן פון די עלטערן פון די תלמידים — האבן מיר נישט געקאָנט אויסהאַלטן די מיטלשול מער ווי 2 יאר״.

די פאלקשול אבער האט זיך ווייטער אַנטוויקלט. מען האט געשאַפן ביי איר א קיך פאר די תלמידים, א העברעישע קינדער־ און יוגנט־ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון מענדעלע מוכר ספרים, וועלכע האט שוין אין יאר 1926 פארמאָגט א 500 בענדער. ס׳האט עקסיס־טירט א דראַמאַטישער קרייז, וואס פלעגט איינאַרדענען פון צייט צו צייט געלונגענע פאָרשטעלונגען.

שוין צום 10־יעריקן יובילייי פונעם ערשטן ארויסלאָז, אין 1931, איז די צאַל גראַדואַנטן פון דער שול דערגאַנ־גען ביז 300, און שפּעטער האט זייער צאָל געהאַלטן אין וואַקסן.



א קרייז פאר געשיכטע־שטודיום אין דער העברעישער פאָלקשול

פארן נייעם יידישן נאכמלחמהדיקן דור אין קרינקי, איז די העברעישע פאָלקשול געווען א צענטראַלער מקור פון דערציערישער און אידעאָלאָגישער אינספּיראַציע אין גייסט פון חלוציזם, א ציכטעריי, וועלכע האט אויסגע־שולט ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע יוגנטלעכע; די געשיכטע פון „החלוץ״ אין שטעטל איז געקניפּט און געבונדן מיט דעם העברעישן שולוועזן — האַלט דער גראַדואַנט פון דער שול, ז א ב צ ו ר (וועלוול שטיין), אָנפירנדיקע פערזענלעכקייט אין דער ישראלדיקער ארבעטערשאַפט, מיטגליד פון דער „כנסת״ (דעם ישראלדיקן פּאַרלאַמענט) און וויצע־מיניסטער אין איינער פון די פאָריקע ישראל־דיקע רעגירונגען. די גאַנצע אַטמאָספער אין און ארום דעם בית־ספר, אין די פארשיידענע אימפּרעזיעס און „קרייזן״ — גיט צו ז. צור — איז געווען געווענדט איינצופלאַנצן אין די הערצער פון די תלמידים דאס געפיל פון ליבע און צוגעבונדנקייט צו פיזישער ארבעט, צו לאנדווירטשאַפט, צו פשטות, בקיצור — צו חלוציזם, עלייה קיין ארץ־ישראל און אַליין־פאַרווירקלעכונג.

## ביבליאָטעקן

די ריוואַליזאַציע פון די דאָ ערשט באהאַנדלטע דערציונגס־ריכטונגען אין קרינקי, האט געפונען איר אויסדרוק אויך אויפן קולטור־געביט — אינעם ביבליאָ־טעק־וועזן. פון איין זייט האט עקסיסטירט און זיך אַנטוויקלט די בונדישע „גראָסער״־ביבליאָטעק, און פון דער אַנדערער — די אין 1920 געגרינדעטע „צעירי־ציוניסטישע״, אויפן נאָמען פון העשל סאָפּירשטיין, פון די פּיאָנערן פון דער העברעישער שול. צום סוף פון דעם דאָזיקן יארצענדלינג, האט זי פארמאָגט א 2,000 ביכער אין העברעיש, יידיש און פויליש, א 200 לייענער־אַבאָ־נענטן, און איז געווען די גרעסטע ביבליאָטעק אין שטעטל.

די „גראָסער״־ביבליאָטעק, אָנגעפירט דורכן „נר־תמיד״, האט זיך באַזירט דער עיקרשט אויף ביכער און צייטשריפטן אין יידיש, שטענדיק פון די נייסטע — אויפן געביט פון בעלעטריסטיק, פּאָעזיע, סאָציאַלע וויסנשאַפטן, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם. זי איז אונטער־געשטיצט געווארן דורך די אַמאָליקע קרינקער פּאַרטיי־חברים אין אַמעריקע. בפרט פלעגן אויסהעלפן לייבקע שיין (נאָסקעס), מיט אָפטע פּעקלעך צייטונגען און זשורנאַלן, פון ניו־יאָרק, און חאַצקל מילער.

# די ציוניסטישע באַוועגונג

## טענדענצן פון דער באַוועגונג און איר מעמד

די עיקר־טענדענץ פון דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין קרינקי, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז געווען געווענדעט צו מכשיר זיין יוגנט פאַר עליה קיין ארץ־ישראל, פאַר מחנך זיין דאס קינד אין א נאַציאָנאַל־העברעישן גייסט, צו דערוואַרעמען דאס פאָלק פאַרן ציוניסטישן געדאַנק און זיין רעאַליזירונג אין דער פּראַקטיק — אבער גלייכצייטיק אויך צו זאָרגן פאַר די כלערליי יידישע צרכים אויפן אָרט.

די צענטראַלע און בולטסטע אין איר אַקטיוויקייט קערפּערשאַפט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קרינקי, זענען געווען די גרופּירונגען „פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל", דער עיקר „צעירי־ציון", שפּעטער פאַראייניקט מיט די „רעכטע פּועלי־ציון" („פּועלי־ציון־צ"ס"). אַרום זיי האט זיך קאָנצענטרירט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און חלוצישע יונגוואַרג, און זיי האבן עס זיך איבערגעגעבן צום העברעישן חינוך־ווערק אין שטעטל. און דאס — אַחוץ זייער לעבהאַפטיקער אַלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט, ווי פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, פאַרן „קרן־היסוד", פאַר „שקל־אַקציעס", אין דער העברעישער „תרבות"־געזעלשאַפט, וכדומה.



די אויסגעוויילטע פאָרשטייערס פון די „צעירי־ציון" זענען געווען אַקטיוו אינעם שטאטראַט און אין וועד־הקהלה, נאך זינט די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן צו אַט די אינסטיטוציעס, וואס זענען דורגעפירט געוואָרן סוף ערשטער וועלט־מלחמה.

„כאַטש א סך פון אונדזערע חברים אין צ"צ (צעירי־ציון) האָבן דאַן, מחמת זייער יונגן עלטער, נאך נישט געהאט קיין וואַלרעכט, בפרט קיין פּאַסיווע, צום שטאטראַט — האבן מיר פון דעסט וועגן זוכה געווען צו א גרויסן דערפאָלג, א דאנק דער פּאָפּולאַריטעט פון



דער וועד פון פּועלי־ציון־צ"ס מיטן דראַמאַטישן „קרייז" און מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער העברעישער פאָלקשול

הוועד של פּוע"צ־צ"ס עם החוג הדראַמאַתי ועם הנהלת בית־הספר העברי

אונדזערע טוערס אויף די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע געביטן אין שטעטל, בפרט פונעם חינוך" — שרייבט בענדעט נישט פון די אָנפירערס פון דער דערמאָנטער ריכטונג.

צ"צ זענען שוין אין יאר 1919, געווען די גרינדערס פון דער „החלוץ־באַוועגונג אין קרינקי. זיי האבן געזאָרגט פאַר שאַפן העברעישע אָוונטקורסן פאַר אַרבעטערס, וואס האבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, און אין 1921 האבן זיי איינגעאָרדנט שלאָסעריי־קורסן פאַר עולים. אין אָט דעם יאר האבן זיי, ווי אין אנדערע פּונקטן אין פּוילן, דורכגעפירט א געלונגענע זאַמלונג־אַקציע פון און פאַר אַרבעט־מכשירים פאַר די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער — אין קרינקי גופא און אין די אַרומיקע שטעטלעך.

יענץ יאר האבן זיי אויך געעפנט אַלגעמיינע




אָוונטקורסן פאר יידישער געשיכטע, געאָגראַפיע, נאטור־וויסנשאַפט, פּאָליטישער עקאָנאָמיע, יידיש און העברעיש.

„אָנהייב 1926 האט דער פאריין פון די פאריייניקטע פועלי־ציון־צ"ס שוין פאַרמאָגט א יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון א הונדערט חברים, אחוץ 80 דערוואקסענע. אונ־דזערע חברים — דערציילט א קאָרעספּאָנדענץ פון קרינקי — זענען אַקטיוו אין די געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן: אין 'פּאָלקסבאַנק', 'יתומים־קאָמיטעט' א"א, און זייער השפעה איז א באַדייטנדיקע".

1934 — ווערט ווייטער איבערגעגעבן — באַטייליקן זיך אין דער אין קרינקי, דורך דער „ליגע פארן אַרבעטנדן א"י" אָרגאַניזירטער פייערלעכער ערשטן־מאַי־דעמאָנסטראַציע — 500 ארבעטער, „עמך"־לייט און יוגנטלעכע, פון דער פּוע"צ־צ"ס־פּאַרטיי, פון „החלוץ, „העובד", „פרייהייט", און פון דעם „הפועל"־ספּאָרט־קלוב און דעם „החלוץ־הצעיר"־קיבוץ.

אבער באַזונדערס איז אויפגעשוואונגען דער מעמד און זיך פארשפרייט די השפעה פון דער באַוועגונג אינעם לעצטן יאָר פארן אויסבראָך פון דער 2טער וועלט־מלחמה. די „פרייהייט־החלוץ־הצעיר"־באַוועגונג אין שטעטל ציילט דאַן 200 חברים און דער „הפועל" 50. און ביי וואַלן צום 21סטן ציוניסטישן קאָנגרעס באַקומט דער בלאָק „פאַרן ארבעטנדן א"י" אין קרינקי 406 פון די 449 אָפּגעגעבענע שטימען.

צו די שטאָטראַט־וואַלן אין קרינקי, וואס זענען דורכגעפירט געוואָרן, בעת די ענגלישע רעגירונג האט געהאַט פאַרעפנטלעכט איר „ווייס־בוך" קעגן דער עליה קיין א"י און דער יידישער קאָלאָניזאַציע דאָרט — גייט די פּוע"צ־צ"ס־פּאַרטיי מיטן לאָזונג „פּ אַ ר א ד ע ר ק ע ג ן א ר ץ ־ י ש ר א ל אין איצטיקן מאָמענט"; אין רעזולטאַט זענען פון די 8 יידישע מאַנדאַטן אויסגע־קליבן געוואָרן 6 ראַטמענער פון דער פּוע"צ־צ"ס־ליסטע (אַנדערע 2 — פון „בונד").

דער קרינקער יידישער ציבור האט זיך אידענטי־פיצירט מיט „פּ אַ ר ארץ־ישראל".

### „החלוץ"־ע ל י ה ק י י ן א ר ץ ־ י ש ר א ל

אין יאָר 1919 האט זיך אָרגאַניזירט אין קרינקי, ווי שוין דערמאָנט, א „החלוץ"־פאריין. אָן שהיות, האט ער זיך גענומען מכשיר צו זיין חברים צו פיזישער ארבעט און צו א קאָלעקטיוו־לעבן. מען האט אָפּגעדונגען א גרויסן גאָרטן לעבן באָד, און דאָרט האָבן אָ גרופּע יונגע בחורימלעך און מיידלעך זיך גענומען לערנען „לאַנדווירטשאַפט" און זיך איינאַיבן דעריין, ווי ווייט מעגלעך, ביז ס'וועלן זיך עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאר עליה.

1919—1920, דינט קרינקי ווי אן איבערגאַנגס־פּונקט פאר חלוצים, וועלכע קומען אָן אַהין צו פון ארום, כדי ארויס פון דאָרט צו הכשרה און עליה קיין א"י. דערציילט וועגן דעם ש י י מ ע ק אַ פּ ל אַ ן:

„דעמאָלט איז דאָך קרינקי געווען איינגעשלאָסן אין דעם 'קערזאָן־תחום', וואס איז געווען פארערעכנט פאר א דורך פּוילן אָקופּירטן געביט, אויף וועלכן א ריי פּוילישע געזעצן. ווי מיליטער־פליכט, למשל, זענען נישט חל דערוויייל. פלעגן צו אונדז אָנקומען 'האָזן' — בחורים פון די שטחים, וואס זענען דאַן שוין געווען איינגעגלי־דערט אין פּוילן 'דע־יורע'. די יונגע־לייט פלעגן מיט



חלוצים פון דעם הכשרה־קיבוץ אין קרינקי ביי דער ארבעט
חלוצים מקיבוץ־ההכשרה שבקרינקי בעבודתם, 1935

זיך מיטברענגען רעקאָמענדאַציע־בריוו פון זייערע היי־
מישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע בעטן אונדז
צו העלפן די בריוו־ברענגערס, חלוצים־קאַנדידאַטן פאַר
עליה קיין א״י. דער מיין איז געווען, מיר זאָלן זען
באַזאָרגן די דאָזיקע בחורים מיט באַווייז־דאָקומענטן, אַז
זיי זענען קרינקער תושבים (ד״ה, נישט קיין מיליטער־
פליכטיקע), כדי זיי זאָלן קאָנען באַקומען די פאַר זיי
נייטיקע פּאַספּאָרטן, און שפּעטער ענגלישע וויזעס קיין
ארץ־ישראל.

„פלעגן מיר, ראשית־כל, איינחזרן מיט יענע די
נעמען פון די קרינקער גאַסן און פון געוויסע אָרטיקע
תושבים — די בחורים זאָלן קאָנען, אויב נייטיק,
טענהן און 'באַווייזן' פאַר שררה־לייט, אַז זיי זענען
טאַקע היגע. גלייכצייטיק פלעגן מיר איינלאַדן דעם
דעמאָלטיקן שטאָטראַט־פּרעזעס צו חייקל אַליאַן אויף
א 'סעודת־מלכים' און גוט אָנטרינקען דעם 'אדון' מיט
'משקה'. און 'בטוב לב המלך עליו' — פלעגן מיר אים
דערלאַנגען צו חתמענען אויף די געהעריקע באַשטעטי־
קונגען, וואָס אויף זייער סמך, פלעגן די צו אונדז
אָנגעקומענע חלוצים קאָנען ארויסנעמען די נייטיקע
דאָקומענטן און אזוי אויך עולה צו זיין״.

הארבסט 1919 נעמט א דעלעגאַט פון קרינקי, בענדעט
נישט, אָנטייל אין דער ערשטער קאָנפערענץ פונעם
„החלוץ״ אין ליטע (פאַקטיש, פון גראָדנער־ווילנער
סביבה), וועלכע איז זיך צונויפגעקומען אין גראָדנע.
דער זעלבער פאַרטרעט קרינקי, א יאָר שפּעטער, אויף
דער אַלפּוילישער „החלוץ״־קאָנפערענץ אין וואַרשע און
ווערט אויך אויסגעקליבן פאַר מיטגליד אינעם לאַנד־
צענטראַל־קאָמיטעט פון דער באַוועגונג.

זומער 1920, איז עולה קיין ארץ־ישראל די ערשטע
גרופּע חלוצים פון קרינקי: שיימע זאַק און צבי ראָט־
באַרט (כרמלי) ע״ה, אייזיק אָסטרינסקי הי״ד, און יבּ״ל
אברהם ניימאַן, יפה פורמאַן (חקלאית, איצט) און איר
ברודער מאָטקע, און צבי ראָטבאַרט.

אין ארץ־ישראל אַרבעטן זיי, די ערשטע פּאָר יאָר,
צוזאַמען אין איין קבוצה, מיט די גראָדנער חלוצים —
ביי באַוואַלדונג פונעם הר־הכרמל און אין אַטליט, אין
די פּרדסים (ציטרוס־פּלאַנטאַציעס) אין פּתח־תקוה, און
שפּעטער ביי בוי־אַרבעט אין ראשון־לציון, רמלה
(ראַמלע), ירושלים און מוצא; דאַן גייען א טייל אריבער
צו לאַנדווירטשאַפט, אָנשליסנדיק זיך צו דער קבוצה
גבע אין עמק־יזרעאל, וווּ עס קומען נאָך דעם צו צו
זיי לאה נישט (זאַק) און ליזע ראָטבאַרט (איצט די
פרוי פון דויד טוביהו, דעם ערשטן בירגערמייסטער
פון דער באַנייטער באר־שבע און פון אירע ערשטע
אויפבויער).

די ערשטע פּיאָנערן, די קרינקער יונגע חלוצים
בת,כם, האָבן עס געפּלאַסטערט דעם שליאַך פאַר די
שפּעטערדיקע ברייטערע עליות קיין ארץ־ישראל, זי צו
בויען פאַרן פאָלק ישראל אין זעלבשטענדיקייט, עד
לסוף הדורות.

## פונעם קרינקער לעבנספולס

שמואל געלער

### פונעם יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן

די וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט. נייע גרענעצן,
נייע מדינות זענען דערשינען אויף דער אייראָפּעישער
מאַפּע.

ס'איז אַנשטאַנען דאָס זעלבסטשטענדיקע פוילן. דאָס
לעבן הייבט זיך אָן ביסלעכווייז צו נאָרמאַליזירן. די
נויט איז נאָך גרויס, נאָר ווו ניט ווו באַווייזן זיך
שוין די ערשטע שפּראָצונגען פון ווידער באַנייטער
שעפערישער, קאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

לאַנג האָט מען נאָך געשפּירט אין קרינק די
מלחמה־נאָכווייעניש. די קאָנטיקע הילף פון אַמעריקאַנער
„דזשאָינט״ און פון די קרינקער לאַנדסלייט אין אַמעריי־
קע, האָבן א סך געהאָלפן ביים דורכמאַכן די שוועריקייטן
פון דער איבערגאַנג־צייט.

אין די ערשטע יאָרן פון דער פוילישער אומאָפּהענ־
גיקייט האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל די גרעסטע

צאל פאבר קאַנטן וועלכע האבן עוואַקוירט זייערע אונ־טערנעמונגען קיין רוסלאנד בעת דער וועלט־מלחמה. דאס שטעטל הייבט אָן ביסלעכווייז אָפּלעבן פון דאס ניי.

די פאַרמאכטע גאַרבעריי־פאבריקן עפענען ווידער אויף זייערע לאַנג פארשלאָסענע טירן. די לעדער־ארבעטער פארקאטשען זייערע ארבל. נאך א לאַנגן איבעררייס, הערט זיך ווידער פון די גאַרבער דער שארפער ריח פון נאַסע פעל, וואַפּנע און דוב.

נישט קוקנדיק אויף דער דיפערענציאַציע פון די פארשיי־ענע גאַרבער־פאַכן, זענען אלע לעדער־ארבעטער געווען צווישן זיך פאַרייניקט, א דאנק זייער געמיינזאַמען גורל און קאַמף

די גאַרבער־פאַבריקאַנטן האבן דורכגעמאכט פאר־שיידענע צייטן: גוטע פעריאָדן, פון קאָניונקטור, און שוואַכע — פון קריזיסן. די לעדער־ארבעטער האבן קיין גוטע יאָרן קיין מאָל ניט געהאט; אויך אין די בעסערע צייטן, ווען קיין ארבעט האט ניט געפעלט — האבן די ארבעטער קוים אויף פרנסה פארדינט. א סך ערגער איז געווען אין די זייער אפטע קריזיס־יאָרן. די קרינקער לעדער־ארבעטער האבן געוווסט דעם טעם פון לאַנגע חדשים פון ארבעטלאָזיקייט אין די הייזער פלעגט דאָן הערשן גרויס נויט קרעמערס און בעקערס פלעגן אויפהערן געבן אויף בארג. ארבעטער־קינדער האבן זשעדנע געקוקט אויף א שטיקל ראָזעווע ברויט.

די צוגעטיילטע מלוכישע אַרבעטלאָזע־אונטער־שטיצונג, „זאַפּאַמאָגע", האט קוים געקלעקט אויף וואַסער צו קאַשע.

דאָך האבן זיך די לעדער־ארבעטער ניט איינגעבראָכן. די פיל ליידן און דער שטענדיקער קאַמף האבן זיי נאך מער פארהאַרטעוועט

אלע זענען זיי געווען אָרגאַניזירט אין זייער פראָפעסיאנעלער ארגאניזאציע, און ס'איז געווען אומ־מעגלעך צו קריגן אין א פאַבריק אַ טאג ארבעט, נישט זייענדיק קיין מיטגליד פון לעדער־פאַריין.

קריניק האט פון שטענדיק געשמט ווי א פעסטונג פון „בונד", און ער האט געהאט א סך חברים און סימפאַטיקער צווישן די גאַרבער־ארבעטער. אין דער פארוואלטונג פון לעדער־פאַריין האבן די בונדיסטן געהאט א מערהייט. זייער טוער, נחום בליאַכער, איז אין משך פון לאנגע יארן געווען סעקרעטאַר פון פאריין.

א קאָנטיקן איינפלוס צווישן די לעדער־ארבעטער האבן אויך געהאט די קאָמוניסטן זייער פאָרשטייער אין פאַריין־פאַרוואַלטונג איז א לענגערע צייט געווען זיידל זאַלעסקי. הגם צווישן די גאַרבער־ארבעטער זענען געווען א סך ציוניסטן, האבן זיי אין לעדער־פאַריין קיין השפעה ניט געהאט. די ציוניסטישע לעדער־ארבעטער האבן זיך אויסגעלעבט מערער אין „מרכז" ווי אין לאקאל פון זייער פראָפעסיאָנעלן פאַריין

אין ענגן פאַריין־לאָקאַל איז שטענדיק געווען טומלדיק ארבעטער פלעגן קומען זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, פאַדערן שוץ און ארבעט. א קאָנטיקע טייל פון זיי האבן ניט געהאט קיין סטאבילע ארבעט־פלעצער דער פאַריין פלעגט מאכן גרויסע אַנשטרענגונגען צו באַזאָרגן אלע זיינע מיטגלידער מיט ארבעט. ניט שטענדיק פלעגט עס געלינגען טייל מאל פלעגן די פאבריקאַנטן ניט וועלן אננעמען א ניי־אריינגעשיקטן ארבעטער צו מאל פלעגן זיך קעגנשטעלן אויך די סטאַבילע ארבעטער פון דער פאַבריק.

הגם די לעדער־ארבעטער און פאבריקאנטן האבן געדאַוונט אין איין בית־מדרש, געגאנגען צו הקפות מיט דער זעלבער תורה — האט קיין אידיליע צווישן זיי ניט געהערשט: דאס שטעטל איז טאקע געווען קליין נאָר די קלאַסן־קעגנזאצן גרויס. ארבעט קאָנפליקטן און שטרייקן זענען געווען אן אפטע דערשיינונג די שטרייקן האבן געדויערט טעג און טייל מאָל לאַנגע וואָכן קיין שטרייקברעכערס זענען צווישן די קרינקער גאַרבער־ארבעטער נישט געווען.

בעת די שטרייקן האבן די לעדער־ארבעטער ארויס־געוויזן פיל אויסגעהאַלטנקייט און קלאַסן־באַוווסטזיני־קייט. געטריי זייער רעוואָלוציאָנערער טראדיציע, האבן זיי געקעמפט פאר זייערע רעכט.

נישט קוקנדיק אויף די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, האבן די לעדער־ארבעטער געלעבט אן אינטענסיוו פּאָליטיש־גייסטיק לעבן. איינע פון זייערע הויפּטזאָרגן איז געווען די דערציונג פון דעם אָנוואַקסנדיקן דור. דאס רוב קינדער פון די לעדער־ארבעטער האבן געלערנט אין דער יידישער פאָלקשול, וו זיי האבן באקומען א וועלטלעכע דערציונג. א סך ליבע און איבערגעגעבנקייט האבן ארויס־געוויזן די עלטערן ביים אויסהאַלטן די ידישע „צישאָ"־



א גרופּע קינדער און לערערס פון פאָלקשול / קבוצת תלמידים של בית־הספר העממי ביידיש ומוריו

שול. זיי פלעגן אָפטביישטייערן זייערע לעצטע זלאָטעס, כדי צו דעקן די לויפנדיקע הוצאות און חובות פון דער שול. מער ווי עלעמענטאַרע בילדונג האָבן די לעדער־ארבעטער נישט געקענט זיך דערלויבן צו געבן זייערע קינדער. קיין איין ארבעטער־קינד האָט ניט געלערנט אין א גימנאַזיע, און נאָר געציילטע, יחידי־סגולה, האָבן ממשיך געווען זייער לערנען אין לערער־סעמינאַרן, אדער אין פאַכשולן.

די קרינקער לעדער־ארבעטער פלעגט אינטערעסירן א גוט יידיש בוך, זיי פלעגן לייענען א טעגלעכע צייטונג און נאָכפאָלגן מיט גרויס אינטערעס די געשעענישן אין דער גרויסער וועלט.

דער משפט פון סאַקאָ־וואַנצעטי, דער בירגער־קריג אין שפּאַניע און די טרויעריק־באַרימטע פּראָצעסן אין מאָסקווע, האָבן געפונען זייער אָפּקלאַנג צווישן די קרינקער ארבעטער.

זיי האָבן מיטגעפילט מיט די פרייהייטס־קעמפער און פאַראורטיילט די אינסצעניזירטע מאָרד־פּראָצעסן אין מאָסקווע.

די לעצטע פּאָר יאָר ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט די קרינקער גאַרבעריי־אינדוסטריע דורכגעמאַכט א געוויסע „פּראָספּעריטי". די גאַרבאַרניעס האָבן פאַרגרעסערט זייער פּראָדוקציע. אויסער די „טראַדיציאַנעלע" לעדער־פּראָדוקטן — פּאַדעשווע, „פּאַדקלייקעס", „שאַגרין", כראָם, כאַלעוועס און צונגען — איז צוגעקומען א נייער לעדער־פּראָדוקט „פּאָדשעווקע", א ווייכער, א דינער, וואָס האָט געדינט ווי אַן אייבער־שטער לעדער, און דער עיקר צו לעדער־גאַלאַנטעריע.

א קאָנטיקע צאָל אָרטיקע קריסטן און פויערים פון די ארומיקע דערפער האָבן געצויגן זייער פּרנסה פון דער לעדער־אינדוסטריע, די קריסטן האָבן געארבעט מערסטנטייל ווי „נאַסע"־ארבעטער און ביי אנדערע פשוטע מלאכות. די צאָל לעדער־ארבעטער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן ערב דער מלחמה...

די טעכניק איז דערגאַנגען אויך קיין קרינקי. אין די פאַבריקן האָבן זיך באַוויזן אַרבעט־מאַשינען. דאָס רוב פאַבריקן האָבן געהאַט אייגענע „פּאַראָוויקעס" (דאַמפּ־מאַטאָרן), עלעקטרישע קראַפט, און לעצטנס האָבן זיך באַוויזן הויכע ווינט־טורבינעס. מען פלעגט שוין מער ניט דרייען די באַראַבאַנעס לאַנגע שעהן מיט די הענט.

צופאַרנדיק נאָענט פון שטעטל מיטן גראָדנער, אָדער סאַקאָלקער שאָסיי, פלעגן זיך זען די הויכע, רויכערנ־דיקע פאַבריק־קוימענס און ווינט־טורבינעס — להבדיל „קליין־מאַנטשעסטער"...

דאָס שטעטל האָט געאַרבעט. עס האָט פּולסירט אַן אינטענסיוו ווירטשאַפטלעך לעבן. יידישע איניציאַטיוו און קאַפּיטאַל, יידישע פאַכמענישע מי און פלייס האָבן געשאַפן עקאָנאָמישע ווערטן, וואָס זענען געווען אַ ברכה פאַרן שטעטל. קרעמער, קאָמיסיאָנערן, „פּאַקאָווששיקעס" (פּאַקערס), בעלי־מלאכהס און בעלי־עגלות — אַלע האָבן געצויגן זייער חיונה פון דער פאַרצווייגטער גאַרבעריי־אינדוסטריע.

די אומגעריכט אויסגעבראָכענע צווייטע וועלט־מלחמה, די בלוטיקע דייטשע אָקופּאַציע — האָט אין אַ קורצער צייט פאַרניכטעט מיטן וואָרצל אַלץ וואָס יידן האָבן אויסגעבויט אין משך פון צענדליקער יאָרן.

יידישע פאַבריקאַנטן און אַרבעטער, אָרעם און רייך אַלעמען האָט דערוואַרט איין גורל — טרעבלינקע אוישוויץ און אומקום.

## דאָס רעליגיעזע לעבן

***

### תורה־ און טראַדיציע־געטריישאַפט אין קרינקי

„אין די פריערדיקע דורות — שרייבט חנוך סוראַסקי — האָט קרינקי געהאַט אַ שם פון אַ מיוחס־דיק שטעטל מיט אַ געהייבענער טראַדיציע פון רבנים און צדיקים גדולי־תורה, און פון אַן עדה יידן דורכגע־נומענע מיט אמונה און תורה ודעת — וועלכע לעבן זיך אויס אין מצוות און מעשים טובים

„אויפן אַלטן שטאָטישן בית־עלמין זענען געווען אויסגעשטעלט די מצבות אויף קברים פון די קרינקער גדולים, צווישן זיי פונעם רב ר' יוסף — ר' יאָסעלע־הצדיק, און פון ר' חיים צבי דעם חסידישן מורה־הוראה — פון די 'סלאָנימער' — וואָס איז געווען אויך אַ בעל־מופת. די אויפשריפטן אויף די מצבות האָבן עדות געזאָגט אויף דער אומאיבעררייסלעכער קייט און דער צוזויפגעפלאָכטנקייט פון עולמות און דורות.

„ווי באַקאַנט, האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עקסיסטירט אין קרינקי אַ ישיבה־גדולה 'ענף עץ חיים', אין וועלכער ס'האָבן געלערנט צענדליקער ישיבה־בחורים פון דער גאַנצער סביבה.

„אָבער אויך שפּעטער איז אויפגעקומען אין קרינקי און האָט עקסיסטירט אַ נייע ישיבה, פאַר יוגנטלעכע, 'בית־יוסף' — אַ פיליע פון די נאָוואַרעדאָקער מוסר־ישיבות, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן דורך ר' יוסף יוזל הורוויץ זצ"ל. איר לערנאָרט איז געווען אין 'חיי אדם' אויף גאַרבאַרסקע גאַס"

„דאָרט אין בית־מדרש — שרייבט אַבֿרהם סויפער — זענען געזעסן אַ פינף צענדליק יונגע־לייט און געלערנט מיט דער גרעסטער התמדה די אייביק שיינע גמרא־בלעטער — און זייער זמרל, פון טיפן האַרצן אַרויס, פלעגט נישט איין מאָל אַנוואַרפן אַ שרעק אויף פאַרבייגייענדיקע קריסטן.

„בחורים מיט פאות אַרומגעוויקלטע איבער די אויערן, פלעגן עסן 'טעג' ביי צענדליקער קרינקער משפחות. אויף טריט און שריט האָט זיך געמערקט, אַז אַ גרויסע און גוטע ישיבה איז טעטיק אין שטעטל דער הויפּט־גבאי ר' נפתלי, איז געווען אויסערגעוויינט לעך פאַרנומען מיט רעקרוטירן ישיבה־בחורים פון דער גאַנצער געגנט. מען האָט אָבער געקאָנט הערן אויך דיאַלעקטן פון פיל גאַליציאַנער און 'פּוילישע' יונגע־לייט, וועלכע פלעגן קומען לערנען אין דער קרינקער ישיבה, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינער פון די בעסטע און האָט אויך אַרויסגעלאָזט עטלעכע רבנים".

„אין די קרינקער גאַסן — איז מסיים חנוך

סוראַסקי — האט זיך געהערט און ס'האט געקלונגען אין די אויערן דער קול פון תורה, דברי אלקים חיים — פון יידן, וואס זייער לעבן איז געווען דורכגעפּלאָכטן און דורכגעוויקלט מיט עבודת־הבורא און מעשים טובים.
„עס איז געווען...״

דויד מישקאָווסקי

## הרב ר׳ חזקיהו יוסף מישקאָווסקי

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער, איז אויפן קרינקער כסא־הרבנות געזעסן דער לעצטער רב פון שטעטל, דער פּראָמינענטער ר׳ חזקיהו יוסף מישקאָווסקי — א גדול בתורה, אן איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער עסקן און אן אוהב־ישראל בנפשו ובמאודו. געבוירן געוואָרן איז ער תרמד (1885), אין סטאַוויסק, לאָמזשער קרייז, אין א רבנישער מיוחסדיקער משפחה.

געלערנט האט ער אין א רייי ישיבות, דערונטער אין מאַלטש, ראַדין און נאַוואַרעדאָק, און שוין דאָרט זיך אויסגעצייכנט ווי אן עילוי. תרסד (1904) — דאַן א 20יאָריקער — איז ער עולה געווען מיט זיין שווער קיין ארץ־ישראל, זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו ער האט געלערנט אין דער אַנזעעוודיקער ישיבה „עץ־חיים״, און ארויסגעגעבן זיין שווערס א ספר „פּרי־יצחק״, צוגעבנדיק צו אים אויך אן אייגענעם חיבור.

ר׳ חזקיהו באטייליקט זיך אויך אין עסקי־ציבור פון ירושלים, און ווערט דאָרט אויסגעקליבן פאר מיטגליד אין דעם ערשטן „ועד־העיר ליהודי ירושלים״ (קהילה־ראַט).

תרעד (1914) קערט ער זיך צוריק קיין פּוילן און ווערט נתמנה פאר רב אין זשעלודאָק. תרפב (1922) ווערט ער רב אין קריניק (נאָך ר׳ זלמן סענדערן, וואס איז ארויסגעפּאָרן פון דאָרט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל; און נאָך הרב וויינטרויב, וואס איז געווען רב אין קריניק א קורצע צייט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע און האט, צוליב א מסירה, געמוזט פאַרלאָזן דאס שטעטל).

אין קריניק, וואָס האט זיך נאָך יענער וועלט־מלחמה געפונען אין א שווערער עקאָנאָמישער לאַגע — האט הרב מישקאָווסקי זיך איבערגעגעבן צו העלפן די פּילע ניצרכים, און אָפּגעגעבן א סך כוחות פאר די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, בפרט אויפן פעלד פונעם רעליגיעזן חינוך. ער גרינדעט דעם „חדר הכללי״, וואס איז פון דער אַמאָליקער „תלמוד־תורה״ געוואָרן א מוסטערהאַפטע, גוט איינגעאָרדנטע שולע פאר יידישער און אויך וועלטלעכער בילדונג.

אזוי פאַרנעמט זיך הרב מישקאָווסקי אויך מיט זאָרגן פאַרן „לינת־הצדק״, פאַרן גמ״ח (ער איניצירט דאס גרינדן פון אַזעלכע קאַסעס, מיט דער הילף פון „דזשאָינט״, אין אלע גרעסערע שטעט אין פּוילן); ער איז אויך טעטיק פאַרן בית־יתומים, אין דעם „פרויען־קאָמיטעט״ און ווו ס'האט זיך נאָר געפאָדערט ענערגיע און הילף בכלל.

די אַקטיוויטעט פון הרב מישקאָווסקי האט ווייט איבערגעשטיגן די ראַמען פון קרינקי. בעת ס'האט געהאלטן אין פּוילן ביים פאַרווערן די יידישע שחיטה, האט הרב מישקאָווסקי — דאַן וויצע־פּרעזעס פון דער „אגודת־הרבנים״ אין לאַנד — זיך געשטעלט בראש פון דעם קאַמף קעגן דער געפּלאַנטער גזירה.

מיטן אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה אין 1939, פאָרט ער אריבער קיין ווילנע, ווו ער ווערט נתמנה פאַרן פאַרזיצער אינעם פאַרבאַנד פון די רבנים־פּליטים פון פּוילן, און מיט דער איניציאַטיוו פון „דזשאָינט״, אַנטוויקלט ער ברייטע ברידערלעכע הילף־ און רעטונג־טעטיקייט אויך איבער די אָרטיקע גרענעצן. פרילינג 1941 איז ער עולה פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל, ווו ער ווערט נתמנה פאר מנהל פון דעם „ועד־הישיבות״ אין



מחלקה ו׳ ב„חדר־הכללי״, תרצ״ד
א כיתה אין „חדר־הכללי״



„הוועד למען היתומים" עם הנהלת בית־הספר לחייטות ומוריו ותלמידותיו

לאַנד; אבער דער עיקר גיט ער זיך איבער מיט לייב און לעבן צו ראַטעווען יידן־פליטים, און בפרט פאַר־וואַגלטע קיין טיף־רוסלאַנד.

ער זוכט אויף אדרעסן, בפרט פון קרינקער, און לייגט איין וועלטן, כדי עס זאלן צו זיי איבערגעשיקט ווערן פעקלעך און צו ראַטעווען די אומגליקלעכע פליטים פון הונגער, קעלט און הולאתן, און זיי צוגעבן מוט אויסצוהאַלטן די געפערלעכע צייט.

אויסגעקליבן פאר א מיטגליד אין דעם ארץ־ישראל־דיקן רעטונג־קאמיטעט ביי דער יידישער אַגענץ, לאָזט זיך אוועק דער אין געזונט זייער אָפּגעשוואַכטער רב מישקאָווסקי קיין אייראָפּע — צו העלפן ארויסראַטע־ווען יידישע לעבן־געבליבענע נפשות, בפרט יידישע קינדער, פאַרבאַהאלטענע אין די מאָנאַסטירן, און זיי אריבערצופירן קיין ארץ־ישראל. ער פירט אויך אָן מיט ברען מיט דער רעטונג־קאַמפּאַניע אין א״יראָפּע און אין די פאַרייניקטע־שטאַטן.

א צעבראָכענער פון גרויס צער איבער אונדזער פאלקס־בראָך, קערט ער זיך צוריק קיין ארץ־ישראל ערב־ראש־השנה תשז (1947), אבער זיין אפּגעשוואַכטע האַרץ האַלט מער נישט אויס: אויף מאָרגן נאָך ראש־השנה איז ער נסתלק געוואָרן. אַן עולם פון איבער 10,000 האבן אים מלווה געווען אין ירושלים צו זיין אייביקער רו אויפן הר־הזיתים.

## קרינקער מלמדים

**בצלאל (אַלטער) פּאַטשעבוצקי**

### צוויי ר׳ שמואל

ר׳ שמואל טענצער דער מלמד האט געהאט א חדר, ווו ס׳האבן אין א געוויסער צייט געלערנט הונ־דערט ייִנגלעך. ער האט געהאט עטלעכע באַהעלפערס.

דער חדר — א ריזיק צימער מיט א ליימיקער פּאָדלאָגע; דריי גרויסע הילצערנע טישן, אויסגעשטעלט ווי א „חית" (ח). פון זייערע ביידע זייטן — לאַנגע בענק צעשטעלט אזוי, אז די קינדער זאל אויסקומען צו זיצן פנים אל פנים. ביים טיש אין דער ברייט פלעגט זיצן דער רבי.

די באַהעלפערס פלעגן שטיין ארום די טישן, אדער ארומגיין צווישן די קינדער און אַכטונג געבן, מען זאל זיך האלטן רויק און זיך צוהערן צום רבין.

אין צווייטען צימער — דעם רבינס וווינונג — איז געווען חושך און ברודיק. ווענט — איינגעווייקט אין נאַסקייט; עס האט פון זיי געגאַסן מיט ווילגאַטש און מיט דער פאַרע, וואס פלעגט ארויסשלאגן פון קאַכן. קיין פענצטער זענען נישט געווען.

דעם רבינס ווייב, פייע, איז נעבעך געווען בלינד אויף איין אויג, פון וועלכער ס׳האט תמיד גערונען „מאַטעריע". זי פלעגט האַלטן אין איין שרייען און שילטן, און פלעגט זיך אריינרייסן אויך אין חדר — א פאַרשלומפערטע, מיט א צעשפּילעטער בלוזקע — מיט קולות און קללות, און אויסלאָזן איר ביטער געמיט צום מאַן. שמואל טענצערן פלעגט דאס נישט רירן. ער פלעגט אפילו די קאָפּ צו איר זייט נישט אויסדרייען, און פלעגט ממשיך זיין מיטן „קמץ אלף אָ, קמץ בית בָּ".

אויף באשטראָפן איז געווען א ספּעציעלער ווינקל — א „קונע", וואס פלעגט פאַרמאַכט ווערן מיט א טירל ביזן קינדס קעפּל הויך. דעם פאַרזינדיקטן פלעגט מען געבן האַלטן אין איין האנט א קאַטשערע, און אין דער אנדערער — א בעזעם. קינדער פלעגן שטיין ארום און

שרייען: „בע, בע, א בושה!”. אין א פּאָר מינוט ארום פלעגן זיי זיך אומקערן לערנען. דער דויער פונעם שטראָף האט זיך געווענדעט אין דעם מלמד׳ס איינזען.

## ר׳ שמואל „דער רביצינס”

ר׳ שמואל „דער רעביצינס” איז געווען א „וועלטלעכער” רבי, בארימט נישט בלויז מיט זיין קענטעניש, אינטעליגענץ און דידאַקטיש־פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן — נאר קודם־כל מיט דעם, וואס עטלעכע וואָכן פאר פסח פלעגט ער פּראָדוצירן וויין. די חדר־יינגלעך האבן אים דערביי גערן געהאלפן: אויף דעם חשבון פלעגט מען ווייניקער לערנען.

דאס וויין־„פּראָדוצירן” איז געווען אן אינטערעסאַנטע מלאכה, מען האט אבער דערביי געמוזט זיין שטאַרק אָפּגעהיט, אז נישט — פלעגט די קלענסטע אומפּאַרזיכערקייט ארויסרופן געשרייען מצד דער רביצין (דער מלמדיכע), וואס זענען געווען נאך ערגער ווי דעם רבינס מוסרן.

אין די פינצטערע אָוונטן פלעגט מען גיין צוריק אין חדר מיט לאַמטערנעס אין די הענט: דער שניי אונטער די פיס סקריפּעט, איין האַנט, א צעפראָרענע, האַלט די ספרים, און די אַנדערע — די לאַמטערנע. דער ווינט שאָקלט זי, און נאך איר וויגט זיך דאס געשטאַלט פונעם תלמיד — דעם יידישן מתמיד.

שמואל „דער רביצינס” פלעגט נישט שלאָגן — צו אים פלעגט מען שיקן פיזיש־שוואַכע קינדער. ער האט געהאט א נאַגייקע — אבער נישט צום באנוצן. די עלטערן פון זיינע תלמידים זענען געווען מער אדער ווייניקער רויק: קיין גרויס סכנה האט אין שמואל דער רביצינס חדר זייערע קינדער נישט געדראָאט: ער וועט זיי די לונגען נישט אָפּקלאַפּן.

ישי דרייזיק

## ר׳ שמואל גלעמבאָצקי

מיר, די אלע קרינקער, וואס האבן באַצייטנס זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט, אין אונדזער שטורמדיקער צייט, און האבן אין דער היימאַטשטעטל דורכגעמאַכט און געלערנט אינעם חדר פון הרב ר׳ שמואל ב״ר יוסף הצדיק זצ״ל גלעמבאָצקי, אדער ווי מען האט אים אזוי


ר׳ שמואל „דער רביצינס”

היימיש גערופן, ר׳ שמואל „דעו׳ רביצינס” — האבן מיט זיך מיטגענומען אין לאַנגן וואַנדערוועג דאס גרעסטע און טייערסטע אייגענטום: דאס זענען די יידישע לערע און עטיק, באַזירט אויף די שענסטע און העךלעכסטע פרינציפּן פון דער תורה — דער רייכער באַגאַזש פון ליכט און וויסן, פון מידות־טובות, דער טיפער גייסט פון יידישע טראַדיציע, מאָראַל און ערלעכקייט.

מיין עלטער־פעטער, ר׳ שמואל „דער רביצינס”, האט זיך נישט באנוצט מיט דער תורה ווי א „קרדום לחפור בו” — ער האט זיך געהאַלטן ביים כלל פון „אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות”. דערפאַר ליבערשט האט ער געווידמעט זיין גאנץ ערלעך לעבן, בלב ובנפש, צו דערציען דורות פון פולע און גאַנצע יידן, געלערנט מיט זיי על דרך הניגלה ועל דרך הניסתר, פאַרפלאַנצט און פאַרפעסטיקט די אמונה אין די יונגע הערצער פון זיינע תלמידים.

ר׳ שמואלס חדר איז אין זיין קאַטעגאָריע געווען דער העכסטער אין קריניק, און געלערנט אין אים האבן דערוואקסענע יינגלעך פון די בעסערע היימען, וואס האבן שוין פריער געהאט דורכגעמאכט אנדערע חדרים פון חומש־ און „סוואַרבע” (עשרים וארבע” — תנ״ך)־שטאַפּלען. ר׳ שמואל האט די תלמידים געלערנט העכערע טראַדיציאָנעלע לימודים, ווי גמרא מיט תוספות על דרך הפשט והקבלה. עס איז געווען א כבוד פאר עלטערן און א שטאָלץ פאר די קינדער צו לערנען ביי אים. און מיר, די אלע וואס זענען געזעסן יאָרן לאַנג אויף די

בענק ארום זיין טיש פון תורה און חכמה, האבן אייגע־זאַפּט, איטלעכער לויט זיין אויפנעמפעיקייט, זיין ליבע צו יידישקייט און גלויבן אין נצח־ישראל.

דאס מוסטערהאַפטיקע און ריין ערלעכע לעבן פון דעם רבי, דינט ווי אן עמוד־האֵש פאר איטלעכן פון זיינע אומצאָליקע תלמידים. רב שמואל „דער רביצינס" (ר' יאָסעלעס זון און גייסטיקער יורש), איז געווען א בעל־מזג־טוב, א בעל־הדרת־פנים און א גרויסער תלמיד־חכם, און היימיש אין וועלטלעכע חכמות. צו אים פלעגט מען קומען פון אלע שיכטן זיך שואל עצה זיין, אָפּ־שפּרעכן אן עין־הרע און אויסריידן זיך די שווערע געמי־טער, און יעדער איינער איז פון אים אוועקגעגאַנגען א געטרייסטער. אין שטאָט האט מען פאר ר' שמואלן געהאט גרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט.

געדאַוונט האט ר' שמואל אין „קאַווקאַזער" בית־מדרש. זיין אָרט איז געווען ביים ארון־קודש. דער בעל־תפילה, אָדער חזן, האט געהאט שטענדיק געוואַרט מיטן אָנהייבן די „הויכע" שמונה־עשרה ביז הרב שמואל וועט אויסגיין די שטילע תפילה. דער דרך־ארץ פאר אים איז געווען אָין־לשער.

ווי ליב און הארציק ר' שמואל איז געווען צו מענטשן — אזוי שטרענג איז ער געווען צו זיינע תלמידים. יעדע מינוט איז געווען טייער און הייליק. מ'האט געמוזט אָנשטרענגען אלע חושים, כדי נאָכצופאָלגן דאס וואס ער זאָגט. די תלמידים האבן אים ממש פאַרגעטערט, געזען אין אים דעם עמוד־האֵש. ער האט אין זיינע תלמידים איינגעוואָרצלט נישט נאר א ליבע צום לערנען און צו יידישקייט, נאר אויך א געפיל פון חברישקייט, וואס האלט אָן ביי יעדן פון זיי, ווו זיי זאלן זיך נישט געפינען.

דאָנערשטיק ביי נאָכט פלעגט ר' שמואל זיך נעמען גרייטן צום שבת, אויף יעדער זאַך אַכטונג געגעבן, עס זאל זיין כהלכה לכבוד שבת־המלכה, אליין צוגעגרייט דעם שמעקטאַבאַק.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער ארבעט, האט ער דעם ערשטן „מעשׂר" אויסגעטיילט פארן אַדעלסקער רב, וואס האט דאַן געוווינט אין קריניק, און צו אנדערע לומדים, און איך האב געהאט דעם זכות אויסצופירן די „הייליקע" מיסיע פון אָפּטראגן צו זיי פושקעלעך טאַבאַק.

# היה היתה קרינקי שלנו

## בדורה האחרון בטרם חורבן

פרידה זאַלקין־קושניר

### קרינקי שלנו

השם קרינקי נובע ממעיינות המים שנה, אשר השפיעו על אופייה החרושתי ועל התפתחותה של הבורסקאות בה. מיבנה העיירה הוא טיפוסי לזה של ימי־הביניים — עם השוק האופייני שבטבורה, שממנו מסתעפים רחובות לעבריו. תושביה היהודים שכנו בליבה של העיירה, ובידיהם היו נתונים החרושת והמסחר של קרינקי, ואילו הפולנים היו בעיקרם מאנשי האיכרות, ושכנו בעיבורי העיירה, כשמעוניהם־בתיהם גובלים עם



רח' בית־היראה הקאַתולי / קאַסציאַל־גאַס

חלקותיה החקלאיות. עם אנשי האינטליגנציה הפולנים נימנו רופא, שופט, כומר, המשטרה.

לעיירה היה אופי תעשייתי. נתקיימו בה עשרים וכמה בתי־בורסקי, ובימי הממשל הצאַרי הרוסי היו מגיעים אליה סוחרים רוסיים בענף העורות מקרים ומסיביר הרחוקות. המרב־ת של האוכלוסה היהודית, לרבות של בני־הנוער, עבדו בבתי־החרושת — ובכך שיוו לעיירה גוון פרולטארי. לצידם של אלה היו בקרינקי גם מספר של סוחרים ושל בעלי־מלאכה — חייטים ותפרים, שעבדו למען החקלאים שבכפרים הסמוכים. איכרי הסביבה היו אֶלמנט פרימיטיבי ומפגר וברובם אַנאַלפביתים; ורק לאחר שהרשות הפולנית פתחה בתי־ספר יסודיים ממשל־תיים לחינוך ללא תשלום בעדו, החלו הכפריים לשלוח את ילדיהם אליהם.

היהודים בקרינקי דאגו מאז ומתמיד לפיתוחם של חיי התרבות. הם עמדו בקשרים עם הערים הגדולות הקרובות, כמו גרודנה וביאַליסטוק, דאגו להספקה של עיתונים וכתבי־עת, להזמנת אמנים למופעים מרוסיה, ואח"כ מפולין. היהודים נטלו חלק נכבד בהנהלה העי־רונית, כנציגי מפלגות שונות, ויהודים כיהנו בה כסגנים לראש־העיר.

יש לציין במיוחד, את הנוער היהודי הקרינקאי, שהיה בעל־הכרה, פעיל וגם מהפכני.

עד שהוקמו בתי־הספר הכלליים, היו הנערים לומדים בעיקר ב„חדרים", והנערות — בבית־ספר יסודי רוסי. אחת המורות של אותם ימים היתה ליזה רוטבורט, רעיית דויד טוביהו, ראש־העיר העברי הראשון של באר־שבע. בני־הנוער הקרינקאים היו מעודם צמאים לדעת, אולם, לצערם, לא היו קיימות בעיירה גופה כל אפשרויות להשתלמות בהשכלה.

חלק מבני־הנוער היה חדור רוח ציונית עמוקה. „צעירי־ציון" הם שהניחו את היסוד לבית־הספר העברי של „תרבות" בעיירה. בו בזמן נחלצו גם בני־נוער מבתי־עשירים לעלות כחלוצים לארץ־ישראל, ומהם אשר נת־יישבו בקבוצת גבע שבעמק־יזרעאל.

בעת ובעונה אחת עם ייסודו של בית־הספר העברי,



קבוצת תלמידים של בית־הספר העממי ביידיש עם מוריהם
א גרופע שילער און לערערס פון דער פאלקשול אין יידיש



המורים — רייס, גלרנטר וצווייגל
די העברעישע לערערס ד״ר רייס, געלערנטער און צווייגל

הוקם גם בי״ס של ה„בונד" ביידיש. במשך כל תקופת קיומם של שני בתי־הספר הללו, הם התחרו ביניהם על הישגים ברמת־הלימודים ובמשיכת הדור החדש אליהם, ובשל כך אף הגיעו שני בתי־האולפנה היריבים לרמה גבוהה.

המורים הוזמנו מגאַליציה ומפולין הקונגרסאית — אנשי־תרבות בעלי השכלה גבוהה, כמו ד״ר רייס, גלרנטר, צווייגל, שריג (מנהלו הנודע של הסמינריון למורים שבגבעת־השלושה). בקרינקי שאפו לפתוח גם גימנזיה, אולם לא נמצא לה בסיס במקום, בשל מיעוט התלמידים, שכן היו אלה בני הורים פּרולטאַריים, שנמנעה מהם האפשרות להשתלם בלימודיהם לאחר סיימם את בית־הספר היסודי. אולם נמצאו גם שהיו יוצאים למקומות גדולים יותר, כמו גרודנה או וילנה, ללמוד ולהשתלם שם, או לרכוש מקצוע מעשי, כשהם מקיימים את עצמם כלשהו בערים הללו. ואמנם זכה הנוער הקרינקאי לשם טוב ברבים על רמתו התרבותית, בבחינת, כי „מקרינקי תצא תורה".

**שמואל גלר**

## שבעת־הימים בעיירתנו

### יום־חולין

עשן אפור כהה, העולה עם עמוד השחר לדמדומי המרומים מארובות הבקתות השחוחות — מבשר תחילתו של יום־עבודה חדש בקרינקי: אמהות יהודיות מכינות מעל הצובות וכיריים ארוחות־בוקר לבעליהן, לבניהן ולבנותיהן, המקדימים להשכים למלאכת־יומם.

לא נפטר עדיין הלילה מן היום העולה, וכבר חוצות קרינקי הומים מבורסים צועדים בכבדות ויורדים במורדות של הרחובות גאַרבאַרסקה וגמינה ושל סימטאות אחרות — אל בתי־הבורסקי, אל המיבטשות ואל שאר מקומות־העבודה. בחפזה יחגרו שם את סינרי המלאכה, יחפתו את השרוולים ובהשקט וכובד־ראש יגשו לעמלם. עתה יתנפשו מנועי־הקיטור, תזדמזמנה המימסרות, תסתובבנה האיצוונות (הגלילים), יבהיקו מכשירי האומנים. ידיים חרוצות ומאומנות מייצרות את העור הקרינקאי המהולל.

השעה 7. ורחובות קרינקי וסימטאותיה הנה שוקקים חיים הם. קריאות קולניות וצחוק נעורים בוקעים מכל עבר — הטף צועד אל בתי־האולפנה. ילקוטים על שכמיהם, תיקים בידיהם, זה במכנסיים שלימים וזה במטולאים — הכל עיניהם זוהרות ומבטיהם עליזים. חיש מתמלאות הכיתות — בבתי־הספר היסודיים, ב„חדר־הכללי": יום לימודים חדש התחיל, לתורה ולהשכלה. וכבר בוקעים צלילי קולותיהם המתרוננים של הזאטוטים, וזמרה של שירי־ילדים בעברית וביידיש פורצת לעבר הסביבה כולה.

משפטרו הנשים את מפרנסיהן ואת טפן מן הבית — ניפנות הן אל עיסוקן היום־יומי: מכבדות את הרצפות, כובסות את הכבסים, מתקנות לבנים ובגדים, יוצאות אל חנות־המכולת, אל האופה והקצב. כל שנתמזל עליהן מזלן תקנינה במזומן, אחרות — בהקפה. עמוסות סלים ותרמילים, שבות הן הביתה, להכין טרף לעת צהריים. מתלקחות הלהבות בתנורים ובכיריים. בקדירות מקדירות, מהן מתויילות, ובסירים מברזל יצוק, תבשלנה סעודות־בשר וארוחות־הלב. וישנן השופתות אך קדירונת זעומה ומזידות בה נזידן במים בלבד.

שוב מתמלאים הרחובות: פועלי בתי־החרושת יוצאים לסעודת־יומם; הזאטוטים חוזרים אל חיק הבית מלימודיהם בהמולה רבה, משתוללים ומתקנדסים. גשם כי יירד, יתבוססו בשלוליות. לעת חורף יחליקו על מחליקיים, מעשי־ידי עצמם לתפארת, על פני הקרח, בהטיחם כדורי־שלג זה בזה במשחקם. לא יחסר התיאבון, אולם לא תמיד ישביעם לחם־העוני הדל המצפה להם במעונם.

השעה עוברת, המבוגרים שבים למלאכתם, התלמידים מכינים את שיעוריהם, מצפים בקוצר־רוח לרגעי החדווה,

עת יתפנו למשחק או לתעלול בחוץ. עקרות־בית, כדבורים חרוצות, שוקדות כל אחת על שלהן. הגידלה אי־פעם מעיין העבודה אצל אמותינו?

בטבור השוק, מול ה„בראַם", רובצות, בקיץ כבימי חורף, המוכרניות — ליד סליהן ותיבותיהן הגדושות ירקות ופירות. לעת החמה, כבקרה ובמטר, לא תיטושנה את מקום־„סחרן"; בקיץ יאכלן השרב ובימי הקור תתחממנה על גבי סירי־הגחלים. מריבות סואנות על קונה בכוח, הן מן השכיחות כאן, וקללות עסיסיות הדדיות תתרחפנה ותבקענה אז את אווירת הזירה ותעלינה עד למרומים. לא קל הוא המאבק על בדל קיום.

בעיצומו של יום תמיד יסתובבו כאן חבורות של מובטלים וכן סתם בטלנים יושבי־קרנות, שגם מהם מצויים היו בקרינקי; מגלגלים הללו ב„מדיניות" שברומו של עולם, כבחדשות העיירה. ישנם העושים פה תחנת־המתנה לדוור כי יבוא, שמא מכתב באמתחתו, מכיל דולר מאמריקה. אחרים, לעומתם, שוחרים עבודה כלשהי או אחר פרנסת־מה. בקוצר־רוח יצפו כולם ליום ה׳ דשבוע, הוא מועד השוק במקום.

### יומא דשוקא

בוקרו של היום המקווה. עוד מדמדומיו כבר ערוכה הכיכר ומזומנת לקבל את פני האורחים הבאים. עשרות אהלים נשתרעו כאן, דוכנים, דלפקים, שולחנות ועליהם מכל טוב סלה. מה לא יימצא כאן? — כובעיות למיניהן, אשר ראשיהן צבעוניים ומצחותן שחורות ומבריקות; עור לחלקי תנעולת: „לשונות", ביטנה וסוליות גזורות לפי מידה; אביזרים לעגלונות, מעשי־ידיהם של רצעני המ־קום: סימלונים ורצועותיהם ומושכות, שריח העטרן נודף מהן למרחקים; פלכים לטויית פשתים, מתוצרתם של חרטים אומנים, ומוצבים על פני הקרקע; מדפים מלאים וגדושים כיכרות לחם „שחור" משיפון, וכן לבן ומקמח מנופה, אף ערימות של כעכים, לחמניות, עוגות ודברי־מאפה אחרים בשפע מגרי התיאבון והחך; סוכריות וממתקים, דרך תערוכה לתפארת; כלי־בישול־ובית לסו־גיהם, ערוכים בכל שתפנה.

ואילו בתי־השכר והמיסבאות, הללו עמוסים לעייפה נקניקים, מליחים, יי״ש, מי־סודה, „קוואַס" ובקבוקי־בירה.

על גבי עגלות־איכרים, וכן ברגל, באים וזורמים הללו העיירתה, חבורות־חבורות — מלאַפיץ׳, ניטופה,



שוקה של קרינקי / קרינקער מאַרק

מאַקאַרובצה, ספודוויל ומכפרים קרובים ורחוקים אחרים. נשות־חיל מבנות־יעקב אמונות על היסכון כבר ממתינות לבאים במבואות ה„קרה", בשדרן אחר „מציאות" או לפחות קניות בחצי־הינם. ב„גויית"־למחצה מתובלת ביידיש, מתמקדות הן עם הכפריים, ממששות בעכוזי התרנגולות, נושבות לתוך הנוצות ובודקות, השמנות הן הללו. לא קל לייגע את עובד אדמתו, אך בסופו של המשא־ומתן תצלחנה בכל זאת בעלות־הנסיון לערוך את קניינן — עוף טוב לשבת, ביצים כמחצית השישימייה, מנת חמאה עטופה בקרע של בד־איכרים גס או בטרף עלה רחב, ומרוצות מ„הישגן" שורכות הן עתה עמוסות זובן את דרכן חזרה, להכין טרף ביתן ליום מנוחת־קודש.

ובינתיים כבר הגיע השוק לעיצומו והומה הוא בצפיפותו, בהמולתו ובשאונו. יהודים מסתובבים בין העגלות המדוחקות זו לזו, מפשפשים בשקים ובאמתחות שבתוכן, מחטטים בחבילות שבידי האיכרות ומתמקחים במלוא כשרונם, עד שיטפחו על כף הכפרי וילחצו ידו, סימן ליישוב ה„הדורים". ארנקי החקלאים תופחים ומת־מלאים והעגלות מתרוקנות. קצבים כשרים קונים פרות, עגלים, כבשים. סוחרי־סוסים בודקים בשיני הבהמות, אומדים את גילן, בוחנים את כושר מרוצתן וסבלן; צהלתן וגעיית הפרות מתמזגות אלו באלו עם שאון קולותיהם של הזבנים והקונים גם יחד.

החנויות, הלולים והדוכנים שוקקים כפריים, רוכשים הללו כלים ומיצרכים לצרכי משקם וביתם. האיכרות קונות שמלות־כותן, הצעירות שביניהן — מטפחות צבעוניות ומנומרות ומחרוזות של פנינות־זכוכית. הערימות

של כיכרות־הלחם ושל שאר דברי־המאכל מידלדלות והולכות.

בבתי־האכילה של פוליאק וסנארסקי, משל חייקל ולידר, ובמיסבאות זולתם, בבתי־המרזח ובמימזגות השכר — שמחה וששון. משמלאו הכיסים, ישובים עתה בעליהם חבורות־חבורות, מכבדים איש את עמיתו ביי״ש מקנחים במליח, בנקניק ובקותל־חזיר בכרוב חמוץ מדברים בקול. ככל שמרוקנים כוס אחר כוס, עולה מצב־הרוח, מסמיקות הלחיים נותנת ההתבסמות סימניה בעיניים. חלק מן האורחים מתחבקים, מתנשקים, זה עם „ריע" וזה עם „ידיד־נפש". יתפזם אחד בפזמון — יחרו־יחזיקו אחריו קולות המסובים שבגילופין. ממיסבאתו של חייקל עולים צליליה של תיבת־הנגינה האוטומטית. ישלשל כפרי מעה לתוכה, ותפיק לקהל מנגינת־לכת אדירה ומקפיצה.

בפתע נזכר אחד העולזים השיכורים ב„עוול" נושן, שגרם לו אי־אז חברו לביסומא, ובקבוק היי״ש כבר הוא עף והולם בראשו של „העבריין". מהומה ומבוכה, השול־חנות נרעדים, בקבוקים וקערות מתרסקים, ה„משקה" נשפך ומרטיב את המתגודדים...

חסל סדר השוק, מעט מעט הוא מתרוקן. החנוונים מונים את הפדיון: ברוך השם, יהא כדי לפרוע מקצת שכר־לימוד, לסלק אי־אלה חובות, ליין־צימוקין לקידוש ולהבדלה.

### קרינקי מְקבלת פני שבת

עוד מבוקר השכם של ימות ו׳ בשבוע היתה קרינקי שוקקה מרוב תכונה לקראת בואה של שבת. ממשכנות ישראל היו עולים ריחות של חלה נאפית, של דגים מת־בשלים ושל מאכלי־שבת אחרים. נשות ישראל, כדבורים שקודות, כיבדו את הבתים, שפשפו את הרצפות, ניקו, צחצחו וגיהצו את מלבושי־השבת. חנוונים, פועלים וחרש־תנים עורכים עצמם ליום שבת־קודש.

ורבה ביותר השמחה בקרב הילדים ובקוצר־רוח יצפו לגמר הלימודים. ברוב המולה וגיל יוצאים הללו חפוזים מבית־האולפנה. כל אחד לפי דרכו מתכונן לשבת.

אחת המצוות הגדולות היתה לנער ולזקן כאחד — הרחיצה לכבוד יום־השמחה. הטף מקיימים מצווה זו בפלג שבמורדו של רחוב הבורסים („גאַרבאַרסקה"), ליד ה„נאַ־שלניצה", הקרב לכר־המרעה (ה„וויגון") שם רדודים המים ואינם עולים בהרבה מעל לקרסולי הרגליים. זוחלים שם בכן הזאטוטים על ארבע גפיהם, מתיזים מי־רקק זה על זה, והשמחה היא לעילא ולעילא

במורדו של רחוב הטחנה („מיל־גאַס"), בבריכה שליד טחנת־הקמח, העמוקה כלשהו, ניתן אף לשחות קמעה — במים או ברפש, זאת יקשה להבחין מצויים היו בכן מבני־התשחורת שהיו מפליגים הרחק יותר מן העיירה ומתרחצים מאחורי טחנת־הקמח „החדשה", בטחנה ה„סלוס־קית", שם אמנם ניתן היה להשתטף במים ממש ולצאת מהם אפילו רחוצים למשעי.

אולם טעמה האמיתי של רחצה יכולת לחוש בנחל הלישקאי. עגלונים היו רותמים סוסיהם לעגלותיהם ומו־בילים לשם את המבקשים לרחוץ במקום. אולם לאו בידי כל אחד מן הבריות מצוי היה מלוא הזהוב מחיר נסיעה כזו לשם וחזרה; היו בכן בני־נוער דקרינקי יוצאים ביום ו אחר־הצהריים ביחידות ובחבורות, לצעוד את ששת הקילומטרים ברגל, עד לנחל המתפתל בשלוות זרימתו בינות לשדות ולדשאים.

הנחל העמוק גדוש קהל רב. כאן צריך לדעת לשחות מראים בכן בני־חיל את כוחם בכך בכל מיני רבותות — זה במצלולים או בחתירה לעומק וזה ב„מעשי־צפרדע". המים צלולים וקרירים והשוחה בהם חש בכל שבעת הטעמים ולאחר הרחצה מתפלשים בעירום על פני הדשא הקריר והריחני (בימי נעורי לא ידעה עדיין קרינקי מבגדי־רחצה)

הנשים התנהלו לבד, במרחק מן הגברים. מצויים היו בין המטיבים לשחות, שנתקרבו בלאט אל תחום המין היפה, „לחטוף" מבט אל בנות חוה המעורטלות למחצה.

מרועננים, קלים ונינוחים, היה יוצא הקהל בעליזות חזרה לעיירה; מתכסים אמנם שוב אבק ומתעייפים, אך שבים הביתה כשרוחם טובה עליהם

ערב שבת היה מלא וגדוש מרוב באים גם בית־המרחץ המקומי. כאן מלך אהרונצ׳יק הבלן. את זה יכבד בקיתון טוב, ואת זה במכבדון־זרדים (א „בעזעמל") לחבוט בו את גוו. בחדר־הרחצה הראשון היו מסתבנים, מתרחצים ומשתטפים, אפס עונג־שבת כהלכה היו חשים במרחץ־ההזעה דווקא. על גבי דרגשי־המדרגות מעץ ישבו ונת־פרקדו פועלים, בעלי־מלאכה, חרשתנים — כאן הכול

שווים. הקהל מתמוגג מחום. „הבל, הבלא!" יקראו מדי רגע ברגע, ויציקת קיתונים מספר של מים צוננים על גבי האבנים המלוהטות שבתנור — מעלה גלים חדשים של הבל לוהט בחללו של חדר־ההזעה. ולא על נקלה יבחין עתה איש בעמיתו, אף בקושי יעלה בידו לשוב ולנשום קמעה כתקנו — אך שוב נשמעות הקריאות הנמ־רצות: „הבל, הבו הבל!" הבריות משתפשפים במכבדות־הזרדים ואיש את רעהו יכבד ב„גב".

כאן המקום היחידי, שבו עשוי איש־„עמך" לחבוט בעל־בית בעמיו, גביר, אף לזכות בכך במצווה... בפנים זוהרים וסמוקים חוזרים מפה הביתה.

ובינתיים כבר הספיקו האמהות לשגר את קדרות־החמין אל תנורי האופים. עתה חופפות הן את ראשי הילדים — בקערות ובגיגיות. הזאטוטים — כל מאמצם להיחלץ מידי האמהות, צועקים הם ובוכים: מר להם בעיניהם מקצף הסבון. במסרקות סמיכים יסורקו ראשי הטף — הן תמיד ניתן היה לגלות שם משהו...

בהשקט ובמתינות חופפות בנות־ישראל את ראשיהן ועושות שׂערן (סגולה לצמיחתו הם מי־גשם). אמהות קולעות באהבה צמות בנותיהן. בבתים מבהיק הנקיון. זקן וטף — הכול ערוכים לקבל פני שבת.

בזה אחר זה נדלקים במעונות נרות־שבת, אצל אלה בפמוטים מכסף, ואצל אלה מפליז, ויש גם שבתוך זוג תפודים... אמהות עטופות־ראש במטפחות ובצעיפים, לוח־שות את ברכתן. ברעד בלבותן ובדמעה בעיניהן, תלווינה את בעליהן וילדיהן אל בתי־התפילה.

### ליל־שבת

אך מסתיימת סעודת ליל־שבת, והנוער דקרינקי כבר זורם מכל קצות העיירה אל השוק. זוגות־זוגות ובחבורות יסתובבו — יערכו „הקפות־למחצה" ליד ביתו של ואַכט, ושלימות — מבית־חומתו של חייקל עד למשכנו של הקר־דם. שיחות קולניות, קריאות רמות, צחוק. השוק שוקק משמחת־נעורים. ליד שפת המדרכות נתלכדות חבורות: נערכים ויכוחים. איש איש מגן בהתלהבות על דעתו, על רבו...

מעט־מעט מידלדלות שורות הקהל, וזוגות זוגות או בחבורותא יפנו מכאן הללו במורדו של רחוב הטחנה אל אחוזת ווירון, ואלה — לסימטאות צדדיות ולמרפסות גל המטיילים העיקרי יורד ברחוב שישלוויץ, דרך שדרות עצי־הערמון שליד ה„בולניצה" (בית־החולים של הגויים) בסמוך לבית־הספר היסודי הממשלתי. הנה כבר הגיעו אל חורשת־„ינטה", שכל גודלה כמלוא זרת, אך אהודה היא ויקרה, כטבועה העמק בלבו של כל קרינקאי.

מכל עברי החורשה בוקעים צלילי זמרה. מי כה הטיב לזמר כנוער הקרינקאי? בני־עיירתנו שרו בטעם וברגש. אך יפצח מי בניגון, ומייד ייעזר ע"י עמיתו ב„סקונדה", ועתה יצטרף גם שלישי רביעי, וקולות־בהתאמה יהיו בוקעים מסביב:

„אל מול דמדומי השחר ניצבים
אנו הגוואַרדיה הצעירה של הפרולטאַריון..." * —

שרה קבוצה של בני־„צוקונפט", זה הנוער של ה„בונד";

מווארשה עדי פּאַריז
מלונדון ועד קאַנטון,
שיגרה מוסקבה נס אדום!" * —

מפגין בזמרתו הנוער המהפכני את אמונתו בעולם־דרור חדש.

ומקצה החורשה נשמע קולה הערב והעדין של נערה:

„את הבטחת לי לבוא,
את הבטחת ולא באת,
חיפשתיך כל הלילה בשדרות,
יאתמול כה היה, כה יפה ונעים,
כה חמדו־להטו הלבבות!..."

השירים על „לילות־כנען", „כנרת" וה„עמק" — נפס־קים ע"י ריקוד־„הורה" סוער של הנוער החלוצי הקרינקאי

מזמרים בונדאים, קומוניסטים, ציונים — שרים בנוסחאות שונות זו מזו, אך בכול פועמת רוח השבט הנפלא של הנוער הקרינקאי.

בחסותה של אפילת הליל אורגים זוגות צמודים ודבוקים זו לזה את חלומותיהם. סודות נעימים למכביר סופגים לתוכם עצי החורשה של „ינטה".

באישון לילה, שבים בני־הנוער, עייפים אך עטורי אושר — אל בתיהם בחשאי יחמקו פנימה, שלא לעורר אבא־אמא ישנים

שלוות־שבת שורה על פני העיירה.

* מתורגם מיידיש




זיבנטער ארויסלאָז פון דער העברעישער פאָלקשול, 1928

**יהודה אקשטיין**

## באוירה של יהודיות וציוניות

קרינקי עיירתי — משהו מן הזמנים, בהם הייתי יושב יום תמים על ספסל הלימודים ב„חדר" וב„תלמוד־תורה", ושלא אשכחם לעולם.

מאוחר בערב, בחורף; אנו חוזרים, תלמידים עליזים מן הלימודים, ופנסי־נר בידינו. מי מאתנו לא יזכור את המלמד שלנו, את „הרבי" בצלאל ז"ל, שהחדר שלו שכן ברחוב צרקובנה?

והנה בית־הספר של „תרבות" שברחוב גאַרבאַרסקה וב„באָד־געסל", והספרייה הגדולה, אשר על־ידיו. מגמת החינוך בו — ציונה, לחלוציות ולהגשמה. ומנהלו המסור אשר גנדל, והטיולים וההפלגות בל"ג בעומר, בכ' תמוז ובחגים לאומיים אחרים — ביער של ינטה, או הרחק יותר, ב„שאַלקער וואַלד" — והחזרה משם עם לפידי־אש?

ו„החלוץ־הצעיר" שלנו, על העבודה החינוכית־התר־בותית, שהיתה מתנהלת בו, ועל הסמינריונים והמושבות־לקיץ־ולחורף, שפניהם כולם לארץ־ישראל, לעלייה.

ויום השבת בקרינק, לאחר ששת ימי־המלאכה, השבתיות („שבתדיקייט"), שהיתה שורות בכול; ואחרי סעודת־המנחה ברחוב שישלביץ, כשכל העיירה, מטף ועד זקן, מטיילת בו...

**אשר גולוב**

## מפרקי־ההווי

כיתר ערי־השדה שבפולין, חיתה גם קרינקי את חיי ההווי היהודיים הטיפוסיים של העיירה. וההורים היו משתדלים להוריש את מסורתם הדתית גם לבניהם.

אולם עיירתנו נתברכה גם בטיפוסים למיניהם, שסיפקו חומר רב לבידור הקהל ולהלצות. ליצני קרינקי ידעו „למתוח" בליצנותם עם רב בעיירה. ומעל לכול נתברכה קרינקי בשפע שמועות על שדים ורוחות.

אגדות והלצות לאין ספור נרקמו במשך הדורות סביב ה„גרויסע שול" וה„שולהויף" (בית־הכנסת הגדול ותחומו). האגדות הללו, על שדים ומתים, שהיו להם מהלכים בעם, היו מטילים את פחדם על חלקו הגדול. אספר כאן על אחת האפיזודות.

היה בקרינקי יהודי בשם הרשל „יחסן", או „מיוחס" שהלך ביום בהיר אחד לעולמו — מקרה טבעי ורגיל והנה פשטה שמועה בעיירה, שאותו הרשל חזר לביתו ישב לו על הספה, דיבר, הסתובב ונעלם. אחרים סיפרו כי נתגלה להם בחלומם, וביקש לקברו מחדש, כי נתהפך על בטנו ואין לו תיקון — וסערת הרוחות בין תושבי העיירה גדלה והלכה

באותו זמן — כך שמעתי בעצמי מפי המספר גנבו אצל גוי מן ה„נייע־גאס" זוג יונים. העיקבות של הגנבים הובילו בשביל העובר ליד בית־הקברות. כשהלך הגוי לחפש את היונים, ראה, בעברו ליד בית־העלמין דמות לבנה מסתובבת שם הוא התקרב אליה, והנה הרשל יחסן לפניו. לשאלת הגוי, מהו עושה כאן, ענה, כי אבד לו משהו. הערל, מרוב פחד, כמעט פרחה נשמתו, וחיש מהר הסתלק מן המקום.

באותו ערב, כשעשיתי, כדרכי יום־יום ב„מרכז" (כינוי המקום המרכזי של התנועה הציונית בעיירה, בפי הקהל) שברחוב גארבארסקה, אצל אלתר הצבע ז"ל, שם היו מתכנסים החבריה, מי ל„ספריית־השל", מי לחוג הדראמא־טי ומי לבילוי זמן סתם — סיפרתי להם את כל הסיפור, כפי אשר שמעתיו מפי הגוי. פרץ ויכוח. היה מי שקיבל את הדבר כמעשה שנתארע, והיו שהתלוצצו על חשבון הערל

לבסוף קם שמעון רודי הגיבור הידוע שלנו, ואומר שמוכן הוא להתערב עמנו, על כך, שאין הוא מפחד מפני שום דבר. הוא יילך עתה, בערב, לבית־הקברות לבדו ויעמוד שם על הגדר, ואנו נבוא אחר־כך להיווכח, אם אמנם כך הוא. הסכמנו. היה לילה אפל. שמעון הלך.

במועד שנקבע קמנו, קבוצת חברים, ויצאנו לבדוק, אם אמנם עמד הבחור במיבחן. בהתקרבנו אל בית־הקברות, הבחננו בדמות עומדת על הגדר. רודי הרגיש בנו קראנו הפחדנים, לדבריו, בקול, והתחיל לרוץ מתוך בטחון עצמי אל בית־העלמין פנימה.

אך באותה שעה ישבה שם, באהלו של אחד הקדושים, קבוצת בחורים קומוניסטים ועסקה בהכנת דגלים ובהדפסת חומר בלתי־לגאלי לצרכי פעולתם כיוון שהגיעו לאוזניהם הקולות והמולת המהומה מבחוץ — נבהלו, בסברם, כי שומרי החוק הדביקום, פתחו חיש מהר את השער, וברחו כל עוד נשמתם בם

אף אנו לא תפסנו באותו רגע מה מתרחש כאן ונמלטנו על נפשנו כל עוד רוחנו בנו.

ולמחרת, בהיוודע הדבר בעיירה הירה מלאכת הליצנים מלאה וגדושה.

**אפרים בן־אפרים**

## מעשה במלשין

בטיילי באחד מימי שנת 1922 ברחוב סביסלוץ' עם ניומקה טרקל, אחד השמאלניים הקיצוניים בקרינקי בשעתו — נפרד הלה ממני בפתע ניגש אל הצעיר יענקל קופל ה„אוזיראנצ'יק" (כלומר בן אוזיראני שבסביבה) וסטר על לחיו סטור וחזור כאשר שאלתי אחר־כך את ניומקה, מאי טעמא — השיב לי שצעיר זה „מוסר" (מלשין) הוא, מעורב עם המשטרה העויינת ומלשין להרע.

תחילה אמנם נדמה היה, שמא נתפס הבחור לתעלולי פרחח בלבד, אולם עד מהרה נתברר, שהיה לאורח קבוע בבולשת וקשר עצמו עמה. הואיל ודובקה לב, עלמה יפה מאוד והיננית, אשר קופל זה היה מחזר אחריה ומשגר אליה מכתבי־אהבה, לא נענתה לו — הלשין עליה, שקומוניסטית פעילה היא, עד שהצעירה נכלאה בכלא גרודנה, כדרך שנהג אז המשטר בפולין בכל חשוד במגע עם התנועה ההיא.

אנשי־קרינקי לחוגיהם השתדלו להוכיח, שאין יסוד לאשמה שהוטלה על הצעירה, אף הסתמכו על מכתבי־האהבה, שה„אוזיראנצ'יק" היה משגר אליה אולם הבולשת הגרודנאית, שפרשה את חסותה עליו שמה לאל את כל ההשתדלויות למען דובקה. המלשין הוסיף אפוא להעליל עלילות היה חודר בסתר לאסיפות השמאל מטיל פתקים פרובוקאטיביים ומזמין אחר־כך את המשטרה ל„גלותם" ולערוך מעצרים. הגיעו הדברים לכך שהטיילת שבקרינקי, שבימים כתיקנם היתה שוקקת עליצות־נעורים, כמעט ונדמה בקיץ ההוא. בני־נוער רבים אף עזבו את העיירה מפחד מהלשנות ומפרובוקאציות.

באחד הימים נודע לנו, אנשי־המפלגות, אשר קשרים הדדיים היו קיימים בינינו, שהנוער הקומוניסטי „יוזם

משהו" נגד ה„אוזיראנצ׳יק". ואמנם במוצאי חג־השבועות, בצאתנו מישיבה של הנהלת העירייה, הגיעו בפתע לאוז־נינו קריאות־אזעקה: „פוזאר!" (שריפה!) אכן, היתה זו דליקה, שפרצה בדירה, שבה היה מתגורר המלשין עם אביו, בבית אחד האיכרים בירכתי העיירה, בקצה רחוב פוצ׳טובה. בסברנו, שמעשה־הצתה כאן, לא סרנו לשם. אולם למחרת בבוקר נודעו לנו פרטים מפי הנוער הקומו־ניסטי: הללו פרסו בערב הנזכר לצדי דירתו של ה„אוזי־ראנצ׳יק" שתי אלומות קש, יצקו עליהן נפט, ובלילה הדליקון. שני צעירים חמושים באקדחים, אך לא־מנוסים, ניצבו במקום במארב למען תפוס את המלשין עת ינסה להימלט הלה, שידע, כי נידון על־ידי המחתרת למוות, החזיק עמו תמיד נשק, ועם פרוץ הדליקה הסתער החוצה ואקדחים שלופים בידיו. הצעירים נבהלו אפוא וברחו. הוא הזעיק שוטרים, ואלה ערכו יחד עמו חיפושים בבתים שונים, וכך נאסרו ארבעה בחורים: הרשל אוברשטיין בן הרעפנית („דער שינדלערקעס"), פיניה טוול בן הבלנית („דער בעדערקעס"), דויד לב ואיצ׳ה אחון בן השיל המשרת.

המשטרה פתחה בחקירה. נמצא, שמבגדיו של איצ׳ה אחון נדף ריח של נפט. שאלוהו על כך — השיב, שקנה לפני החג בקבוק נפט ובדרכו הביתה מעד ונפל ונפט נשפך על בגדיו. כעדה ציין את החנוונית ביילה־רחל בת אלתר־מאיר אבא׳ס. אולם זו הכחישה, כי מכרה לאיצ׳ה נפט ובכך נסתרה טענתו. עם זאת הסתמכו ארבעת הנאשמים על „אַליבי" (היעדרות ממקום הפשע) ונראה היה, שלא הומצאו הוכחות למדי לאשמתם. אלה מבני־העיירה, שטרחו למען זיכוי הנאשמים ראו את העניין כלא־חמור, בסברם, שאך הטרדה היא כאן מצד המשטרה מן השכיחות בימים ההם.

אולם בפועל לא כך נשתלשל המעשה כי העניין הועבר לבית־דין צבאי. הקטיגור, משלא מצא אחיזה לאשמה, היה מעוניין לדחות את ההכרעה, ולמען החזיק בינתיים באסירים, הציע להעביר את הדיון לבית־משפט אזרחי. הוא ביקש גם את הסניגוריה לתמוך בהצ־עתו, בהזכירו להם את הידוע, שעל גזירת בית־דין צבאי לא ניתן עוד לערער אחר־כך הסניגוריה, בבטחה, כי הנאשמים יזוכו, אמרה לדחוק את הקץ, מחשש, פן ישתהה הבירור בבית־המשפט האזרחי זמן רב מדי, ותגדל סאת סבלם של האסירים ויתוסף צער על צערם של בני־משפחותיהם. הסנגוריה ביקשה אפוא להורות לשחרר את הנאשמים לאלתר, באין אחיזה להאשמתם. אולם פסק־הדין גרס, שכל הארבעה חייבים הם בידי סניגוריהם, עורכי־דין נודעים, עלה בקושי רב להציל את הצעירים מגזר־דין של מוות, והם נידונו למאסר־עולם עם עבודת־פרך.

תדהמה אחזה בתושבי קרינקי. המשפחות, ובייחוד האמאות, נזדעקו לאלתר, ועם אמו של דויד לב בראשן הגיעו לבית־העירייה באזעקה עד לב השמים: עלילה!! בבתי־התפילה נפערו פתחי ארונות־הקודש. בכי וזעם נשמעו בעיירה כולה, שנתרתחה ונתגעשה. נתכונן ועד להגנת הנידונים. שוגרו מכתבים לאיגוד של בני־קרינקי ל„לאַנדסמאַנשאַפט" שבארצות־הברית והגיע כסף משם. נשכרו עורכי־דין, בלא שתהא צפויה תוחלת כלשהי, שכן רק ה„סיים" בכבודו ובעצמו לבדו מוסמך היה להחליט על עריכת משפט מחדש. אולם לכך היה צורך להוכיח, שגזר־הדין נפסק על סמך עדות פסולה; ואילו העדים כאן הן היו ה„אוזיראנצ׳יק" ואביו, והלה איים בטרור, בלא שיעז איש לצאת נגדו.

אולם בסופו של דבר נתארע נס: המלשין נסתכסך עם הבולשת וזו היתה מעוניינת בתואנה להיפטר ממנו. בינתיים הוא עוד הספיק להראות את כוחו בהלשנה גם בגרודנה ולגרום לכך שייעצרו רבים, ייתבעו לדין ויהיו נידונים לעונשים חמורים. משלא נזדקקה עוד הבולשת ל„אוזיראנצ׳יק", היא ציידה אותו בדרכון־חוץ ובכסף וציוותה עליו להסתלק מפולין אז נתעוררו כל שהיה עמם חומר־אשמה נגדו וחומר זה הוגש ל„סיים", לאחר בדיקה יסודית, הורה הלה לבטל את פסק־הדין ולשחרר את ארבעת הנידונים זכות גדולה עמדה בכך לוולוול ויינר, אלתר אֵיאַן, דויד גוטליב ולכמה עסקנים אחרים של קרינקי

יענקל קופל ה„אוזיראנצ׳יק" ברח לארגנטינה מסופר שקרינקאי צעיר, מנשהקה ביבר, שעשה בשרתו בצבא הפולני בגרודנה, נקלע שם, בעברו בגשר שעל פני הנהר נימאן, ב„אוזיראנצ׳יק", אף תקף אותו בנסותו להשליך את המלשין ממרומי הגשר המימה. אולם ביבר לא הצליח בכך, אף נאלץ לברוח ולערוק מן הצבא והוא הגיע לארגנטינה. משנודע לו, שגם ה„אוזיראנצ׳יק" נמצא שם, עשה כל שיכול היה למען גלותו. מספרים, שאמנם גם קוים אז בפושע הפסק שפסקה לו המחתרת.

# אונדזער שטעטל קרינעק

## פון פארן חורבן

ביידקע שוסטער־גרינשטיין

### פון מיינע קינדער־יארן

אין די קרעסן פון פויזן, מזרח־צו פונעם מיטלוועג צווישן ביאַליסטאָק און גראָדנע, ליגט מיין געבוירן־היים קרינעק, וווּ איך האב מיינע יוגנט־יאָרן פארבראַכט; די שיינע קינדער־יאָרן — פול מיט זכרונות — וועלכע וועלן קיין מאָל נישט אומקערן זיך צוריק...

דער רונדער מאַרק אין דער מיט איז דער צענטער פון שטעטל. דארט איז א גאַנצן טאָג דער קוואַל פון פרנסה פארן קרעמער, און ביי נאַכט דער שפּאַציר־פּלאַץ פאר די פּאָרלעך, וואס פילן אויס די אוונט־צייט און פארברענגען אין טרעפונגען. אזוי האט מען אַן אויפהער זיך געדרייט ארום מאַרק, ביז עס פלעגט ווערן לאַנג־ווייליק און זיך דאַן לאָזן אויף דער שישלעוויצער גאַס, ביז צו יענטעס וועלדל, און גאָר אָפּט צום שאָלקער וואַלד דארט פלעגט זיך צוזאַמענטרעפן די גאנצע יוגנט אויפלייגן א פייער, או טאַנצן ארום אים און זינגען — יעדער איז זיין געזעלשאפט, יעדער אויף זיין שטייגער.

עס דערמאנען זיך מיר עפּיזאָדן, וואס זענען פאַר־בליבן אין זיכרון פון מיינע קינדער־יארן — ווי א גרופּע מיט געלערן און חייקע קירפּיטש בראש, זענען געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד. געשפּילט אויף א גיטאַרע האט דער קריסט אַניסימאַוויטש. חברה האבן געזונגען. ווי פריילעך און שיין זענען געווען יענע אָוונטן... און מיר די קליינע, האבן זיי מקנא געווען, די גרויסע...

גאַנץ אַנדערש האבן אויסגעזען די ווינטער־אָוונטן. ווי פריילעך איז געווען די יוגנט, ווען מ׳פלעגט דינגען א בעל־עגלה מיט א שליטל און ארומשליטלען זיך ארום און אָרום דער מאַרק און זינגען לידער, און דער געלעכטער איז דערגאַנגען ביז צום הימל. אך, איר שיינע ווינטערדיקע אָוונטן, איר וועט שוין קיין מאָל זיך נישט אומקערן...

גאָר אַנדערש האט אויסגעזען דאס וואָכעדיקע לעבן. אלע האבן געארבעט, און יעדער האט געהאט זיינע זאָרגן — פון פרנסה פאר קינדער, פאר א מיידל וואס האט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט חתונה צו האבן נישט האָבנדיק דעם געהעריקן נדן, און די עלטערן פלעגן גרוי און אַלט ווערן.

דאס שטעטל איז געווען געטיילט אין דריי טיילן: נגידיש רייכע, אָרעמע, מיטלשטענדלעכע. מ׳האט זיך גענוג געמאַטערט, ביז מ׳פלעגט ארויסברענגען דאס ביסל פרנסה. די רייכע ווידער, האבן געלעבט אין ווויל־טאָג. דאס שטעטל האט אבער געהאט א גרויסן



אויף א שליטל אין קרינקער מאַרק
במזחלת בשוקה של קרינקי

פּראָלעטאַרישן עלעמענט, מערסטן טייל גארבער־ארבע־טער, אויך שוסטערס, שניידערס אאַז״וו. די גרויסע פּאָב־ריקן מיט די הויכע קוימענס, האבן לעצטנס געמאַכט א שטאָטישן איינדרוק. 5 מאל אין טאָג פלעגן קומען אויטאָס פון ביאַליסטאָק און גראָדנע, און יעדעס מאל פלעגט דאס גאנצע שטעטל גיין קוקן, ווער ס׳איז אָנגעקומען: אפשר א חתן? און שפּעטער גיין זוכן בארגן א טעלער, א בענקל, כדי גוט צו באַקוקן דעם פרעמדן.

דער שבת האָט זיך געשפּירט ביי יעדן, אפילו ביי די וואס האבן פון אים ניט געהאַלטן. אין יעדן שטוב האט דעם טאג געהערשט א יום־טובדיקייט. יידן האבן זיך געפילט פריי אין שטעטל, און תמיד איז איר וויצע־בירגערמייסטער געווען אַ ייד; און שטאַטראַטמענער



דער דראַמאַטישער „קרייז"
החוג הדראַמאַתי — 1926

זענען געווען: יאַנקל לעווי דער קלאַרער; נחום קלאַרער — א גרויסע אויפטוער, און כאטש די שפּראַך איז ביי אים געווען ניט קיין קלאַרע, איז יעדער שטרייק דורכ־געפירט געווארן דורך זיין האַנט: דער בלינדער אברהם שמואל זוץ און נאך און נאך מענטשן, וועלכע האבן געהאט הינטער זיך שיינע בלעטלעך געשיכטע פון העראַישן קאַמף אין 1905טן יאר.

אויך אויפן קולטורעלן געביט איז קרינעק ניט אָפּגעשטאנען פון אנדערע שטעטלעך. אחוץ דעם „חדר־הכללי", האט זי פארמאַגט א „תרבות"־שול, אנגעפירט, צווישן אַנדערע, דורך בענדעט נישט, פאר וועלכן מיר האבן אלע גרויס רעספּעקט געהאַט. די יידישע וועלטלעכע שול האט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע גוטע דערציער און די שיינע פאַרשטעלונגען פאר יעדן יום־טוב, וועלכע



סטרונע־אַרקעסטער ביי דער העברעישער פאָלקשול
תזמורת־מיתרים ליד בית־הספר העברי

האָבן אזוי פיל פארגעניגן פאַרשאַפן סיי די עלטערן, סיי דער באפעלקערונג אין אַלגעמיין.

איצט — א ביסל אָרגאַניזאַציעס פון אלע ריכטונגען, ווי „פועלי־ציון", „בונד", „החלוץ", „פרייהייט", „צור־קונפט", „סקיף", יעדער אין זיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע און זיין סביבה, און דאך האט זיך געפילט א שטאַרקע פאַרבונדנקייט איינער צום אנדערן. ווער געדענקט ניט די ערשטן־מאי־דעמאָנסטראַציעס, ווען אלע יוגנטלעכע האבן מאַרשירט אין ספּעציעלע אוניפאָרמען, מיט וואס פאר א מסירת־נפש מען האט זיך צום דעם אַלעמען געגרייט און דורכגעפירט מיט אימפּאָזאַנטקייט און שטאַלץ...



דער „סקיף" מאַרשירט אין דער ערשטן־מאַי־דעמאָנסטראַציע
— 1937 —
ה„סקיף" צועד בתהלוכת האחד במאַי

**אברהם סויפער**

## קריניק

אין א טאָל, צווישן פלאַכע בערגלעך, ליגט מיין געבורט־היים קריניק. דער רונדער מאַרק אין דער מיט איז דער צענטער פון שטעטל. צוויי רייען קראָמען — דער קוואַל פון יידישן קלייהענדלערס היונה — זענען צעטיילט דורכן אזוי גערופענעם „בראַם", וואס פארבינדט ביידע זייטן מארק. דא האבן מענטשן געקויפט און פארקויפט ביי טאג און געשפּאַצירט פון פאַר נאכט ביזן שפּעטן אָוונט אריין. צו מאכן „הקפות" איז קיין שיעור נישט געווען, ביז פאַרלעך פלעגן מיד ווערן און אַראָפּמאַרשירן אין דער שישלעוויצער גאס. פארביי די „באָלניצעס"

ווייטער מיטן שאָסיי, פלעגט מען אָפט ביז „שעמיאַניצע" דערגיין.

די הופּט־פּרנסה אין שטעטל איז געווען די גאַרבעריי־אינדוסטריע. די ארבעטער האבן באשפּייזט די קרעמערס, בעקערס, שוסטערס או שניידערס. יעדער יוגנטלעכער האט געטרוימט צו ווערן א גאַרבער — א מענטש, א פאַרדינער.

איינגעקריצט אין זיכרון פלעגט בלייבן ביי יעדן בעסטן באזוכער פון קריניק, ווי אזוי אזא שטעטעלע האט אויסגעלייגט טראָטואַרן, איינגעאָרדנט א שטאטישע עלעקטראָווניע — מיט א יידישן אינזשעניער, גאָלינסקי, און א יידישן טעכניקער, דויד זאק.

אויטאָס פון קרינקער יידן, די „ספּולקע עקספּרעס", פלעגן פינף מאָל טעגלעך פירן א קאָמוניקאַציע דורך דער גאַס און פארבינדן קרינקי מיט ביאַליסטאָק און גראָדנע. דאס „גאַנצע שטעטל" פלעגט יעדע עטלעכע שעה גיין צום אויטאָ עפּעס הערן, א בליק טאָן ווער ס'איז געקומען, אָפּנעמען צייטונגען.

שפּעטער איז דאס אַלץ פאַרמלוכהט געווארן און די יידישע אויטאָס האבן שוין מער נישט געקאָנט פירן קיין פּאַסאַזשירן, האבן זיך יידן געוואָרפן צו לאַסט־אויטאָס און ס'האט זיך ווידער גערודערט אין שטעטל מיטן יידישן מסחר.

די „פּאָזשאַרניקעס" (פייערלעשערס) זענען געווען די אפּשפּיגלונג פון דער שטעטלשער אַדמיניס־טראַציע. צווי צענדליק „פּאָזשאַרניקעס" — אלע יידן; נאר דער עלטסטער איז געווען וואָלאַדקאָ אניסימאָוויטש, און וויצע־קאָמענדאַנט — חמיה מאיראָוויטש. און דאס זעלבע די שטאָט־פארוואַלטונג (דער מאַגיסטראַט). די גרעסטע טייל ראטמענער — יידן מיט א קריסטלעכן בירגער־מייסטער פּאַוועל צאַרעוויטש, מיט א יידישן וויצע־בירגער־מייסטער. דער „גויישער" בירגער־מייסטער, פּאַוועל „צאַר", ווי מען פלעגט אים רופן, איז געווען



די קרינקער עלעקטראָווניע / תחנת־החשמל



„לינת־הצדק״, 1930
פאַרוואַלטונג און רעוויזיקאָמיסיע / ההנהלה וועדת־הביקורת
אין צענטער / במרכז — זיסקינד מרדכילעוויטש, פאָרזיצער / יו״ר ;
שטייט פון לינקס / עומד משמאל — משה גראַדסקי, סעקרעטאַר / מזכיר

זייער א פריינדלעכער מענשט, האט גערעדט זייער א גוטן יידיש און זיך גוט צונויפגעלעבט מיט יידן.

די שומרי־שבתניקעס האבן געהאַט א שטיקל ארבעט נאר פרייטיק פאר נאכט. ס'איז ערב ליכט־בענטשן — א טרעוואָגע, א לויפעריי: שון שפּעט, שבת! טיר און לאַדן פון די קראמען ווערן צוגעמאַכט, בן־ציון דאנדע רופט אויס איבערן גאנצן מאַרק: „יידן, אין שול אריין!״ יינגלעך שרייען נאך: „אין שול אריין!״

פרייטיק צו נאַכט גייען חברה בעלי־עבירהניקעס זיך ראַזירן, שומרי־שבתניקעס פירן מיט זיי א העפטיקע מלחמה.

עטלעכע פערזאנען פון קרינקער געזעלשאַפטלעכן לעבן — כבוד זייער אנדענק:

וועלוול ווינער (דער סטאָליער), וואס האט א גרויסן טייל פון זיין לעבן אָפּגעגעבן דער טעטיקייט אין מאַגיסטראַט, ,,חדר־הכללי״ און יתומים־קאָמיטעט.

מלך זאלקין, אַ וויכטיקער עסקן אין דער ,,תר־בות״־שולע, אין דער קהילה, אין דער פאָלקס־באנק און אין דער פועלי־ציון־פּארטיי. ער איז פארברענט געווארן דורך די נאַציס אין טרעבלינקע.

יאנקל לעווי, „דער קלאָרער״, א מענטש פול מיט ענערגיע ביי געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אין באנק, אין דער יידישער וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע, אין „בונד״, ראַטמאַן אין שטאָטראַט און לאַווניק אין מאגיסטראט. אומגעקומען אין אוישוויץ, יאנואר 1943.

אברהם־שמואל זוץ, זישע דער „נר־תמיד״, בלינד געווארן אין דער צאַרישער תפיסה און אָנגעהאַלטן א שטענדיק שפּאָגל־נייע יידישע ביבליאָטעק, תמיד טעטיק אין דער וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע, אין „בונד״ און מיט יוגנט. אומגעקומען צוזאמען מיט זיין שוועסטער איטקען און מולינקען.

נחום בליאַכער — סעקרעטאַר פון פּראָפעסי־אָנעלן גאַרבער־פאריין. נישט געווען קיין שטרייק, וואס זאל געווען דערליידיקט ווערן אָן אים. אין דער צייט פון געטא איז ביי אים אין הויז געווען טעטיק אן אומלע־גאַלער ראדיאָ, ווו מען פלעגט אויסהערן אויסלענדישע נייסן, וואס פלעגן זיך שפּעטער פארשפּרייטן איבערן

גאַנצן געטאָ. ער האט אויסגעהויכט זיין נשמה אין טרעבלינקע.

און אזוי נאך א ריי זייער אָנזעעוודיקע פיגורן אין קרינקער יידישן לעבן.

קרינקער אינסטיטוציעס און זייער אויפטוען. דער הויפטנערוו פון דער ייד־שער עקאָנאָמיע אין שטעטל איז געווען די אָרטיקע פאלקסבאנק. אירע געלטער פלעגן אריינפאַלן צום קליינעם קרעמערל, לווינ־קעטניק און בעל־מלאכה — די שטענדיק געדריקטע אין פרנסה. די הויפט־פיגורן אין באַנק זענען געווען יעקב־חיים גרישטשינסקי, יאַנקעלע שאַפיר און קאַגאַנאָוויטש (דער „פאַרברענטער").

„לינת־הצדק" האט באדינט די גאנצע יידישע באפעלקערונג מיט א דאַקטער און אַן אַפטייק. אָרעמע־לייט פלעגן באקומען מעדיצינישע הילף אומזיסט, לויט א קוויטל, געשטעמפלט דורכן סעקרעטאַר מרדכי־שמעון גראַדסקי. ס'איז אויך אויסגעבויט געווארן א פּרעכטיקע „לאָדאָוונע" (אן אייזקעלער) — אן אמתער פאָלקס־אוצר, מחמת קריגן זומער א שטיקל אייז פאר א חולה איז געווען נישט קיין קלייניקייט. יעדן פורים פלעגט מען טאקע דורכפירן אַ ספעציעלע „אַקציע" לטובת אייז־פאר־זאַרגונג.

א שיינע טעטיקייט האט אַנטוויקלט דאס יידישע יתומים־הויז מיטן האַלב־אינטערנאַט פאר עטלעכע צענדליק קינדערלעך. א צייט איז געווען טעטיק ביים יתומים־הויז א שניידער־שול אונטער דער אָנפירונג פון בלומקע זאַקהיים, און פון דארטן זענען צענדליקער יתומים ארויס מיט א פאַך אין האַנט.

אין „גמילות־חסדים"־קאַסע האט א ייד געקענט באַקומען א הלוואה אויף א וועקסל אָן מלוכה־אָפּצאָל (פריי פון „שטעמפל־אָפּצאָל") און אָן פּראָצענט.



א גרופע יתומים מיט זייערע משגיחים / קבוצת יתומים עם משגיחיהם




האלב־אינטערנאַט (טאָגהיים) פאַר יתומים
פנימייה־למחצה (לשעות־היום) ליתומים.
אויפן בילד (פון פאַרוואַלטונג) / בתצלום (מחברי ההנהלה):
רחקע קאַפּלאַן,ביילקע קאַרנגאָלד, שמואל לעווסקי, איטשקע שישליציאַן, רישקע מענדעלעוויטש, וואָלף וויינער, שפּרינצע שניידער, ברוך גאָרבער, פּאַליע לעוו, חאשקע שוסטער.

דער ליבער האַרציקער משה עקשטיין (פּינטל) איז געווען דאָרט טעכנישער סעקרעטאַר.

פון די פּריסטע חדר־יאָרן געדענק איך, ווי אין שולכל, ביי דער רעכטער זייט פון פּאָליש, פלעגן מיר קריגן „וויסן" פון „ישראל דעם מלמד" („דאָס ציגענע בערדל"). אַנדערע דערציילן, אַז זיי פלעגן נאָך באַקומען אָפט מאָל צוגעטיילט אַ ביסל „נאָסע האַנטי־כער" און אַפילו אַ טאָג שטיין אין „קאָזע". שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער „חדר־הכללי" — אַ העכסט מאָדערנער חדר, וווּ עס פלעגן קומען לערנען קינדער פון די אַרומיקע שטעטלעך: אַמדור, ברעסטאָוויץ, יאַלאָווקע און האָראָדאָק.

אין „חיי־אדם"־בית־המדרש זענען געזעסן אַ פינף צענדליק יונגע־לייט און געלערנט מיט דער גרעסטער התמדה די אייביק שיינע גמרא־בלעטער, און זייער זמרל, פון טיפן האַרצן אַרויס, פלעגט נישט איין מאָל אָנוואַרפן אַ שרעק אויף פאַרבייגייענדיקע קריסטן.

בחורים מיט פּיאות אַרומגעוויקלטע איבער די אויערן, פלעגן עסן „טעג" ביי צענדליקער קרינקער משפּחות. אויף טריט און שריט האָט זיך געמערקט, אַז אַ גרויסע און גוטע ישיבה איז טעטיק אין שטעטל.

דער הויפּט־גבאי ר׳ נפתלי, איז געווען אויסערגעוויינטלעך פאַרנומען מיט רעקרוטירן ישיבה־בחורים פון דער גאַנצער געגנט. מען האָט אָבער געקענט הערן אויך דיאַלעקטן פון אַ סך גאַליציאַנער און „פּוילישע יונגע־לייט, וואָס פלעגן קומען לערנען אין דער קרינקער ישיבה, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינער פון די בעסטע און האָט אויך אַרויסגעלאָזט עטלעכע רבנים.

**שמואל געלער**

## קריניק אין דער וואָכן

אַ טונקל גרויער רויך, וואָס ציט זיך פאַר טאָג פון די נידעריקע הייזלעך צו די נאָך האַלב־פינצטערע הימלען, זאָגט אָן, אַז אין קריניק האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער אַרבעטס־טאָג.

יידישע מאַמעס גרייטן־אויף דרייפוסן און פּליטעס אָנבייסן פאַר זייערע מענער און קינדער, וואָס קלייבן זיך גאָר פרי צו דער אַרבעט.

די נאַכט האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו שיידן מיטן אָנקומענדיקן טאָג, און קרינקער גאַסן זענען שוין באַלעבט. איינציקווייז און קאָמפּאַניעסווייז גייען מיט שווערע טריט די לעדער־אַרבעטער, אַראָפּ גאַרבאַרסקע גאַס, גמינע־גאַס און אַנדערע געסלעך — צו די גאַרבאַרניעס, וואַלקאַרניעס און אַנדערע אַרבעט־פּלעצער.

גאָר שנעל טוען זיי אָן די אַרבעטס־פאַרטוכער, מען פאַרקאַטשעט די אַרבל. שטיל און ערנסט טרעט מען צו צו דער אַרבעט. און אָט סאָפּען שוין די פּאַראָווקעס, עס זשומען די טראַנסמיסיעס, עס דרייען זיך די באַראַבאַנעס, עס בלאַנקען די אַרבעטס־מכשירים. פּלייסיקע, פּאַכמע־נישע אַרבעטס־הענט שאַפן דעם באַרימטן קרינקער לעדער.

זיבן פרי ווידער זענען שוין קרינקער גאַסן און געסלעך באַלעבט. הילכיקע אויסגעשרייען, יונגעגטלעך געלעכטער קלינגט פון אַלע זייטן. קרינקער משהלעך און שלמהלעך, חנהלעך און רחלעך גייען אין די שולן. מיט ראַניעצלעך אויף די פּלייצעס, מיט טעטשקעס אין די הענט, ווער מיט גאַנצע הייזלעך, ווער מיט פּאַרלאַטעטע, אַלע מיט בלישטשענדיקע אייגעלעך און שטיפערישע בליקן — מען איילט זיך אין די פּאָלקשולן און חדרים. פול זענען די שולצימערן פון דער „תרבות־שולע",

פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, פון „חדר־כללי״. עס הייבט זיך אָן א נייער לערנטאָג. מיט נייגער און דורשט זאַפּן די קינדער איין אַלגעמיינעם און יידישן וויסן. אט צעקלינגען זיך זייערע קולכלעך, און א געזאַנג פון יידישע און העברעישע קינדער־לידער רייסט זיך ארויס פון די קלײנע שולקלאַסן און צעשפרייט זיך אין דער נאָענטער סביבה. אין וועלטלעכע און רעליגיעזע שולן אין יידיש און העברעיש לערנען קרינקער קינדער תורה און חכמה.

אויסגעפּראַוועט פון שטוב די מענער און קינדער, טרעטן צו די פרויען צו זייער טאָג־טעגלעכער ארבעט. מ׳רוימט די הייזער, מ׳וואַשט וועש, מ׳פאַרריכט העמדער און קליידער. מע גייט אין שפּייזקראָם, צום בעקער און קצב. גליקלעכע קויפן פאר מזומן געלט, אַנדערע — אויף באָרג. באלאָדן מיט קאָשיקעס, און טאָרבעס קערן זיך די פרויען אום צוריק אין די הייזער. מ׳נעמט זיך קאָכן מיטאָג. עס צעפלאַקערן זיך פייערן אן די אויוונס און פליטעס. אין טשוגונטשיקעס און טעפלעך (טייל טעפּלעך געדראַטעוועטע) קאָכט מען פליישיקע און מילכיקע מיטאָגן. טייל ווייבער שטייען ווי פאַרשעמטע פאר זייערע טעפּלעך, זיי קאָכן זייער געקעכץ „מיט נישט״ — אָן פלייש און אָן מילך, מיט וואַסער בלויז.

ווידער זענען די קרינקער גאַסן באלעבט: ארבעטער פון די פאַבריקן עסן מיטאָג; קינדער קערן זיך אום אַהיים פון די שולן; פארפולן די גאַסן מיט שטיפערישע אויסגעשרייען, איבערשטייגן איינער דעם אנדערן מיט קונדס־שטיק. רעגנט עס, טאָפּטשעט מען אין אלע וואסער־קאַלוזשעס; ווינטערצייט גליטשט מען זיך אויף ליזשוועס פון אייגענער פּראָדוקציע (אן אויסגעשליצט שטיקל האָלץ, מיט א דראָט פון אונטן), מען גליטשט זיך אויפן אייז און מען וואַרפט זיך מיט „סניעזשקעס״. קיין אַפּעטיט פעלט נישט די קינדער, אבער ניט שטענדיק קאָנען די קליינע טעפּלעך אים באפרידיקן.

ווידער זענען מענער, קינדער און פרויען ביי זייער ארבעט, קינדער מאכן לעקציעס, ווארטן מיט אומגעדולד אויף דער גליקלעכער שעה, ווען זיי וועלן ארויסלויפן ווידער אויף די גאַסן כאַפּן א שפּיל און א שטיף. פרויען, ווי די פלייסיקע בינען, זענען יעדע ביי איר ארבעט. האט דען זיך אַ מאָל אויסגעשעפּט די ארבעט ביי אונדזערע מאַמעס?

אין א מארקטאג

גאָר פרי איז שוין אויפגעלעבט דער קרינקער מאַרק. שפּייז־ און מעל־קרעמערס, גאַלאַנטעריי־, שניט־ און אייזן־קרעמערס — אלע וואַרטן אויף קונים. א גאנצע וואָך אין דער פדיון א גאַנץ שוואַכער; רייכערע קרעמערס זענען זיכער מיט זייער היינט און מאָרגן. קלענערע, אָרעמע — לויפן ארום פארשמאַכטע, זוכן א הלואה, א גמילות־חסד: דער דאַרף צאָלן א וועקסל, יענער — סילוקן די „דאָכאָדאָווע״ שטייערן, אויב נישט וועט דער „קאָמאָרניק״ אָפּשרייבן זיין ביסל אָרעמקייט.

אין מיטן מאַרק, אנטקעגן דער „בראָם״ זיצן סיי זומער, סיי ווינטער די מאַרק־יידענעס ארום באַלאָדענע קאָשיקעס און קעסטלעך גרינס און פּרוכט. אין היץ, קעלט און רעגן פארלאָזן זיי ניט זייערע „ארבעטס־פּלעצער״. זומערצייט באַקט מען זיך אויף דער זון, ווינטערצייט — וואַרעמט מען זיך ביי די פייערטעפּ. זאָפּט ברעכן אויס צווישן זיי הילכיקע קריגערייען איבער א קונה, איז מען זיך מכבד מיט זאַפטיקע קללות. א שווערער געראַנגל פאר פרנסה.

אין סאַמע מיטן טאָג דרייען זיך שטענדיק ארום אויפן מארק גרופּקעס ארבעטסלאָזע, סתם בטלנים (פאַראַן אויך אזוינע), און שמועסן וועגן וועלט־פּאָליטיק און שטעטלשע נייס. טייל וואַרט אפּ דעם „ראָזנאָס־טשיק״, אפשר וועט פאר זיי אָנקומען א בריוו מיט א פּאָר דאָלער פון אמעריקע, אנדערע קוקן אויס א ביסל ארבעט, זוכן עפּעס פרנסה. מיט אומגעדולד וואַרטן אלע אויפן מאַרקטאָג אום דאָנערשטיק. אָט קומט ער אָן, און שוין פאר טאָג זענען אויסגעשטעלט אויפן מאַרק צענדליקערביידלעך, סטראַגאַנעס, טישן און טישלעך מיט פאַרשיידענע היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס און קאָלירטע „דעניקעס״. לעדער־סוחרים האבן אויסגעשטעלט זייער סחורה: צונגען, פּאָדקלייקעס און צוגעשניטענע פּאָדעשוועס. רימערס האבן אויפגעהאָנגען כאָמאָנטן, לייצעס און לאַבעדריקעס, פון וועלכע עס הערט זיך א שטאַרקער ריח פון וואַפּנע און דזשעגאַכץ. טאָקערס האבן אויסגעשטעלט אויף דער ערד פוסרעדלעך צו מאַכן פּאָדעם פון פלאַקס. בעקערס האבן פארגרייט פּאַליצעס מיט לאַבנס ווייסע, געבייטלטע און ראָזעווע ברויטן, גאַנצע „סטויגעס״ מיט בייגל, בולקעס, קוכנס, „סטריצלעלך״ און כל מיני געבעקסן.

טישלעך מיט אלערליי פשוטע צוקערקעס „קאַראַמעלקעס" און זיסוואַרג, מיט פאַרשיידענע אַרטיקלען פון שטוביקן געברויך — זענען געווען צעשטעלט אויף יעדן טריט און טראַט. די פּיוואַרניעס (בירעלעך) און רעסטאָראַנען זענען באַלאָדן מיט ווורשטן, כל מיני הערינג, בראַנפן, לימאָנאַדע און פלעשלעך ביר. אַלץ איז גרייט און געשפּאַנט צום מאַרק.

אויף פּויערישע באַלאָדענע וועגענער און צופוס, גרופּעסווייז און איינציקווייז, שטראָמען פון פּאַרעטש, לאַפּיטש, ניעטופּע, מאַקאַריצע, ספּאָדוויל און א סך אנדערע נאָנטע און ווייטע דערפער — די פּויערים צום מאַרק. געראָטענע שפּאַרזאַמע באַלעבאָסטעס וואַרטן אָפּ די פּויערים און פּויערטעס ווייט הינטערן שטעטל, כדי אָפּצוהאַנדלען מציאות. מ׳באַטאַפּט די עופות, מ׳בלאָזט אונטער די פעדערן, זען צי די הינער זענען מיט שמאַלץ. די יידענעס האָרעווען שווער, דינגען זיך און ריידן מיט די פּויערים האַלב־יידיש חצי־גוייש, ביז ס׳געלינגט זיי איינצוקויפן אן עוף אויף שבת, עטלעכע צענדליק אייער, א שטיקל פריש פּוטער, איינגעוויקלט אין א פּויעריש שטיקל ווייסע לייוונט, אדער אין א גרינער בלאַט. באַלאָדענע מיט כל טוב קערן זיך אום יידישע באַלעבאָסטעס צופרידענע אהיים.

דערווייל צעשטעלט זיך שוין דער מארק, א טומל, א גערודער, יידן גייען ארום צווישן די געדיכט צעשטעלטע וועגענער, מען נישטערט דאָרט אין די זעקלעך, מען קוקט ביי די פּויערטעס אין די פּעקלעך, עס גייט אָן א דינגעניש. מ׳פּאַטשט די גויים אין די הענט, א סימן אז מ׳איז דורכגעקומען מיטן מקח. די פּויערישע טייסטערס און קעשענעס ווערן פולער, די וועגענער ליידיקער. יידישע קצבים קויפן איין קי, קעלבלעך און שעפּסן. פערדהענדלער פּרובירן אויס פערד אין לויפן, מ׳קוקט די פערד אין די ציין: דאס הירזשען זייערע און דאס מוקען פון די קי מישט זיך אויס מיט די געשרייען פון די פאַרקויפער און קויפער.

ארומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט א מאַסע דאָרפישע, שטייט אין דער הייך אויף א וואָגן א יונגער שייגעץ און רופט אויס בקולי־קולות וועגן זיינע סחורות און מציאות. פאר איין זלאָטע בלויז גיט ער א לעפל־און־גאָפּל, א קעמעלע און א שפּיגעלע. איז עס נאך ווינציק, גיט ער נאך צו פאר דער זעלבער זלאָטע א נאָדל מיט א שפּולקע פאָדעם. און לא די, שרייט ער ווידער — דערלייגט ער נאך א פּאָר קנעפּלעך, א קאָלירטע לענטעטשקע. די פּויערטעס שטופּן זיך צום שייגעץ און כאַפּן די מציאות.

אלע קראָמען, בודקעס און סטראַגאַנעס זענען באַלאַגערט. פּויערים קויפן איין פאַרשיידענע כלים און אַרטיקלען, וואס זענען נייטיק פאר דער שטוב און באַלעבאַטישקייט. פּויערטעס קויפן סיצינע קליידלעך, שיקסעס — קאָלירטע כוסטקעס (טיכלעך) און קרעלצלעך פּאַטשערקעס. די סטאָסן צוגעגרייטע ברויטן, בולקעס און פאַרשיידענע געבעקסן ווערן קלענער און קלענער. פאַרמעגלעכע דאָרפישע דערלויבן זיך עסן, סתם אין דער וואָכן, א ווייס שטיק ברויט, א ווייצענע בולקע.

אין די רעסטאָראַנען פון פּאָליאַק, סנאַרסקי, ביי חייקלען, ביי לידערן און אין א סך אנדערע כאַרטשעווניעס, טראַקטירן און בירעלעך, איז ששון ושמחה.

פּויערים זיצן קאָמפּאַניעסווייז, מען איז זיך מכבד מיט וואָדקע, מ׳פאַרבייסט מיט הערינג, מיט ווורשט און סאַלע. מ׳רעדט הילכיק. וואס מער גלעזלעך מ׳ליידיקט אויס, אַלץ געהויבענער ווערט די שטימונג. די פּנימער זענען שוין רויט, די אויגן האלב־פאַרגאָסן פון שיכרות, טייל נעמען זיך ארום, מ׳קושט זיך, דער מיט דעם איז א „סוואַט" און דער איז א „קום", איינער פאַרציט עפּעס א ניגון, וואס האַלב־שיכורע קולות האַלטן אונטער. פון חייקלס רעסטאָראַן הילכן די קלאַנגען פון דער אויטאָמאַטישער קאַטערינקע, וואַרפט א פּויער אריין אין אויטאָמאַט 10 גראָשן, דערלאַנגט אים די קאַטערינקע א מאַרש מיט אלע פּיטשעווקעס.

פלוצלינג — א געוואַלד א טומל, דאס האט א פּויער מכבד געווען זיינעם א מיטטרינקער מיט א פלאַש אין קאָפּ, זיך דערמאָנט עפּעס אן אַלטע „אָ ב י ד ע".

ביסלעכווייז הייבט זיך אָן דער מאַרק צו צעפאָרן. לאַנגע שורות וועגענער ציען זיך פון שטעטל אין דער ריכטונג פון די צענדליקער ארומיקע דערפער.

יידישע קרעמערס ציילן דעם פּדיון: גאט צו דאַנקען, ס׳וועט זיין אויף באַצאָלן חובות, שכר־לימוד, ס׳וועט זיין אויף מאַכן שבת.

דער מאַרק זעט אויס, ווי נאך א שלאַכט, דער

גאַנצער גרויסער שטח, וואס האט אָקערשט ניט לאנג געשיינט מיט פארשיידענאַרטיקע בונטע פאַרבן, וואס האט געקאָכט און געװרוישט — איז איינגעהילט אין א שטילקייט. דער מארקפּלאַץ כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, ער רוט.

## עס קומט דער ליבער שבת

פרייטיק גאַנץ פרי. פלעגט שוין אָנהויבן זיך פילן אין קרינקי דער שבת. פון יידישע הייזער האבן זיך שוין געטראָגן ריחות פון געבאַקטע חלה, געקאָכטע פיש און אנדערע שבתדיקע מאכלים. יידישע פרויען, ווי פלייסיקע בינען, האבן געראַמט די הייזער, געשייערט די פּאָדלאָגעס, געריייניקט, געפוצט און געפרעסט די שבתדיקע בגדים. בעלי־מלאכהס, קרעמערס, ארבעטער און פאַבריקאַנטן — אלע האבן זיך געגרייט צום הייליקן שבת.

די גרעסטע שמחה האט געהערשט ביי די קינדער. מע וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויפן סוף לערנען. מיט גרויס טומל און פרייד, ווי פרייע פייגל, פלעגן זיך די קינדער ארויסלאָזן פון די שולן. יעדער אויף זיין אופן גרייט זיך צום שבת.

איינע פון די גרעסטע מצוות ביי יונג און אַלט איז געווען — באָדן זיך לכבוד שבת. קליינוואַרג זענען מקיים די מצווה אין טייכל אַראָפּ גאַרבאַרסקע גאַס, ביי דער „נאַשיעלניצע", ביים „וויגאַן". דאס וואַסער דערגרייכט דארטן א ביסל העכער פון די פּיאַטעס. קריכט מען טאַקע אויף אלע פיר און מען שפּריצט זיך, די שמחה איז גוואַלדיק.

אַראָפּ צו מיל־גאַס, אין סטאַוו ביי דער מיל, איז דאס וואַסער עטוואָס טיפער. דארט קען מען שוין א ביסל שווימען — אין וואַסער צי אין בלאָטע, איז געווען שווער פעסטצושטעלן. טייל יונגוואַרג פלעגן אַוועקגיין זיך באָדן הינטערן שטעטל אין נייעם־מיל, אין סלוסקער־מיל. דארטן איז שוין געווען וואַסער ממש, פון וואַנען מען פלעגט ארויס אפילו א ריינער...

נאָר דעם אמתן טעם פון באָדן זיך האט מען געפילט אין לישקער טייך. בעלי־עגלות פלעגן שטעלן פורן און פירן זיך באָדן אהין צו; נישט איטלעכער האט זיך געקאָנט דערלויבן באַצאָלן א גאנצע זלאָטע צו פאָרן הין און צוריק. איינציקווייז און גרופּעסווייז האט קרינקער יוגנט פרייטיק נאָך מיטאָג געשפּאַנט די זעקס קילאָמעטער ביזן שלענגלדיקן רויק פליסנדיקן טייך, צווישן פעלדער און גראָזן.

דער טיפער טייך איז פול מיט עולם. דאָ מוז מען שוין קאָנען שווימען. ווייזן טאַקע דא די שווימער כלערליי קונצן: מע מאכט „נורקעס"; ווער עס שווימט „קלאַפּטער", און ווער ווי א „זשאַבע". דאס וואַסער איז דא קלאָר און קיל און שווימענדיק פילט מען אלע זיבן טעמים. נאכן באָדן קייקלט מען זיך נאַקעטערהייט אויפן קילן, שמעקעדיקן גראָז (אין מיינע יינגלשע יאָרן האט מען נאָך אין קרינקי נישט געוווסט פון באָד־קאָסטיומען).

די פרויען פלעגן זיך האַלטן באַזונדער, ווייטער פון די מענער. געוויסע יונגען, גוטע שווימער, פלעגן טאַקע שטילערהייט, זיך צוכאַפּן אין דער נאָנט פון די פרויען, כאַפּן א בליק אויף די האַלב־נאַקעטע חוהס טעכטער.

פרישע, אויסגערוטע, פלעגט מען זיך לאָזן מונטער צוריק אין שטעטל, אויפן וועג ווידער זיך פארשטויבן, פארמאַטערן, נאָר קומען צוריק אַהיים צופרידענע. דער טעם פון שווימען, פון קילן ריינעם וואַסער, איז געלעגן אין די ביינער.

ערב שבת איז אויך געווען פול די שטעטלשע באָד. דא האט געהערשט אראָנטשיק דער בעדער. דעם איז ער מכבד מיט א גוט שעפעלע, יענעם מיט א בעזעמל צו שמייסן זיך. אין ערשטן באַדצימער פלעגט מען זיך זייפן, וואַשן און שווענקען. אבער דעם אמתן עונג־שבת האט מען געפילט אין שוויצבאָד. אויף די לאַנגע היל־צערנע טרעפּ זענען געזעסן און געלעגן ארבעטערס, בעלי־מלאכהס, פאַבריקאַנטן — דא זענען אלע גלייך. מע קוויקט זיך מיט דער היץ. יעדע וויילע הערט זיך א געשריי „פּאַרע, פּאַרע!" און אט גיסט מען אריין עטלעכע שעפּעלעך קאַלטע וואַסער אין אויוון, אויף די אָנגעגליטע שטיינער — און שטראָמען גליענדיקע פּאַרע פילן אָן די שוויצבאָד. מע זעט קוים איינער דעם אַנדערן, קוים וואס מע כאַפּט דעם אָטעם. און דער עולם שרייט ווידער: „פּאַרע, פּאַרע!" אויף טרעפּ רייבט מען זיך און מע שמייסט זיך מיט די בעזעמלעך. איינער איז מכבד דעם צווייטן מיט א „פלייצע".

דא איז דער איינציקער אָרט, ווו אן „עמך"־מענטש קאָן שמייסן אן אָנזעעוודיקן בעל־הבית, א גביר — און

נאך פאַרדינען דערביי א מצווה... מיט שטראַלנדיקע, צערייטלטע פּנימער, קערט מען זיך אום אַהיים.

די מאַמעס האבן שוין אָפּגעשיקט די טשאָלנטן אין די בעקערשע אויוונס. איצט וואַשן זיי די קינדערשע קעפּלעך — אין שיסלען, באַלייעס. דאס קליינוואַרג רייסט זיך פון די מאַמעשע הענט. זיי שרייען און וויינען: ס'איז זיי ביטער אין די אויגן פון די „מולינעס". מיט געדיכטע קעמלעך קאַמט מען די קינדערשע קעפּלעך — שטענדיק קאָן מען דארט עפּעס געפינען...

רויק און געלאַסן „צוואַגן" יידישע טעכטער די קעפּ (א סגולה צו די האָר איז רעגנוואַסער). מאַמעס פלעכטן מיט ליבע טעכטערשע צעפּ. אין די הייזער פינקלט מיט ריינקייט. אַלט און יונג — אלץ איז גרייט מקבל זיין דעם שבת.

איינע נאך די אַנדערע צינדן זיך אָן אין די הייזער שבת־ליכט, ביי וועמען אין זילבערנע לייכטער, ביי אַנדערע אין מעשענע, און ביי וועמען אין א פּאַר קאַרטאָפל'!...

מאַמעס מיט טיכלעך און שאַלן אויף די קעפּ, בענטשן אויף די שבת־ליכט און שעפּטשען א שטילע תפילה. מיט א ציטער אין האַרצן, מיט א טרער אין אויג, באַגלייטן זיי מענער און קינדער אין די בתי־מדרשים.

### פרייטיק צו־נאכט

קוים זיך דערוואַרט דעם סוף פון דער שבתדיקער וועטשערע, שטראָמט קרינקער יוגנט פון אלע עקן שטעטל צום מאַרק. פּאַרווייז און קאַמפּאַניעסווייז דרייט



א הויז (יאָסל פּאַנטעס) אויפן קרינקער מאַרק
בית (משל יוסף גנדלר) בשוקה של קרינקי

מען זיך אַרום — מען מאַכט האַלבע „קרוגן" ביי וואַכטס שטוב, און גאַנצע — פון חייקלס מויער ביז וואַכטס שטוב. הילכיקע שמועסן, אויסגעשרייען, געלעכטערס. דער מאַרק שפּרודלט מיט יוגנטפרייד. ביי די ראַנדן פון טראָטואַר שטייען „רעדלעך" מענטשן. מען פירט דיס־קוסיעס. יעדער איינער פּאַרטיידיקט מיט ברען זיין מיין, זיין רבי'ן...

ביסלעכווייז ווערט דער עולם אויפן מאַרק שיטערער. פּאָרלעך און קאָמפּאַניעס לאָזן זיך אַוועק, ווער אַראָפּ מיל־גאַס אין וויריאַנס־הויף, ווער אויף זייטיקע געסלעך און גאַנעקעס. דער הויפּשטראָם שפּאַצירערס גייט אַראָפּ שישלעוויצער גאַס, דורך דער קאַשטאַן־ביימער־אַליי ביי דער „באַלניצע", פאַרביי דער „פּאַוושעכנע". אָט איז מען שוין אין „יענטעס־וועלדל", וואס איז, דאַכט זיך, גרויס ווי א גענעץ, אבער ליב און טייער, און ווי איינגע־באַקן אין האַרצן ביי יעדן קרינקער.

פון אלע זייטן וועלדל הילכן געזאַנגען. ווער האט עס געקענט אזוי שוין זינגען ווי קרינקער יוגנט? קרינ־קער האבן געזונגען מיט טעם און געפיל. האט עמיצער פאַרצויגן א ניגון, האט א צווייטער אים אונטערגעהאַלטן און גענומען א „וטאַרע" (א צווייטע שטימע). און אט טרעט צו צום געזאַנג א דריטער, א פערטער, און האַר־מאָנישע קלאַנגען הילכן אַרום:

„דעם מאַרגנרויט אַנטקעגן —
מיר, די יונגע גוואַרדיע פון פּראָלעטאַריאַט..." —

זינגט א גרופּע „צוקונפטיסטן", די יוגנט פון „בונד"

„פון וואַרשע ביז פּאַריז,
פון לאָנדאָן ביז קאַנטאָן —
האט מאָסקווע ארויסגעשיקט א רויטע פאָן..." —

זינגט אויס קרינקער רעוואָלוציאָנערע יוגנט איר גלויבן אין א נייער פרייער וועלט...

פון עק וועלדל הערט זיך א שיינע, צאַרטע מיידל־שטים:

„את הבטחת לי לבוא,
את הבטחת ולא באת,
חיפשתיך כל הליל בשדות,
ואתמול היה כה יפה, כה נעים,
כה חמדו־להטו הלבבות!..."

לידער וועגן „לילות־כנען", „כינרת" און „עמק" —

װערן איבערגעריסן דורך א שטורמישער „הורה", געטאַנצט דורך דער יונגער קרינקער חלוציש׳ער יוגנט.

עס זינגען בונדיסטן, קאָמוניסטן, ציוניסטן. פאַרשײ־דענע לידער און װערטער, עס פאַרײניקייט זײ אבער אַלע דער װוּנדערבאַרער שבט פון קרינקער יוגנט, װאָס האט געקעמפט און געגלייבט אין א בעסערן מאָרגן, אין א שענערער װעלט...

באַשיצט דורך דער נאַכט־פינצטערניש, װעבן חלומות צוגעטוליעטע פּאָרלעך. א סך זיסע סודות האבן אײנגע־זאַפּט די ביימער פון „יענטעס־װעלדל".

שפּעט ביי נאַכט, מידע, מיט גליקלעכע פּנימער, קערט מען זיך אום אַהיים. מען גנבעט זיך שטיל אריין אין שטוב, נישט אויפצוװעקן די שלאָפנדיקע טאַטע־מאַמע.

א שבתדיקע שטילקייט איז אויסגעשפּרייט אויפן שטעטל.

**דניאל טשאַרני**

## ברוך װאָלאַדעק באַזוכט דעם „נר־תמיד"

דער פּראָמינענטער זשורנאַליסט און אַנזעעװדיקער פירער פון דער יידישער ארבעטער־באַװעגונג, צו ערשט אין רוסלאַנד (אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער, נאך דעם אין „בונד") און שפּעטער אין אַמעריקע — ב. װלאַ־דעק=ברוך־נחמן טשאַרני — איז אַ מאָל געזעסן אין תפיסה צוזאַמען מיטן קרינקער „נר־תמיד" (אברהם שמואל זוץ) און זיי האבן זיך דאָרט זייער צונויפגעחברט. באַזוכנדיק פּוילן אין אויגוסט 1936, איז װאָלאַדעק געפאָרן ספּעציעל קיין קרינקי, מיט זיין ברודער דעם דיכטער דניאל טשאַרני, צו באַזוכן זיין אַמאָליקן טורמע־ברודער.

ד. טשאַרני שרייבט:

נאך פון אינדערפרי האט זיך דער גאַנצער קרינקער „בונד" געהאט פאַרזאַמלט ביים „נר תמיד" אין ביבליאָ־טעק און געװאַרט און געװאַרט, ביז מען האט באַשלאָסן צו גיין אויפן שאָסיי אונדז באַגעגענען; די ערשטע פאָרויס — צװיי מיידעלעך פון דער פאַלקשול מיט צװיי גרויסע בלומען־בוקעטן: פונעם קרינקער „בונד" און פון דער ביבליאָטעק. צװישן די מיידעלעך איז געגאַנגען פאָרויס דער בלינדער אברהם שמואל. הינטער זיי האט ארויסגעמאַרשירט דער גאַנצער „בונד" פון שטעטל, קליין און גרויס.

גראָד איז יענעם זונטיק געװען א יריד אין קרינקי, איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג געװען דרויסן. װען דער עולם האט דערזען, אז עס מאַרשירט צום שאָסיי א טשיקאַװע פּראָצעסיע, געפירט דורכן בלינדן „נר־תמיד" מיט צװיי מיידעלעך, װאָס טראָגן בוקעטן — האבן זיך אנגעהויבן צוצולויפן צו דער פּראָצעסיע אלע ליידיק־גייער פון שטעטל און דער שאָסיי איז באלד געװאָרן שװאַרץ פון מענטשן...

אז די פויערים אויפן מאַרק האבן דערזען, אז צװישן די „זשידעס" קומט עפּעס פאַר א גרויסער „רוך" (אַ באַװעגונג), האבן זיי תיכף אָנגעהויבן שפּאַנען די פערד אין די װעגענער און זיך אָפּגעטראָגן װאָס גיכער פון שטעטל. דער שטעטלדיקער מאַרק איז אײנס־צװיי געװאָרן פוסט און װיסט. דעמאָלט האבן שוין אויך די קרעמער און הענדלער געװאָרפן זייערע געשעפטן און זענען ארויס באַגעגענען דעם בארימטן „אמריקאַניעץ" (װאָלאַדעקן).

װען אונדזער מאַשין האט זיך װי עס איז דערקליבן א פּאָר קילאָמעטער װייט פון קרינקי — איז דער שאָסיי שוין געװען באַלאַגערט פון עולם.

ס'האבן אונדז ארומגערינגלט פון אלע זייטן די מיט־גלידער פונעם קרינקער קבלת־פּנים־קאָמיטעט, אבער



הװעד של „בונד", „צוקונפט" ו„סקיף", 1937

קיינער פון זיי האט וולאַדעקן פּערזענלעך נישט געקענט, א חוץ אברהם שמואל זוץ, דעם לחלוטין בלינדן.

וולאַדעק אבער האט אים יע דערקענט, און נאָך איידער דער פאַרטרעטער פון קרינקער „בונד" האט געהאט באוויזן אָנצוהויבן זיין באַגריסונג־רעדע — האט זיך וולאַדעק ארויפגעוואָרפן אויף אברהם שמואלן און ביידע האבן זיך אזוי לאַנג געקושט און געהאַלדזט, ביז זיי האבן אנגעהויבן צו וויינען.

די דאזיקע באַגעגעניש אויפן מיטן שאָסיי האט אונדז אַזוי שטאַרק גערירט, אז נישט ביי איינעם פון אונדז זענען פייכט געוואָרן די אויגן.

באַזונדערס שטאַרק האט מיך גערירט דער מאָמענט, ווען אברהם שמואל האט מיט זיינע „אַלצזעעוודיקע" פינגער אָנגעהויבן ארומטאַפּן וולאַדעקס פּנים, ווי ער וואָלט וועלן „זען", אויף ווי ווייט וולאַדעק האט זיך געעלטערט פאַר די עטליכע צענדליק יאר וואס זיי האבן זיך ניט געהאט געזען.

שפּעטער, נאָך דעם אָפיציעלן קבלת־פּנים אין דער איינציקער אכסניא פון קרינק, זענען מיר אַוועק אין דער ביבליאָטעק א קוק טאָן, ווי אברהם שמואל פילט אויס בלינדערהייט די פונקציעס פון א ביבליאָטעקער.

אין יענעם זונטיק איז די ביבליאָטעק געווען פול מיט יוגנטלעכע, וואס זענען געקומען כלומרשט בייטן ביכער. אין דער אמתן האבן זיי גאר געוואָלט אָנקוקן דעם גאַסט פון אַמעריקע...

ס'איז געווען ממש צו באַוואונדערן, ווי אזוי דער בלינדער אברהם שמואל דערטאַפּט איינס און צוויי מיט זיינע פינגער דעם ריכטיקן בוך, וואס מען פאַרלאַנגט פון אים. ער פלעגט ארומפאָרן איבער די רוקנס פון די ביכער, ווי א געניטער מוזיקאַנט איבער די קלאַווישן פון דער פּיאַנע.

אָט איז פּרצעס „פאַלקסטימלעכע געשיכטן", אָט איז שלום אַש'ס „שטעטל", אָט איז שלום עליכמס „טוביה דער מילכיקער", אָט איז מאַקסים גאָרקיס „מוטער" און אָט איז דאָסטאָיעווסקיס „שטראָף און פאַרברעכן".

פאַר דער צייט וואס מיר האבן פאַרבראַכט אין דער קרינקער ביבליאָטעק — האט אברהם שמואל ניט געמאַכט קיין איין־איינציקן טעות אין א בוך. ער פלעגט „לייענען" מיט די פינגער די איינגעקוועטשטע אותיות און ציפערן אויף די רוקנס פון די ביכער, ווי א זעעוודיקער.

העשל זאַקהיים

## דער „סקיף"

מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט אָנהייב 1933, גייט דורך איבער גאַנץ פּוילן א שטאַרקע פאַשיסטישע כמאַרע, די יידישע באַפעלקערונג ווערט זייער שטאַרק באַאומרויקט, און יעדער טאָג ברענגט ידיעות וועגן נייע עקסצעסן. עס אַנטשטייט א דרינגנדיקע נויטווענדיקייט צו שטעלן א ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס. די גאַנצע יוגנט מאָביליזירט זיך דערצו ווי געהעריק, און די צייט ברענגט מיט צו אָרגאַניזירן אפילו קליינוואַרג. עס ווערט געשאַפן אויך אין קרינקי א „סקיף" (סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד), וואס זיינע ערשטע מיטגלידער זענען עלטערע שילער פון דער יידישער־וועלטלעכער שול און קינדער פון בונדיסטן. די ערשטע לעקטאָרן אין די קרייזן פון „סקיף" זענען געווען טאַניע גאָטליב, שרהלה גבאי און דער לערער ראָזענבערג. זיי רעפערירן, איבער דער געשיכטע פון „בונד", דער רעוואָלוציע פון 1905 און דער ראָמאַנטיש־העלדישער טאָט פון הירש לעקערט, די באַליבסטע טעמע אין אלע קרייזן. די סקיף־אידעע דרינגט אריין אויך צווישן תלמידים פון „חדר־הכללי" און פון דער ישיבה.

אויף שנעל ווערן אינסטרואירט די מיטגלידער פון סקיף־קאָמיטעט, זיי זאָלן קענען מיט אייגענע כוחות אָנפירן מיט די קרייזן און פירן א ברייטע אויפקלערונגס־ארבעט צווישן די קינדער פון פראָצע און נויט. די יונגינקע אקטיוויסטן זוכן ערשט אין ביבליאָטעק די נייטיקע מאַטעריאַלן און באַהאַנדלען ווי געהעריק די טעמעס אין די קרייזן. זייער אָפט ווערן איינגעאָרדנט „לעבעדיקע" צייטונגען, געשריבן און געלייענט דורך די אָנטיילנעמער, ווי אויך „אַקאַדעמיעס" און פאַרלעזונגען מיט אייגענע רעדנער. צו די „קעסטל־אָוונטן" קומען אָפּאָנענטן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט", און ווידער פאַרקערט, ווען די „מרכז"־יוגנט אָרדנט איין דיסקוסיע־אָוונטן — נעמען אָנטייל דאָרט אונדזערע רעדנער.

מערערע יוגענטלעכע און קינדער גייען אריין אין די רייען פון „סקיף" נאָכן פּאָגראָם אין פּשיטיק, באַזונדערס נאָכן פּראָטעסט־שטרייק, קעגן דער פּוילישער אנטיסעמיטישער פּראָפאַשיסטישער רעגירונג, א שטרייק,

וואס איז דאָן פּראָקלאַמירט געוואָרן אין גאַנץ פּוילן. אויף דינסטיק דעם 17טן מאַי 1936, דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַריי־נען. כ'געדענק, אז מאָנטיק דעם 16טן, פאר נאַכט, איז אָנגעקומען פון וואַרשע די פאַראָרדענונג פונעם צ.ק. צו פּראָקלאַמירן דעם גענעראַל־שטרייק און מאָביליזירן אלע און אַלעמען, יידן, ווי אויך סימפּאַטיזירנדיקע קריסטלעכע, אין א מאַסן־דעמאָנסטראַציע. באַלד איז זיך דאָן צונויפ־געקומען א דרינגענדיקע זיצונג פונעם קרינקער קאָמי־טעט פון „בונד", ביים ח' אברהם שמואל זוץ (דעם בלינדן „נר־תמיד") אין צימערל, צוזאמען מיט די דעלעגאַטן פון „צוקונפט" און „סקיף", און אין משך פון עטלעכע שעה איז אויף שנעל אלץ אָרגאַניזירט געוואָרן.

אויף מאָרגן פון גאַנץ פרי אָן, זענען שוין סקיפּיסטן געווען די ערשטע אויפן מאַרק ביי די קראָמען און בודקעס — אָנצוזאָגן, אז עס דאַרף אלץ זיין געשלאָסן. דער שטרייק איז טאַקע געווען א פולקאָמענער, און האט מיטגעבראַכט צו דערמוטיקן די יידן צום קאַמף פאר זייערע בירגעררעכט און צו שטעלן א געהעריקן ווידערשטאַנד די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס.

די קרינקער סקיפּיסטן האבן זיך אויסגעצייכנט אויך אין די בונדישע „פּרעסע־טעג" ביים פאַרשפּרייטן דעם פּאַרטיישן צענטראַל־אָרגאַן, די „נייע־פאָלקסצייטונג"; די סקיפּיסטן־שלאָגלער האבן אפילו באקומען דערפאר א פּרעמיע סאָפיע דובנאָוו־ערליכס בוך „דער גאַרבער־און בערשטער־בונד".

דער שאַלקער וואַלד פלעגט זומער ווערן א שטיקל



בונדישע „פּרעסע־קאָמיסיע"
הוועדה להפצת עתונות של ה„בונד"



אויספלוג פון קרינקער סקיף
מטיול של סניף „סקיף"

אייגענטום פון „סקיף"; מיט לידער און געזאַנגען אויפן שויס פון דער נאַטור פלעגן מיר דאָרט פאַרברענגען פון אין דער פרי ביז פאר נאַכט — עסן, זינגען און לאַכן בחברותא. שפּעטער פלעגן מיר זיך אויסשטעלן אין רייען, גוט דיסציפּלינירט, און נאָכן אויסרופן „חברשאַפט!" — מאַרשירן צוריק אַהיים, צום לאָקאַל.

דער בלוטיקער נאַציזם האט זיי און זייערע חלומות צוזאמען מיט אלע אונדזערע ברידער פאַרשניטן.

שמואל הערבאַרעם־קרופּניק

## פונעם קרינקער „החלוץ"

יאָר 1924, דער קרינקער „החלוץ" ציילט שוין איבער 100 חברים. טייל פון זיי גייען ארויס אויף „הכשרה" און טייל לערנען א געהעריקן פאַך פאר א"י. אין יענע צייטן איז עס געווען גאַרנישט אזא לייכטע זאַך: עלטערן פלעגן שטערן — נישט געקאָנט בשום אופן איינגיין דערויף, אז זייערע זין און טעכטער זאלן זיי פאַרלאָזן און עולה זיין קיין א"י. דאָרט זיין טאָגאַרבעטערס אדער בעלי־מלאכהס. אבער חברה זענען גובר געווען די אלע אָפּהאַלטונגען, נישט קוקנדיק דערויף, וואס מאַנכע האבן אויך אריינגעכאַפּט פעטש פון זייערע טאַטעס, וועלכע האבן זיי ממש פאַרטריבן פון זייער שטוב, פאר וועלן פאַרלאָזן די עלטערן און ארויס אָן זייער הסכמה צו הכשרה.

נישט ווייניק פלעגן מיר זיך דאַן „צעברעכן די קעפּ" אין אונדזער אָרגאַניזאַציע — ווי אזוי צו פאַרגרע־סערן די הכנסות פון דעם „החלוץ־פאַנד" אין פוילן, אַחוץ אונדזערע אייגענעביישטייערן און די אייַנטראָגן פון די עפנטלעכע „בלימל־טעג", וועלכע מיר פלעגן אייַנאָרדענען אין שטעטל לטובת דעם פאַנד. האבן מיר בכן אָנגעהויבן, צו דעם צוועק, גיין זעגן האָלץ פאַר היגע בעלי־בתים, און דאַן אויך אָנגענומען אזא „אונטער־נעמונג" פאַר דער שטעטלשער עלעקטראָווניע. פאַר



אונדז איז עס געווען א ווייטגייענדיקע איבערגעשטאַל־טונג — איבערצוגיין צו אזא פיזישער ארבעט, וואס בלויז דאָרפישע גויים פלעגן זי אויספירן פאַר יידישע באשטעלערס. היינט די עלטערן, און דער קבלת־פנים, וואס זיי פלעגן אונדז מאַכן מיטן צוריקקומען אהיים פון אזא מלאכה!

אין ערב־פּסח־סעזאָן פלעגן מיר שיקן אונדזערע חברים און חברות ארבעטן אין די „מאַגאַזינען" („מצה־פּאָדריאַדן") און ווידמען דעם היפשן אייַנטראָג פאַרן „החלוץ־פאַנד". און דעם זעלבן „סעזאָן", אין 1925, האָבן מיר זיך אונטערגענומען אייַנצוריכטן א נייע אונטער־נעמונג: כשרן כלים אויף פסח. מיר האבן דערצו באקומען אפילו א ספּעציעלן „הכשר" פונעם שטאָט־רב, ר' חזקיה מישקאָווסקי (אליין א „אגודה"־עסקן), וועלכער האט אונדז אפילו מכבד געווען מיט א ברכת־הצלחה.

יענץ יאָר האבן מיר ביים „החלוץ" געעפנט א סטאָליאַרניע, גובר זייענדיק די שטערונגען מצד עלטערן און אָרטיקע סטאָליאַרעס. די סטאָלעריי האט זיך גאַנץ גיך און נישטקשהדיק אַנטוויקלט, און מיר האבן זיך איינגעשאַפן א היפשע קליענטור, צווישן אנדערע טאַקע דעם רב מישקאָווסקי, וואס האט זיך אינטערעסירט מיט אונדזער אויפטו, געלויבט אונדזער ארבעט און אונדז צוגעגעבן מוט.

***

## אין סך־הכל

אזוי האט דער „החלוץ" אין קרינקי ממשיך געווען זיין תמידיקע טעטיקייט אין די קומענדיקע יאָרן, בפרט אין די 30ער. איינער נאָך דעם אנדערן זענען חברה ארויס אין די הכשרה־קיבוצים, זיך „מכשיר" און עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל — צו בויען און אויפריכטן זי — אויך זיך גופא — און פאַרטיידיקן און ברענגען צום אויפקום פון מדינת־ישראל אין זעלבשטענדיקייט לדור דורות. און ביי היינטיקס טאָג דערגייט טאַקע די צאָל קרינקער משפחות אין אונדזער מדינה ביז צו 250, כן ירבו!

# דמויות מקרינקי הנושנה

## במחצית השנייה של המאה הי"ט

יחזקאל קוטיק

### מזכרונותי *

ר' דויד מורני — גביר של הימים ההם

בקרינקי הייתי קונה יי"ש מר' דויד מורני, התנו של ר' ישראל סאלאנטר מייסד „תנועת־המוסר". גביר אדיר היה ר' דויד ויהודי למדן, פיקח, אך כעסן — ישמרנו השם מרוגזו! אם היה מישהו פוגע, או נדמה לו שפגע, בכבודו — היה מתנפל על הלז בחרפות עזות.

ועם זאת היה גם נוח לרצות עד מהרה, ואפילו את הקל שבקלים, ולו גם במחיר יקר ביותר. וכשהיה הלה מוחל לו — היה נצמד אליו לנשקו.

משרדו של מורני היה שוקק תמיד מבריות, ומוצא היית שם את כל המוזגים של קרינקי ואת היהודים הכפריים מן הסביבה המרוחקת ביותר. במרחק של שתי פרסאות, בערך, מקרינקי, היתה קיימת מיבשלת־יי"ש רבת־ממדים, שהיתה שייכת גם היא ליהודי, אולם שם היתה המביאה והעושה ינטה — אשת־חיל מובהקת, יפה ופיקחית מאוד, שבעלה משמש לה אופן חמישי בעגלתה. איש גם לא ידעו, והמפעל התנהל על שמה. היו, שלא נודע להם אפילו, שבעל לה. אמנם יהודי לא קוטל־קנים היה, אף בר־אוריין ובמידה מסוימת גם ידען — אולם היד החזקה ו„המהלכת במכנסיים" היתה היא. גם כאשר ישב במשרד, לא גלגל עמו איש בענייני עסקים.

אחוזות רבות היו בידיה, בחכירה, ושתי מיבשלות־לייש — והכל התנהל על־ידיה בלבד. אולם תוצרתן נאלצה למכור בסיטונות, שכן העדיפו המוזגים והחכרנים מן הכפרים הסמוכים לסחור עם מורני, בשל יושרו ונאמנותו למוצא־פיו. אם היה קונה או מוכר, לא שינה מעולם מן המחיר — גם אם עלה או ירד בשוק.

לאמיתו של דבר, היו הבריות ניכווים תכופות מלשונו הצורבת, בחפזונו, אם כי עד מהרה היה מתרצה ומבקש לסלוח לו; אולם ליושרו היה כוח מושך של אבן־שואבת. ואפילו מוזגים, שהיו חייבים לו חובות, בלא שאמרו לסלקם לו והיו קונים יי"ש מאת ינטה — היו לבסוף חוזרים אליו, מסלקים את המגיע לו ומוסיפים לסחור עמו.

וכך נהגתי, כאמור, גם אנוכי לקנות ממנו, אולם אז־רע (משמסרתי לו מה שמסרתי, בשליחות) והוא התקיפני בפני „קהל ועדה" בזלזולים, אשר השם ישמרנו מכאלה, והעטה עלי בושה וכלימה — עד שמיהרתי להסתלק, בלא שעלה עוד בידי ר' דויד להדביקני ולבקש לפייסני, כדרכו. ואמנם צ־ערתני עד מאוד תקרית זו, מה גם שהיה עלי להיזקק ליינטה, אשר היי"ש שלה נחות היה ויקר יותר.

בעיר מסרו לי רבים, שליבו של ר' דויד דווה עליו על שעלב בי, וכי משתוקק הוא להתרצות עמי בכל מחיר, אף הקצה פרס הגון לכל שיצליח להביאני לשם כך אליו. נמלכתי בכן בדעתי וכתבתי לו מכתב בעברית (כלי־זיני באותם ימים), ושהיה מוכן עמי. משנזדמן לי פעם לעבור בעגלתי על פני משרדו של ר' דויד וראיתיו עומד ומשוחח עם פלוני בשער — עלה על דעתי למסור לו את המכתב במו ידי, והראיתיו לו מרחוק. מיד קרב אלי במרוצה, נטל את המכתב, פתחו, ואך החל קורא בו, ונתרגש, עד שנפל עלי לנשקני ובדמעות בעיניו הפציר בי למחול לו. סלחתי לו. ועד כה ועד כה, והוא כבר מושך את סוסי לתוך השער: עליו להובילני עד למשרדו בכבודו ובעצמו, למען יראו הכול, היאך הוא מתפייס עמי.

וכך הווה. עתה ציווה להביא בקבוק יי"ש ישן, מאפה ורקיקים, ועם ה„לחיים"!" — התנשקנו. ומאז „התאהבנו" לדבוק זה בזה באהבת־רעים ממש.

ישי דרייזיק

### מעשה־הצלה של ר' יוסלה זצ"ל

רב־סבי ר' יוסף, או ר' יוסלה הצדיק עליו השלום, היה רב בקרינק ועל קברו שם היה מוצב אוהל, שלתוכו היו באים לשלשל פתקי־בקשות. במשפחתנו ובעיירה היו מספרים עליו מעשיות וסיפורים שונים.

*) ביידיש, כרך ב', וארשה 1913.

כך גם סופר ,שבימי נעוריו, בעת מלחמה, נתארע וקוזאק התקיף את נשי העיירה מבנות־ישראל, שמצאו לעצמן מחסה בעזרה שלהן שמעל בית־המדרש. כאן הופיע, כאילו מן השמים, העילוי הצעיר יוסף, והצילן מן הידיים הפושעות הטמאות: הוא הטיל במלוא כוח תנופתו את הקוזאק דרך החלון שבקומה העליונה אל המרצפת למטה, והבריון צנח ונתרסק ונפח את רוחו.

אף־על־פי שהיה זה מעשה של פיקוח־נפשות ושל הצלת כבודן של נשות־ישראל — גזר ר׳ יוסף על עצמו עונש־מרצון, והיה טובל יום־יום, קיץ וחורף, במי הנחל שבעיירה. וכך התמיד לעשות בשרב כבקרה, עד שנתארע והוא לקה בשיתוק, שממנו לא החלים עוד כל ימי חייו הקדושים.

**י. ג. שטיינספיר**

## קופל זאלקין —
## חלוץ הבורסקאות בקרינקי*)

קופל זאלקין, התעשיין הראשון לעיבוד עור בקרינקי, וכן בביאליסטוק וסביבותיה, נולד בתחילת שנות ה־40 של המאה הקודמת, ביאנובה שליד סוקולקה, בה היה אביו שיימה (שמאי) מברס עורות־כבשים, בשיטה פרימיטיבית מקובלת באותם ימים — בבור כרוי בתוך מחסן זעיר. הואיל והיה מייצר עור הקרוי „סאפיאן", הוסיפו לו גם שם־כינוי הולם וקראוהו שיימה „סאפיאניק", אותו ירש אחר־כך גם קופל הצעיר.

אולם משבגר ונתיישב בקרינקי, לאחר שאתו אשה מבנות עיירה זו — החל מברס גם כאן, באותו תהליך פרימיטיבי, עורות של בקר ועגלים — לסוליות לכפריים („יופט" ו„שווייצר"). אך קופל לא נסתפק בכך, כי הוגנב לאזניו, ש„בעולם" מייצרים אומנים גרמנים אותם מוצרים, בשיטות מושלמות ובטיב מעולה. מחונן ביזמה ומרץ, יצא בכך קופל באחד הימים, „אל המרחקים" וחזר משם בלוויית מומחה גרמני, גוסטאב מוֹארמאן שמו.

באותו זמן עברו אליו לקרינקי גם אביו ובני־המשפחה, ומשביססו בכוחות משותפים את בית־הבורסי, ניגש קופל לשכללו ולחתור לגיוון ייצורו. וכך הצליח לגלות את סודות עיבודו של העור ה„האמבורגי" (או „שפיגל"), ולהתחיל, לראשונה בחבל זה, בייצורו של מוצר זה, שהיה מכניס רווחים לאין שיעור. בכך גם נתפרסם קופל זאלקין ברחבי הסביבה כולה.

מדי שבוע בשבוע, היו בכן יוצאים עתה מקרינקי, על פני העגלות של זאלקין, רתומות לסוסים משלו, משלוחי תוצרתו אלי ביאליסטוק, ומשם — אל העולם הרחב. בכך התחיל אפוא קופל זאלקין בקרינקי, והמשיך אחר־כך, בקנה־מידה גדול בהרבה, בביאליסטוק, ונתעשר כ„קורח".

שם הוא גם נתפס לרעיון של חיבת־ציון ונסתפח לקבוצת יהודים עשירים, שחלמו על עלייה לארץ־ישראל והשתקעות בה. וכך החליט זאלקין להעביר את בית־החרושת שלו, על צוות אומניו, לארץ, ובסוף שנות השמונים הוא יצא עם אשתו לשם.

תשעה חודשים הם עשו בארץ־ישראל ועברו על פניה ומדדוה לאורכה ולרוחבה, אך חזרו לבסוף מאוכזבים על עקבותם.

— אין, לעת עתה עדיין, צרכן בארץ־ישראל, לייצר בשבילו עורות, שכן אין הערבים שם נזקקים לנעליים ומהלכים הם יחפים — היה זאלקין מסביר כעת לאלה, שהיו תוהים על שובו לגולה.

**משה וויינברג (פינקס)**

## מורי וסבי

בימי ילדותי הכרתי בקרינקי שני סומים: את איצ׳ה ואת סבי יענקל, שקווים אחדים מאורח־חייו ברצוני לציין בזה.

נגר־בנייה, הוא נפל בשעתו מפיגום, נפגע קשות בראשו ונסתמא. את ביתו, ב„שולהויף", בקירבתו של בית־המדרש, מכר למיכ׳ל החייט. עם זאת התנה סבי תנאי, שכל עוד יאריך ימים, יוסיף לגור באחד מקיטוני הבית, כדי שיוכל לילך אל בית־המדרש לבדו.

מדי בוקר בבוקרו, לפני צאתו להתפלל, היה שם ליד הפתח צלחונת חלב בשביל החתול, שהיה בא ונכנס תמיד אל סבא. מעולם לא היה שוכח, כבברכו „המוציא" על לחם־פתו — ללחוש, בייצקו את החלב לצלחת, את „ורחמיו על כל מעשיו".

על המשנה, שהיתה חקוקה במוחו כולה כהלכה, היה

---

*) לפי מאמר ב„ביאליסטאקער אלמאנאך 1931; נמסר לידי המערכת ע"י מ׳ צינוביץ׳.

עובר בעל־פה, כשעלי היה לעקוב אחריו בכתוב, שמא מחסיר הוא או משנה כלשהו ממנו.

ועוד זכור לי היטב: יודל ברצ׳קובס, שהיה קורא את „הצפירה", סיפר לסבי, שבפטרבורג הבירה מצויים רופאים, המנתחים עיוורים ומחדשים את כושר־ראייתם. יודל יעצו, לכתוב לשתי בנותיו שבאמריקה, כי תשלחנה לו כסף לשם ניתוח כזה. על כך ענה לו סבי:

— לא, יודל, אין לי חפץ לשוב ולפקוח עיני, ושוב לחטוא!

וכך המשיך באורחו של יראת־השם, עד אשר בשנת 1903 עלה, כשהוא סומא, לארץ־הקודש, בה נפטר ונקבר בירושלים.

ועתה מילים אחדות על רבי מיכ׳ל בֶלאַרצר, שנספה עם כל קדושי קרינקי בשיני־הטרף הנאַציות. יהודי טוב־לב היה ומיצר כל פעם, משהיה נאלץ לסטור סטירונת בלחיו של תלמיד סורר. לפני אשתו, שלא נזהרה במוצא־פיה, היה מתחנן בתחנונים ממש:

— באמנה, רחל־לאה, למה לך לקלל את זולתך — הן מוטב לך, כי תברכי את עצמך?!

ואמנם, לא אחת גם היה עולה בידיו להשפיע בכך על בת־זוגתו להרתעת לשונה.

**אברהם מילר**

## שתי דמויות

### פנחס הבנאי

פנחס הבנאי מומחה היה, שלא היה מצוי כמותו במקצועו. מלאכתו בהנחת יסודות מאבן־גוויל, לבניינים, היתה להפליא ביופייה ובטיבה. המרתפים המקומרים שהתקין — מוניטין יצאו להם בכל סביבתה של קרינקי. ושום אש־להבה לא יכלה להם.

בעת שפנחס טח את חזית הבניין של בית־הכנסת הגדול שבעיירה — נפל מן הפיגום ונשאר עומד על רגליו.

בימות החורף היה עובר על פני יישובים יהודיים כמשולה מארץ־ישראל, חבוש „שטריימל" (מצנפת־פרווה חגיגית) כאדמו״ר חסידי. יהודי נאה היה באמת — ללא דופי.



ר׳ מנחם מענדל,
געווידמעט זיין לעבן פאר אַרעמע און געדריקטע
הקדיש חייו לעניים ולנתונים במצוקה

### ר׳ שמואל טנצר

ר׳ שמואל טאֶנצאֶר היה מלמדי הראשון.

בעת שכל הבריות היו מסובים בשבת ובמועד ליד שולחנות ערוכים בסעודתם, לוגמים משקה ומזמרים זמירות, היה ר׳ שמואל מתרוצץ, במזג־אוויר גרוע ביותר ובבוץ עמוק ביותר, על בתי העיירה, בדאגו, שתובטח לכל עני וניצרך ארוחה לכבוד שבת. ואך משסידר את כל הזקוקים — היה מתפנה לערוך את שולחן ביתו שלו עצמו.

הוא היה גם מלמד־דרדקי מצוין ביותר, ועל כן אהבנוהו הטף וזכרו שמור עמנו העמק בליבנו.

**ברל זאַקון**

## מרביצי־תורה ב„חברות־לימוד"

ר׳ משה יהושע הקדר היה יושב ולומד יומם ולילה, ומלבד זאת מרביץ תורה ברבים — בחברות־לימוד. יהודי עני, בעיירה, שרבים בה התעשיינים העשירים — וכל כספי קרינקי היו מוחזקים שמורים אצלו דווקא, ובביטחה, שכן הכול סמכו עליו.

מפרנסתו היתה בת־זוגתו, סוחרת בקדירות בשוק. רק ביומא דשוקא, בה׳ בשבוע, היה ר׳ משה יהושע יוצא את בית־המדרש לעזור לאשתו במכירת הסירים. והיה, ועמדה עמו איכרה על המקח יתר על המידה, בהציעה לו פחות מדי מחיר הקדירה — היה משיב לה בזו הלשון:

„ניאָ חוֹצ'ש הוֹרשוֹק? (כלומר, אינך רוצה בסיר?) — אינך מקודשת!" (לא צריך!).

לאחר פטירתו, מילאו את מקומו בלימוד ה„חברות" וָלוול „קוואָסניק" (היינו, מתסיס „קוואָס", משקה חמצמץ תוֹסס) ובצלאל החייט, שהיה אח"כ למלמד. היה זה יהודי, שבנעוריו למד אך מעט, וממילא ידע לא הרבה; אך לעומת זאת — ובדומה לר' עקיבא — נתמסר ללימוד תורה בהתמדה ברבות השנים, ועד כדי כך, שהגיע לדרגה של הרבצת תורה ב„חברות".

חד מדמויות קרינקי



יהודה וילנסקי
בעל־בית מכובד
יהודה'ל לאַפּקעס
א שיינער בעל־בית

ד. סלקוֹף

## הרופא הפולני

פאַן רז'צ'קוֹבסקי, רופאה של קרינקי בימים הזכורים לי, היה נוצרי גבוה, עטור שפם פולני עבות מתחת לחוטם עבה וסמוק. מהו גילו לאשורו לא ידע איש. על קשישי הקהילה היהודית וקשישותיה היה מקובל כרופא מומחה, אך הלוואי ולא יהא צורך בו. ה„פאַן־דוקטור" לא ידע מעולם חפזה מהי, ותמיד התנהל במתינות.

בשבתות, לעת קיץ, עת היה עובר מעשה־מטייל בסימטאות היהודים לבקר חולה, היו כל הנערים מקבלים את פניו בברכת „שבתא טבא" כהלכה. פעמים אף היה מקדימם ב„שבת שלום". היו הללו מסירים כובעיהם והוא מחליק שערותיהם משל מקורב הוא עמם.

שכרו בעד ביקור־בית היה 30 אגורות. אם ידע, שאין בידי חולה לשלם אף סך זה — לא היה מבקש ממנו. יתר על כן: בבית־המדרש היו מספרים בחדווה, שליולדות עניות הוא אף מביא תרנגולת ובקבוק יין — מעשה, שהיה מעלה ריר־חמדה בשפתותיהם של בעלי הסיפורים הללו אותה שעה, כשהם גם משוכנעים ובטוחים, שה„פאַן־דוקטור" הוא אחד מחסידי אומות העולם, ובבוא שעתו עתיד הוא אף להסתופף ברוב כבוד בגן־העדן.

קהילת קרינקי היתה משלמת לו מאה רובל לשנה בעד ביקוריו ללא תשלום אצל עניים; אך יש וּועד־הקהל היה טוען, בסופה של השנה, שאין לו כסף בשביל הרופא, ואז היתה סדרה של צרות מתרגשת בעיירה. העניים היו צובאים שעות על גבי שעות ליד דלתו הנעולה של פאַן רז'צקובסקי, והנשים היו בוכות וזועקות חמס, שבנותיהן מקשות ללדת ויש להצילן עדי־רגע. אולם הרופא לא היה מתרגש מכך כלל וכלל, אלא מפטיר: „לכו אל הקהילה ודרשו, כי יסלקו לי את המגיע לי!" ועתה אך היתה מתחוללת המהומה בעיירה: אלה רצים אל הרב והללו אל אנשי־הציבור. ואם גם זה לא הועיל — והיו נזקקים לנשק היהודי שמדורות, כלומר לעכב את התפילה ואת קריאת־התורה בשבת. ולא היו מסתלקים מן הבימה ומן ה„עמוד", עד שלא היו הרב ובעלי־בתים מספר מבטיחים באמנה, שלמחרת בבוקר ישב יישבו את ההדורים עם ה„פאַן־דוקטור".

על הרוב היתה מהומה כזו פורצת בימי הסגריר של חורף, כאשר הרטיבות והטחב כבר הספיקו להשתלט על הבקתות העלובות הזעירות של העניים וכשמצרת המחלות שפקדו את דריהן לא ניתן היה עוד להיפטר. לאחר עיכוב הקריאה מן הסוג שהזכרנו, ניתן היה למחרת בערב לפגוש יהודים מתנהלים, עם פנסים בידיהם, ביוון העמוק, כשאחריהם מתבוסס בערדלי־הגומי שלו, ה„פאַן־דוקטור" והוא מפזם פזמון פולני בניחותא — בדרכו לביקוריו אצל העניים.

מאז פרצה מלחמת־העולם, הראשונה, לא נראה עוד פאַן רז'צ'קובסקי בעיירה, לאחר גיוסו. סופר, כי מת ברוסיה גלמוד ועזוב.

אם אמנם מצא מקומו בגן־העדן — לא נודע עד היום.

# קרינעק פון אמאל

## פונעם ווייטן עבר

יחזקאל קאָטיק

### פון מיין מגע־ומשא מיט קרינעק און קרינקער*

#### קרינקער גנבים

— — פון גראָדנע פלעג איך ברענגען אין מיין קרעטשמע זיסע בראנפנס, און פון קרינעק — מעד און וויין, וואס יוכבד די אלמנה פלעגט אויסאַרבעטן און וואס האבן געהאט א שם אין דער גאַנצער גובערניע.

אז איך בין געקומען דאס ערשטע מאל קיין קרינעק, בין איך פאַרפאַרן צו יוכבד דער וויינשענקערין. עס איז געווען א שיינער טאג. צוגעבונדען דאס פערד צום פאַרענטש פאר די פענצטער פון דער גרויסער הויז אַנטקעגן די קראָמען, אין מיטן מאַרק — בין איך אריין אין שטוב. אז איך האב אַ ווײַלע ארום א קוק געטאָן דורכן פענצטער, זע איך, ווי דאס פערד שטייט מיט די ערשטע פאָר רעדער באַזונדער אָפּגעדרייט אָן א זייט: אַ פנים דער „סוואָרען" איז ארויסגעצויגן.

לויף איך ארום און פרעג, ווער האט עס ארויסגענומען דעם „סוואָרען" פון וועגל, עס איז דאך א מאָדנע זאַך — האבן מיך יוכבדס זין בארויקט און געגעבן צו דערקלערן, אז עס איז טאָקע אן אומגעוויינלעכע זאַך.

די מעשה איז: פאַראַן אין קרינעק צוויי ברידער, וואס זענען די אַנפירער פון אלע גנבים אין דער סביבה: רופן רופט מען זיי די „אַחים", און אלע סוחרים, דאָרפסלייט, פּאָסעסאָרן, פּאַקטערס און אַרענדאַרן דאַרפן זיך אומבאַדינגט קענען מיט די „אחים" און זיי באַפרידיקן. מען דאַרף זיי אויך אָפּגעבן כבוד, און אז די „אחים" פאָרן אין פּאָוויאָט (קרייז, דיסטריקט), ווערן זיי אומעטום אָנגענומען מיט כבוד גדול. מוז מען זיך מיט זיי קענען, און דעמאָלט איז מען שוין פאַרזיכערט פון גנבות.

מאַכט זיך אָבער א מאל יע א גנבה, דאַרף מען זען דורכקומען מיט די „אחים" — וועט זי צוריקגעקערט ווערן; און אזוי ווי איך בין א נייער יישובניק, האט מען דאס מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אז איך דאַרף מיך מיט זיי באַקענען און מאכן עס דורך א „פונדע".

בין איך ניבהל ונשתומם געווארן: סטייטש, איך זאל גאר דארפן זיך באַקענען מיט גנבים און אָנקוקן זיי אין פּרצוף אריין און נאך געבן די האַנט? כ'האב אבער געוווסט, אז יוכבדס זין זענען קלוגע און ערלעכע לייט און וועלן מיר נישט דרייען א קאָפּ גלאַט אין דער וועלט אריין.

עס איז אבער דאָך געווען שווער צו פועלן ביי זיך צו מאכן א באַקאַנטשאַפט מיט רביים פון גנבים, און, קויפנדיק א נייעם סוואָרען, בין איך מיר אוועקגעפאָרן רויק אַהיים.

אבער מיינער א פריינד האט מיר געראטן, אז שטארק זיך רייסן מיט די „אחים" טאָר מען נישט: דער איספּראַווניק (פּאליציי־קאָמענדאַנט פון באַצירק) מיטן אַסעסאָר (אַ רעגירונגס־באַאַמטער) קענען נישט איבערקנס פארהיטן פון דער באַנדע גנבים; און אזוי ווי איך וווין אין א קרעטשמע, ביים סאַמע טראַקט, דארף איך מיט זיי לעבן גוט, און אז זיי וועלן אריינפאָרן צו מיר, זאל איך זיי אויפנעמען שיין, געבן זיי און זייערע פערד עסן, טרינקען אד"גל.

#### דויד מאריינע

אין קרינעק פלעג איך קויפן בראנפן ביי ר' דויד מאריינע, דעם גאון ר' ישראל סאַלאַנטערס אן איידעם. ער האט געהאלטן דעם קרינקער הויף מיטן ברויז, איז געווען א גביר פון אן אַכציק טויזנט רובל, און א ייד א למדן, א קלוגער, אבער א כעסן — גאט זאל אָפּהיטן! האט אים עמיצער מיט עפּעס פוגע בכבוד געווען, ווי ס'האט זיך אים אויסגעדאַכט, איז ער יענעם באַפאַלן מיט די גרעסטע זלזולים.

ער האט אבער פארמאָגט א גוטע מעלה: ער פלעגט

---

* פון „מיינע זכרונות", ב' 2, ווארשע 1913.

באלד אָפּגיין פון כעס און יענעם תיכּף איבערבעטן, מעג יענער זיין אפילו א קל שבקלים. דאס האט אים געמעגט קאָסטן אפילו זייער טייער. יענער האָט געמוזט זאָגן, אז ער איז אים מוחל און דערפאר פלעגט ער זיך מיט יענעם צעקושן.

ביי מאריינען אין קאָנטאָר זענען שטענדיק געווען א סך מענטשן, אלע קרינקער שענקאַרעס און אלע יישובניקעס פון די ווייטסטע דערפער. לעבן קרינעק, א וויאָרסט צוויי, איז אפילו געווען גאר א גרויסער ברויז פון בראנפן, וואס האט אויך געהערט צו א יידן. דארט איז געווען די גאנצע רעדלפירערין דאס ווייב יענטע — א גרויסע אשת־חיל, זייער א שיינע און קלוגע פרוי, און דער מאַן איז ביי איר געווען א פינפטער ראָד צום וואָגן. קיינער האט פון אים נישט געוווּסט, און דער ברויז איז געגאַנגען אויף איר נאָמען. געווען אפילו וואס האבן בכלל נישט געוווּסט, אז זי האט א מאַן. ער איז געווען גאר נישקשה פון א מענטש, א לערנער, א שטיקל קענער; נאר זי איז געווען אזא שטארקע יידענע, „א יידענע אין די הויזן", אז ווען ער איז אפילו געזעסן אין קאָנטאָר, האט מען אויך מיט אים נישט גערעדט פון געשעפט.

זי האט געהאַלטן א סך הויפן און צוויי ברויזן — און אַלץ געפירט אַליין. אבער די בראנפנס אירע האט זי געמוזט פארקויפן אַנגראָ, נישט לאַחדים, פאר שענקאַרעס און אַרענדאַרעס פון די ארומיקע דערפער — ווייל אלע האבן זיי בעסער געוואָלט האנדלען מיט ר' דויד מאריינען, צוליב זיין ערלעכקייט און זיין וואָרט, וואס איז געווען שטאָל־אייזן. האט ער געקויפט צי פארקויפט און עס איז געווארן טייערער צי וועלוועלער — האט ער קיין מאָל ניט משנה געווען.

דעם אמת געזאגט, פלעגט מען פון אים אָפּט ליידן, מחמת זיין בייזער צונג, זיין אימפּעט, זיין צעכּעסטן האָסט. און האט ער דערנאָך אפילו איבערגעבעטן, האט ער דאך נישט אין גאנצן ארויסגעריסן די באליידיקונג פון האַרצן; נאר זיין ערלעכקייט, זיין ערלעכקייט! זי האט אלעמען צוגעצויגן; אפילו די שענקאַרעס, וועלכע זענען אים שולדיק געווען געלט און נישט געוואָלט באַצאָלן און פלעגן קומען קויפן בראנפן צו יענטען — פלעגן דאך לסוף זיך צוריקקערן צו אים, באַצאָלן וויפל אים קומט און ווייטער האנדלען. צו אזא סוחר האט געצויגן ווי מיט א מאַגנעט.

געוויינטלעך, האב איך אויך געקויפט בראנפן ביי מאריינען. אבער איין מאל איז ער אויף מיר אָנגעפאלן פלוצים מיט אזוינע זלזולים, אז גאט זאל מרחם זיין (כ'האב אים עפּעס איבערגעגעבן אין א שליחות). די שטוּב איז געווען פול מיט מענטשן, און איך האב מיך געשעמט אויפצוהויבן די אויגן. בין איך שנעל אוועק־געפאָרן, און ר' דויד האט מיך שוין נישט געקאָנט באַפּן און איבערבעטן זיך, ווי זיין שטייגער. די מעשה מיט מאריינען האט מיר שטארק פארדראָסן, באזונדערס ווייל כ'האב געמוזט אָנקומען צו יענטען, וואס איר בראנפן איז געווען מינערווערטיקער און טייערער.

אין שטאָט האבן מיר מענטשן דערציילט, אז ר' דויד עסט זיך אָפּ דאס האַרץ פון דער מעשה מיט מיר, וואס ער האט מיך באליידיקט, און ער וואָלט געגעבן א 25ער, מען זאל מיך ברענגען צו אים זיך איבערצובעטן און מאכן שלום. האב איך מיך מיישב געווען און אָנגע־שריבן צו אים א העברעישן בריוו (מיין דעמאָלטיקער געווער). פאָר איך איין מאל פאַרביי און זע ר' דוידן מיט נאך א יידן לעבן טויער, ביים וועג. פאַלט מיר איין אײ־בערצוגעבן אים דער בריוו אייגנהעניק. ווייז איך אים עס פון דער ווייטן: לויפט ער צו, נעמט אים אין האנט, עפנט און הייבט אָן לייענען. איז אים באלד דער אנהייב בריוו אזוי געפעלן געווארן, אז ער האט מיך געכאַפּט קושן און בעטן מיך מיט טרערן אים מוחל צו זיין; ער האט מיך ניט געקענט, געווען פארדרייט, צערודערט אאַז"וו. בין איך אים מוחל, און איידער וואס־ווען — ציט ער שוין די צוים פון פערד צו זיך אין טויער אריין; ער מוז מיך אליין פירן פאַרן צוים ביז קאָנטאָר, אז אלע זאלן זען, ווי ער בעט מיך איבער.

און אזוי האָט ער אויך געטאָן. דאָן האט ער געהייסן אריינטראָגן א פלעשל אלטן בראנפן פון א יאר 15, מיט לעקעך און קיכל, און ביים „לחיים!" האבן מיר זיך צעקושט. אזוי האט זיך געפירט אַן אמאָליקער גרויסער גביר.

פון דעמאָלט אָן האט זיך ר' דויד מאריינע אין מיר „איינגעליבט" און צווישן אונדז איז טאָקע געווען א מין ליבע.

**יאָסל לידער**

יאָסל לידער האָט געהאַלטן די קרינקער קאַראָבקע *, וואָס דאָס וואָרט גופא, אז מען דערמאָנט עס, נעמט דורך ווי מיט קעלט דאָס לייב. יאָסל איז געווען פון די ערגסטע, פון די מערדערישסטע פון די קאַראָבקע־האַלטערס.

אז ער פלעגט קומען מאכן א רעוויזיע אויף פלייש, צי עס איז נישט געגנבעט פון דעם קאראבקע־אָפּצאָל, איז געווען נאך ערגער ווי דער רעוויזאָר אויף פּאַטענטן. אז ער האט געכאַפּט ביי עמיצן פלייש, פלעגט ער צונעמען פון שטוב פאַרשיידענע חפצים פאר א משכּון, אז מען זאל אים גוט באַצאָלן. ער האט קיין מורא נישט געהאט פארן אַסעסאָר און פארן איספּראַווניק, ווייל אלע האבן געציטערט פאר אים, דער עיקר פאר זיינע מסירות. ער האט געקענט פארמסרן אפילו א גובערנאַטאָר, ווארעם ער האט געוווסט וואס, ווי און ווו צו מסרן. ער איז געווען א הערשער, האט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאר קיין טשינאָווניק (מלוכה־אָנגעשטעלטן), ער האט געקענט צונעמען חפצים און פעסלעך בראנפן — און טו אים עפּעס!

יאָסל האט אויך געהאַלטן א ברויז פּ'ן בראנפן און געגנבעט אַקציז, וויפל ער האט געוואָלט, און קיינער האט אים נישט געקאָנט עפּעס טאָן.

די שטאָט קרינעק האט געהאט א גרויסן קרימינעל־פּראָצעס. דאַכט זיך, אז מען האט עמיצן באַגראָבן אָן אַ דערלויבעניש, בעת מען האט דעם ניפטר געזאָלט פריער פּאַלמעסן. 12 בעלי־בתים, די שענסטע פון די שטאָט־גבאים און פון דער חברה־קדישא מיט יאָסל לידער בראש, האבן געזאָלט פארשיקט ווערן קיין סיביר.

קיין קרינעק איז אַראָפּגעקומען די סעסיע פון קרייז־געריכט און די גאנצע שטאָט איז געווען אויף די פיס, ס'האט געקאָכט און געטומלט — מען האט מורא געהאט פאר איין עדות, א קברות־מאַן, וואס אויף אים האט זיך אייגנטלעך געשטיצט דער גאנצער באַשולדי־קונגס־אַקט. פּאַקן אים איז געווען שווער, ווייל פּאָליציי האט אים שוין פריער געהאט פאַרהאַלטן און אים געהיט ווי דאָס אויג פון קאָפּ.

אז עס איז געקומען צום עדות־זאָגן פון אָט דעם קברות־מאַן, האבן אלע א ציטער געטאָן: אָט וועט ער אַלעמען אומגליקלעך מאַכ. יאָסל לידער איז געווען שרעקלעך רויט און אויפגערעגט. פּלוצים האט ער זיך פונאַנדערגעשריען מיט מאָוימדיקע קולות, אָנכאַפּנדיק זיך פאר די ציין:

— ראובן ויברח, ראובן ויברח, ויברח, ויברח...!

פרעגט דער פּאַרזיצער, וואס שרייט ער אזוי. הייבט זיך אָן יאָסל צו בייגן און צו קנייטשן, דריקן מיט די הענט די באַק און שרייען ווי א וואַלד־חיה:

— אוי די ציין...! ראובן ויברח...! די ציין, ניט פאר אייך געדאַכט... ראובן ויברח... פון די ציין קען איך נישט אויסהאַלטן... ראובן ויברח... פּליטה, פליטה... פּליטה...

דערזען א מענטש פייניקט זיך מיט די ציין, איז מען געלאָפן נאך עפּעס א מיטל, און ראובן דער קברות־מאַן, וואס האט פאַרשטאַנען דעם טייטש פון די דאזיקע געשרייען, האט זיך שנעל ארויסגעדרייט. אז יאָסל, וואס האט קלוג און גנביש נאָכגעהיט ראובנען אין די סאַמע שרעקלעכע געשרייען, האט באַמערקט, אז די סכנה האָט געמיטן, אז יענער איז אַנטרונען געוואָרן — האט ער אראָפּגענומען די האַנט פון באַק און רויק אַרויסגעזאָגט:

— ס'איז מיר בעסער געוואָרן.

און דאָס געריכט האט אלעמען באַפרייט: ס'האט געפעלט דער סאַמער וויכטיקסטער עדות, אויף וועלכן ס'האט זיך געשטיצט דער באַשולדיקונגס־אַקט...

**ישי דרייזיק**

## ר' יאָסעלע הצדיק

(וואס מען דערציילט)

מיין עלטער־זיידע, ר' יוסף, אַדער ר' יאָסעלע הצדיק, עליו השלום, איז געווען רב אין קרינקי און אויף זיין קבר איז געשטאַנען אן אוהל, וווהין גלייביקע פלעגן אריינגלייגן בקשה־קוויטלעך.

אין דער משפחה און אין שטעטל פלעגט מען וועגן אים דערציילן פאַרשיידענע מעשיות און לעגענדעס, ווי א שטייגער, אז אין זיינע יונגע יאָרן, בעת מלחמה־צייט, האט פּאַסירט, אז א קאָזאַק איז באַפאַלן אין דער וויי־בערשער שול יידישע פרויען, וואס האבן זיך דאָרטן

* געהאַלטן אין אַרענדע דאָס איינקאַסירן דעם אָבליגאַ־טאָרישן אָפּצאָל אויף כשרע שחיטה און פלייש, וויין און אנדערע שפּייז־אַרטיקלען. די „קאַראָבקע" איז געווען באַשטימט פאר יידישע קהלשע הצטרכותן, און צו דעקן חובות, וואָס קהל פלעגט זיין שולדיק דער רעגירונג.

אויסבאַהאַלטן. דאָ איז, ווי פון הימל געשיקט געוואָרן, אָנגעקומען דער יונגער עילוי יוסף און האָט זיי מציל געווען פון די פאַרברעכערישע שמוציקע הענט: ער האָט דעם קאָזאַק ארויסגעשליידערט דורכן פענצטער, אזוי אז יענער איז אנידערגעפאַלן א טויטער. און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואס עס האט זיך געהאַנדלט וועגן פּיקוח־נפש און דעם כבוד פון יידישע פרויען — האט אבער ר' יוסף הצדיק געגומען אויף זיך די פרייוויליקע שטראָף פון זיך טובל זיין יעדן טאג, סיי זומער און סיי ווינטער אין דעם שטאַטישן טייכל. יאָרן לאַנג האט דער צדיק זיך אזוי נוהג געווען צו טובלען זיך אין די היצן און אין די פרעסט, ביז ער איז פּאַראַליזירט געוואָרן און געבליבן געליימט ביזן סוף פון זיין הייליקן לעבן.

פאַר זיין חתונה מיט דער שפּעטערדיקער רביצין, נאָך דעם ווי זי האט דערצו איינגעוויליקט, האט זי געשיקט פרעגן, צי זיי וועלן, אין שייכות צו זיין געזונט־צושטאַנד, קאָנען האָבן קינדער. ר' יוסף האט געשיקט איר איבערגעבן, אז זי וועט געבוירן 10 זין און א טאָכטער, וכך הווה.

ווייטער ווערט דערציילט, אז איידער דער צדיק איז נפטר געוואָרן, האט ער געבענטשט די רביצין מיט פרנסה, און ער האט איר פאַרטרויט, אז פונעם קאָמאָדע־שופלאָד קען זי נעמען געלט אויף לעבן. יאָרן לאַנג האט די רביצין אזוי געטאָן און עס האבן זיך נישט אויסגעשעפּט די עטלעכע גילדנס, וואס זענען דאָרט געלעגן; ביז א היימישער ייד האט א פרעג געטאָן די רביצין, פון וואַנען ציט זי איר חיונה, און זי האט אים דערציילט וועגן דער ברכה פון צדיק און וועגן די פּאָר גילדנס, וואס לאָזן זיך נישט אויס. באַלד האבן זיי זיך טאַקע אויסגעלאָזן.

פאַר די לעצטע גילדנס האט די רביצין געקויפט מעל און האָלץ און אָנגעהויבן באַקן ברויט. דאָ האט זיך פון ס'נייַ איבערגעחזרט דער נס און די האָלץ און די מעל האבן זיך נישט אויסגעשעפּט, און די רביצין האט ווידער געהאַט אויף חיונה. אָבער ווידער אַ מאָל האָט די רביצין זיך אַרויסגערעדט, פון וואַנען זי לעבט — פאַר אַ גוטן פריינד, וואס האָט עס געוואָלט וויסן. דאָס מאָל האָט זיך איר פרנסה־קוואַל טאַקע אויסגעשעפּט לחלוטין.

## פון דער סדרה „קרינקער יאַטן"

**יאָסל קאָהן**

### כ'זע אַלץ ווידער

**א.**

פאַראַנגענע נעכטנס מיר קומען אַנטקעגן,
זכרונות מיר ברענגען פאַרגעסענע טעג.
כ'געדענק ווי איצט, ווי יונגאַטשעס מיר פלעגן —
מיט יינגלעך פון מיל־גאַס פאַרפירן געשלעג.

כ'געדענק ווי איצט די „קאַווקאַזער" די יאַטן:
געוואַגטע און קאָכיקע, געגליט מיט הייס בלוט,
פאַרויס פלעגט אונדז פירן, מושטירט ווי סאָלדאַטן,
דער העלד פון מיין קינדהייט — יאַנקל קאַטיוט.

מיט זיינעם פון זון דורך פאַרברענטענעם פּנים,
מיט באָרוועסע פיס, שוין אָן א קאָליר,
פלעגט ער אונדז האַלטן אין איין נאָר דערמאָנען:
צו „קאַווקאַזער" דער העלדישקייט נישטאָ איז קיין שיעור.

ביי טאָג פלעגט ער פירן אונדז חברה אין שלאַכטן
קעגן יינגלעך פון מיל־גאָס מיט פּייוועלע שנאַנץ;
אין אָוונט אונדז פאַרשטעלן, ווי אזוי אין ביינאַכטן
שדים־רוחות אין שול זיך צעלאָזן אין טאַנץ.

זעען מיר מתים, זיי לערנען דאָרט תורה —
גליווערט אונדז ס'בלוט מיטן שאַרך פון א בלאַט;
לאַכט יאַנקל קאַטיוט און פאַרטרייבט אונדזער מורא:
ר'איז געוואַגט ווי ס'פּאַסט פאַר „קאַווקאַזער" א יאַט.

**ב.**

קריניק — א שווערער, מ'כאַפּט נישט ס'נאָמען,
פאַר מיר אבער אייגן, היימיש און נאָנט:
אָט איז דער מאַרק, די שורה פון קראָמען,
אָט טראָגן יידן שבת דעם טשאָלנט.

פון ווייטנע ווייטנס זע איך די בילדער,
מיין אייגן לעבן געפּאַסט איז אין זיי,
כ׳פיל דעם גערוך פון לאַפּקע־דובקעס און שילדער, *
ווי דעם דופטיקן ריח פון טויפרישן היי.

אַט איז מיין זיידע ר׳ יאַנקל־בונים,
ר׳דרייט זיך שווערטמדיק איבער גאַסן און שטעטל;
אין פּנקס פאַרשריבן, ווער און ווער ס׳האט גענומען
פאַרן גרויסן געווינס ביי אים ערשט א צעטל.

ס׳קוקן אויף מיר זיינע קלוג־בלויע אויגן,
ס׳הערט זיך ווידער זיין ברוסטיקער קול:
נישט אמת איז, אז אלץ איז פאַרפלויגן,
כ׳זע פריש פון דאס ניי וואס געווען איז אַמאָל.

ג.

עס שטייען פאַר מיר קרינקער גאַרבאַרעס,
פון רעוואָלוציעס געחלומט, פון ארבעטערס מאַכט
שבת געשפּילט אין פּאַנטן און קאַרעס,
יאַדרעס געקנאַקט פרייטיק צו נאַכט.

ווידער זע איך די קעמפער די יאַטן,
איבעראַנדערשן געוואָלט ס׳גאַנצענע וועלט,
קריניק פאַרפלייצן מחנ ת סאָלדאַטן,
מיין מאמע ג׳באַלקאַן פאַרבאַהאַלט זי ס׳געלט.

פון קלויסטערס די גלעקער ווערן צעקלונגען,
אין האַסט לויפן מיידלעך מיט שטיינער אין שירצן;
ווערן די יאַטן מיט פייער צעזונגען:
„קומט, ׳שוועסטער ג׳ברידער׳, נ׳קאַלאַיס יאַרן פאַרקריצן!״

כ׳זע זיי צוזאמען, כ׳זע איטלעכס געשטאַלט:
שלמהקע דובראַוווער, עזריאל דער פלאַטקע,
זיי שושקען זיך, הער איך: „אין וויריאַנס וואַלד —
ברידער און שוועסטער איצט האַלטן א סכאַדקע״.

כ׳געדענק אפילו איטלעכנס פּנים,
דער לויף, פון די יאָרן ס׳ניט געקאַנט פאַרבליאַקירן,
נעכטנס זיי קומען מיר שטענדיק צו חלום,
זכרונות ווי פייערלעך פון ד׳רוויט שימערירן.

* פערדנפעל־חלקים.

---

**א. מ. וויינבערג (משהל פינקעס)**

## מיין ערשטער מייסטער

איך געדענק עס, ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטען פּאַסירט: דעם מאָמענט, וואס פאַר מיר איז ער געווען דער גליק־לעכסטער, און צו גלייך — דער טרויעריקסטער פאַר מיין ליבער מאַמען. איך בין געקומען אַהיים פון דער וואָלקאַ־וויסקער ישיבה מיטן געדאַנק אויפצהערן לערנען און זיך נעמען צו א מלאכה.

הערנדיק מיין באשלוס, זענען דער מאַמעס ליבע אויגן פאַרלאָפן מיט טרערערן, און זי האט נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט, נאר זיך אַפּגערוקט אין א ווינקעל און זיך גוט אויסגעוויינט. פאַר איר האט עס געהייסן אַז אירע האָפענונגען ווערען צערונען. דריי זין האט זי געהאט און אויף אַלע האט זי געלייגט גרויסע אויסקוקן, אז זיי וועלן זיין גרויסע לייט. זי האט געגלייבט, אז זי וועט נאך דערלעבען צו זען כאָטש איינעם פון זיי מיט א שטריימעל אויפן קאָפּ און פארנעמען א כיסא־רבנות אויב ניט אין א כרך־שטאָט, איז כאָטש אין א קליין שטעטעל אין אונדזער געגנט. נאר אויס־געלאָזט האט זיך גאָנץ אַנדערש: איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי אַוועק אויף געפערלעכע וועגן — אויף וועגען, וואס פירן לויט איר שכל, אין שאול תחתיה.

איצט האַלט זי שוין ביים לעצטן זון, ביים מוזשיניקל, און ווידער די זעלבע צרה: דער שטן האט זיך ווידער אריינגעמישט און אַוועקגעריסן איר לעצט קינד פון גלייכן וועג.

פאר מיר ווידער איז דאס, ווי געזאָגט, געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט אין מיין לעבן: נישט מער קיין ליידיקגייער, קיין „דאַרמאַיעדניק״, און אויך נישט קיין צבועיאַק, ווייל מיין חשק צום לערנען און אויך א היפשן טייל פון מיין גלויבן, האב איך שוין געהאט פאַרלאָרן נאך מיט א צייט פריער. פאר מיר האט עס ערשט געהייסן, אז איך גיי איצט ווערן א מיטגליד אין דער גרויסער ארבעטער־משפחה, און במילא אויך אַן אַרויסהעלפער אין איבערקערן די איצטיקע שלעכטע אָרדענונג, ווייל איך בין שוין דאַן געווען, ווי מען זאָגט, אביסל געכאַפּט אין דער מעשה.

ערשט איז מיר בלויז געבליבן צו קריגן עפּעס א לייטישן אָרט ווו אָנצוהויבן זיך לערנען א פאַך. געוויינטלעך, האָב איך פון קיין אַנדער אַרבעט ווי גאַרבערײַ נישט געקלערט, ווייל דאס איז דאָך בעצם געווען די עיקר מלאכה אין אונדזער שטעטל. איז אויב אזוי — האט זיך מיר זייער געוואָלט באַקומען א שטעלע ווו דער מייסטער זאל זיין, ווי מען זאגט עס, פון „אונדזערע", נישט קיין צוריקגעשטאַנענער, און וואס זאל מיך אַ ביסל מקרב זיין, אי̇ן אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג צו דערגיין די סודות פון פאַך.

דאַרף זיך גראַד מאכן, צו מיין גליק, דאס ביי אונדז אין הויז איז געווען אריינגייער א בחור א מייסטער און דערצו נאָך אן „אונדזעריקער", ווי מיר האט זיך געוואָלט. ער פלעגט אריינקומען, דאַכט זיך, צו מיינע שוועסטערס. נו, האבן מיר איבערגערעדט מיט אים וועגן לערנען מיך פאר א בלעטל־מאַכער, דאס הייסט, עס רעדט זיך נאר אזוי „מיר": גערעדט האבן מיינע שוועסטערס, און איך האב זיך נאר צוגעהערט. ער האט מיך באטראכט מיט א פריינדלעכן בליק, און מודיע געווען, אז ער נעמט מיך צו פאר א לערניונג אוןָ וועט מיר צאָלן, דאכט זיך, צוויי רובל א וואָך.

צו מיין דעמאָלטיקן גליק איז גאר קיין גלייכס נישט געווען. איך האב מיך געפילט ווי אויפן זיבעטן הימל: איך ווער א בלעטל־מאַכער, אונטער א מייסטער אן אייגענעם מענטשן און דערצו נאך א שטארק פּראָגרעסיוון, א מיטגליד פון דער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי, און וואָס וועט מיך קענען פארשטיין, דעם געוועזענעם ישיבה־בחור.

ווען איך בין אין דער פרי געקומען אין דער פאַבריק, זענען די ערשטע בליקן, וואס מיין מייסטער האט אויף מיר געווארפן, שוין געווען גאָר נישט אזוינע פריינדלעכע, ווי ביי אונדז אין הויז. זיי זענען געווען עפּעס שטעכעדיקער, און ס'איז מיר געווארן קאָלט און וואַרעם. און דאן — זיין ערשטע באגריסונג, אויפן קול: „גוט מאָרגן, רב זלמן סענדער!" (דער דעמאלטיקער קרינקער רב האט געהייסן זלמן סענדער). מיין גמרא־קאָפּ האט גלייך באַגריפן, אז איך וועל שוין דאָ קיין האָניק נישט לעקן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האב איך ערשט אָנגעהויבן באגרייפן, אז די שלעכטטע באציונגען צווישן מיר און מיין מייסטער זענען געווען א רעזולטאט פון אן אומפארשטענדעניש. איז ער דאך דאָן געווען א רעוואָלוציאָנער און פריידענקער און א פאַרביסענער קעגנער פון אלץ וואס האט געהאט צו טאָן מיט רעליגיע און באזונדערס מיט אירע סימבאָלן. און אין מיר האט ער דערזען א שטיקל עקספּאָנענט פון רעליגיע, ווייל אויף מיר איז דאך דאן געווען אויסגעלייגט דער ישיבה־בחור. נו, קענט איר שוין פארשטיין, אז ער האט געהאַלטן כמעט פאר א מיצווה זיך א ביסל צו איזדיעקעווען איבער מיר. איך, ווידער, האב אָנגעהויבן זען אין מיין מייסטער די פארקערפּערונג פון דער בייזער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און האב געהאַלטן פאר מיין הייליקן חוב, צו זיין אים דערווידער אין אלע זיינע אָנווייזונגען.

נאכן ערשטן ברוך־הבא, האט ער מיר געהייסן א ביסל אויפראמען און אויסקערן די פאַבריק. האב איך זיך גענומען צו דעם מיט א קנאַפּן חשק און געוויינטלעך האט דאס ביי מיר שוין במילא געדויערט א סך לענגער ווי עס האט געדארפט דויערן. האט ער מיך טאַקע דערפאַר באַלד מכבד געווען מיט א „רב זלמן סענדער, ריר זיך א ביסל שנעלער!"

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן אויסקערן — הייסט מיר מיין מייסטער גיין מישן דעם רוטשער. דאס האט געמיינט — נעמען מישן דאס זינט לאַנג שטייענדיקע וואַסער, וואס ארום שאַרפשטיין, מיט וועלכן מען פלעגט שאַרפן די פאַלצן. ס'איז געווען גענוג דאס בלויז א מיש טאָן, כדי ס'זאָל זיך צעטראגן א ריח ניחוח וואס איז נישט אויסצוהאלטן. תחילת האב איך זיך נישט געכאפּט, אז ער מיינט נאר זיך א ביסל איזדיעקעווען איבער מיר; אָבער ווי נאר כ'האב מיך אָנגעשטויסן אויף זיין „המ־צאה", האב איך זיך א נעם געטאָן צו מישן אזוי ווי ס'באדארף צו זיין, מעשה „תמות נפשי עם פלשתים". איז זיך באלד צעגאָנגען אזא עיפּוש איבערן גאנצן פאַבריק, אז די פריערדיקע שמייכלען אויף די ליפּן פון מיין מייסטער און פון די איבעריקע אַרבעטער האבן זיך פארוואנדלט אין זויערע גרימאַסן און זיי האבן זיך אַלע געכאַפּט פאר די נעזער. איך אבער האב מיך געמיטלעך געפּאָרעט און געמישט ווי נישט מיר גייט עס אָנעט, ביז מיין מייסטער איז צו מיר צוגעלאָפן און געהייסן אויפהערן. האב איך מיך געמאַכט נאַיוו, און באמערקט, אז איך האב נאך נישט אין גאַנצן פאַרענדיקט דאס אויסמישן. דאס איז געווען מיין ערשטער שטילער צוזאַמענשטויס מיט מיין מייסטער.

עטלעכע טעג שפעטער, האב איך געהאַנגען די „בלעטער" צום טריקענען. דער שטריק איז געווען פאַר־צויגן גאַנץ הויך, און איך בין דאָך פון די גרויסע ריזן. איז מיר טאַקע געווען גאַנץ שווער צו דערגרייכן די שטריק. בין איך געווען געצוווּנגען צו קריכן אויף קעסטלעך און קערבלעך, כדי צו קענען הענגען די בלע־טער. דאַרף גראָד מיין מייסטער באַמערקן ווי א בלאַט איז אַראָפּגעפאַלן. „נו, שרייט ער אויס צו מיר — וואס שטייסטו? — טרעט ארויף אויפן בלאַט!" האב איך מיך טאַקע אַראָפּגעכאַפּט פון קעסטל און גאַנץ פיין ארויפ־געטראָטן אויפן בלאַט, און מיין מייסטער האט זיך אָפּ־געקערט מיט ציין־קריצעניש.

נאך אַ מאָל דערמאָנט זיך מיר, ווען איך האב גע־טראָגן אין אַ ראַשקע א ביסל דעגרע פון איין טאָפּל צום אַנדערן. מחמת עס איז געווען בלויז א קליין ביסל אויפן דעק, האב איך נישט געלייגט קיין אַכט אויף צו טראָגן עס דווקא גלייך און מיט ביידע הענט, און האב עס געטראָגן מיט איין האַנט און א ביסל אויסגעבויגן. דאַרף דאס גראָד באמערקן מיין מייסטער. שרייט ער אויס צו מיר: „זלמן סענדער, גיס אויס!" נו, וואס מיינט איר, האב איך געטאָן? —גענומען און אויסגעגאָסן גאַנץ פיין. ווען ער וואָלט דאָן געהאט פלאָמבעס אין די ציינער, וואלטן זיי זיכער אַרויסגעפאַלן פון שטאַרק קריצעניש. כ'בין זיכער, אז בלויז דער געדאַנק, אַז ער וועט זיך א מאָל דאַרפן טרעפן מיט מיינע שוועסטער, האט מיך געראַטעוועט פון א פּאַרפאַר אין באַק אריין, ווייל איך האב עס דאָן באמת כשר פארדינט.

ווער ווייס, ווי לאַנג מיר וואָלט נאך אויסגעקומען צו האבן דערגאַנגענע יאָרן, ווען עס וואלט זיך נישט געמאכט, דאס יודל וואלקאָוויסקער איז דאן געווען אין קריניק אין אַרגאַניזאַציע־ארבעט פארן „בונד" און מען האט געדאַרפט בייטן זיין שטעלע אויף א פלאַץ אין א קליינער פּאַררוקטער פאַבריק, ווו ער זאל זיך נישט וואַרפן דער פּאָליציי אין די אויגן. איז דער גורל גראָד געפאַלן אויף מיין שטעלע, און מיר האבן זיך געביטן מיט די פלעצער, לויט דער פאַראָרדענונג פונעם „בונד"— דאס ערשטע גוטע שטיקל ארבעט, וואס דער קרינקער „בונד" האט לויט מיין מיינונג אפּגעטאן אומבאַוווּסטזיני־קערהייט.

**סעם לעווין**

## מיינע נסיעות קיין קריניק

**מיין ערשטע רייזע קיין קריניק האב איך געמאכט** אנהייב 90ער יאָרן פון פאַריקן יארהונדערט, נאך זייענדיק א חדר־יינגל אין האָראַדאָק. איך בין דאן געשיקט געוואָרן קיין קריניק ווי א פארטרעטער פון מיינע יינגערע שוועס־טערלעך און ברידערלעך, צו קריגן ניסלעך אויף צו שפּילן די צווייטע טעג פסח.

אנגעהויבן די רייזע האב איך דעם ערשטן טאג חול־המועד מיטן קרינקער בעל־עגלה, חיים פעסל, וואס פלעגט פירן פּאַסאַזשירן פון האָראַדאָק נאָך קריניק. חיים איז געווען א נידעריק מענטשעלע מיט א גראָב בייכל, וואס פלעגט שטענדיק זיין ארומגעבונדן מיט א רעגנבויגן־קאָלירטן ברייטן גאַרטל, וואס האט זייער שיין געפאסט צו זיין בייכל.

נאך דעם ווי ער האט אויסגעזעצט זיינע פּאַסאַזשירן יעדן לויט זיין ראַנג און ייחוס, עטלעכע אין דער פולקאַשקע, אנדערע אויפן זעקל האָבער געמישט מיט סעטשקע, וואס איז געלעגן אינעם פאָדערשטן טייל פון וואָגן — האט ער זיך אליין אויך אריינגעקייקלט אין וואָגן דורך ארויפשטעלן איין פוס אויפן שפּיץ אַקס, און די צווייטע אויף דער האָלאָבליע, און די רייזע האט זיך אָנגעהויבן.

מען האט באַלד געקאָנט באמערקן חיימס אומצו־פרידענעם קוק אויף זיינע פּאַרשוינען. זענען דאך צו פיל ווייבער און קינדער געווען צווישן זיי — ווער־זשע וועט אים העלפן אונטערצושטופּן דעם וואָגן באַרג־ארויף אדער אין די גרויסע בלאָטעס אויף יענע וועגן?

די רייזע, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן איינער אליין אויף אזא ווייטן מהלך, האב איך דורכגעמאַכט זיצנדיק פארטיפט די גאַנצע צייט אין מיינע קינדערשע פאַנטאַזיעס וועגן די ניסלעך וואס די מומע וועט מיר געבן, און ווי אזוי איך וועל זיי אַראָפּברענגען צו מיינע שוועסטערלעך און ברידערלעך אַהיים.

אָנקומענדיק צו דער מומען, האט זי מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן וועגן יעדן איינעם פון דער גאַנצער פאַמיליע — און איך האַלט אַלץ די האַנט אין קעשענע און מעסט זי אויס, וויפל ניס קאָן דאָרט אריין.

אזוי איז אַוועק א שעה נאך א שעה און איך בין

אַלץ געבליבן ביים וואַרטן און מעסטן די קעשענע... איך האָב מיך געשעמט צו בעטן, און זי האָט נישט גענותנט. און מיר געגעבן נאָר א שטיקל מצה באַשמירט מיט הינערשע שמאַלץ, פאַר מיר בלויז אויף איין צאָן, ווייל איך בין געווען טאַקע היפּש הונגעריק... פון מיינע ניסלעך האָט זיך בכן אויסגעלאָזט א בוידעם.

מיין צווייטע רייזע קיין קרינעק איז שוין געווען פון ביאַליסטאָק, מיט א צען יאָר שפּעטער. איך בין שוין געווען א בחור פון א יאָר צוואַנציק, און אַוועק ווייט פון מיין מומע דבורהס ניסלעך. איך האָב מיך שוין געהאַט אַרומגעטראָגן מיט פרייהייט־אידעען, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געווען טעטיק אין „בונד".

נאָך א געהיימער זיצונג, וואָס קרינקער יאַטן אין ביאַליסטאָק האָבן דאָן אָפּגעהאַלטן און צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען יאַנקל קאַטשקע, שמואלקע רובינשטיין, הערשל פּינקעס, שמואלקע טערקל און אַנדערע — איז באַשלאָסן געוואָרן מיך צו שיקן קיין קרינִיק אין א געוויסן צוועק.

אָנגעהויבן האָב איך די רייזע פון א שענקל, וווּ די קרינקער פורמאַנעס פלעגן האָבן שטענדיק זייער מקום־מנוחה און דאָרט צוזאַמענקלייבן זייערע פּאַסאַזשירן.

די יאַזדע האָט געדויערט א גאַנצע נאַכט, און ערשט אין דער פרי זענען מיר לסוף אָנגעקומען קיין קרינִיק. איך בין פאַרפאָרן צו מיין מומע העניע אויף „קאַווקאַז", און זי האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדלעך, ווי איר שטייגער.

זי האָט מיר קיין שום פראַגן נישט געשטעלט, וואָס, ווער, ווען — נאָר באַלד צוגעגרייט עסן און טרינקען מכל טוב. און ערשט שפּעטער האָט זי אַזוי פאַרביי־גייענדיק א פרעג געטאָן, וואָס האָט מיך געבראַכט קיין קרינִיק אין א פראָסט מיטן מיטוואָך.

אויסהערנדיק פון מיר וועגן מיין געהיימער מיסיע, האָט זי בלויז מיט א זיפץ געענטפערט: — יע, קינדערלעך, איך בין שוין געוווינט דערצו, מיינע האָבן מיך אויסגע־לערנט די „תורה": נו, זאָל אייך גאָט העלפן, איר זאָלט נישט אריינפאַלן צוליב אייערע נאַרישקייטן.

די קרינקער יאַטן האָבן מיך אויפגענומען אויף א העכסט האַרציקן ברידערלעכן שטייגער, און פאַר מיין צוריקפאָרן קיין ביאַליסטאָק האָבן זיי פאַר מיר געמאַכט א זייִער־געזונט־געזעגענונג ביי שאַשקע זלמן דעם קאַט־ליערס אין הויז. די גאַנצע קרינקער שוועסטער־און־ברידער־יוגנט זענען געווען פאַרטראָטן, פלאַם־פייערדיקע רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן, און אַלע אין כאָר האָבן געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. ס'האָט אויסגעזען אַז די ממשלה איבער גאַנץ רוסלאַנד ליגט שוין אין די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט. פון קייסער האָט מען חוזק געמאַכט, ווי פורים פון המנען.

ווען איך האָב זיי א פרעג געטאָן, צי זיי שטעלן זיך נישט אויס אין געפאַר — האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז ווי לאַנג אברהמל פּאַרצע שטייט אין דרויסן אויף דער וואַך, האָבן זיי פאַר קיינעם נישט קיין מורא. ער האָט — האָבן זיי געזאָגט — א פּאָר געזונטע אייזערנע פּלייצעס מיט שטאָלענע קולאַקעס, וואָס סטייען אויף צו פּאַרטיידיקן אונדזערע יאַטן, ווען עס זאָל האַלטן שמאָל. דער אָוונט איז באמת אריבער אָן שטערונגען.

**בצלאל (אַלטער) פּאַטשעבוצקי / נחום אנשל קנישינסקי**

### דער אטענטאַט אויפן פאַבריקאַנט

באַוווּרקט פון דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן די ארבעט־געבער, אַז זיי זענען דער הויפּט־פאַקטאָר פון דער עקסיסטירנדיקער פאַרשקלאַפונג פון פאָלק און ארבעט־מענטש — האָבן טעלעכע קרינקער „יאַטן" (רעוואָלו־ציאָנער געשטימטע יוגנטלעכע) אָרגאַניזירט אן אַטענטאַט אויף נחום אַנשל קנישינסקין, דאָן דער גרעסטער גביר אין שטעטל.

נחום אַנשל האָט געשטאַמט פון קאַברין, פלעגט האַנדלען מיט קרינקי, צופירנדיק פּורן מעל אין די בעקע־רייען. שפּעטער איז ער געווען בוכהאַלטער ביים קרינקער דויד מאַריינע. אין א צייט ארום האָט ער געעפנט א גאַרבעריי אין שטעטל און זיך ארויפגעאַרבעט, ביז ער איז געווען דער רייכסטער אין קרינקי. אין זיין פאַבריק האָבן זיך קאָנצענטרירט די גרעסטע צאָל ארבעטער, און אין אים האָבן זיי געזען די אָנטפּלעקונג פון דער אַליין־הערשונג. די איניציאַטאָרן פונעם אַטענטאַט זענען געווען לייבקע נאַסקעס און דויד יאַנקל דעם געלנס.

אין א ווינטערדיקן שבת צו נאַכט, ווען אַלץ איז

געווען באַדעקט מיט שניי און דער הימל אויסגעשטערנט, איז זיך נחום אַנשל געגאַנגען פון בית־מדרש אַהיים מיט נאָך עטלעכע אַנזעעוודיקע בעלי־בתים פון שטעטל. דאָ האָט זיך פון יאַנקל דעם געלנס דרוק אויפן צינגל פון זיין רעוואָלווער, געלאָזט הערן א שאָס, און גלייך נאָך דעם איז נחום אַנשל פאַרווונדעט געוואָרן פון מעסער־שטאָכן דורך איינעם פון די צוויי אַטענטאַטלערס.

לייבקע נאָסקעס איז אַרעסטירט געוואָרן, מען האָט אים אָבער אין א קורצער צייט ארום באַפרייט, א דאַנק דער אינטערווענץ און די באַמיונגען פון נחום אַנשלען גופא. ווי א צווייטער פאַרדעכטיקטער אין אַטענטאַט, איז אַרעסטירט געוואָרן א קריסט, און אויך אים האָט מען א דאַנק נחום אַנשלען פרייגעלאָזן.

אַן אַנדער צופאַל האָט פאַסירט נחום אַנשלען קורץ נאָך דעם אַטענטאַט. דריי קרינקער בחורים — הערשל דער קרעציקער, חייקל מוץ און מאיר יאַנקל בונימס — האָבן אָפּגעהאַלטן נחום אַנשלען אין גאַס און געבעטן ביי אים געלט. האָט ער זיך מיט זיי דורכגעשמועסט און דערוויל זיך דערנענטערט צו זיין פאַבריק. דאָרט האָט ער זיי געפרעגט, צו וואָס דאַרפן זיי דאָס געלט, האָבן זיי אים דערויף געענטפערט, און ער האָט זיי צוגעזאָגט דאָס געלט ארויסטראָגן. דערוויל איז ער אריין אין א צימער און פון דאָרט ארויסגערופן אַרבעטער צו הילף. יענע האָבן געכאַפּט די דריי חברה־לייט, זיי גוט אָנגעבייקערט די ביינער און זיי ארויסגעוואָרפן.

**ליפא פרידמאַן**

## „נ י אַ מ ק ע  אַ נ אַ ר כ י ס ט"

(דערציילט פון זיין עלטערן ברודער)

ווען מיין ברודער ניאַמקע האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די קרייזן פון דער אַנאַרכיסטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז ער אַלט געווען סך־הכל א יאָר 15. איין מאָל האָבן אים זיינע ביאַליסטאָקער באַוועגונגס־חברים באַאויפטראָגט צו וואַרפן אין קרינעק אַן אָפּשרעק־באָמבע. האָט ער זי א וואָרף געטאָן פון באַלקאָן פון דער ווייבער־שער שול. זי האָט אויפגעריסן מיט א גרויסן קראַך, אָבער קיינעם נישט געשאָדט. אַנטלויפנדיק, האָט אים געכאַפּט דער „אוראַדניק" (אַ פּאָליציסט), אים אַרעסטירט און אים אָפּגעשיקט אין גראָדנע אין תפיסה. דאָרטן האָט מען אים איבערגעגעבן צום קרייזגעריכט.

די מענטשן, אויף וועלכע ניאַמקע האָט געוואָרפן די באָמבע, האָבן געדונגען איינעם פון די בעסטע אַדוואָקאַטן אים צו פאַרטיידיקן, און זענען געקומען עדות צו זאָגן אין געריכט, אז נישט ניאַמקע האָט געוואָרפן די באָמבע. נאָך מער: דער אַדוואָקאַט האָט איינגעשטודירט מיט מיין פאָטער, וואָס ער זאָל טענהן און האָט אים געמוטיקט, זיך נישט צו שרעקן פארן פּראָקוראָר, אפילו אויב יענער וועט שרייען אויף אים. די עדות האָבן געשוואָרן אין געריכט, אז ניאַמקע איז פרום און גייט איטלעכן טאָג דאַוונען אין שול. די געשוואָרענע ריכטער וואָלטן אים טאַקע באַפרייט. אָבער דאָ האָט אים דער פאָרזיצער גע־פרעגט, וואָס האָט ער צו זאָגן פאַר זיין פאַרטיידיקונג.

אויף דעם האָט ניאַמקע געענטפערט, אז ע ר האָט עס געוואָרפן די באָמבע און אז די עדות פאַרטיידיקן אים נאָר, מחמת זיי ציטערן פאַר נקמה מצד זיינע ברידער. און דאָ האָט ער ארויסגעשריען: „לעבן זאָל די סאָציאַלע רעוואָלוציע!" ווען נישט זיין יונגער עלטער, האָט אים געדראָט טויטשטראָף, אָבער מחמת ער איז אַלט געווען דאַן 16 יאָר אין גאַנצן — האָט מען אים אָפּגעפּסקנט צו פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע קיין סיביר.

געפירט האָט מען אים מיטן עטאַפּ צופוסן מיט א קאָמפּאַניע פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס זענען פון פריער באַזאָרגט געוואָרן, אין געהיים, דורך זייערע חברים, מיט רעוואָלווערן פארשטעקטע אין זייערע פּעקלעך. בעת אַן אָפּרו־סטאַנציע צו אַוונטברויט־עסן, האָבן זיך די פּאָלי־טישע צעבונטעוועט און דערשאָסן דעם קאָנוואָי־קאַפּיטאַן און צוויי זעלנער, און געצווונגען אַנדערע קאָנוואָי־זעלנער אָפּצושליסן זיי זייערע קייטן; ערשט זענען זיי זיך צעלאָפן און באַהאַלטן. חברים האָבן זיי באַזאָרגט מיט געלט, זיי זאָלן קאָנען זיך אָפּטראָגן קיין אויסלאַנד.

ניאַמקע האָט אָבער נישט געוואָלט נעמען קיין געלט און נישט מסכים געווען צו פאָרן קיין אויסלאַנד: ער האָט נאָך עפּעס אויפצוטאָן, האָט ער געטענהט. איז ער אַוועקגעפאָרן קיין גראָדנע און זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט לעבן טויער פון טורמע אָפּצוּוואַרטן איר „נאַטשאַלניק", אין אים נקמה צו נעמען. בעת ניאַמקע איז געהאַט פריער געזעסן אין תפיסה, האָט מען איין מאָל געבראַכט אַהין צו א גרופּע מיידלעך, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן פאַר

שטרייקן אין דער גראַדנער טאַבאַק־פאַבריק, צווישן זיי איינע, וואס ניאַמקע פלעגט מיט איר אַרומגיין. דער דער־מאַנטער „נאַטשאַלניק״, האט דאן פאַראַרדנט אַפּצושמייסן די מיידלעך און בעת דער עקזעקוציע איז זייער געווין זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער טורמע. ניאַמקע האט באשלאָסן צו נעמען נקמה אין דעם אכזר ביי דער ערש־טער געלעגנהייט. ער האט עס טאַקע דורכגעפירט, און ווי נאר דער נאַטשאַלניק איז ארויס פון דער קאַנצעלאַריע, האט אים ניאַמקע דערשאָסן. ער האט געפרווּוט נעלם צו ווערן, אבער פאַליציי איז אים נאָכגעלאָפן. איז ער אריין אין א הויז און פון דארטן נאך באַוויזן צו דערשיסן א פּאַליציאַנט, אבער דא האט פאַליציי אַלאַרמירט די פייער־לעשער, כדי צו פאַרנעמען אים א לעבעדיקן; ער האט ווייטער זיך געווערט או געשאָסן, ביז ער איז געבליבן ביים לעצטן קויל, און דאַן האט ער זיך אליין דערשאָסן, איבערלאָזנדיק אן אויפשריפט: „איך האב געקעמפט פאר פרייהייט!״

**בצלאל (אלטער) פּאַטשעבוצקי**

### קרינקער „יאַטן״, וואס זענען „אוועק״ קיין אויסלאַנד

מנחם מאַטל איז געווען באַקאַנט ווי איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון די „שבועות״ אויף א ספר און טלית און תפילין אויף דער פאַרזאַמלונג אין וואַלד ערב דעם ערשטן גאַרבער־שטרייק אין קרינקי אין יאר 1897. בעתן שטרייק גופא איז ער אַנטלאָפן פון שטעטל, שפּעטער זיך געשטעלט צום „פּריזיוו״ (מיליטער־דינסט) און פון דאָרטן באַלד אַנטלאָפן צוריק אַהיים, צום צווייטן שטרייק.

דאָ האט ער איין טאָג געזען, ווי א „גאַראַדאַוואָי״ (א פּאָליציסט) שלאָגט א שטרייקער, האט ער דעם שלעגער אויפן אָרט געשפּאָלטן די קאָפּ. האט מען אים געזוכט אַרומזוכן — האט ער זיך אַפּגעטראָגן קיין אויסלאַנד און זיך באַזעצט אין טשיקאַגאָ. דאָ האט ער זיך, ווייזט אויס, אַרומגעזען, אין דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, ווי ווייט זי איז פון זיינע אידעאַלן און זייער פאַרווירקלעכונג, און ער האט זיך גענומען דאס לעבן.

משה בערל, פון די הויפּט־אַנפירערס פונעם ערשטן שטרייק, איז אַרעסטירט געוואָרן בעת דעם צווייטער סטאַטשקע. פינף טאָג האט מען אים געשלאָגן און געפּייניקט, איז ער ארויס פון תפיסה מיט אָפּגעשלאָגענע לונגען. דאַן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן און דאָרט ממשיך געווען זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין די רייען פון פעטער קראָפּאָטקינס אַנהענגערס.

**שרה פעל־יעלין**

### סאָציאַליסטישע אַקטיוויטעט פון א פּראָלעטאַרישער גימנאַזיסטין

מיין טאַטע־מאַמע זענען געווען פון די אויפגעקלערטע אין קרינקי, פלעג איך טאַקע הערן אין דער היים דיס־קוסיעס וועגן עקספּלואַטאַציע, וועגן דעם אומיושר פון גבירים. מיין טאַטע איז געווען א בלעכער, און אומדי־רעקט האט ער געהאט צו טאָן מיט די פאַבריקן — ער פלעגט מאכן פאר זיי בלעכענע רערן, לאָמפּן און לאָמ־טערנעס.

איך געדענק ווי איצט דעם רעוואָלט־טאָג פון יאַנואַר 1905. איך בין סך־הכל געווען געצויגע צען יאָר אלט, א בת־יחידה, און דאָך האבן מיך טאַטע־מאַמע גענומען ביי דער האַנט און מיר זענען אלע געגאַנגען אין דער דעמאָנסטראַציע אויף שישלעוויצער גאַס, צוזאַמען מיט דער אויפגעברויזטער באפעלקערונג. בחורים האבן קאָנפיסקירט געווער ביי די פּאָליציאַנטן, זיך פאַרפּוצט מיט „שאַשקעס״ (שווערדן) איבער די ציווילע קליידער, און צוזאַמען מיט עטלעכע מיידלעך רעוואָלוציאָנערקעס, געפירט דעם מאַרש. עס זענען אויך געטראָגן געוואָרן פאָנען מיט אויפשריפטן. מען האט פאַרכאַפּט דעם מאַנאַפּאָל, צעשליידערט די פלעשער מיט בראָנפן און זיך געלאָזט צו יענטעס הויף.

דאס איז געווען א פּרעכטיקער מאַיאָנטעק, אַרומ־געריגגלט מיט א גרויסן פּאַרק, א ביסל ווייטער איז געווען דער גן־עדן פון דער אָרעמקייט — יענטעס וואַלד, אַהין פלעגט זיך יעדן שבת ציען א קאַלירטע סטענגע פון דער שטעטלעכער באַפעלקערונג — עלטערן מיט קינדער, מיט פעקלעך עסן פארן טאָג. ביי די קרעניצעס פלעגט מען זיך אָפּשטעלן זיך קוויקן מיט א קאַלטן טרונק און אָנפילן די פלעשער. ווער ס'האט כוח געהאט, פלעגט גיין אזוי ווייט ווי די מיל. אין וואַלד פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען — מאַיאָווקעס מיט רעדנער, וועלכע פלעגן

צוזאמען מיט די נייס פון די גרויסע שטעט, מיטברענגען אויך מוט און באגייסטערונג פאר די אויסגעהאָרעוועטע פון די פאבריקן, פאר די קליינע בעלי־מלאכות.

### די גרויסע שריפה

די גרויסע שריפה שטייט מיר פאר די אויגן. א האלב שטעטל — די אָרעמע טייל — איז דאַן אוועק מיטן רויך: פון פּאַטשטאָווע גאס, פלאַנטאַנסקע (מיין גאס) ביז ארויף אויף „קאַווקאַז". די הייזער זענען געווען הילצערנע, צעטריקענטע. דער ווינט האט דעם פלאַקער געטראָגן פון גאס צו גאס. די פרייוויליקע פייערלעשער האבן גאר ניט געקאָנט טאָן. מיין טאטע איז גראַד געווען עפּעס א קאַפּיטאַן מיט שליפעס און מעשענע קנעפּ — געוויינטלעך איז ער געווען מיין גרויסער ייחוס, ווען ער פלעגט מ.שטירן די קאָמאַנדע אויפן מאַרק־צירקל לעבן דעם פייערלעשערס שייער. אבער דאס מאל האט ער מיך און מיין מאַמען פארלאָזן און אוועק מיט דער קאָמאַנדע לעשן דאס פייער. מיין מאַמע האט געוויינט... זיך געבעטן, אבער ער איז אוועק טאָן זיין פליכט...

נאך דער שריפה האט מען געליטענע באזעצט ביי די גבירים אין דער גאַרבאַרסקער און דער שול־גאס און אין דער צערקאָוונער. דארטן טאקע אין דעם הויז פון גראַד א גוטן גביר, האב איך ערשט אָנגעהויבן צו פארשטיין דעם אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך.

יארן שפעטער פלעג איך אָפט, שוין ווי א גלייכע, אריינקומען אין די גבירישע הייזער צו מיינע חברטעס די גימנאַזיסטקעס. איך בין געווען דאס איינציקע ארבעטער קינד צו גיין אין גימנאזיע אין גראָדנע (צו מיין גליק בין איך געווען א בת־יחידה און מיין מאמע האט ליב געהאט בילדונג און קולטור). ביי גראָסמאַנס, בואקס און נחום אנשלס קינדער פלעג איך זיין אן ארייניגייערין פשוט דערפאר, ווייל איך בין געווען א זייער פעיקע, באקומען די בעסטע צייכנס און אָפט זיי ארויסגעהאָלפן. די הייזער זייערע — פרעכטיק מעבלירט, מיט ביימער און בלומען ארום — זענען געווען ארומגערינגלט מיט לעדער־שאַפעס, מיט דעם אומדערטרעגלעכן גערוך פון צעווייקטע פעלן, און מיין אָרעמער נאָז האט עס בשום אופן ניט געקאָנט פארנעמען, אבער פאר זיי איז עס געווען פּערפום, צוזאָג, רייכטום!

### אן ארבעטער־לייען־קרייז

1905 האט געלייגט א שטעמפּל אויף אונדזער שטעטל און אויף אלע אירע איינוווינער. דער ארבעטער האט זיך דערפילט שטאָלץ און ווירדיק, כאָטש דער ערשטער פּרווו פון באפרייונג איז דורכגעפאלן און אריינגעבראכט א סך פּעסימיזם. כ'בין דאן געווען א מיידל פון דרייצן־פערצן, אבער שוין געהערט צו אַ סאָציאַליסטישן קרייזל, געקעמפט קעגן „סאַנינשטשינע" (אָפּגעבן זיך מיט סעקסועלע ענינים) צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. זומער־וואַקאַציעס האב איך אויסגענוצט פאר א לייען־קרייז פאר ארבעטער; דער שותפות איז געווען א געלונגענער: איך האב געלייענט (די אנדערע האבן ניט געקאָנט לייענען), די ארבעטער האבן דיסקוטירט דאס געלייענטע, און איך בין געווען מער קלאסן־באַוווסטזיניק און שטאָלץ מיט מיין טאטן דעם בלעכער און מיט מיין מאַמען דער פּאַפּיראָסן־מאַכערקע.

ביי אונדז אין הויז איז שוין געווען א שטיקל ארבעטער־טראַדיציע: א פעטער איז אַנטלאָפן קיין אמע־ריקע פאר אָנפירן א שניידער־שטרייק אין לאָדזש; אין אונדזער האָלץ־שטעלכל איז געווען פארבאהאלטן אן אומלעגאַלע ביבליאָטעק. איך פלעג ווי א הונגעריקע שלינגען די ביכעלעך אין די שווארצע טאָוועלעך, וואס האבן געעפנט פאר מיר נייע האָריזאָנטן.

# שילדערונגען און זכרונות

וואָלף עקשטיין

## מיין „קאַווקאַז"

וויל מען האָבן א באַגריף פון דעם קרינקער „קאַווקאַז", דאַרף מען זיך פאָרשטעלן די ביאַליסטאָקער „כאַנייקעס" אדער די גראָדנער „יורזיקע". אין דער דאַזיקער „יורזיקע" האָב איך טאַקע פאַרבראַכט א יאָר, בעת איך האָב געלערנט אין דער גראָדנער ישיבה. איך האָב זיך אויפגעהאַלטן ביי יורזיקער בעלי־בתים און געגעסן ביי זיי „טעג" און מיך טאַקע געפילט דאָרט ווי ביי זיך אין „קאַווקאַז". אויך דאָס איז געווען א געגנט באַזעצט מיט אָרעמקייט, אין הייזער געבויט אָן א שום אָרדענונג, איין גרויסער פּלאָנטער פון געסלעך, דורכגעמישט מיט א ביסל אונטערוועלטניקעס.

די קרינקער שריפה איז אויסגעבראָכן א פרייטיק אין דער פרי, יאָר 1904, אין א הייסן זומער־טאָג. געברענט האָט יענטעס וואַלד, זענען קליינוואַרג געלאָפן זען די שריפה. ערשט אַרויסגייענדיק הינטערן שטעטל, האָבן מיר באַמערקט, אַז קרינעק גופא ברענט. ביי מיר אין זכרון איז געבליבן איינגעקריצט דאָס בילד, ווי אַזוי אויפן „וויגאַן" איז געלעגן צעלייגט די „קאַווקאַזער" אָרעמקייט, יעדער מיט זיין פעקל, פאַרביי דעם טייכל וואָס פליסט צו אַלטער איאָנס וואַסערמיל, און אַז עס איז געוואָרן פאַר נאַכט צו שבת, האָבן די ווייבער נישט מוותר געווען אויף בענטשן ליכט און האָבן זיי אויסגעשטעלט לענג־אויס דעם טייכל און געוויינט אויפן קול. פון דער שריפה אָן האָבן טאַקע אונדזערע מאַמעס און טאַטעס אנגעהויבן א נייע ציי טרעכענונג און באַצייכנט יעדע געשעעניש לויט אַזוי פיל און אַזוי פיל יאָרן זינט דער גרויסער שריפה.

אין יענע צייטן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אויספּיקן די פאַרשיידענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן שפּעטער געהאַט אַזא געוואַלטיקע השפעה אויף די ברייטע מאַסן. עס פלעגן נאָך דאַן אין די פאַרנאַכטן זיך אויסזעצן די פאַרחלומטע מיידלעך אויף די גאַנעקעס און זינגען זייערע פאָלקס־לידלעך, ווי: „ליב האָסטו מיך ליב, אבער פאַר קיין כלה נעמסטו מיך ניט". די „קאַווקאַזער" יוגנט פלעגט זיך נאָך פאַרנעמען מיט יאָגן טויבן אדער פירן מלחמות איינע מיט די אַנדערע.

ערשט זינט 1905טן יאָר האָט מען שוין מער אַט די דאַזיקע יוגנט נישט געקענט דערקענען. דער זעלבער פעטער מיינער, משהקע שמואל אברהמל דעם מלמדס, וואָס איז געווען דער הויפּט־טויבנטרייבער, פלעגט שוין קומען צו מיין טאַטן, חיים דעם סטאָליער, פירן דיסקוסיעס מכוח אַראָפּוואַרפן דעם קייסער. נאָך דער שריפה האָט „קאַווקאַז" אויפגעלעבט. אונדזער באַרימטע זשאַביע־געסל האָט מען ברייטער געמאַכט און עס האָבן זיך שוין באַוויזן דאָרט געמויערטע הייזער, בעת פריער האָט מען אַזוינס אין יענעם געסל נישט אָנגעזען. און שפּעטער, נאָך א דויער־דיקער קריגעריי צווישן דויד דעם לאַפּיניצער בעקער און חייקל אַליאָן, האָט דויד געוווּנען דעם משפּט און עס איז געעפנט געוואָרן די ברייטע סאָקאָלקער גאַס, וואָס שניידט דורך די זשאַביע. לעצטנס, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער שטאָטראַט אָנגערופן איינע פון די קאַווקאַזער געסלעך אויפן נאָמען פון י"ל פּרץ.

איך קען אויך נישט פאַרגעסן די שטענדיקע מלחמות, וועלכע עס האָבן געפירט די פאַמיליע קאַזאַלטשיק מיט די אחים, א פאַרצווייגטע פאַמיליע קירזשנערס.

און כאָטש „קאַווקאַז" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אָרעמקייט, איז אבער אַז עס פלעגט קומען דער שבת אדער א יום־טוב, האָט מען „קאַווקאַז" נישט געקענט דערקענען. אויסגעצוואָגענע, פּאַרקעמטע, פלעגן די „קאַווקאַזער" זיך אויסזעצן צום טיש גלייך מיט אַלע נגידים. וואָס מען זאָל נישט האָבן געגעסן — אבער שבתדיק און יום־טובדיק איז געווען.

עס דערמאָנט זיך מיר מיין זיידע שמואל אברהמל דער מלמד ז"ל. שטענדיק האָט ער געהאַט געקנעלט מיט א צען־צוועלף קינדער, טאַקע פון „קאַווקאַז". קיין קאָנ־טראַקטן מכוח דעם, ווען מען איז מחויב צו צאָלן שכר־לימוד — פלעגט מען נישט מאַכן. איז דער זיידע געווען געצוווּנגען א ביסל צוהונגערן. אבער דאָס איז אַלץ

געווען זייער ביטער — האָבן מיר דאָך א גרויסן גאָט; געשעט טאַקע א נס. האָט מיין זיידע געהאַט די קאָנצעסיע אויפן שטאָטישן עירוב, און דערפאַר אויך רעכט געהאַט ארומצוגיין פרייטיק איבערן שטאָט אויפ־צומאָנען עירוב־געלט. פלעגט ער טאַקע אריינפאַלן א פאַרמאַטערטער אין שטוב צום סאַמע ליכטבענטשן, אבער נאָך באַווייזן אריינכאַפּן עפּעס אויף שבת, אזוי אז קיין פאַרשטערטער איז ער שוין נישט געווען.

„קאַווקאַז" האָט אויך געהאַט אן אייגענעם בית־מדרש, ווו דער כמעט שטענדיקער גבאי איז געווען ברוך חכם — אליין אן איינוווינער נישט אין „קאַווקאַז". דער שמש פון „קאַווקאַזער" בית־מדרש איז געווען



חיים אשר פריזשאַנסקי,
שמש בית־המדרש
ד„קאַווקאַז"

חיים אשר. אלע האָבן געהאַט פאַר אים דרך־ארץ, ווייל ער איז טאַקע געווען א ייד א למדן. דווקא אין אָט דעם בית־מדרש האָט זיך געפילט א היימישקייט, נישט געווען די אָנגעבלאָזנקייט ווי אין גרויסן בית־מדרש ביי די נגידים.

דאָ אין אָט דער אַטמאָספער, זענען פאַרלאָפן מיינע קינדער־יאָרן, און דאָס האָט אפשר געלייגט א שטעמפּל אויף מיינע אלע ווייטערדיקע טוּונגען.

נאָך דער קרינקער שריפה איז „קאַווקאַז" אויסגע־וואַקסן און גרעסער און שענער געוואָרן. אבער נאָך דער היטלעריסטישער שריפה בלייבט נאָר צו זאָגן: יתגדל ויתקדש — געגרויסט און געהייליקט זאָל זיין דיין נאָמען, אונדזער קרינקי!

**אב(רהם) מילער**

# אונדזער שטעטל אַמאָל

## קרינקער וואַסערן

קרינקי ליגט אין א פּרוכפּערדיקן טאָל, ארומגערינגלט פון קרישטאָל־ריינע קוואַלן, צו וועלכע ס'בויגן זיך אַראָפּ גאַנץ אָפט דורשטיקע פאַרבייגייער צו טרינקען פון זיי פריש, קוויקנדיק וואַסער. קוואַלן הייסן אויף אונדזער לשון קרעניצעס, און פון דעם וואָרט זאָל עס שטאַמען דער נאָמען קרינקי, אזוי ווי ביאַליסטאָק — ווייל איר גרונט איז א ווייסער, אדער האַלינקע — ווייל מאַטעס האַלינקער האָט דאָרט געוווינט...

רונד ארום שטעטל זענען געווען פונאַנדערגעשפּרייט א ריי פּריצישע הויפן. איך קאָן נישט פאַרגעסן וויריאַן דעם גוטבאַזיצערס קרעניצע, וווהין מיר פלעגן גיין זומער, שבת נאָכן טשאָלנט, טרינקען און וואַשן די אויגן און זיך וועטן, ווי לאַנג מען קען האַלטן די הענט אין קאַלטן וואַסער. שעהן לאַנג פלעגן מיר, קינדער, שטיין אַרום דער קרעניצע און באַוווּנדערן ווי זי קאָכט און קאָכט און דאָס וואַסער איז תמיד קאַלט. אַהין צו פלעגן די חסידים גיין יעדן ערב־פּסח נאָך „מים־שלנו", און אויך צוריקוועגס זינגען הלל. אַיאָן און דער יחסן פון שטאָט פלעגן זיך פאַרגינען אפילו צו שיקן דעם משוגענעם מיירים צו דער קרעניצע נאָך וואַסער אויף טיי.

פון דער אויבנדערמאָנטער קרעניצע, און פון נאָך א ריי קוואַלן ארום, שלענגלט זיך דאָס קרישטאָלענע טייכעלע און צעשפּרייט זיך, ווי א ברייטע אָזיערע, וואָס אי'ר וואַסערפאַל טרייבט די קרינקער מיל — די נייע־מיל, כאָטש מיט צענדליקער יאָרן צוריק איז זי שוין געווען אן אלטע — און נאָך א סך מילן. עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די גרויסע נוצן, וואָס אָט דאָס קליינע טייכעלע פלעגט ברענגען, ווי — וואַשן וויריאַנס שעפּסן און מאַכן ווייס די גוישע לייוונט; חוץ דעם פלעגן אלע פרויען שווענקען דאָרט די וועש, און מיין מאַמע פלעגט דאָרט קלאַפּן מיין העמד אויף א שטיין מיט א גרויסן הילצערנעם „פּראַניק".

כ'געדענק נאָך דעם גרויסן פּאַק זאַכן, וואָס יאַנקל דער פאַרבער פלעגט טראָגן שווענקען צום טייך. שטיל, אָן גערויש, האָט דאָס טייכל זיינס געטאָן, קיין מאָל

נישט געשטורעמט, נישט פּראָטעסטירט, אַלץ אַראָפּ־
געשלונגען און זיך געגאַנגען זיין וועג. אפילו ווען מיין
באָבע איז געקומען אהין אויסצוּוואַשן א גרייזל — האט
ס'טייכל איר אויך נישט אָנטזאגט. דעם גאנצן שמוץ
פון די אַמאָליקע פאַרבאַרניעס און שפּעטער גאַרבאַרניעס
פלעגט מען ארייגלאָזן אַהין צו, און דאס טייכל פלעגט
עס אַראָפּשלינגען און פליסן ווייטער.

בלויז איין מאָל א יאר, פרילינגצייט, פלעגט עס זיך
בייזערן און אריבערגיין די ברעגן, און שטראָמען מיט
רעש און טומל, און דאס — מחמת עס איז נישט בכוח
געווען אריינצונעמען אין זיך אזוי פיל וואַסערן פון
אלע בערגלעך ארום.

### דער מאַרק און די גאַסן

דער פּלאַן פון קריניק האט געהאט אן אויסזען ווי
א טינטער טינט אויסגעגאָסן אויפן מיטן בויגן פּאַפּיר:
דער רונדער מאַרק אין צענטער מיטן ריאַד קראָמען,
וואס ליגט ווי א קיטקע אויף א גרויסן קוילעטש. אין מיטן
די קראָמען — א בראָם (א טויער); אין א מאַרקטאָג
פלעגן דארט קעשענע־גנבים מאכן גוטע געשעפטן. די
קראָמען, געבויט פון ליים מיט ריטער, כמעט אלע אויף
איין אופן: א טיר מיט א לאָדן שטענדיק אָפן, זומער
און ווינטער; דער דאַך — מיט א גרויסן קאָפּיעש אויף
גראָבע הילצערנע סלופעס, צו באשיצן דעם עולם פון
רעגן אין א מאַרקטאָג אדער א יריד. פון ביידע זייטן
קראָמען — בודקעס. דארט פלעגט פארקויפט ווערן



„ביאַליסטאָקער" גאס
רחוב „ביאליסטוק"

מכל־בכל, פון עסנווארג ביז ליימענע טעפּ. ארום מאַרק —
שענקען, דאָס הייסט גרויסע הייזער מיט נאך גרעסערע
סטאַדאָלעס. אין פראָנט פון הויז — א פארענטש צוצו־
בינדן בהמות, וואס גויים ברענגען צו פארקויפן אין אַ
מאַרקטאָג.

פון מאַרק האָבן זיך געצויגן גאסן און געסלעך אין
פארשידענע ריכטונגען. ביים סוף פון יעדער גאס —
קריסטלעכע הייזער. די גאסן האבן זיכער געהאט זייערע
רוסישע נעמען, אבער מען האט זיי שטענדיק גערופן
מיט יידישע נעמען און צונעמענישן, ווי: מיל־גאַס,
סאָקאָלקער־גאס, טעפּערשע, שמידישע, שישלעוויצער,
קלויסטער־גאס, דער האלינקערקערס גאס, קאַנצעלאַריע־
גאס, גאַרבאַרסקע־גאס, באָד־געסל, דאס שמאָלע געסל
אאַז״וו.

קריניק האט אויך פארמאגט א „קאַווקאַז" און א
„טיפליס", דארטן האבן זיך געפונען די פּאַלאַצן פון
אונדזער שטעטל.

### דער פריץ וויריאַן שטויסט קאָרע פאר קריניק

ווי באַוווסט, באנוצט מען צו גאַרבן לעדער געשטויי־
סענע קאָרע, און צו שטויסן קאָרע האט מען אין קריניק
אָנגעווענדט א סך רויזוואַרגן מיט דערצו איינגעריכטע
סטעמפּעס. ווען די פאַבריקן זענען פארגרעסערט געווארן
און עס האט זיך געפאָדערט א סך קאָרע, האט וויריאַן
געמאכט דערפון א געשעפט: געקויפט א קרעפטיקע
פּאַראָווקע, אויסגעבויט א גרויסע געביי און א ריזיקן שטאָל,
ווו ס'איז געווען גענוג פּלאַץ פאר קאָרע אויף א גאַנצן
ווינטער. די פאַבריקאַנטן פלעגן צאלן וויריאַנען פארן
שטויסן — פון פוד.

### א וואָלקנבראַך

נישט בלויז שריפות זענען פאָרגעקומען אין קריניק —
איך געדענק אויך א מבול. געווען איז עס זומערצייט
1902. דער וועטער איז געווען זייער א שיינער. די
ווייבער האבן געשווענקט זייערע וועש אין טייך לעבן
נאַשעלניצע. פלוצים איז אָנגעקומען א וואָלקנבראַך פון
ראַכעווקער זייט. דאס איז געווען נישט קיין רעגן, נאר
א וואנט וואַסער, וואס איז געגאַנגען צום מיל און האט

אלץ מיטגענומען מיט זיך. די פרויען ביים טייך האט כ׳ען קוים געראַטעוועט מיטן לעבן, און דער דאַך פון וויריאנס גרויסן שטאַל, וואס איז געווען פול מיט קאָרע פאר די גאַרבאַרניעס, איז פארשלעפט און אַוועקגעלייגט געווארן אַן זייט, ווי ער וואָלט געווען עפעס א היטל. אויף דער בריק לעבן מיל איז אוועקגעריסן געווארן. פאר מיר, דאַן נאך א קליין יינגל, ווי פאר מיינע חברים — איז דאס געווען אן אויסערגעוויינלעך אינטע־רעסאַנטע געשעעניש, אבער פאר אלי דעם מילנער איז דאס געווען א פארשטערטער פסח. אויך דעם פריץ׳ וויריאן האט דאס שפיצל פון דער נאַטור געקאָסט גוטע געלט.

## אַמאָל אין די גאַרבאַרניעס

דער ארבעטס־טאג אין די לעדער־פאבריקן, אין זייערע ערשטע יאָרן, פלעגט זיך אנהייבן פון 5 פרי און אָפּציען זומער ביז פינצטער, און ווינטער — ביז 9 אדער 10 א זייגער אַוונט. פינף מינוטן נאָך 5 פרי זענען שוין די טויערן פון ארייננגאַנג געווען פארמאכט. דאס האט געהייסן „פארשלאָפן א פרישטיק". אַזוינס האט אַמאָל פאסירט מיט מיר גופא, ווען איך האב געאַרבעט ביי אייזיק קרושע־ניאַנער אין פאַבריק ביי אברהם משה דעם שפיגל־פאַלצער.

איך בין דאַן אַלט געווען א יאר 11—12. איין מאל אין א ווינטערנאַכט, כאַפּ איך זיך אויף און באַמערק, אז אין דרויסן איז ליכטיק (פון דעם פריש אַראָפּגעפאַלע־נעם שניי), דער וואַנטזייגער שטייט, און איך מיין, אז ס׳איז שוין שפעט. אויף שנעל טו איך מיך אַן, אפילו נעגל־וואַסער נישט אָפּגעגאָסן, לויף איך אין טיפן שניי (קיין סטעזשקע איז נאך נישט געווען) צום טויער פון פאַבריק. די טיר, זע איך, איז פארמאַכט, גיי איך נעבעך צוריק אַהיים מיט אן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ: „פאַרשלאָפן א פרישטיק". איך כאַפּ מיך אריין אין בית־מדרש און ווער איבערראַשט: דער זייגער איז גאר צוויי. כ׳לייג צו דאס אויער — דער זייגער גייט טאקע. פאַרקירעווע איך זיך צוריק אַהיים און לייג זיך ווידער שלאָפן.

## בעלי־מלאכהס

קריניק איז געווען אן אינדוסטריע־פונקט, און ווי געוויינטלעך, האבן די פאַבריקן־ארבעטער פארנומען דעם אויבנאָן צווישן די האַרעפאַשניקעס פון שטעטל. אין קריניק זענען אבער געווען אויך בעלי־מלאכהס מכל המינים: שוסטערס, שניידערס, סטאָליאַרעס, טשעסליאַרעס, מוליאַרעס, שמידן, שלאָסערס אאַז״וו.

ס׳איז כדאי צו דערמאנען עטלעכע פון זיי, וואס האבן געשמט פאר מיין צייט ווי גרויסע טאַלאַנטן. איך וועל אָנהייבן פון יסוד, כ׳מיין פון פנחס דעם מוליער. זיין לייגן פונדאַמענטן פון נאַטורעלע פעלדשטיינער איז געווען צו באַוווּנדערן, שיין און שטאַרק. זיינע געסקליע־פעוועטע קעלערן זענען געווען באַוווּסט אין גאַנץ קרינקער געגנט: קיין פּלאַמפּייער פלעגט זיי נישט פארניכטן. בעתן טינקעווען די קרינקער שול פון דרויסן, איז ער אַראָפּגעפאַלן מיט דער רושטעוואַניע צוזאַמען, און געבליבן שטיין אויף די פיס. ווינטערצייט פלעגט ער ארומפאָרן אלס משולח פון ארץ־ישראל, אויפן קאָפּ א שטריימל, ווי א חסידישער רבי. באמת א שיינער ייד געווען.

ביים אָפּבויען דאס שטעטל נאָך די שרפות האבן אויפגעטאַן א סך די מוליאַרעס: אייזיק הערשל, אלי חיים, מיכל און אַלטער לאנצעס, ישראל אלישעס א״אַ.

און פון די טשעסליאַרעס האבן זיך דעריין מיטבאַ־טייליקט: שמואל אזשארעס, יאָסל מאטשעס, אלי, און דער בעסטער טשעסליער פון שטעטל — מאיר פישלס, א קליין יידעלע, מיט איינגעבויגענע פלייצעס, אבער א מאדים א בעל־מלאכה.

לוי דער סטאָליער (סאראקי) איז געווען דער בעסטער אין זיין פאַך אין קריניק. ער איז געווען אויך א דערפינדער.

דער צווייטער גוטער סטאָליער איז געווען אלי מאיר פישלס (אלי מאסאלינער). זיין ארבעט האט געפּאַסט צו שטיין אין א מוזעאום. זייערע נעמען האבן זיי פאראייביקט דורך זייער ארבעט אין קרינקער שול.

לוי׳ס זון, אפרים, איז געווען באַוווּסט אין גראַדנער גובערניע מיט זיין פעיקייט צו צייכענען — א זעלטנהייט צווישן סטאָליאַרעס. ברוך סטאָליאַרסקי איז געווען קליגער און געהאַט מער ארבעט ווי אנדערע.

ישראל דער שמיד איז געווען דער בעסטער אין זיין מלאכה. און דער בעסטער שניידער — איטשע ביגדור מענדלס. נחמן וועלוול איטשעס האט צענדליקער יאָרן געפירט דעם גרעסטן שניידערטיש אין קריניק.

די שוסטערס שיימע און משה מאיר זענען געווען קינסטלער אין זייער פאַך. עס האבן זיך אין שטעטל געפונען אויך שוסטערס, וואס האבן געלאָזן א נאָמען נישט בלויז ווי גוטע בעלי־מלאכהס, נאר מיט זייער חוש פאר הומאָר און צו אָפּטאָן יענעם א שפּיצל, אז דער עולם זאל שעפּן פאַרגעניגן פון דעם.

## שיינע בעלי־בתים, מגידים, חסידים, חזנים

אַמאָליקע צייטן איז דער יחסן און שענסטער בעל־בית פון שטעטל געווען דויד טודרוסעס (דויד מאַרייני) זיין פרוי, אדע ליבע, איז געווען א טאכטער פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, דעם גרינדער פון דער מוסר־באווע־גונג. ר׳ ישראל פלעגט בעת זיינע באזוכן ביים איידעם, אויך דרשנען אין קרינקער שול. איין מאל האט דער מעשענער הענגלייכטער, וואס איז געהאַנגען אויף א שטריק איבער דער בימה, אים געמאכט אזוי נערוועז, אז ער איז געווען געצוווּנגען מקצר צו זיין זיינע רייד.

די שטאט האט אַמאָל געקאָכט מיט איר מ ג י ד, הערשעלע דובראָווער. דער פשוטער המון האט זיך ממש מקריב געווען פאר אים. איינער פון זיינע פּאַטריאָטן האט אַמאַל אין גרויסן בית־מדרש אויסגעשריען אויפן קול: „נו, וועט דער רב מיר ניט שאלהנען די פּאַסקע?!״ געמיינט האט ער — „פסקענען די שאלה״.

קריניק האט געהאט אויך א צדיק, ר׳ יאָסעלע ז״ל, און א „בעל־שם״ — אייזיק בנימין זעליגס.

ח ס י ד י ם זענען ביי אונדז אין שטעטל געווען א סך און פון כלערליי רביים: סלאָנימער, קאָצקער, קאָברי־נער, קאַרלינער, נאָווא־מינסקער און סטאָלינער. דער דער סטאָלינער רבי, ר׳ שמואלקע, פלעגט באַזוכן קריניק צוויי מאָל אין יאר; אזוי אויך דער קאָברינער, ר׳ נחום.

ח ז נ י ם האבן אין קריניק קיין איבעריקן מזל נישט געהאט. דאס שטעטל האט תמיד געצאלט גוטע שכירות דעם רב און א שוחט, אבער א חזן איז געווען ווי א פינפטער ראָד צום וואָגן. פלעגט אזא אַראָפּקומען אויף א שבת קיין קרינק, פלעגט דער גאַנצער עולם אָפּדאַוונען מיטן ערשטן מנין, מאכן קידוש, גאנץ גוט צובייסן און גיין הערן דעם חזן. האט ער געמעגט זיין דער בעסטער חזן — האבן אלע אים אָפּגעפּטרט: „פּע, פּע!״...

אין קריניק איז געווען א מנהג, אז פרייטיק פאר נאַכט פרשה „בהעלותך״, שפילן די כ ל י ־ ז מ ר י ם אין שול. דער מנהג האט אַנגעהאַלטן יארן לאַנג, אבער הרב ר׳ ברוך האט אים מבטל געמאכט, היות ווי די ווייבער פלעגן זיך פארשפּעטיקן צוליב דעם מיטן ליכטבענטשן.

קריניק איז געווען דאס איינציקע שטעטל, וואס האט פארמאָגט אן אייגענע קאַפּעליע, און די גאנצע סביבה ארום פלעגט זיך מיט איר באנוצן.

## פונעם בעל־הביתישן „קהל״־שטייגער

צו דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג האט מען אין קריניק פאר מיינע צייטן זיך באצויגן מיט ביטול. מען פלעגט אָפּלאַכן פון די יונגע און דערציילן וועגן זיי אזעלכע לעכערלעכע מעשיות, ווי למשל, אז א מיידל וויל נישט שאָבן די בולבעס, מחמת ניקאָלאַי איז קיסר, אדער, אז איינער האט געהייסן באפרייען די הינער פון קאָטוך, און נאך אזעלכע מעשהלעך.

מיטן פשוטן עולם פלעגן זיך די קרינקער קהל־פרנסים קנאַפּ־וואס רעכענען. אזוי פלעגן זיי, א שטייגער, צו די אסיפות וועגן שטאָטישע ענינים — די בעלי־מלאכהס כלל נישט איינלאדן.

דאס שטעטל האט אבער פארמאָגט אן „עמך״, וואס האט זיך נישט געלאָזט פירן פאר דער נאָז. פלעגט מען זיך נאר דערוויסן, אז די קהל־פירערס האלטן ביי אַראַנ־זשירן שטאטישע געשעפטן אויף אן אופן, וואס איז עלול צו קריוודען דעם ברייטן האָרעפּאַשנעם עולם, ווי למשל, ביים איבערנעמען די קאָראָבקע־טאַקסע, דעם הייוון־אָפּצאָל, אדער די באָד — פלעגט באלד אויסברעכן א געוואַלד, ממש הימל עפן זיך. האט מען שוין מעכב הקריאה געווען א־ן געמאכט סתם סקאַנדאַלן. אַנגעפירט מיט דעם האבן יאָסל יעקלס און נאך אזעלכע לצים, און אין קריניק איז געווען פריילעך.

## „עמך״־טיפּן

באזונדערס פלעגט דערביי זיך אויסצייכענען „יאנקל יהודה״ דער שמיד. זיין מנהג איז געווען — גלייך זיך ווענדן צום רב. אָפּגעדאַווּנט מיטן ערשטן מנין, מאכט ער א געזונטן לחיים, פארבייסט מיט א גרויס ציבעלע אדער מיט קנאָבל, און לאָזט זיך אוועק צו ר׳ ברוכן. דער רב,

נאָר וואס אויפגעכאַפּט זיך, איינגעוויקלט אין זיין שלאָפראָק, זעצט זיך אַריין אין זיין פּאָטעל־שטול — אויפנעמען יאנקל יהודהן. יענער שיסט אויס א ברייטן „גוט־מאָרגן, רבי!", דערלאנגט מיט זיינע ידיים א נעם ביידע אָרעמס פון שטול, און הייבט אָן אויפן קול אָפּצוקלאַפּן פארן רב די גאנצע מעשה. ר' ברוך בעט זיך ביי אים: „איך חלש אוועק, לאזט מיך אָפּ!" אבער יאנקל יהודה טרעט ניט אָפּ: „רבי, איר מוזט מיך אויס־הערן פון אלף ביז תיו!" און אזוי פלעגט ער טאָן א טאג נאך א טאג.

זיין זון ליפּא, איז שוין געווען אן אנדער מענטש: ער האט זיך ניט געמישט אין קהלישע ענינים. פלעגט ער מאכן דעם טרונק־בראַנפן און גלייך גיין שלאָפן.

איין מאל אין א ווינטערדיקן פרימאָרגן, בעת דער פראָסט האט געברענט, איז ער געגאַנגען, פאַרקנאַקט, פון מאַנאַפאַל, ארויפגעקראָכן לעבן מאטל סטאיקעס אויף דעם גרויסן שטיין, אויסגעטאָן די שטיוול און אויסגערופן: „גאָט צו דאַנקען, אבי איך בין שוין ביי מיר אויפן אויוון!"

אויך לייב „דער שרייבער" (לייבע פוריע), איז געווען א מאָדנער טיפּ מענטש. במשך צענדליקער יארן האט ער די קרינקער מיידלעך און ייִנגלעך געלערנט שרייבן יידישע בריוולעך. ער איז געווען דער יידישער שרייבער אין שטעטל. פלעגט דער עולם זאגן: „שרייבן איז גוט אויף ד ע ר וועלט און לערנען — אויף יענער וועלט".

וועגן יודל בערטשעקאָוועס דעם לץ פון שטאט, קען מען שרייבן א באזונדערן בוך. זיינע וויצן זענען ארום־געגאנגען אומעטום, און גאנץ קריניק האט זיך מיט זיי געקוויקט.

### דריי־גאָרנדיקע נעמען

אין קריניק פלעגט מען זיך נישט באנוגענען מיט אָנרופן א תושב, אפילו א בעל־הבית, מיט זיין אָריגינעלן, פריוואַטן איינצל־נאָמען, נאר מען פלעגט אים מוסיף זיין נאך איינעם, און אפילו גאנצע צוויי. אזוי, למשל, האט מען דעם שרייבער פון אט די שורות גערופן אברהמעלע איטשע שאכנעס. כמעט איטלעכן האט מען גערופן מיט א דרייִיקן נאמען און נישט דווקא מיט א צונאָמען. נעמט, למשל, מיינע שכנים, וואס האבן געהייסן:

אברהמל הערשל בערלס, ניאָמע וועלוול איטשעס, משה חנה פייוולס, חאַצקל אברהם צאלעס, יאנקל לאה רחקעס, זעליג שלמה ראובנס, לייבע מרדכי שימעלעס, זיידקע ליבע ראשקעס, שמעון יאַנקל אליקס, יאנקל מרדכי שלמהס, יאַנקל משה אברהמס, אברהמל מאטע איריעס, שעיע שמואל משהקעס, אברהמל מאיר לייבס, חאַצקל לייבע אסתרקעס, דויד אברהם לייבלס, וועלוול חנה פאַיעס, אפרים לייבקע שמעיהס, זלאַטע חיים שעיהס, טויבע חנה חיהס. אנדערע האט מען גערופן מיט גאנצע פינף נעמען ווי פיניע מיניע פייגל יהושיעס אאַז"וו. און דאס — אחוץ די, וואס מיר האבן שוין דא פריער דערמאנט.

### דער צייט־פאַרטרייב פון קינדער

ווי אזוי פלעגן קרינקער קינדער פארברענגען זייער פרייע צייט? פרייטיק, נאך האלבן טאג און שבת נאכן טשאָלנט, פלעגט מען פארברענגען אין ווירויאנס וועלד־לעך, אין וואלד, אין יענטעס סאַד. זומער — זיך באָדן אין ווירויאנס סאַזשאווקע, אין ווינטערטעג פלעגט מען זיך גליטשן אויף דער אָזיערע און נאָך דעם גיין אין בית־מדרש זיך א ביסל אָנוואָרעמען. סוף זומער פלעגט מען רייסן קאַשטאַנעס לעבן יענטעס הויף. שבת פאַר נאַכט פלעגן קינדער גיין שפּאַצירן אויף שישלעוויצער גאס — מקבל פנים זיין די שעפסן און בהמות בעת זייער צוריקקערן זיך פון דער פאַשע אין די פעלדער.

### בעתן ווידעראויפבלי פון קריניק

די לעצטע יארן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט קריניק געבליט מיט איר לעדער־אינדוסטריע און מיט אירע גרויסע גבירים, אבער דעם גרעסטן כבוד האט פארשאפט אונדזער שטעטל די מאַלטשער ישיבה, וואס האט זיך געפונען אין „קאַווקאַזער" בית־המדרש. דער גמרא־ניגון פלעגט פון דארט ארום זיך צעקלינגען טאָג און נאַכט. קריניק איז דאן פול געווען פון איין זייט פרייע יונגען מיט ראַזירטע מאָרדעס, וואס האבן זיך ארומגעטראָגן מיט רעוואָלוציאָנערע אידייען: און פון דער צווייטער זייט — פרומע בחורים, באַוואַקסענע מיט שיטערע בערדלעך. א סך פון זיי זענען שפּעטער אריבער צום גאַרבאַרסקן לאַגער, זיך אָנגעשטעקט מיט קראַמאַלע־לופט און פארלאָזן די לערנבאַנק.

### „גערירטע"

קריניק האט פארמאָגט א היפש ביסל משוגעים. דער אינטעליגענטסטער פון זיי איז געווען מיירים [וועגן אים ווערט דערציילט באזונדער]. אויך אנדערע טיפּן זענען געווען אין שטעטל, וואס פורים אדער שמחת־תורה פלעגן זיי זיך מאכן בגילופנדיק. לייבע מאטשעס און שמואל אויף אברהמל דער מלמד, למשל, פלעגן איבערקערן די קאַפּאָטעס אויף דער לינקער זייט, אַנטאָן קאַפּעליושן, ארויפקריכן אויף א בודקע און רופן אין שול אריין. לייבע מאטשעס פלעגט דאן אויסניצן די געלעגנהייט אריינצו־קיבעצן דעם רב אדער די בעלי־בתים אויף א לומדישן אופן.

### טונקעלע „נפשות"

קריניק, ווי אנדערע שטעטלעך, האט פארמאגט אירע טונקעלע פארשוינען — די חלבנה פון דער יידישער געזעלשאַפט: אַפּעריסטן און גנבים, וואס פלעגן גנבענען פון א זאַוויעסע ביז א פערד. די גנבים זענען געווען גרופּירט אין כאַפּטעס, יעדע מיט איר רבי, און זיי האבן קיין מאל נישט פארראַטן איינער דעם צווייטן און נישט אוועקגענומען זיין „פרנסה".

איינער אזא בארימטער איז געווען הענעך היללקעס. ער איז א מאָל געקומען קיין זעלווע אויף א יריד און געמאכט יענע גוטע „געשעפטן", אויסגעליידיקט די קעשע־נעס פון די גרויסע סוחרים. לסוף האט מען זיך ארומגע־קוקט און דערוווסט, אז קרינקער זענען דאָ אויפן יריד, האט מען זיי גלייך נאָכגעיאָגט מיט א פּאָר גוטע פערד און הענעך איז געבראכט געווארן צוריק קיין זעלווע צום רב: מען וועט דאך נישט איבערגעבן א ייד אין גוייִשע הענט, איידער מען איז זיכער, אז ער איז עס טאַקע דער גנב.

דער רב האט געהייסן, מען זאל אים געבן א שבועה. נו, פירט מען אים אין שול, ער זאל שווערן ביי א ספר־תורה. הענעך איז ארויף צום ארון־קודש, אויפ־געמאַכט די טירלעך און אויף א הויכן קול זיך צעשריען: „תורה! תורה! נעם זיך אָן פאר דיין כבוד! ר' הענעך ב"ר היללקע וויל מען געבן א שבועה — מען איז אים חושד בגנבה!" דער עולם האט אזוינס דערהערט, האט מען זיך שטאַרק דערשראָקן און ר' הענעך ב"ר הילל איז זיך פריי אַוועק. פון דאן אָן איז געבליבן דער נאמען „קרינ־קער גנבים", דהיינו — קלוגע.

די דאזיקע טונקעלע פאַרשוינען פלעגן זיין די פורים־שפּילערס אין שטעטל און שווישפּילערס ביי אנדע־רע געלעגנהייטן. ווער געדענקט נישט דעם מלך מיטן פערדל, רבי רפאל מיט דעם פּאַפּירענעם קרוין, מאיר אבא מיטן פייקל?

מיר האבן אויך פארמאָגט מוסרים, וואס פלעגן פאר מסירה־לוין איבערגעבן רעוואָלוציאָנערע טוער צו דער מאכט. עטלעכע אזעלכע זענען געווען „טעטיק" פאר די צאַרישע צייטן, אָנהייב איצטיקן י"ה. פון זיי איינער, וואָס זיין פרנסה איז געווען פון באפרייען ארעסטירטע — נאך דעם, ווי ער פלעגט זיי ארויסגעבן.

אויך אין די 20ער יארן האט זיך אין קריניק איינגענאַדזשעט א פּאַסקודנער מוסר, יאנקל קאָפּל דער אָזשיראַנטשיק, וואס האט געדינט ווי א געהיים־אַגענט פאר דער פּאָליציי. ער פלעגט צאַפּן געלט פון וועמען ער האט נאר געקאָנט, און האט מען אים נישט צופרידנ־געשטעלט, פלעגט ער מסרן, אז יענער איז א קאָמוניסט און אים ארייננוואַרפן אין תפיסה. שפּעטער האט די פוילישע רעגירונג גופא אים אַרעסטירט, ווען זי האט אויסגעפונען, אז עס איז איר כדאי פון אים פּטור צו ווערן. אבער ער האט געמאכט די פליטה און איז נעלם געווארן.

### קרינקער היילערס

#### דאָקטוירים

דער סטאַבילער און אָנגענומענער דאָקטער פון שטעטל איז געווען פאַן דזשעדזשקאָווסקי. ער האט זיך געהאלטן פאר א גאנצן פּראָפעסאָר, און זיין פּראַקטיק האט ארומגענומען אויך די ארומיקע שטעטלעך, ווי ברעסטאָוויץ, אַמדור, און אויך אלע הויפן און דערפער.

א קראַנקער פלעגט זיך ווענדן צו אים, ווען די אלע באַבסקע רפואות און רופאים האבן נישט געהאָלפן. אָפט פלעגט טרעפן, אז עס איז שוין געווען צו שפּעט און דער דאָקטער האט שוין אויך נישט געקאָנט העלפן.

ווען די קרינקער באפעלקערונג האט זיך פארגרעסערט און דאָקטער דזשעדזשקאָווסקי איז געווארן עלטער, האט די רעגירונג אויסגעבויט א שפּיטאָל הינטערן שטאָט.

נאָטירלעך, האָט דאָקטער דזשעדזשקאָווסקי זיך אריבער־
געצויגן אַהין און עס פלעגט פאר אים זיין צו שווער
צו קומען מאכן וויזיטן אין שטאָט. קריניק האָט געבראכט
נאָך א דאָקטער, א יונגן־מאַן, אבער דער עולם האָט
נישט געהאַט קיין איבעריקן צוטרוי צו א ניטבאַיאָרטן
דאָקטער, פלעגט מען נאָך לויפן צום אלטן. אָפט מאל
פלעגט ער זיך אבער אָנטזאָגן צו גיין אין שטאָט.

— איר האָט דאָך נאָך א דאָקטער — פלעגט ער
טענהן — מאכט נישט אויס, ער וועט זיין גוט; ווען ער
וועט פארלייגן אזא בית־עלמין מיט אזעלכע מאַגילקעס,
ווי איך — וועט ער אויך זיין א גוטער דאָקטער.

אין קריניק איז אויך געווען א יידישער דאָקטער —
גאָלדבערג. האָט מען אים גערופן דער לופּאַטש, ווייל
ער האָט געהאַט גראָבע ליפּן. ער איז געווען א פרומער
ייד, פלעגט דאַווענען יעדן טאָג אין בית־המדרש. דערי־
בער האָט ער „קיין לעבן ניט געמאַכט", און איז געווען
געצווונגען זיך אָפּצוטראָגן פון קריניק.

מיר האָט ער געגעבן פּאַרפּאַקן זיינע מעבל און
פּיאַנע. האָב איך מיך אָנגענומען מיט מוט און אים
א פרעג געטאָן, פאר וואָס פּאָרט ער אַוועק פון אונדז.
זיין ענטפער איז געווען, אז א דאָקטער אין קריניק
איז געגליכן צו א קאָטערינשטשיק: יענער שטעלט זיך
אוועק אין פראָנט פון א הויז אדער א הויף, דרייט מיט
דער קאָטערינקע און שפּילט אויס פארשיידענע מעלאָדיעס.
ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, וואַרפט צו א קאָפּיקע,
און אויב נישט — ווערט דער קאָטערינשטשיק מיד און
פויל צו שפּילן און גייט אוועק ווייטער.

— איר, קרינקער — האָט ער ווייטער געטענהט —
וואַרט מיט אייערע וויזיטן ביז שבת, ווען איך טאָר ניט
נעמען קיין געלט און איר טאָרט ניט געבן. האָט איינער
גאָט אין האַרצן, באַצאָלט ער מיר אין מיטן וואָך, אבער
אנדערע מאכן זיך נישט וויסנדיק און פארגעסן אין
גאַנצן. דעריבער מוז איך אייער קריניק זאָגן „אַדיע"!

### אַפּטייקן און אַקושערקעס

די שטאָט האָט אויך געהאַט אן אַפּטייק און אן
אַפּטייק־קראָם. אבער ביי צביה מזיקס בודקע האָט זיך
געפונען מעדיצין מער ווי ביי די ביידע אַפּטייקן
צוזאַמען.

עס איז אויך געווען ביי אונדז אן אויסגעשטודירטע
אַקושערקע, די פּוילישע סטעפּאַנאָווסקיכע. אויך א
באָבע — מרים רייזל, משה דעם חזנס ווייב. יעדן פּורים
פלעגט זי שיקן „אירע" קינדער א צוקער־לעקעך שלח־
מנות. זי האָט זייער מורא געהאַט פאר א יידישער קאָנ־
קורענטקע. מאכט זיך א מעשה, און אלי דעם מילנערס א
מיידל איז אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע שטודירן און טאַקע
צוריקגעקומען א דיפּלאָמירטע אַקושערקע, אָנגעטאָן אין א
שיינער פעלערינע און א הוט.

מרים רייזל האָט דא געזען פאר זיך א שטאַרקע
קאָנקורענטקע, האָט זי איר אָפּגעטאָן א מיאוסן שפּיצל,
און די מיידל האָט געמוזט אַנטלויפן פון שטאָט אין
מיטן דער נאַכט אָן דער פעלערינע.

### רופאים, אָפּשפּרעכערס און אַנדערע היילערס

עס האָבן אויך נישט געפעלט אין קריניק קיין מענער
און פרויען, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מעדיצין
אויף אנדערע אופנים: אָפּגעשפּראָכן אן עין־הרע,
פאררעדט א רויז און צאָנווייטאָק, אָפּגעגאָסן שרעקעניש,
אָפּגעצינגלט געשווילעכץ, געשטעלט א גלאָז און באַנקעס.

האָט א חולה אויסגענוצט אלע באַבסקע רפואות
און איז נישט געהאָלפן געוואָרן, פלעגט ער דאָן גיין
צום רופא. אַזוינע רופאים זענען געווען א סך אין
קריניק: פּיאַווע דער רופא, אברהם מאיר פּיאַווקעס, מאָטל
דער רופא, יאַנקל מאָטל, שמעון בער דער רופא, שמחה
דער פעלדשער און פייסקע דער שערער.

ד. סעלקאָף

## נאָך וועגן פּוילישן דאָקטער

פאָן דזשעדזשקאָווסקי, דער דאָקטער פון קריניק,
איז געווען א הויכער קריסט מיט א פּאָר גראָבע,
פּוילישע וואָנצעס און א גראָבען רויטן נאָז. גענוי ווי
אַלט ער איז געווען, האָט מען נישט געקאָנט וויסן.
עלטערע יידן און ווייבער האָבן געהאַלטן, אז ער איז
א דאָקטער א מומחה, נאָר הלוואי זאל מען אים נישט
באַדאַרפן. ער פלעגט זיך קיין מאל נישט איילן און
פלעגט זיך גיין פּאַוואָליע.

זומער, א שבת ביי טאָג, ביים דורכשפּאַצירן די
יידישע גאַסלעך, צו באַזוכן אן אָרעמען קראַנקן, פלעגן



ד״ר דזשעדזשקאָווסקי

אלע יינגלעך אים מקבל פנים זיין מיט א ברייטן „גוט־שבת״. מאַנכע מאָל פלעגט ער זיי מקדים זיין דעם „גוט־שבת״. די יינגלעך פלעגן אַראָפּנעמען זייערע היט־לען, און ער פלעגט יענע א גלעט טאָן איבער די קעפּלעך, נישט בודק זייענדיק, צי א קינד איז ריין אדער שמוציק אָנגעטאָן. שטענדיק איז ער געווען מיט זיי א גרויסער מחותן.

פאַר א וויזיט פלעגט ער נעמען 30 קאָפּיקעס. פון א קראַנקען, וועלכן ער האט געקענט, אז ער קאָן נישט אפילו אויך דאס באַצאָלן, פלעגט ער גאָר קיין געלט נישט נעמען. נאָך מער, אין בית־מדרש פלעגט מען דערציילן, אז צו אָרעמע קימפּעטאָרנס ברענגט ער נאָך מיט זיך א הון און א פלעשל ווייַן, און בשעת מעשה פלעגט מען זיך סמאַקעווען ביים דערציילן די דאזיקע מעשהלעך, און זיין זיכער, אז דער פאַן דאָקטער איז פון די חסידי אומות העולם און נאָך זיין טויט וועט ער געוויס אין גן־עדן אריין.

קרינקער קהל האט אים געצאָלט 100 רובל א יאר באַלוינונג פאר זיינע אָנגעלטיקע וויזיטן ביי די אָרעמע־לייט.

געוויינטלעך פלעגט זיך מאַכן, אז סוף יאר פלעגט קהל טענהן, אז ס׳איז נישטאָ קיין געלט פאר אים. פלעגט זיך אָנהייבן א סדרה צרות אין שטעטל. אָרעמע יידן פלעגן אָפּשטיין גאנצע שעהן מיט די היטלן אין די הענט ביי זיין פארמאַכטער טיר; יידענעס פלעגן מאכן געוואַלדן, שרייען און וויינען, אז זייערע טעכטער גייען שווער צו קינד און מען דארף זיי אויף דער מינוט ראַטעווען. אבער דער פאַן דאָקטער פלעגט זיך נישט א ריר טאָן. נאר זאָגן: „גייט צום קהל, זאלן זיי מיר באצאָלן וואס מיר קומט״. פלעגט שוין ווערן א מהומה אין שטעטל: די זענען געלאָפן צום רב און יענע — צו די קהלשע טוערס. האט דאס נישט געהאָלפן, האט מען זיך גענומען צום אַלטן יידישן כלי־זיין: דאס הייסט, נישט לאזן דאַווענען און לייענען שבת; שטעלט זיך טאַקע פאַר דעם טומל און די קולות בשעת מעשה. און מען האט נישט אָפּגעטראָטן פון דער בימה און פונעם עמוד ביז דער רב און עטלעכע בעלי־בתים האבן נישט צוגעזאָגט, אז זיי וועלן גלייך אויף מאָרגן ברענגען אלץ אין אָרדענונג מיטן פאַן דאָקטער.

דאס רוב פלעגט אזא טומל אויסברעכן גראָד אין די קאַלטע פינצטערע ווינטערדיקע טעג, ווען די נעץ פלעגט דורכדרינגען די קליינע אָרעמע כאַלופּקעס, און פון די שווערע חולאתן האט מען נישט געקענט פטור ווערן. נאָך אזא עיכוב־הקריאה, פלעגט מען שוין אויף מאָרגן אָוונטס קענען זען יידן גיין פאַרויס אין די טיפע בלאָטעס מיט גרויסע לאַמטערנעס אין די הענט, און נאָך זיי, אין טיפע גאַלאָשן, שלעפּט זיך דער פאַן דאָקטער, אונטערזינגענדיק א פויליש לידל, אויפן וועג צו זיינע וויזיטן ביי די אָרעמע.

מיטן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט מען גלייך מאָביליזירט דעם פאַן דאָקטער, און פון דאַן אָן האבן מיר אים שוין מער נישט געזען. דערציילט האט מען, אז ער איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד עלענד און איינזאַם. צי ער איז אריין אין גן־עדן, ווייס מען נישט עד היום.

בעריל זאַקאַן (בעלאַרצער)

## קריניק פון מיין געדענקען

### מען פלעגט דערציילן

קריניק ליגט אין א טאָל ארומגערינגלט מיט קרעני־צעס, פון וועלכע עס שטאמט טאַקע דער נאמען קריניק, און דעריבער פלעגן זיך דארט צעשפרייטן אין האַרבסט גרויסע בלאָטעס.

מען דערציילט, אז בעתן פוילישן אופשטאַנד, אין 1863, זענען קיין קריניק געקומען פוילישע אַגיטאַטאָרן און איינגערעדט די באפעלקערונג, „ווי גוט און ווויל עס וועט אייך זיין, אז איר וועט געהערן צו אונדז, אַנשטאָט צו די רוסישע קאַצאַפּעס, איר וועט ביי אונדז האבן פון כל־טוב". האט קלמן דער קצב זיי א פרעג געטאָן: „און פאַשע פאר אונדזערע ציגן וועט איר אונדז געבן?" (יידן פאשען נישט קיין ציגן, בפרט קצבים). בשעת מעשה האבן זיי אים געענטפערט: „יע", אבער ביי נאכט זענען זיי געקומען מיט שטריק אים אופצוהענגען פאר חוזק מאכן פון זיי *). (קלמן האט טאַקע געקענט זיך דערלויבן חוזק צו מאכן פון זיי, מחמת ער איז ניט געווען אַפּהענגיק פונעם פריץ ווי אנדערע יידן, וועלכע האבן דעריבער יענעם אויסבאהאלטן, אים צוגעטראָגן עסן אין קאַטוך, און דערביי נאך געמוזט אַראָפּנעמען דאס היטל פאר אים). אבער קלמן איז געווען קליגער פון די פוילישע אויפשטענדלער, און ער איז שוין יענע נאַכט נישט געקומען שלאָפן צו זיך אַ היים; אבער אין זיין הויז האט זיך דאן געפונען אן אנדער ייד, האבן זיי אים אַנגענומען פאר קלמנס פאטער און אים שוין געהאט אָנגעטאָן די שטריק אויפן האַלדז; ערשט אין דער לעצטער מינוט האבן זיי זיך ארומגעזען, אז זיי האבן א טעות, און זיי האבן אים טאַקע פרייגעלאָזט.

*) קלמנס זון, שעיה, פלעגט אויך ליב האבן טרייבן ליצנות. ווען א קאַטוילישער עולם פלעגט דורכגיין די מיל־גאס מיטן קסיאָנדז אין דער שפּיץ, און יענער פלעגט אויסזינגען די־תפילות (ווי אַנגענומען ביי זיי — אין לאַטייניש) — פלעגט שעיה צו אונדז א זאָג טאָן מיט אן ערנסטער מינע: „ער האט שוין געמאכט א גרייז!" און דאַן „אוי, ער האלט אין איין מאכן גרייזן, ער קען גאָרנישט קיין עברי!.."

### געוועזן צייטן

קריניק האט געהאט א גרויסע שול, 4 גרויסע בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך און מנינים (אין פריוואטע הייזער).

אחוץ רבנים, שוחטים און דיינים, האט אונדזער שטעטל פארמאָגט אויך משכילים, איינעם געדענק איך — מאָטל אריה דעם סטאַראָסטע. לייענען פלעגט ער צו ערשט דעם „המליץ" און שפעטער די „הצפירה". העברעיש איז געווען ביי אים לשון־קודש, פלעגט ער דורכנישטערן די צייטונג פון סאַמען אָנהייב ביז דער לעצטער שורה, דעם פרייז פון אַנאָנסן איינגעשלאָסן.

קריניק איז אין גראָדנער גובערניע געווען פאַר־רעכנט פאר א „מעסטעטשקאָ" (א שטעטל), אבער לויט איר אינדוסטריע און רעוואָלוציאָנערן שוווּנג, האט זי דאָך כלל נישט געהערט צו אזא סאָרט יישובים.

בעת דער „בונד" האט אין יאר 1907 ארויסגעשטעלט פאר א קאַנדידאַט פון אונדזער גראָדנער גובערניע, צו דער צווייטער „דומע" (די ערשטע האבן די סאָציאַליסטן באָיקאָטירט), דעם אין יענער צייט באוווסטן בונדישן טוער שמואל גאָזשאַנסקי, וואס איז געווען באקאַנט מיט זיין פּעננאָמען „לנו", און ער איז ניט אויסגעוויילט געוואָרן — האבן מיר אין קריניק געפּסקנט: „לא לנו" (א תפילה אין הלל).

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט געהערשט ביי אונדז „פּראָספּעריטי" (א בליענדיקע, גוטע צייט): ווער עס האט געוואָלט און געקאָנט ארבעטן, האט געמאכט א שיין לעבן. עס איז אפילו געווען מער ארבעט וויפל די קרינקער האבן געקאָנט אויספילן. פלעגט מען טאַקע קומען ארבעטן צו אונדז פון אלע ארומיקע דערפער און שטעטלעך. די באציונגען צווישן יידן און קריסטן זענען געווען פריינדלעכע.

### קרינקער פאַבריקאַנטן

קריניק האט פארמאָגט רייכע פאַבריקאַנטן, צוויי פון זיי האבן זיך אויסגעצייכנט: דער ערשטער, **נחום אַנשל קנישינסקי** — מיט זיין רייכקייט, לומדות און פּראַקטישער חכמה.

איין מאל איז צו נחום אַנשלען געקומען נאך חנוכה־געלד (ווי ס'איז דאַן אנגענומען געווען) איטשע נתנס —



**ר׳ איטשע נתנ׳ס**
בית־דין־שמש און אייבער־שמש אין גרויסן בית־המדרש
**ר׳ איצ׳ה נתנ׳ס**
שמש בית־הדין ושמש ראשי בבית־המדרש הגדול

דער שטאָטישער בית־דין שמש, און שמש פון גרויסן בית־מדרש, אין וועלכן אט דער פאַבריקאַנט פלעגט דאַווענען.ביידע זענען זיי געווען לומדים, געלערנט אַמאָל אין דער בארימטער וואָלאָזשינער ישיבה. נחום אנשל האט בעת מעשה געבענטשט חנוכה־ליכטלעך, זאגט ער צו איטשע נתנס: „איך וואלט אייך אַוודאי געגעבן, אבער מען טאר דאך נישט זיך באנוצן מיט דער ליכ־טיקייט פון די חנוכה ליכטלעך״. האט אים איטשע נתנס געענטפערט: „אבער פארן שמש מעג מען״ (א לומדישער וואָרטשפיל).

דער צווייטער פאבריקאנט, ל י י ב ע מ ט ו ת ע ס, האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין לומדות און צדקה. אז אן אָרעמאַן האט ניט געהאט קיין פּרוטה אויף שבת, פלעגט ער גיין צו לייבע מטותעס בעטן אים ארויסצו־העלפן. און טאָמער האט פּאַסירט, אז אין איין און דעמזעלבן אָוונט זענען אויסגעפאַלן 2 חתונות, און א זאַל איז דאך אין קריניק געווען בלויז איינער — פלעגט מען אוועק צו לייבע מטותעס, און ער פלעגט שוין מאכן א פּלאַץ פאר דער אנדערער חתונה אין זיין אייגן גרויס הויז.

עס איז ראוי צו דערמאנען נאך א פאַבריקאַנט, ג מ ל י א ל ל ע װ י ן, אויף וועלכן מען האט געזאגט, אז אין דער יוגנט האט ער געזונגען אין דער פעטער־בורגער קייזערלעכער אָפּערע.

## ש ר י פ ו ת

אין איינער פון די גרויסע שריפות, וואס זענען אויסגעבראָכן אין קריניק, האט דער גרעסטער טייל פון שטאט אָפּגעברענט: דערביי איז פארברענט געוואָרן מיירים דער מלמד; פאַרזיכערטע הייזער זענען געווען זייער ווייניק, אבער אזוי ווי די פאַבריקן זענען פאר־בליבן, האט מען געאַרבעט און פאַרדינט, און אין א קורצער צייט האט מען זיך אָפּגעבויט, אזוי אז קריניק האט באקומען א שענערן אויסזען ווי פריער.

## ג ד ו ל י ־ ת ו ר ה

אונדזער שטעטל האט זיך געייחוסט מיט יידן גדולים און מיט אירע אָנזעעוודיקע רבנים. אזוי איז ר׳ ברוך לאַוווסקי געווען מחבר פון „מנחת־ברוך״, א ספר פאר לומדים, וואס איז געווען זייער גאַנגבאַר ביי זיי. שטאט האט אים געהאלטן מיט גרויס כבוד, און אז ער פלעגט דורכגיין דעם בית־המדרש, פלעגן זיך אלע אויפשטעלן און מאכן פאר אים א וואָרע.

ר׳ זלמן סענדער כהנא שאַפּירא, וואס האט געשמט אין דער וועלט פאר א גאון און צדיק, צו וועמען מען פלעגט קומען פון אלע קאַנטן נאך א ברכה — האט אריבערגעבראַכט קיין קריניק זיין בארימטע מאַלטשער ישיבה. אבער דא האט ער פון איר קיין איבעריקן נחת נישט געהאט. איז דאך קריניק געווען א יישוב אן אינדוסטריעלער און רעוואָלוציאָנערער, און א ישיבה־בחור האט געדאַרפט אויסקומען בלויז מיט א רובל און פופציק

קאָפּיקעס א וואָך, און א סך פון זיי אפילו מיט א העלפט דערפון, משמעות מקיים זיין דעם מאמר חז״ל: פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה — נישט דערעסן און נישט דערטרינקען. האט טאַקע נישט איין ישיבה־בחור רעוואָלטירט, פורץ גדר געווען, פאַרלאָזן דעם שטענדער, אוועק ארבעטן אין די פאבריקן, און אויסגעביטן די אמוראים אביי און רבא אויף מאַרקס און ענגעלס. אזעלכע פלעגן די ארבעטער רופן דעריבער מיט נעמען פון דער גמרא ווי: „רב פפא" „רב הונא" אד״גל.

אין קריניק איז ר׳ זלמן סענדער ווייט נישט געווען אזוי געאַכט ווי אין דעם קליינעם אָרעמן מאַלטש, ווו אחוץ דעם כבוד, וואס אזא רב א גאון און צדיק האט געשאַפן דעם שטעטל — האט זיין ישיבה אויך אריינגעבראַכט פרנסה. אזוי פלעגן יידן, געבענטשטע מיט מיידלעך, איינקוואַרטירן ביי זיך בחורים און אין משך פון יארן אויפפאַרטאַגיען אויף אזא אופן נדן אויף אויסצוגעבן זייערע טעכטער.

אבער די אינדוסטריעלע קריניק האט זיך געגייטיקט אין א רב א שופט, וואס זאל באַהאַנדלען און דן זיין אין האַנדל־סיכסוכים ר׳ זלמן סענדער, ווידער, פלעגט זיך מיט קיין דין־תורות נישט פארנעמען, און פלעגט אַפּשיקן צום מורה־הוראה, וואס האט ניט פאַרמאָגט דעם דערצו נייטיקן אויטאָריטעט. זענען טאַקע די פאַבריקאַנטן נישט געווען צופרידן מיט דעם.

ר׳ זלמן סענדערס ווייב פלעגט די בעלי־דינים פרעגן א קלאָץ־קשיה: „פאר וואס לאָדעט איר זיך אזוי פיל? איך האב אָפּגעלעבט אין מאַלטש באלד 40 יאר און האב זיך מיט קיינעם ניט געלאָדעט!"

## ליכטיקע געשטאַלטן

פון אונדזערע ליכטיקע געשטאַלטן דערמאנט זיך מיר דער ערשטער — משה יהושע דער טעפער, א ייד, וואס איז געזעסן און געלערנט יומם ולילה, און גלייכצייטיק געווען א מרביץ תורה ברבים; ער פלעגט לערנען מיט די חברות. אן אָרעמער ייד אין א יישוב מיט אזוי פיל רייכע פאַבריקאַנטן — זענען אלע שטאָטשע געלטער געלעגן ביי אים און עס איז געווען זיכער און בטוח. די מפרנסת איז געווען זיין ווייב, א טעפּ־קרעמערקע אויף מאַרק. בלויז אום דאַנערשטיק, דעם מאַרקטאָג אין קריניק — פלעגט משה יהושע פארלאָזן דעם בית־המדרש און גיין העלפן זיין ווייב פארקויפן די טעפּ. האט זיך א פויערטע שטארק געדונגען און אים געוואָלט געבן ווינציקער פון קאָסטפּרייז, פלעגט ער איר משיב זיין בלשון הגמרא: — „ניע כאָטשעש האַרשאָק — איז לא מקודשת"; דאס האט ביים אים געמיינט: דו ווילסט ניט קויפן דעם טאָפּ — דאַרף מען נישט.

נאָך זיין פטירה האט פארנומען זיין פּלאַץ אין לערנען מיט די חברות וועלוול דער קוואַסניק, און נאָך אים צאַלקע דער שניידער, וואס איז שפעטער געוואָרן א מלמד. דאס איז געווען א ייד, וואס אין דער יוגנט האט ער ווינציק געלערנט און במילא ווייניק געקענט, אבער דערפאר האט ער אין די עלטערע יארן, ענלעך צום תנא ר׳ עקיבא, זיך גענומען צום לימוד־תורה מיט אזא התמדה, אז ער האט דערגרייכט די מדרגה פון לערנען מיט חברות.

דער חדר פון ר׳ שמואל דער רביצינס, דעם גמרא־מלמד, איז אין קריניק געווען חשוב ווי האַרוואַרד־ אדער פרינסטאָן־אוניווערסיטעט אין אמעריקע. אז עלטערן פלעגט ניט געפעלן די אויפפירונג פון זייער יינגל — פלעגן זיי אים פאַרוואַרפן, אז עס פאַסט נישט פאר אים אזוי צו טאָן: ער לערנט דאָך ביי שמואל דער רביצינס.

## באזונדערע עמכניקעס

געווען אין קריניק יידן דורכגעדרונגענע מיט טיפער אמונה, איינער פון זיי — זונדל איטעס. א גאַנץ לעבן האט ער זיך ארומגעמישפּט מיט מוניע דעם פאַרבער. אז ער איז שווער קראַנק געווארן, איז מיין פעטער געגאנגען אים מבקר חולה זיין. דערזען, אז זיינע טעג זענען געציילטע, מאכט מיין פעטער צום אים: „איך וועל גיין פאר אייך צו מוניען בעטן ביי אים מחילה" — „אָ, ניין, האט זונדל אים געענטפערט, כ׳וועל פאַרענדיקן מיינע דין־תורות מיט אים אין בית־דין של מעלה".

ס׳זענען אויך געווען שוואַכע מאמינים: אזא איז געווען יודל בערטשעקאָוועס. פון חודש אלול אָן, און בפרט אין די עשרת ימי־תשובה (פון ראש־השנה ביז

יום־כיפור), פלעגט ער האלטן אין איין זאָגן: „שוין באלד יום־כיפור און איך האב נאָך גאָרניט געזינדיקט".

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האבן זיך, צוליב דער דעמאלטיקער שווערער עקאָנאָמישער לאגע, א סך יידן גענומען צום פערד און וואָגן פאַר א מקור פון חיונה — אפילו אזעלכע, וואס וואָלטן בעסער געפּאסט זיך צו זיין מלמדים ווי בעלי־עגלות, יידן וואס האבן געקענט לערנען, וואס האבן אבער נישט געוווסט קיין אלף אין הלכות סוס. אזא איינער האט מיר דאן געפירט אין א דערבייייק שטעטל. ווי נאר מיר האבן זיך ארויפגעזעצט אויפן וואָגן, האט שוין דאס פערד נישט געוואלט גיין, זאג איך צום בעל־עגלה: — „ס'פערד בעט זיך אין וואָגן אריין, ס'וואלט געווען א יושר מען זאל אים ארייננזעצן אין וואָגן און מיר זאלן אים פירן". ענטפערט מיר דעו „בעל־עגלה": — „ווען איך זאג אים 'עי־נאָ! (א געהייס דעם פערד, עס זאל זיך נעמען רירן) בדרך — גיי אין וועג', ענטפערט דאס פערד: 'כוחי, כ'האב ניט קיין כוח, קיצר ימי'" (פּאַראַפראַזירט תהילים פרק ק"ב, פסוק כ"ד, „ענה בדרך כוחי, קיצר ימי").

ווי אומעטום, זענען אויך אין קריניק געווען טיפּן, ווי די „קאַפּיצעס", למשל, וואס פלעגן זיך צוגויפּערעדן אויף אַן אייגנדיקער „אידעאָמאַטיק". אזוינע זענען געווען, א שטייגער, שמואלקע און זיין איינקויפער לייבקע. שמו־אלקע פלעגט יענעם געבן געלט, ער זאל פאָרן אויף די מערק און איינקויפן פאַר אים פערד. מאכט זיך א מאָל, אז לייבקע האט אים געבראכט פון אַמדור א קליאַטשע, וואס איז נישט ווערט געווען דאס וואס ער האט באצאָלט פאַר איר. זאָגט צו אים שמואלקע בזה הלשון: „זאג אליין, דו לייבקע־אייבקע — פאַר אזא קליאַטשע־אַטשע האסטו באַצאָלט 20 רובל־אובל. איז אַך־אַך, זאָלסטו קריגן דעם בראָך!".

דער זעלבער שמואלקע איז איין מאָל גייענדיק אַ היים, פּלוצים אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד לעבן אונד־זער שטוב, און זיך אויסגעצויגן ווי א טויטער. בין איך אַוועקגעלאָפן און אַלאַרמירט זיין ווייב, מיינענדיק, אז ער האט זיך איינגעבראכן פון אַן אַפּאָפּלעקציע. אבער די ווייב האט נאכן ריח באלד פעסטגעשטעלט, אז ס'איז נאָר א שנאָפּס־אַטאַקע. האט זי אים אַראָפּגעלאָזט א פּאַטש אויף דער מחילה, און דער „טויטער" שמואלקע האט זיך מיט א מאָל געגעבן א הייב־אויף פון דער ערד און גענומען שטעלן פיס, ווי א רוח וואָלט אין אים אריין.

יום־כיפור פלעגט ער קומען אין גרויסן בית־מדרש און שרייען א גאנצן טאג: „שובה, תפילה, צדקה! (ותשובה ותפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזירה); ווייטער איז ביי אים נעבעך נישט געגאַנגען.

געווען אין קריניק א פוילישער דאקטער, דזשעדזשקאָווסקי, וואס פלעגט ליב האבן צו טרייבן שפּאַס מיט מענטשן. וואַסער פלעגט צו אים טראָגן יודל דער וואַסער־טרעגער. איין מאל האט דער דאקטער אים מכבד געווען מיט א טייגלאַז „גיינציקער"־שנאַפּס, און געמיינט, אז נאכן אריינשליוקן אזא כוסע, וועט זיך דער אלטער יודל פארהוסטן, פאַרניסן און ווער ווייסט וואס. אבער אז דזשעדזשקאָווסקי האט אים א פרעג געטאָן: „נו, יודל, ווי גלייכסטו דאס בראַנפן?" — „א ביסל וואַסער מ'שטיינס געזאָגט", האט יודל אָן ענטפער געטאָן, זייענדיק מוכן ומזומן אויף א ווייטער־דיקער כוסע.

— — —

די נאצי־בעסטיעס האבן אַלעמען פארשניטן. געווען א מאל א קריניק — א הארציקע, א טייערע, און נישטאָ מער.

משה וויינבערג (פינקעס)

## כ'דערמאָן מיך

אין מיינע קינדער־יאָרן האבן אין קרינעק געלעבט צוויי בלינדע: איטשע און מיין זיידע יאַנקל. אים געדענק איך און וועל דא אַנצייכענען עטלעכע פון מיין זיידנס שטייגער־שטריכן.

א טשעסליער, איז ער איין מאל אַראָפּגעפאַלן פון א רושטאָוואַניע, צעשפּאָלטן די קאָפּ און בלינד געווארן. זיין שטוב, אויפן שולהויף, גאר נאָנט צום גרויסן בית־מדרש, האט ער פארקויפט צו מיכל דעם שניידער און אָפּגעמאכט מיט אים, אז אין איין קאַמער בלייבט ער וווינען, כל זמן ער וועט לעבן, כדי ער זאל קענען אליין גיין בלינדהערהייט אין בית־מדרש.

איטלעכן פרימאָרגן, פאַרן גיין אין בית־מדרש, פלעגט ער אַוועקשטעלן א טעצל מיט א ביסל מילך פאַר דער

קאַץ, א שטענדיקע איינגייערין אין זיין קאַמער. ביים אַנגיסן די מילך פלעגט ער קיין מאָל נישט פארפעלן — ווי צו מאכן „המוציא” איבערן ברויט, וואס ער פלעגט עסן — צו אָפּזאָגן „ורחמיו על כל מעשיו”.

ער האט געקענט גאַנץ משניות אויף אויסווייניק, און איך פלעג דאַרפן אריינקוקן אין ספר און אָפּהיטן, ער זאל חלילה ניט איבערהיפּן א וואָרט ביים איבערלערנען.

און נאך איז ביי מיר פארבליבן אין מיין זכרון: יודל בערטשעקאָוועס, וואס פלעגט לייענען די „הצפירה”, האט מיין זיידן דערציילט, אז ער האט געלייענט, אז אין פעטערבורג זענען פארהאַנען דאָקטוירים, וואס אָפּערירן בלינדע און מאַכן זיי זעעוודיק, יודל האט בכן געראטן דעם זיידן, ער זאל שרייבן צו זיינע צוויי טעכטער אין אמעריקע, זיי זאלן אים שיקן געלט אויף צו דורכפירן אזא אָפּעראַציע. האט אים דער זיידע געענטפערט:

„ניין, יודל, כ'וויל נישט מער ווערן זעעוודיק און אָנהויבן זינדיקן פון דאס ניי!”

און אזוי איז ער זיך ווייטער אָנגעגאנגען מיט זיין גאָטפּאָרכטיקער פרומער פירונג, ביז ער איז אין יאר 1903 בלינדערהייט אוועק קיין ארץ־ישראל, ווו ער איז ניפטר און ניקבר געווארן אין ירושלים

און ערשט א פאר ווערטער וועגן מיכל „בעלאַרצער”, מיין רבי, וואס איז אומגעקומען מיט אלע קרינקער קדושים פון די נאצישע בעסטיעס. ער איז געווען א ייד א האַרציקער, וואס פלעגט זיך שטארק ערגערן, ווען עס פלעגט אים אויסקימען צו געבן א פעטשל א תלמיד פאר א שלעכטער אויפפירונג.

ביי זיין ווייב רחל־לאה, וואס איז געווען נישט אזוי אָפּגעהיט מיט אירע רייד, פלעגט ער זיך מתחנן זיין כמעט מיט געוויין: „גוואַלד, רחל־לאה, וואס דאַרפסטו שילטן יענעם — בענטש בעסער זיך!” און גאַנץ אָפט פלעגט אים טאַקע געלינגען צו משפיע זיין אויף איר צום גוטן.

# קרינקער לעבנס־שטייגער

**בערל זאַקאָן (בעלאַרצער)**

## נישט קיין פאַנאַטישער יישוב

עס זענען געווען ביי אונדז אין קריניק פרומע יידן, אבער נישט קיין פאַנאַטיקער. פון אָפּשערן א פרוי די האָר נאך דער חתונה האבן אונדזערע אבות אבותינו נישט געוווסט פון חתונה מאַכן א יתום מיט א יתומה און שטעלן די חופּה אויפן בית־עולם, כדי צו צאַמען דעם צו שטאַרקן אָפּעטיט פון מלאך־המוות — אז אַזוינס קען פּאַסירן, האב איך זיך דערוווסט ערשט פון מענדעלע מוכר־ספרימס בוך „פישקע דער קרומער”.

א חתונה איז געווען א וויכטיקע פּאַסירונג. מיט יאָרן צוריק פלעגט מען די חופּה שטעלן אויפן שולהויף. חתן־כלה פלעגן ווערן באגלייט צו איר פון א המון מענטשן, מען האט זיי אַהין צוגעפירט פון די ווייטסטע הייזער. פאָרויס זענען געגאַנגען די כלי־זמרים מיט זייער פירער משה קריינעס. לעצטנס פלעגט מען שטעלן די חופּה לעבן „זאַל”.

## שבת און יום־טוב

שבת־קודש

פון דאָנערשטיק אָן פלעגן די קרינקער ווייבער נעמען אריינברענגען דעם שבת אין שטוב. פרייטיק פאר נאכט האט שוין אין די יידישע הייזער געשמעקט מיט פרישע חלה. דעם טשאָלנט פאררוקט, די הייזער אויפגעראַמט, די לייכטער אָפּגעשייערט, די שבתדיקע נשמה־יתירה האט זיך שוין גענומען פילן. א ביסל שפּעטער פלעגן די טראַדיציאָנאַלע יידן, ארומגעוואַשענע און איבערגעטאָנענע אין שבתדיקע מלבושים, ארויס צו די בתי־מדרשים מקבל־שבת זיין. די פרומע ווייבער האבן שוין דערווייל אָפּגעבענטשט ליכט און דער שבת האָט שוין באַהערשט דעם אַרום מיט זיין פולער פראַכט. מיט שבתדיקער געמיטלעכקייט — גייט מען פון דאַווענען אַהיים, עס הילכן דער ברייטער „גוט שבת!”, דער „שלום עליכם מלאכי השרת”, דער קידוש, און שפּעטער — די זמירות.

שבת אין דער פרי, קומענדיק פון דאַוונען, נעמט

מען זיך צו דער ריכטיקער סעודה, וועלכע מען וואַרט אַפּ א גאַנצע וואָך. היות ווי קרינקער יידן האבן ניט געוווסט פון קיין דיעטעס, האט מען געגעסן ווי א פאַרשפּייז געהאַקטע אייער מיט ציבעלעס, רעטעך מיט שמאַלץ; נאָך דעם — פעטע פלייש (מען פלעגט זיך אפילו באַקלאָגן אויף דעם, וואס מען פאַרקויפט צו די רייכע מער פעטערע פלייש ווי צו די אָרעמע) און א טשאָלנט מיט קוגל (אפילו מיט 2 קוגלען), צימעס און נאָך אַזוינס. די קרינקער רעוואָלוציאָנערן זענען געווען פריידענ־קעריש געשטימט — אבער אין תחיית־המתים האבן זיי געגלייבט: א סימן איז, פלעגן זיי זאָגן, אז מען לייגט זיך שלאָפן נאָך אזא שווערן מאָלצייט — און מען שטייט ווידער אויף, און נאָך געזונטערהייט.

נאָכן שלאָפן פלעגן עלטערע יידן גיין אין בית־מדרש לערנען בחברותא, אָדער זאָגן פּאַר־זיך פרק (זומער), „ברכי נפשי״ (ווינטער). אדער כאָטש א פּאָר קאַפּיטלעך תהלים.

פאַרגייט דער שבת־קודש, ווערט אומעטיק אויפן האַרצן. ווייבער נעמען זאָגן „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב״. אויס מיט דער נשמה־יתירה, די גרויע וואָך קומט ווידער אָן.

רעוואָלוציאָנערע יוגנט האט געלעבט מיט איר עונג־שבת — פון גיין אין וועלדער צו פאַרזאַמלונגען, אדער צו רעפעראַטען און דיסקוסיעס, און די דאָזיקע שטימונג פלעגט זיך נישט אויסהויכן אויך מיט אוועקגיין פון שבת.

#### ימים־נוראים

ראש־חודש אלול פלעגן ווייבער גיין אויפן הייליקן אָרט „מעסטן פעלד״. א סך פרויען פלעגן נעמען שרה רחל די גראַבע פאר זייער שליח־ציבור, זי זאל זיין פאר זיי אַ קלאָגערקע און א בעטערקע.

ימים־נוראים פלעגן די בתי־מדרשים זיין איבער־געפּאַקט, אפילו יענטעס, אין וועלכן מען פלעגט אין מיטן וואָך קוים אויפפאַרטאָגיען א מנין (שטענדיקע דאַוונערס אין דער פרי זענען דאָרט געווען נאָר אַ פּאָר אַלטע־לייט, און דאס — מחמת זיי פלעגן באקומען דערפאַר פון צייט צו צייט אַן עקסטרע גלעזל יי״ש מיט טאָרט).

ערב יום כיפור צו מינחה פלעגן מהדרין במצוות זיך לאָזן אין די בתי־מדרשים שלאָגן מלקות (פאַרשטייט זיך, אויך באַצאָלן דערפאר). די פאַדלאָגעס דאָרט זענען שוין געווען אויסגעשפּרייט מיט שטרוי. אין צו כל־נדרי זענען אַלע בתי־מדרשים געווען אָנגעפּיקעוועט מיט עולם. (ווען ר׳ זלמן טענדער האט גוזר געווען, מחמת די שריפות און דער אומגעזונטער צייט, אז מען זאל צו כל־נדרי פאַר־שליסן די ווייבער־שטיבלעך — עזרות־נשים — איז דאס ביי די קרינקער פרויען געווען פאררעכנט פאַרן גרעסטן גזר, וואס א הערשער האט ווען נישט איז ארויסגעגעבן). די מענער — איינגעהילט אין טליתים, א סך אין ווייסע קיטלען. אין א פייערלעכער מיט פאַרכט דורכגעזאַפּטער שטילקייט, הערן אלע געשפּאַנט זיך צו צום כל־נדרי. און נאָך מעריב און די „יעלות״, פאַרבלייבן א סך אין בית־מדרש צו זאָגן שיר־הייחוד און תהלים. מיין פאָטער פלעגט בכלל נישט צוריקגיין אַהיים שלאָפן. ער פלעגט אויך די סעודה מפסקת (דאס פארפאסטן) נישט עסן, כדי עס זאל אים נישט דאָרשטן א גאנץ יום־כיפור. א שוואַכער מענטש איז ער געווען — פלעגט ער טאָקע דערפון נאָך דעם קרענקען א לענגערע צייט.

#### סוכות

סוכות פלעגן יינגלעך טראָגן דעם לולב פון שטוב צו שטוב, איטלעכער זאל קענען בענטשן אתרוג. חול המועד — די וואַקאַציע־צייט — פלעגן געשלאָסן ווערן שידוכים, מלמדים פלעגן זיך באַזאָרגן מיט א קנעלונג, „מענטשן״ — מיט שטעלעס.

ליל הושענה־רבה פלעגן פרומע יידן זיצן א גאַנצע נאַכט לערנען משנה־תורה און זאָגן תהלים. ס׳איז געווען אָנגענומען, אז אין אָט דער נאכט שפּאַלט זיך דער הימל און אלע בקשות ווערן דאַן דערפילט. דערציילט מען, אז איינער האט א גאנצע נאכט געבעטן כל־טוב, האט עס אבער ארויסגערעדט „קאַלטון״, האט דער רבונו־של־עולם טאַקע דערפילט יענעמס בקשה.

שמחת־תורה פלעגט מען דאַוונען — און דער עיקר גלייכצייטיק לייענען — אויך אין די אַכסדרות און אפילו אין די עזרות־נשים, כדי מרבה צו זיין חתני־תורה און חתני־בראשית, און דערמיט — נדבות פאר דער מאָגערער הכנסה פון די בתי־מדרשים.

שמחת־תורה איז געווען דער פריילעכסטער טאָג פון יאָר אין קריניק. נח קיילעס פלעגט אויסשרייען „צאן

קדשים!" אין אלע קינדער פלעגן אן ענטפער טאָן: „מע!" — ווי שעפּסעלעך. נאָכן דאַווענען פלעגט מען אַלעמען טיילן לעקעך מיט בראָנפן.

חנוכה און פורים

חנוכּה, כאָטש א נאַציאָנאַלער יום־טוב. אָבער געוויד־מעט דעם געשעענעם נס, פלעגט מען עסן לאַטקעס און שפּילן אין דריידלעך.

דער צווייטער פריילעכסטער יום־טוב אין יאָר איז געווען פּורים (משנכנס אדר — מרבים בשמחה). נאָכן לייענען די מגילה פלעגט מען טיילן געלט צו אָרעמע־לייט. היינט דאָס שיקן שלח־מנות איינער צום צווייטן! פּורים־שפּילערס פלעגן אַרומגיין אין די מער פאַרמעג־לעכע הייזער משמח זיין דעם עולם און מאַכן א פּאָר גילדן אויף פּסח.

דער ליבער פּסח

באַלד נאָך פּורים פלעגט אָנשטיין דער ליבער ערב־פּסח. נאָכן שווערן ווינטער מיט זיינע פרעסט און שנייען, דערנענטערט זיך דער זמן־חרותנו צוזאַמען מיטן תחיית־המתים פון דער נאַטור. די „פּאַדריאַדן" נעמען זיך צו באַקן מצות. דער רעדלער אָדער טרעגער טראָגט אָפּ אין א קויש די ערשט אויסגעבאַקענע שמעקעדיקע מצות צו די באַלעבאָסטעס (האָט מען יענעם גוט באַצאָלט, פלעגט ער אָנווינטשן: „כּל טוב"; חס וחלילה, נישט — פלעגט אַזוינער צומורמלען: „איבער א יאָר אין גן־עדן!"). ערב־פּסח, ווען די „פּאַדריאַדן" פלעגן שוין שטיין — פלעגן די מהדרין עקסטרע אָפּדינגען איינעם און באַקן פאַר זיך מצה־שמורה. די גאַנצע ארבעט, פונעם מעל שיטן ביזן זעצן אין אויוון — פלעגן זיי דורכפירן מיט זייערע אייגענע הענט.

פאַרן קליינוואַרג פלעגט מען מאַכן נייע אָנצוגן און שיך אויף פּסח. דעם גרעסטן עגמת־נפש פלעגט נעבעך האָבן א קינד, אויב דער שניידער אָדער דער שוסטער פלעגט נישט באַוויזן אויספאַרטיקן פאַר יענעם אויף פּסח דעם באַשטימטן בגד אָדער די פּאָר שיך.

א באַזונדערן תענוג פלעגט דער פּסח פאַרשאַפן אונדז חדר־יינגלעך. נאָך די שווערע ווינטערס מיט די גרויסע שנייען, גיין ביי נאַכט פון חדר מיט א פּאַפּירענע לאַמטערנע (ניט איין מאָל פלעגט זי זיך אָנצינדן אין מיטן וועג) — פלעגן מיר זיך, מיטן קומען פון פרילינג, פילן ווי אַרעסטאַנטן ערשט באַפרייטע פון תפיסה. פלעגן מיר טאַקע גלייך אוועקלויפן אין יענטעס הויף און וויריאַנס וואַלד, און אַוודאי נישט אויסלאָזן צו שפּילן אין ניסלעך.

שבועות

שבועות, כאָטש מען פלעגט עסן מילכיקס, מאכלים אָנגענומענע פאַר ווייניקער חשובע, ווי בשר ודגים — איז דאָך געווען א זייער אָנגעלייגטער יום־טוב. ערשטנס — צוליב מתן־תורה, און צווייטנס, ווייל שבועות אין מען מער פריי, מען פלעגט זאָגן: פּסח קען מען עסן אָוווּ מען וויל, אבער מען טאָר דאָך נישט עסן וואָס מען וויל, אָבער אין ליבן שבועות מעג מען עסן וואָס מען וויל און אָוווּ מען וויל.

תשעה־באב

תשעה־באב איז א טאָג פון טרויער, אבער אין קריניק פלעגט מען פון אים קיין גרויסן וועזן נישט מאַכן. אבער תשעה־באב 1914 האָט אין קריניק געהערשט א גאַר גרויסער טרויער, ווייל א טאָג פאַר דעם האָט מען מאָביליזירט דעם „רעזערוו" און געשיקט צום פראָנט צו שלאָגן זיך מיט די דייטשן.

## „לינת־הצדק"

נאָך זינט סוף פאַריקן יאָרהונדערט האָבן מיר פאַרמאָגט אין קריניק א חברה „לינת־הצדק־ביקור־חולים", וואָס אירע מיטגלידער זענען געווען יונגע נישט־פאַרהייראַטע פרויען, זיי פלעגן אויספּילן דעם פלאַץ פון קראַנקן־שוועסטער: נעבעכטיקן ביים חולה, און ווי מעגלעך געבן אים די נייטיקע הילף. היות ווי מאַכן באַנקעטן פאַר פרויען איז דאַן נאָך ניט געווען אנגענומען, פלעגט זיי ניאַמע באַלעמירער, איין מאָל אין יאָר, ברענגען א חלק טאָרט אין שטוב אריין. אָרעמע חולים פלעגט מען געבן מעדיצינען אָן געצאָלט, און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — אויך מילכיקס.

מעדיצינישע כלים פלעגט מען אויסלייען איטלעכן וואָס האָט זיך געניייטיקט אין דעם. יאָרן לאַנג זענען אָט די כלים געווען ביי אונדז אין שטוב. אין מיטן וואָך פלעגן זייער ווינציקע עס פאַרלאַנגען. דערפאַר אבער פלעגט ווערן אויף דעם א געלויף פרייטיק צו־נאַכט. קריניק איז דאָך געווען אַן אַרבעטשטאָט, פלעגט

מען זיך נישט דערלויבן אריינצולייגן אין בעט און נוצן די כלים — פלעגט מען עס אָפּלייגן אויף שבת.

**בצלאל פּאַטשעבוצקי**

## משוגעים און צעדרייטע; צונעמענישן

### כתם־געריטע

מיירים שווייגעדיקער — א הויכער, א שיינער מיט שוואַרצע האָר און באָרד. ער פלעגט זיך מאַכן שטום, זיך פאַרגיין אין א ווילדן געלעכטער; פלעגט טראָגן וואַסער און שלאָפן אין גרויסן בית־המדרש, זומער זיך אַרומדרייען באָרוועסערהייט.

מ'האָט דערציילט, אז ער איז פון גרויסן ייחוס, געענדיקט אוניווערסיטעטן, קען שפּראַכן. ער פלעגט שרייבן אדרעסן קיין אויסלאַנד, העלפן עקסטערניקעס אין לערנען מאַטעמאַטיקע, אַלגעברע, געאָמעטריע און שפּראַכן — ענגליש און פראַנצייזיש.

מ'האָט ניט געוווּסט ווען ער איז געקומען קיין קריניק, און ווען ער איז אַוועק. מ'דערציילט, אז אין יאָר 1920, ווען די באָלשעוויקעס זענען אריין אין קריניק, האָבן זיי אים געטראָפן אין בית־המדרש איינעם אַליין און געוואָלט אים פאַרשן — האָט ער געשטומט. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז ער קען ריידן, האָבן זיי אים אַזוי אָנגעשלאָגן, אז ער איז מער ניט געקומען צו זיך און נאָך א געוויסער צייט אַרום געשטאָרבן.

מען דערציילט אויך, אז א קרינקער בעל־הבית ,פון די רעדלפירער פון שטאָט, האָט א מאָל געפרעגט מיירימען, פאַר וואָס איז אין קריניק פאַראַן אַזוי פיל בלאָטע? — האָט אים מיירים געענטפערט: „אז דער רבונו־של־עולם האָט געגעבן א קוק, אז א י ר וועט דאָ זיין א פירער פון שטאָט — האָט ער א שפּיי געטאָן אויף דעם אָרט, און פון דעמאָלט אָן איז דאָ א בלאָטע״.

מאָטקע — זיין משוגעת איז באַשטאַנען אין עסקענען זיך מיט זיין טויטן טאַטן. ער פלעגט שלאָגן זיין מוטער, א קליינינקע און איינגעבויגענע (האָט געהאַט אן אייזנקראַם); פלעגן זיי ביידע גוואַלדעווען און מאַכן אַזא ליאַרעם, אז דאָס שטעטל פלעגט זיך אויפלויפן.

מאָטקע פלעגט טראָגן שפּייז צום טאַטנס קבר און שרייען, אז עס איז וואַרעמס. ער פלעגט אָנפאַלן אויף דער מאַמען, ווען זי האָט אים קיין וואַרעמס נישט צוגעגרייט, אָדער אים אָפּגערעדט פון גיין צום בית־עולם.

מאיר „ציצון״ — א פאַרברודיקטער — פלעגט טעהנען, אז די מאַמע האָט אים אָנטווינט „צו יונג״.

שמעון א „זשאַנקע״־גיבור — מיט ברייטע פּלייצעס און א בלאָנד געדיכט געקרייזלט באָרד. ער פלעגט זיך בעטן א שידוך, א „זשאַנקע״. „איך שוגע (משוגע), אלע שוגעו!״ — פלעגט ער טענהן.

איטשע קוגעלעך, אָדער „מלאך־המות״ — שטענדיק צעכראַסטעט, אין אן אויפגעקנעפּלטער העמד, מיט צעשויבערטע האָר און ארויסגעשטאַרצטע אויגן; פלעגט אויסרופן אין שטעטל, אַז עמיצער פלעגט ניפטר ווערן.

יענטע קליינקעפּעלע האָט פאַרמאָגט שיינע רויטע בעקעלעך, פלעגט ריידן האַלבע ווערטער. די עלטערן פלעגן זי האַלטן אין דער היים, פלעגט זי זיך אַרויסגנבענען פון צייט צו צייט. אז זי איז געוואָרן טראַגעדיק, האָט זי געטעהנט, אז דאָס האָט אָפּגעטאָן דער „פאַרברענטער״.

סעזאָן־משוגעים

קותיאל — א שטילער מענטש מיט א משפחה, א מלמד, א גאַרבער — געוואָרן א קאָברינער חסיד. חודש תמוז פלעגט ער אויסרופן, אז ריניקן זיך פון זינד קאָן די שטעטל נאָר דורך טבילה, און פלעגט לויפן א באָרוועסער צום טייך.

שמחה רחל מאָטשקעס — א תלמיד־חכם, געהאַט סמיכות אויף רבנות און שחיטה; מ'האָט אים אָבער נישט דערמעגלעכט זיך צו עוסק זיין דערמיט, האָט ער זיך אַליין דערקוילעט.

### א דיבוק־היילערקע

קיין קריניק פלעגט מען ברענגען „געכאַפּטע אויף א דיבוק״ — צו די „קידרים״ (טאַטערס) פון קרושעניאַן, ווו ס'איז געווען א „היילערקע״ אויף דעם.

### צונעמענישן

איטקע־קיטקע, אַלטע חלות, די באַטשקעס, די בעבע־לעך; די גימזלעך, דראַטש, לאַפּאַנץ מיט די גלעקלעך, לייזר דראַלעס, מאַטש־פּאַטש, מוכאַלאַפּ, מיטל־שטיקל,

מילב. סלאוועץ, סקרייטשיק, דער פארברענטער, פלעכטל, די קוגעלעך, קירבעס, שמויש.

צונעמענישן לויטן היים־אַפשטאַם

אַמסטיבאָווער, גראָדנער, לאַפּיניצער, ספּאָדווילער, שטשוטשינער א״אַ.

**א. פרידענשטיין**

## א תיקון־טעות

צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן וועגן קריניק, ווען איך בין געווען א ישיבה־בחור אין ברעסטאָוויץ. דאָרט פלעג איך הערן די יידן אין בית־המדרש ריידנדיק מיט ביטול וועגן די קרינקער פאבריק־ארבעטער, וואס זענען געפערלעכע סאָציאַליסט־לעך און אזוינע מומרים־להכעיס, אז עס איז רעכט ביי זיי צו עסן אום יום־כיפור בפרהסיה, און נאך טרייפע קאָלבאַסע דערצו. מיר האט דעמאָלט געשיינט, אז א קרינקער בחור איז ממש א הפקר־יונג, וואס רעכנט זיך ניט מיט די געפילן פון זיינע מיטמענטשן.

דער היפוך פון דעם, האב איך געמיינט, איז א ברעסטאָוויצער בחור — דאס בעל־הביתיש קינד. האבן זיך דאך דאן געפונען אין ברעסטאָוויץ בחורים־לערנער, א סך פון זיי אויך משכילים „שוחרי־שפת־עבר״. די דאזיקע זענען געווען אמת אנגעשטעקט מיט אפיקור־סות — פון די „ספרים חיצוניים״, וואס זיי פלעגן זיך אַנלייענען, אַבער זיי זענען בני־תרבות, פיין דערצויגענע קינדער, טרעטן נישט ארויס אָפן קעגן יידישע דינים און טראדיציעס, און טרעטן נישט אָן אויף די געפילן פון זייערע מיטמענטשן.

אבער פנים אל פנים האב איך מיך ערשט באקאָנט מיט קרינקער מיט צענדליקער יארן ארום, גאר אין אמעריקע — אין טשיקאַגע. דאָ האב איך מיך ארומגעזען, ס׳אַר אַ פאַלשע מיינונג כ׳האָב וועגן זיי געהאט — פונקט דער היפוך וואס זיי זענען. אין דער צייט, וואס קיינער פון אַמאָליקע ברעסטאָוויצער בעל־הביתישע יונגע־לייט האבן זיך נישט אָפּגערופן אויף מיין רוף עפּעס צו טאָן צו־זאַמען פאר די נויטליידנדיקע פון אונדזער שטעטל — האבן די קרינקער אַמאָליקע בחורים, די נישט־פרומע, דאָ פארהאַנדלט וועגן שטיצן אַלע קרינקער אַנשטאַלטן, אויך די רעליגיעזע, אויס טאָלעראַנץ לגבי די באדער־פענישן פון אַלע יידישע עלעמנטן אין קריניק. האב איך מיך טאַקע אָנגעשלאָסן אָן דעם קרינקער אונטערשטי־צונג־פאריין, און אפילו ווי אן אַקטיווער מיטגליד.

מיין טעות גמור האב איך בכן מתקן געווען.



קראָקעט־שפּיל אינעם האָלב־אינטערנאַט (טאָגהיים) פאר יתומים
משחק בפנימייה־למחצה (לשעות־היום) ליתומים

# ציונים ורשומות — נאָטיצן און כראָניק

## פאַריידישטע נעמען פון קרינקער גאַסן

אַמדורער גאַס; באַד־געסל; ביאַליסטאָקער, גמינע־ און גראָדנער גאַסן; דער האַלינקערקעס גאַס; חייקלס (אָזשעשקאווע) גאַס; חסידים־געסל, אדער חסידאַרניע־ (גראַכאָווע) גאַס; טעפּערשע גאַס; דער מאַרק און מאַרק־פּלאַץ; מיל־גאַס (קאָסטשעלנע); נייע־ און סאָקאָלקער גאַסן; פּאָטשט־ און פּאַרעטשער גאַסן; פּרץ־גאַס; צער־קווע־(קלויסטער־) גאַס; קאַנצעלאַריע־גאַס; שול־געסל; שולהויף; שישלעוויצער־ און שמידישע גאַסן; שמאַלע געסל (וואָנסקע).

צונעמען פון געגענטן: „טיפּליס״; „קאַווקאַז״, יענטעס הויף, וואַלד (וועלדל) און סאַד.

## חקלאים יהודים בקרינקי

בימי הכיבוש הגרמני שבמלחמת־העולם הראשונה ניפנו משפחות יהודיות רבות בקרינקי לעיסוק בחקלאות, בייחוד בעיבורי העיירה ובסביבתה. היו בין אלה, שהוסיפו לעסוק בכך, בייחוד בגידול של תפוחי־אדמה, גם לאחר גמר המלחמה ההיא.

וכך מוצאים אנו (לפי מיפקדו של ד״ר ליפּובסקי, מטעם ה„ג׳וינט״), שב־1921 עיבדו 37 משפחות יהודיות בקרינקי 10 „דסיאַטינות״ (למעלה ממאה דונם) קרקע; עסקו בכך 135 איש ונתפרנסו מזה 246 נפשות.

וגם ב־1927 (לפי הדו״ח של חברת „יק״א״) עיבדו בקרינקי 2 משפחות יהודיות שטח חקלאי בן 21 הקטאַרים (200 דונם).

## יידיש בתחום העירייה

מועצת־העירייה בקרינקי החליטה ב־1927, לפי הצעתו של חבר המועצה בנדט נישט, וברוב דעות של 19 קול נגד 15 — שכל המודעות וההוראות הרשמיות של העירייה תידפסנה, מלבד בפולנית, גם ב י י ד י ש; וכן אפשר יהיה לנאום ולהביע דעה ביידיש בישיבות של מועצת־העירייה.

להחלטה זו היתה דרושה הסכמת ה„סטאַרוסטה״ (מושל המחוז).

## יידיש אין קרינקער שטאָטראַט

אין יאר 1927 האט דער קרינקער שטאָטראַט, לויטן פאַרשלאַג פון זיין מיטגליד בענדעט נישט, און מיט א מערהייט פון 19 שטימען קעגן 15 — באַשלאָסן, אַז אַלע אָפיציעלע באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדענונגען פונעם שטאָטראַט, זאָלן געדרוקט ווערן נישט נאָר אין פּויליש, נאָר אויך אין יידיש; און אַז אויף די זיצונגען פונעם שטאָטראַט מעג מען זיך ארויסזאָגן און האַלטן רעדעס אין יידיש.

צום אויספירן דעם דאָזיקן באַשלוס איז נאָך נייטיק געווען די איינשטימונג מצד דעם „סטאַראָסטע״ (קרייז־מושל).

(לויט „גראָדנער מאָמענט״ פון 25סטן נאָוועמבער 1927)

## קהילת קרינקי מכריזה חרם על גרמניה הנאצית

הנהלת הקהילה היהודית בקרינקי ניגשה באביב 1933, לארגן חרם נגדי על גרמניה הנאַצית, והיא בחרה לשם כך ועד מיוחד. זה קרא לתענית־ציבור בשמונה במאי והודבקו מודעות גדולות, בהן נקראו התושבים היהודים לנעול באותו יום אחר־הצהריים את חנויותיהם ולהפסיק את עיסוקיהם ולהתכנס לפנות ערב לעצרת־עם בבית־הכנסת הגדול, שם תיערכנה תפילות ויושמעו דברים, בכללם מפי הרב דמתא, על מצב היהודים בגרמניה ובברית־המועצות.

## חנוכת־הבית פונעם „חדר־הכללי״

די „חנוכת־הבית״ פון דעם „חדר־הכללי״ אין יאר תר״ץ, איז געווען א „שטאָט־געשעעניש״ אין קרינקי, עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן און געקומען צו דער פייערונג, רבנים און עסקנים פון א ריי שטעט און שטעטלעך, וביניהם אויך ר׳ מאיר קאַרעליץ זצ״ל פון ווילנע. און די אַלע — א חוץ די שטעטלשע פני, עסקנים און ראשי־הקהילה און פאַרשטייערס פונעם מאַגיסטראַט און פון דער מאַכט.

עס האט געשפּילט אן אָרקעסטער און דער סאָקאָלקער

חזן האט געזונגען חזנות היינט די באגריסונגען — צו ערשט ב. איאן, פארזיצער פון דער קהילה, וועלכע האט אסיגנירט לטובת דעם „חדר" 500 זלאָטעס און מבטיח געווען אים תמיד צו אונטערשטיצן; דאן זאב (וועלוול) וויינער אין נאמען פון „ועד־הבנין", שאלאכאוויטש — פון דעם „ועד־ההורים", סעגאל — פון די האנטווערקערס, רודי — פון „לינת־הצדק", טארלאָווסקי — פארזיצער פון דער גמילות־חסדים־קאסע, יצחק סלאפאק — פון די קליינהענדלער, מלמד — פון די בתי־מדרשים, לוב־לינסקי — פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. דערנאך — ניט־יידישע פארשטייערס פון דער מאכט און פון דער־ציונג־אנשטאלטן; און דאן רבנים און אנדערע פראמינענטע געסט, און באזונדערס דער „בעל־שמחה הראשי" גופא, דער איניציאטאר און שאפער פונעם „חדר־הכללי" — הרב ר' חזקיה יוסף מישקאָווסקי זצ"ל.

די צווייטע טייל פון דער חגיגה, וואס האט זיך פארצויגן ביז שפעט אין דער נאכט — איז געווען געווידמעט צו מאכן „מי־שברכס" די מתנדבים, און דאס האט אריינגעבראכט איבער 700 דאלער, א גאר היפשע סומע אין יענע צייטן.

„עס איז פריידיק געווען צו זען, ווי מענער און פרויען טראגן זייערע נדבות אויפן בנין" פונעם „חדר", שרייבט „ע־ן" (דער קוזניצער רב ר' ניסן עקשטיין זצ"ל), וועלכער האט אנטיילגענומען אין דער פייערונג — אין דעם ווילנער „דאס ווארט" [איבערגעגעבן לויט מ. ציניאָוויטש]. „און שיינע מאמענטן זענען געווען" (שרייבט דארט „אברהם בן החיים", זון פון הרב ר' ח"י מיש־קאָווסקי), ווען „אן ארעמאן, וואס גייט איבער די הייזער, האט צוגעטראגן זיין נדבה ח"י זלאָטעס; און „אפילו אנגעהעריקע צו גאר לינקע גרופירונגען האבן — — אונטערן רושם פון דער — — פייערלעכקייט געגעבן באדייטנדיקע נדבות, איבער זייערע מעגלעכקייטן". און ווידער „מאסן פרויען" האבן „לויט דער אינציאטיוו פון דער היגער רבנית ברײנע מישקאָווסקי, געבראכט זייערע נדבות, נישט באנוגנדיק זיך מיט דעם וואס זייערע מענער האבן מנדב געווען".

און לסוף האט דער עולם, יונג און אלט, חסידים, רבנים און אנשי־מעשה, דבקותדיק זיך צעזונגען כהלכה און אוועקגעלאזט זיך אין א „פעסטן טאנץ", און מיט געזאנגען פון „כי בשמחה תצאון" — איז מען זיך צעגאנגען פון די ריקודים, „גרייטנדיק זיך אויף מארגן".

## „קרינקער וואכנשריפט"

א ציוניסטישע אויסגאבע, „קרינקער וואכנשריפט", איז דערשינען אין שטעטל אין יאר 1918.

(פירסום ציוני, בשם הנ"ל, הופיע בקרינקי בשנת 1918).

## „פונקען"

עטלעכע העקטאגראפירטע העפטן, אונטערן נאמען „פונקען" — „ארגאן פון 'פועלי־ציון' און 'פרייהייט' אין קרינקי" — זענען דערשינען אין זומער 1927.




## „דער יונגער רעוואלוציאנער"

אן אומלעגאלע קאמוניסטישע אויסגאבע, „דער יונגער רעוואלוציאנער", איז דערשינען אין קרינקי אין סעפטעמבער 1928.

## „סיפור מחיי העיר נקנור" (קרינק)

סיפור מחיי קרינקי, בשם „כבוד המדומה", מאת „הצעיר יצחק בארג" (ב־38 + 2 עמודים, בתבנית של ⅛ הגליון), הופיע בוואַרשה בשנת תרנ"א (1891). מעבר לעמוד השער של הקונטרס, מובא „מכתב־תהילה" מאת הסופר המשכיל העברי אברהם־בר גוטלובר, ה„מאשר", כי ידע היטב את לשונו וסגנונו של תלמידו „הצעיר המשכיל השלם י. בארג, ממאמריי שנדפסו ב'המגיד', 'המליץ' ו'הצפירה'".

מחבר הסיפור, הרב יצחק בארג, נולד בקרינקי תר"ל (1870) לר' חיים, מטובי המלמדים שבעיירה.

י׳ בארג נתייתם בילדותו ונדד למקומות־תורה שונים, עד שבא להשתלם בה לביאליסטוק, בה נתיישב. שם היה מבאי־ביתו של א״ד גוטלובר ומן המסתופפים בצלו של הרב ר׳ שמואל מוהליבר.

עם ייסודה של האגודה הציונית הרשמית בביאלי־סטוק, היה לאחד מפעיליה, ונתגלה כמטיף ציוני ונואם בחסד בכל הסביבה. ועם הקמתה של קרן־היסוד, נתמסר להטפה למענה בהצלחה בכל רחבי פולין לעריה ועיירותיה, ובייחוד בקרב החוגים הדתיים, לרבות של „אגודת־ישראל״. את ילדיו חינך ברוחו, והם עלו אחד אחד לארץ, וב־1937 — גם הוא גופו.

הוא נפטר בתל־אביב בא׳ באלול תשי״א (1951).

מלבד סיפורו מחיי קרינקי, הוציא (בווארשה, תרנ״ד) 2 „ילקוטים ספרותיים״, בשם „הגדיש״.

### ספר על קרינקי ואנשיה

ספר מוקדש לקרינקי ואנשיה, הוציאו בשנת 1930 לאור יוצאי־העיירה שבצ׳יקאגו, ארצות־הברית — למלאות 15 שנה ל„אגודה הקרינקאית הראשונה לסיוע״ („ערשטער קרינקער אונטערשטיצונגס־פאראיין״).

הספר, בן 118 עמודים מודפסים על נייר משובח, נערך ע״י האחים היימאן ואב[רהם] מילר, שפירסם בו מאמר רב־ערך, בלשון עממית שנונה, מחייה של עיירת־מוצאו, מתולדות התפתחותה התעשייתית, ממאבקי פועליה היהודים, ועל אישיה ודמויותיה, אנשי־„עמך״ במיוחד. ואחריו החרו־החזיקו בני־קרינקי זולתו, בהעלותם את זכרונותיהם מעיירתם ב„ספר־הזכרון״ ההוא.

נוסף לכך ולמידע על מוסדות־הציבור שבקרינקי, מכיל הספר, שהוא כיום יקר־המציאות — גם תצלומים לרוב, מהם נדירים ביותר.

חלק מאוצר קרינקאי זה עובד ונערך מחדש והוכלל באכסנייתנו זו שלנו.

### א בוך וועגן קרינקי און קרינקער

א ווייכטיק אנדענק־בוך וועגן קרינקי (118 זייטן, געדרוקט אויף כראם־פאפיר) האבן, אין יאר 1930, ארויסגעגעבן לאנדסלייט אין טשיקאגא (פאריייניקטע־שטאטן), צום 15טן יאר זינט דער גרינדונג פונעם דאר־טיקן „ערשטן קרינקער אונטערשטיצונגס־פאריין״.

דאס בוך האבן רעדאקטירט די ברידער היימאן און אב[רהם] מילער, וואס האט אין אים פארעפנטלעכט א וויכטיקע ארבעט, געשריבן אין א זאפטיקן פאלקסטימלעכן קרינקער יידיש. אב[רהם] מילער באשרייבט דארט דאס לעבן פון זיין היימשטעטל, די סטאדיעס פון דער קרינקער ווירטשאפלעכער אנטוויקלונג זינט פאריקן יארהונדערט, דעם ברויזנדיקן קאמף פון די קרינקער יידישע ארבעטער פאר פרייהייט און אויסבעסערונג פון זייערע ארבעט־באדינגונגען, דעם ארטיקן לעבנס־שטייגער און די פאר־שיידענע געשטאלטן און טיפן פון שטעטל, און דער עיקר „עמך״־לייט.

דאס בוך, היינט צו טאג א יקר־מציאות, אנטהאלט זכרונות פון א ריי אנדערע באטייליקטע, מאטעריאל וועגן די יידישע פאלקשולן און מוסדות, און א שלל פאטא־גראפיעס, פון זיי זעלטענע.

איז טאקע א היפש ביסל פון דעם דאזיקן קרינקער ליטעראריש אוצר, פ׳ן דאס ניי באארבעט און רעדאק־טירט — אויסגעניצט געווארן דא, פאר אונדזער „יזכור־בוך״.

### פארשער, ליטעראט און וועלט־וויסנשאפטלעכער — א קרינקער

הערש מינץ, געבארן 1906 אין קרינקי, האט דארט געלערנט אין חדר, שפעטער געענדיקט א גימנאזיע אין גראדנע, און (1927) דעם פוילישן לערער־סעמינאר אין לעמבערג. זינט 1928 איז ער אין אויס־טראליע, ווו ער האט ממשיך געווען זיין בילדונג אין די אוניווערסיטעטן פון אדעלעיד און סידניי, און שפעטער געווען דארט לעקטאר איבער אייראפעישער ליטעראטור.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה נעמט ער אנטייל ווי א ים־אפיציר פון אויסטראלישן פלאט און באזעצט זיך דערנאך אין מעלבורן און איז אקטיוו אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן.

אויפן וויסנשאפטלעכן פעלד האט מינץ בייגעשטייערט צום געביט פון שאפצוכט און דער טעאריע איבער וואל — ווי א טייל פון איר יסוד. ער איז געווען דער ערשטער אוניווערסיטעטס־וואל־פארשער, וואס האט צעטיילט די אור־קוואליטעטן פון וואל און עס טאבולירט אין א טאבעלע, וועלכע איז איצט אנגענומען אין דער גאנצער

וועלט. זיין ווערק וועגן וואָל און שאָף דינט ווי אַ האַנט־בוך אין די אוניווערסיטעטן, און ער גופא איז אַנערקענט ווי דער גרעסטער בר־סמכא אינעם דערמאָנטן געביט.

ער איז בקי אין דער ליטעראַטור אין עטלעכע שפּראַכן, שרייבט יידיש, העברעיש און ענגליש, איז א מיטאַרבעטער פון דער צייטונג „אויסטראַלישע יידישע נייס" און פון דער דאָרטיקער יידיש־ענגלישער און ענגלישער פּרעסע, ווו ער דרוקט כסדר ארבעטן וועגן יידישער ליטעראַטור, טעאַטער און קולטור. אין די אויסטראַליש־יידיש „קדימה"־אַלמאַנאַכן האט ער פאַר־עפנטלעכט ארבעטן צו דער געשיכטע פון יידן אין אויס־טראַליע. ער איז מחבר פון ביכער אין ענגליש און יידיש וועגן דער געשיכטע פון די יידישע קהילות אין דרום־אויסטראַליע (ענגליש) און יעקב ספיר'ס נסיעות און באזוך אין אויסטראַליע, ווי א משולח פון ארץ־ישראל, אין יאר 1861 (ארויסגעגעבן דורכן דאָרטיקן „ייוואָ").

באזונדערס טעטיק איז הערש מינץ ווי א יידישער קולטור־עסקן, פאַר די ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען און פאַר דער „הסתדרות־קאַמפּיין".

בעת זיין צווייטן באַזוך אין מדינת ישראל, אין יאר 1964, האט דאָרט מינץ געפירט פאַרהאַנדלונגען בנוגע צוגרייטן א קינא־פילם וועגן דער אוראַלטער שאָף אין ארץ־ישראל, לויט דאָרטיקע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען. און די אַגריקולטור־פאַקולטעט אין רחובות האט אים איינגעלאדן צו פאַרטראַגן וועגן וואָל־וויסנשאַפט און מעגלעכקייטן צו האָדעווען מערינאָ־שעפסן אין ישראל.



<u>אחריות רבה, הגינות וחוש צדק נדרשים משופט</u>

## רס"ר חוה ע נ ב ר, ממוצא קרינקאי,
## יושבת על כס המשפט של צה"ל

### די פון קרינקי אַפּשטאַמיקע חוה ע י נ ב ר
טאַכטער פון הינדקע, דער שוועסטער פון בענדעט נישט —
**ריכטערין אין מיליטערישן געריכט פון צה"ל**

השופטת המשפטאית היחידה בצה"ל — כנראה היחידה גם בעולם, היא אשה צעירה, שופעת הומור — חוה ע נ ב ר, בת להינדקה בת שמואל נישט, אבי בנדט נישט. למדה משפטים באוניברסיטה העברית בירושלים. לפני התמנותה כשופטת — שימשה עשר שנים כסניגורית בפרקליטות של פיקוד הצפון, באלפי משפטים של ניפקדות, סירוב למלא פקודה, שימוש לא־זהיר בנשק וכד'.

(לפי ב. לנדאו, „במחנה", עתון חיילי ישראל, ב' חשון תש"ל)

# נוספות — ביילאַגן

## מגבית בקרינקי, ב־1903, לטובת נגועי הפרעות בקישינב
## געלט־אַקציע אין קרינקי, 1903, לטובת די פּאָגראָם־געליטענע אין קישינעוו

כבקהילות־ישראל רבות ברוסיה, כן גם בקרינקי, נערכה זמן־מה לאחר השחיטה ביהודי קישינב, באביב 1903, מגבית לטובת נגועי־הפוגרום שם וכהבעת אחווה יהודית. ב„הצפירה" הוורשאית מכ"ג בסיון תרס"ג — 10(23).6.1903 — פורסמה רשימת התורמים בקרינקי, כ־300, ברובם המכריע בורסים.

תהא זו גם רשימת־עדות לשמות המשפחות הללו, להביאם גם ב„פנקס־קרינקי". (השמות מובאים בדרך כלל ככתבם ברשימה; התרומות ב„קופיקות" מצוינות במספרים בלבד)

ווי אין אַ סך יידישע קהילות אין רוסלאַנד, איז אויך אין קרינקי, קורץ נאָך דער שחיטה אין קישיניעוו, אין פרילינג 1903, דורכגעפירט געוואָרן אַ געלט־אַקציע לטובת די פּאָגראָם־געליטענע און ווי אַן אויסדרוק פון יידישער ברידערלעכקייט. די ליסטע פון די מנדבים, איבער 300, דער הויפּט גאַרבערס, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער וואַרשעווער „הצפירה" פון כ"ג סיון תרס"ג — 10טן (23סטן) יוני 1930, און איז אויך אַן עדות־ליסטע פון די נעמען פון יענע משפחות, צו פאַרפּיקסירן זיי אין אונדזער „פנקס־קרינקי"*.

נשלח מקרינקי ל„וועד המאושר מטעם הממשלה בקישינוב לתמיכת נגועי הפרעות"/עס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון קרינקי —— לטובת די פּאָגראָם־געליטענע אין קישיניעוו:

נאסף ע"י/געזאַמלט דורך ל. גאַרבער, ב. הירשאָוויץ, ב. קנישינסקי, מ. שוואַרצמאַן — מאת/פון: הרה"ג אב"ד דפה 5 רובל; נ. קנישינסקי 10 ר'; בימ"ס/פירמע גראָסמאַן־לעווין 8 ר'; ל. גאַרבער, ב. הירשאָוויץ, צ. פּאַרברי־קאַנט, י. מרגלית, י. גאַרבער, ד. קנישינסקי, פּ. אגושעוויץ, האחים גאַרבער — כ"א 5 ר'; האחים איוועניצקי, א. ברוסטין, מ. שוואַרצמאַן, וו. ח. נקדימון, י. טאַרלאָווסקי — כ"א 3 ר'; ש. וויינער 2.50 ר'; ד"ר האַלבערט, מ. שמשונאָוויץ, י. סלאַער, ב. קינצלער, ב. סטאָלאַרסקי — כ"א 2 ר'; מ. חזן — 1.30 ר'; א. גאַרבער, ה. גאַרבער, מ. גאַרבער, א. זאַלקין, ב. קאָלינאָוויץ, נ. אָסטראָווסקי, ב. י. איוועניצקי, א. גאָטליב, א. מרדכילעוויטש, מרפאת־שיניים/דאַנטיסטקע אָווערבוך, ש. גאָלדבערג — כ"א 1 ר'; א. באידעל, וו. סלאפּאַק, קרופּניק, ש. נישט, האחים צעשלער, א. ליסטאָקין, וו. ב. פינק, א. לאזיצקי — כ"א 50 (קופּ'); ד. אָקון — 35; א. פיינבערג, מ. קוזניעץ — כ"א 30; וו. גוראוויץ, ח. בונימאָוויץ — כ"א 20; א. ברוידא, י. ל. חיות, ז. שיינבערג, י. בראָנעג — כ"א 1 ר'; פּ. כהן, לאַשער — כ"א 50 ק'.

מפועלי בתי־החרושת / פון די פאַבריק־אַרבעטער

בית־הבורסקי של נ. א. קנישינסקי־גאַרבעריי: ז. אָטוועזסקי — 1 ר'; נ. טראַכימאָווסקי, י. געל, ח. פינקעלשטיין — כ"א 20 ק'; י. אילין, י. באַרקאָווסקי, מ. יאַנאָווסקי — כ"א 15; ל. א. לאַמפּערט 50; ש. טעוועל, ע. גערינג — כ"א 30; ב"צ קאַנטאָר, ס. סוראוויץ, וואַלענטי, א. וויינער, זיידקע — כ"א 25; קאָהן, א. בונים, ש. י. ראחקין — כ"א 50; פּ. מושצאַנסקי, וו. מעלניק — כ"א 25; וו. כ"ץ, ח. ז. קאַפּלאַן, א. קראַלן, א. לידער, א. לאַפּאַטע, מ. לייבאָוויץ, ל. אָסטרינסקי, מ. פאַרבער, י. ל. קונדזיץ — כ"א 50; ב. שטורמאַק, ס. טריזוא, א. פאַנדרע, י. ברזשעשאָווסקי, י. ש. אייזנשמיד, מ. באַרטנאָווסקי, ש.א. גאָלדשמיד — כ"א 25; ש. רייזען — 20. ק'.

בית־הבורסקי של ב. קנישינסקי־גאַרבעריי: ח. מורני, א. שקילעווסקי, א. שיף — כ"א 1 ר'; א. מענדעלסאָן, א. י. קרינקער — כ"א 50; מ. חיריג 30; מ. לעבענדיק, וו. קאָפּל, ד. קרינסקי, י. חאראס, א. ה. קרינקער, ח. יודעלעוויץ וו. גאָלדבערג, זיסל — כ"א 25 ק'.

---

*) דער אויסלייג פון די נעמען — לויט דער דערמאָנטער צייטונג; ביי די ביישטייערן אין „קאָפּיקעס" ווערט באַצייכנט נאָר די צאָל, אָן דער באַצייכענונג פון דער מטבע; אַנשטאָט „יעדער איינער" באַצייכענען מיר „כ"א", ד"ה „כל אחד".

# דער קאטאקליזם

אברהם סופער

## נאצי־דייטשלאנד באפאלט רוסלאנד

### די רויטע ארמיי לויפט

זונטיק, דעם 22סטן יוני 1941, מיט א מאל הערט זיך דאס פייפן פון דער סירענע, פונעם דאך פון העכסטן מויער אין שטעטל. עס טראגן זיך אפגעהאקטע קלאנגען, וואס ווארפן אן א פחד אויף דער באפעלקערונג. דער אוויאן פליט צוויי מאל ארום איבערן שטעטל און פארשווינדט אין דער ריכטונג צו גראדנע.

די גאסן זענען שווארץ פון מענטשן, אויטאס לויפן הין און צוריק. די רויטארמייער זענען צעטראגן און בייז. פון שטאב קומט א באפעל: מאביליזאציע!

יעדער באקומט א צעטל און מוז שוין שטיין לעבן שטאב. די געוויינערייען זענען גרויסע: „מיין מאן", „מיין קינד!" — ווי מיט 1½ יאר צוריק. די עטלעכע יארגענג, וואס מען האט מאביליזירט, האט מען אפגעפירט אויפן וועג צו גרויס־ברעסטאוויץ, 14 ק"מ פון קרינקי. דער קאמאנדיר פון אונדזער גרופע איז אויך אפגעפארן. עס איז שוין אויס דיסציפלין. וואס איז געשען מיט דער שטארקער רויטער ארמיי, וווּ זענען אלע אוויאנען ?!

מאנטיק, דער צווייטער טאג מלחמה. א געלויף פון טאנקען, אויטאס, פוסגייערס. סאלדאטן פרעגן וועגן וועג קיין מינסק, קיינער בלייבט ניט שטיין, מען לויפט.

דינסטיק. די מיליץ און נ.ק.וו.ד. זענען געפאקט צו פארלאזן די שטאט. קיינער ווייסט נישט ווו דער פראנט איז. סאלדאטן האלטן די שטיוול אויף די אקסלען און לויפן בארוועס. די שטעטלשע יוגנט זאמלט זיך אויפן מארק און פארמירט גרופעס, וועלכע לאזן זיך אין וועג אריין מיט דער לויפנדיקער ארמיי, אויך איך מיט זיי.

לאלא וואלף־רעזניק

## דער אונטערגאנג פון יידישן יישוב אין קרינקי

### ניט קיין „מאנעווערס"

זונטיק, דעם 22סטן יוני 1942, 10 א זייגער פרי, האבן זיך איבער קרינקער הימל באוויזן עטלעכע עראפלאנען. ס'האבן זיך דערהערט עטלעכע שאסן, און אן אומרויקע שטימונג האט באלד באהערשט דאס שטעטל. א סך האבן געמיינט, אז דאס זענען בלויז מיליטערישע מאנעווערס, אנדערע האבן אבער גלייך תופס געווען, וואס עס איז באמת געשען.

12 א זייגער ביי טאג האט מאלאטאוו'ס רעדע, וועלכע איז איבערגעגעבן געווארן דורך ראדיא, אלעמען קלאר געמאכט די לאגע.

### יידישע קווארטאלן באמבארדירט און צעשטערט

מאנטיק פרי האבן זיך ווידער באוויזן עראפלאנען איבער קרינקי און באמבארדירט די פעריפעריע פון שטעטל. דינסטיק גאנץ פרי, האט זיך אנגעהויבן א שטארקע באמבארדירונג פון אונדזער קרינקי גופא, באזונדערס פון די יידישע קווארטאלן. עס זענען צעשטערט געווארן גאנץ „קאווקאז", גאנץ זשאביע־געסל, א העלפט פון ביאליסטאקער־ און מיל־גאסן. אויך אנדערע, ווי די גארבארסקע־ און עלעקטראווניע־גאסן, זענען אין א ריי ערטער צעשטערט געווארן. עס זענען באלד געפאלן א סך הרוגים צווישן די קרינקער יידן, ווי לייבל זאק מיט דער פרוי, און א סך אנדערע.

דער גרעסטער טייל יידן האבן פארלאזט דאס שטעטל און זיך געלאזט, ווי זיי גייען און שטייען, אין די בערג און אויפן „וויגאן", גלייבנדיק, אז מען וועט אויף אן אומשולדיקער ציווילער באפעלקערונג, וואס געפינט זיך אין הוילן פעלד, נישט שיסן.

דאס שטעטל האט אין אלע פיר עקן געברענט. עטלעכע טעג האט געדויערט, ביז מען האט איינגעלאשן

דאָס פייער. ס'איז א פּאָר טעג שטילער געוואָרן. די
רוסישע איינוווינער האָבן זיך נאָך פריער באַלד די
ערשטע עוואַקוירט. צוזאַמען מיט זיי האָבן זיך עוואַקוירט
א סך יידן, און ביז היינטיקס טאָג האָב איך ניט
געהערט, אַז עמיצער פון זיי, אויסער ריוול רויטבאַרט,
איז לעבן געבליבן.

### די הריגה אויפן „וויגאַן"

דער צעשראָקענער עולם האָט זיך נאָך אַלץ געפונען
אין די בערג און אויפן „וויגאַן". שבת, דעם 28סטן יוני,
9 א זייגער, האָבן שווערע דייטשישע האַרמאַטן, וואָס
זענען געווען אויסגעשטעלט עטלעכע קמ פון שטעטל,
באַשאָסן דעם „וויגאַן", ווו עס האָבן זיך געפונען בלויז
יידן. ביי א 50 מאַן זענען דאַן דערהרגעט און א סך
פאַרוואונדעט געוואָרן. צווישן די דערהרגעטע זענען
געווען: באָראָווסקי, דער עלעקטראָ-מאָנטער פון דער
עלעקטראָווניע; חנה און נעכע קירזשנער, צוזאַמען מיט
זייער מוטער; זשוכאָוויצקי דער אַפּטייקער, מיט ביידע
טעכטער ראָזע און טאַניע; ל. גאַלינסקי, דער אינזשינער
פון דער עלעקטראָווניע; דינה ראַבקין, שמואל יצחק
ראַבקינס פרוי, מיט 3 קינדער: פייגל, אסתר און אבאלע;
איר שוועסטער מלמד מיטן מאַן און 2 קינדער, און די
צווייטע שוועסטער, מאַטקע אַמדורסקיס פרוי; מאַשע
קאַמינסקי, ישראל קאַמינסקיס פרוי, מיטן זונעלע; סלאָערס
גאַנצע פאַמיליע, חוץ דעם פאָטער; דער פרוי ד"ר ליכ-
טענשטיינס ברודער, און פיל אנדערע; אויך א סך סאָקאָל-
קער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער פראָנט-ליניע
קיין קרינקי.

ארום 2 א זייגער נאָך מיטאָג, זענען אין שטעטל
אריין די דייטשן. מען האָט באַלד באַפוילן אַלע איינוווי-
נער זיך צונויפזאַמלען אויפן מאַרק, ווו עטלעכע פּאָליאַקן
(דייטשישע שפּיאָנען), צוזאַמען מיט די דייטשן, האָבן
געהאַלטן רעדעס וועגן איינריכטן אַן אָרדענונגס-דינסט.

### „זאָלן מיר זיין א קרבן פאַרן שטעטל יידן, איידער זיי פאַר אונדז"

מאָנטיק פרי האָבן פלוצים אייניקע עס-עס-מענער
אַרומגערינגלט עטלעכע גאַסן און פאַרהאַלטן 16 יידן.
מען האָט זיי גענומען פירן אין דער ריכטונג צו גראָדנע,
אָבער אָפּפירנדיק זיי 2 קמ פון שטעטל, האָט מען 14
פון זיי דערשאָסן אין וועלדל, נישט ווייט פון דעם וועג
וואָס פירט צום דאָרף שעמיאַניצע. און די איבעריקע
צוויי — הערשל לייב שאַכנעס און דעם אַלטן דענטיסט
טייכמאַן — האָבן זיי געפירט ביז קליין-ברעסטאָוויץ
און זיי דאָרטן דערשאָסן. צווישן די דערשאָסענע זענען
געווען: דניאל און משה לעווין, פון גראָדנער גאַס;
יעקב (יאַנקל) נאָוויק, דער בוכהאַלטער פון מאַגיסטראַט;
אהרון וואָלף, מונטשיק דעם שמידס זון מיט זיין פרויס
א ברודער; בערל טעוועל; זיידל לאַש (וועלוועלס זון);
שמואל שאַכנעס; הערשל לייבל, נח קיילעס זון; יאָסל-
שמחה גראָסמאַנס זון, פון מיל-גאַס, און אנדערע.

בערל טעוועלען האָט מען בלויז פאַרוואונדעט, און
נישט באַמערקנדיק אַז ער לעבט נאָך, האָבן די רוצחים
אים איבערגעלאָזט. אַז די דייטשן מיט די 2 יידן האָבן
זיך דערווייטערט, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון צווישן
די טויטע, און קוים א לעבעדיקער זיך דערשלאָגן אין
שטעטל צום שפּיטאָל, ווו מען האָט אים דערטיילט הילף.
קומענדיק צו זיך, האָט ער דערציילט, אַז אויפן וועג
האָבן זיי געוואָלט אָנפאַלן אויף די צוויי עס-עס-מענער,
וואָס האָבן זיי געפירט, און זיי וואָלטן זיך געקענט
ראַטעווען; האָט אָבער א ה ר ו ן  ו ו א ל ף, אהרל מונטשיקס,
זיי געבעטן עס נישט צו טאָן, ווייל „בעסער זאָלן זיי
זיין א קרבן פאַרן שטעטל יידן, איידער דאָס שטעטל
יידן פאַר זיי" — מחמת יעדער איינער האָט געוווּסט,
וואָס עס קומט יידן פאַר אומברענגען א דייטש.

אויף מאָרגן האָט מען באַקומען די דערלויבעניש
צו מקבר זיין די דערשאָסענע אויפן קרינקער בית-עלמין.

אין שטעטל האָט געהערשט א געפערלעכע פּאַניק-
שטימונג. יידן, וואָס די דייטשן פלעגן נעמען אויף
אַרבעט, פלעגן זיך געזעגענען מיט זייערע פאַמיליעס.
קומענדיק גאַנצערהייט צוריק, פלעגט מען דאַנקען גאָט
פאַרן געשענקטן טאָג.

### די פוילישע אַנטיסעמיטן זענען זיך נוקם אין יידן

עס האָט זיך באַלד געגרינדעט א מאַגיסטראַט פון
פוילישע אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן כסדר געהאַלטן אין
העצן די דייטשע מערדער. עס האָט זיך אויך געשאַפן

א פאריין פון פאָליאַקן, וואס האבן זיך צוריקגעקערט פון די סאָוועטישע תפיסות, און זיי פלעגן ארויסטראָגן אורטיילן אויף קאָמוניסטן — לויט זייער ווילקירלעכן איינזען. פארשטייט זיך, אז 90% פון די, וואס זיי האבן אָנגעגעבן פאר קאָמוניסטן, זענען געווען יידן. ס'איז גענוג געווען צו זיין א בעסערער ארבעטער, א ווערכטער פון א פאבריק, אן אָנגעשטעלטער אין א סאָוועטישער אונטערנעמונג, כדי צו ווערן געשטעמפּלט ווי א קאָמו־ניסט. א יעדער קריסט האט געקענט אומברענגען איטלעכן אומשולדיקן יידן בלויז מיט אָנווייזן אויף אים, אז ער איז כלומרשט געווען א קאָמוניסט. אזוי זענען טאַקע אומגעקומען דאַן צענדליקער אומשולדיקע יידן, ווי ירוחם לאַבענדיק, א ייד פון איבער 60 יאר, א פשוטער אר־בעטער, וואס זיין גאַנצע שולד איז באשטאַנען אין דעם, וואס ביי די סאָוועטן האט ער זיך גערעכנט פאר א סטאַכאַנאָוועץ; דער אַלטער פיניע וויינער, מאיר דעם שניידערס א זון, און א סך אַנדערע, וואס מען ווייסט ביז היינט נישט ווו זייער קבר איז.

## גזירות און פורעניות

אין א קורצע צייט אַרום האבן זיך אָנגעהויבן שיטן פאַרשיידענע גזירות אויף יידן, און קודם־כל צוואַנג־ארבעט. פרויען פון 14 ביז 55 יאר און מענער ביז 60 יאר, זענען געווען געצוווּנגען, אָן א חילוק, זיך אויס־צושטעלן גאַנץ פרי גרופּנווייז אויפן מאַרק, אין די אזוי־גערופענע ארבעטס־קאָלאָנען, און די פוילישע באַנ־דיטן, צוזאַמען מיט עטלעכע דייטשן, פלעגן צעשיקן די גרופּן אין פארשיידענע אַרבעט־פּלעצער. געאַרבעט האט מען ביי בויען וועגן, רייסן גראָז, אויפקלייבן טויטע פון די וועגן און זיי באַערדיקן, אָפּרייניקן פארשיידענע ערטער, אאַז"וו.

אין א פּאָר טעג אַרום איז אַרויס א באַפעל, אז אַלע יידן זענען מחויב אָנטאָן אויף דער רעכטער האַנט א ווייסן באנד 14 צמ די ברייט, מיט א געלן מגן־דוד. א פּאָר טעג שפּעטער האט זיך עס געביטן, לויט א פאַראָרדענונג, אויף א געלן באנד מיט א ווייסן מגן־דוד; און אין קורצן ארום — אויף א געלן מגן־דוד אָנגענייט פון פאָרנט אויף דער לינקער זייט, און א צווייטן אויפן פּלייצע — מען זאָל קענען א יידן באַמערקן פון קילאָמעטערס ווייט. א ייד איז געווען מחויב אַראָפּצונע־מען דאס היטל פאר יעדן דורכגייענדיקן דייטש; און האט עמיצער נישט אזוי שנעל אדער נישט אזוי העפלעך יענעם באַגריסט, פלעגט מען דעם יידן נעמען אין פּאָליציי און אריינשמייסן מיט א גומענעם שטעקן. אויך א סך פרויען האבן נישט אויסגעמיטן די דאָזיקע שטראָף. עס זענען אויך פאָרגעקומען פאַלן פון דערשיסן יידן פאר דעם זעלבן „פאַרברעכן". אזוי איז געשען מיט חיים קאָטליער, דעם זון פון בצלאל קאָטליער, וואס האט זיך זייענדיק אן אַמעריקאנער סאָלדאַט, באַטייליקט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די ביטערע שלאַכטן אין פראַנקרייך, איז אַראָפּ פון זינען, און זיך געפונען אין קריניק אונטער דער אופזיכט פון די עלטערן. שטייענדיק לעבן זייער הויז, צוזאַמען מיטן פאָטער, האט דער פּסי־כיש־קראַנקער נישט אזוי שנעל באַגריסט די דייטשן, וואס זענען פארבייגעגאַנגען, און איז דערפאַר גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

## מ'שליסט איין אין געטאָ

אין סעפּטעמבער 1941 האבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אין שטעטל, אז מע גייט אין גיכן שאַפן פאר יידן א געטאָ. פון טאָג צו טאָג איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן, אז די קלאַנגען זענען נישט קיין גרונטלאָזע. שרעקלעכע זאַכן פלעגט מען אויך דערציילן פון די שטעט און שטעטלעך, ווו געטאָס האבן שוין עקסיסטירט..

סוף נאָוועמבער 1941 האט די דייטשע מאַכט באַפוילן די יידן אויסצוקלייבן א קאָמיטעט, וואס זאל דערליידיקן און אויספילן אירע פאראָרדענונגען. באַלד איז ארויס א באַפעל, אז דער שטח פון דער לינקער זייט מיל־גאַס ביז דער רעכטער זייט רינקאָווע־גאַס ביז דער עלעקטראָווניע, און גאַרבאַרסקע־גאַס ביזן טייכל — זאָל אין א קורצער צייט ווערן ארומגעצאַמט מיט א הויכן פּאַרקאַן, ארומגע־צויגן מיט שטעכעדיקע דראָטן, און בילדן דעם תחום פונעם געטאָ. די דייטשן האבן דערביי געגעבן אויסגערעכנט, עס זאל חלילה נישט בלייבן מער ווי 1—1½ קוואַד־ראַט־מעטער וווינונג־פּלאַץ אויף א נפש. אין אָט דעם ענגן אָפּשניט האבן זיך געדאַרפט באַזעצן 70% פון דער קרינקער באַפעלקערונג, ד"ה אַלע יידן פון שטעטל.

באַלד איז טאַקע די גזירה אויסגעפירט געוואָרן. הונדערטער יידן האבן געבויט דעם הויכן פּאַרקאַן פון זייער תפיסה. צוויי טויערן זענען אויסגעבויט געוואָרן,

איינער אויפן מאַרק ביים אַריינגאַנג פון גאַרבאַרסקע־גאַס, דער צווייטער — פארן בריק איבערן טייכל, אין דער זעלבער גאַס. ביי בײדע טויערן האט מען אַוועקגעשטעלט א וואַך, פון אויסנווייניק און פון אינעווייניק, און אַן א ספעציעלער דערלויבעניש האט מען קיינעם נישט אַריינגעלאַזט און נישט ארויסגעלאַזט.

ס'איז אויסגעקליבן געווארן א פאַרטרעטערשאַפט פון די יידן, דער אזוי־גערופענער יודנראַט. זיין אויפגאַב איז געווען: צושטעלן די דייטשן די אלע פאַרשיידענע זאַכן, וואס זיי האבן כסדר געפאַדערט, ווי קליידונג, פוטערוואַרג, מעבל, גאַלד, צירונג; אַכטונג געבן, אז דער געטאָ־פאַרקאַן זאל וואָס גיכער אויסגעבויט ווערן, צושטעלן יעדן טאָג ארבעטער צו פארשיידענע אַרבעטן אאַז״וו.

ארום דעם 20סטן דעצעמבער 1941, איז אַרויס א באַפעל, אז די יידן מוזן זיך אין משך פון עטלעכע טעג אריינקלייבן אין געטאָ. נישט אַלץ האט מען דערלויבט מיטצונעמען אַהין צו. פוילישע פאַליציי־לייט פלעגן גיין איבער די יידישע הייזער און אָפּקלייבן די בעסערע זאַכן, עס צונעמען גלייך, אדער הייסן עס איבערלאָזן. יידן האבן זיך באַמיט איבערצוטראַגן א ריי נייטיקע זאַכן באַצייטנס. האט מען אָבער עמיצן געכאַפּט דערביי, פלעגט מען אזא איינעם מכבד זיין מיט מכות־רצח, ארויפלייגן אויף אים גרויסע געלט־שטראָפן און אפילו דערשיסן. אזוי איז טאַקע דערשאָסן געווארן שיימל שיימאַן, (פון די בוביצעקס), ביים איבערטראָגן זיינע שוסטער־מכשירים.

איך דערמאָן מיך אין יענע טעג פון דעם איבערקלייבן זיך אין געטאָ: דער מאַרק — שוואַרץ פון עולם, א סך קריסטן דרייען זיך ארום: מאַנכע באַדויערן, דאס רוב פרייען זיך — סוף־סוף וועלן זיי פּטור ווערן פון די זשידעס און דערצו נאָך ירשענען זייער האָב־און־גוטס.

ביים אריינגאַנג אין געטאָ שטייען א סך עס־עס־מענער און פוילישע פאָליציאַנטן און איטלעכס פּעקעלע ווערט איבערגעקוקט און דורכגעטאַפּט; די בעסערע זאַכן, איבער 50%, ווערן צוגענומען; עס הערן זיך געשרייען, געוויינערייען, שפּאַרענישן, און איבער אַלץ — די אַכזריות־דיקע באַנדיטישע קולות פון די עס־עס־מענער, זייערע באַפעלן, איראָנישע געלעכטערס, און דער עיקר זייערע שרעקלעכע קלעפּ!

### דער „יודנראַט"

אין א פּאָר טעג אַרום איז דער געטאָ געווארן געשלאָסן, קיינער פון די יידן האט ניט געטאָרט ארויס פון דאָרט אָן אן אַרבעטשיין (א צעטל געשריבן אין דייטש, מיט א שטעמפּל, אויסגעשטעלט פון אַרבעט־פלאַץ). דער ביזהעריקער „יודנראַט" האט זיך פארקלערט אויף 7 פּערזאָן.

צום יודנראט פון געטאָ־קרינעק האבן איצט געהערט: ישראל קאַלינאָוויטש, טאַליע גאָלדשמיד, יאַנקל גראָסמאַן, נאָטע מאָסטאָווליאַנסקי, יאַנקל לעווי (דער קלאָרער), יאָסל גאָלץ און מאיר קאַפּלאַן. ס'איז אויך באַלד געשאַפן געווארן א יידישע „אָרדנונגס־דינסט" פון א 25 פּאָליציאַנטן מיט א קאָמענדאַנט — יאַנקל קאַזאָלטשיק (יאַנקל „חזיר", פון „קאַווקאַז") און זיינעם א פאַרטרעטער — יאָסעלע מאָסטאָווליאַנסקי.

די טעטיקייט פון „יודנראַט" איז ניט שטענדיק געוועזן אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסן פון כלל. אויפן פּאָן פון יידישע צרות, פּיין און ליידן, אומברחמנותדיקן קאַמף פאר עקסיסטענץ — פלעגן זייער אָפט ארויפשווימען אויפן אויבערפלאַך אינסטינקטן, עגאָיסטישע אינטערעסן, פּערזענלעכע חשבונות, סימפּאַטיעס און אַנטאַגאָניזמען אאַז״וו.

די מיטגלידער פון יודנראט זענען געוועזן אַרויסגעשטעלטע פון אָרגאַניזאַציעס, און טיילווייז מענטשן, וואס האבן זיך אַנגעגעבן אייגנוויליק און באַשטעטיקט געווארן דורך דער דייטשער מאַכט אין קרינעק. בלויז דער געטאָ־פּאָליציי־קאָמענדאַנט יאַנקל קאַזאָלטשיק, וואס האט מיט זיין שטאַרקייט, פּראָסטקייט, ווילדן אויסזען און ברוטאַלקייט, אימפּאָנירט די דייטשן — איז נאָמינירט געווארן דורך די עס־עס־מענער.

איבער אלעמען אבער האט געהערשט דער ברוטאַלער, סאַדיסטישער, בלוטדאָרשטיקער דייטשער קאָמיסאַר.

### דאָס לעבן און אויסזען פון „געטאָ־קרינעק"

שרעקלעך האט אויסגעזען דער געטאָ אין קרינעק. שוין פון 6 א זייגער פרי פלעגן זיך צונויפזאַמלען ביי די טויערן די ארבעטער — צווישן זיי אויך א סך

עלטערע מענער, פרויען און יונגע קינדער, וואָס האָבן נאָך אייגנטלעך געדאַרפט אין שולע גיין — און פלעגן איצט וואַרטן אויף זייערע ארבעטסעלטסטע און אויף די 2 פוילישע פּאָליציאַנטן, זיי זאָלן זיי אָפּפירן צו די ארבעטפּלעצער. כ׳דערמאָן מיך אין דעם שרעקלעכן אויסזען פון די מענטשן ווינטערצייט: מען גייט איינגעדרייט אין לאַכעס, שמאַטעס (די בעסערע זאַכן האָט דער דייטש צוגענומען), איטלעכער ציטערט פון שרעק און פון קעלט, אויף די פּנימער ליגט אויסגעגאָסן דער גרויסער צער און ווייטאָג פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען, פון פּחד פארן היינט און דעם נאָנטן מאָרגן.

א פרוי, וואָס האָט איבערגעלאָזן איר קליין קינד אין שטוב און אליין גייט זי עפּעס פאר אים פארדינען, טוט פלוצים א ציטער פארן געדאַנק, טאָמער וועט איר ביים טויער נישט געלינגען איבערצוטראָגן דאָס ביסל מילך, וואָס דער פויער האָט איר צוגעזאָגט צו ברענגען פארן קליינס. די 13יאָריקע מיידעלע, אין די צעריסענע שיכעלעך, האַלט אין האַנט א טיכעלע, אין וועלכן זי האָפט איבערצוטראָגן א ביסל בעבלעך, וואָס זי האָט נעכטן באקומען פון א קריסטלעכער חברטע, וועלכע האָט דאָס איר געבראַכט צום ארבעטפּלאַץ. די „שיקסע, דערציילט זי, איז מיט מיר אויף איין באַנק אין שולע געזעסן און איצט וויל זי מיר א ביסעלע העלפן. א ייד מיט איינגעפאַלענע באַקן און אן אויסגעצויגענעם נאָז, קוקט די גאַנצע צייט אין איין ריכטונג — וואָס פאר א בילדער זעט ער דאָרט און וואָס קלערט ער?

שטייענדיק צוזאמען מיט די פאבריק־ארבעטער, אין ברודערקעס שטיוול און מיט מיין מאַמעס טוך ארומגעבונדן, מיט דעם שטיקל שוואַרצברויט אין האַנט, מיט בוריקעס־מאַרמעלאַד באַשמירט — הער איך פלוצים דעם געשריי פון ארבעטעלטסטן: „אויסשטעלן זיך אין רייען צו 4 פערזאָן!" די פאבריק־ארבעטער־קאָלומנע איז שוין פאַרטיק, איך געזעגן זיך מיט די בליקן מיט מיין ברודערקע, און מיט מיינע קוזינקעלעך, וואָס שטייען שוין אויסגעשטעלט אין אנדערע ארבעט־קאָלומנען, אויך גרייט אָפּצומאַרשירן.

מיר גייען ארויס פון צווייטן טויער ביים טייכל אויף גארבארסקע־גאַס. אָפּגעגאנגען א מעטער פינף, האַלט מען אונדז פלוצים אָפּ: צוויי זשאַנדאַרמען פאַרן פון א דאָרף, און זיי פאַרווילט זיך באַטראַכטן דעם עולם — צי זענען די לאַטעס אַנגעניית ריכטיק, צי האָט מען זיי חלילה ניט פאַרשטעלט אד"גל. ס׳דערהערן זיך באַלד געשרייען, געוויינערייען, דער פייף פון קאַנטשיקעס און פון גומענע שטעקנס און ציניש געלעכטערס פון דייטשן. מיר גייען ווייטער. פּאָליאַקן לויפן אונדז נאָך, פאָדערן קליידער, שיך, וועש: זיי וועלן באַצאָלן, זאָגן זיי, געבן א פאָר אייער פאר א קליידל, א ליטער מילך פאר א פּאָר שיך — זיי ווילן ניט אומזיסט. א פרוי גיט א וואָרף א בלוזקע, זי בעט די באַקאַנטע קריסטן, זי זאָל צוגרייטן א האַלב ליטער מילך פארן קינד — בעתן צוריקקומען פון דער ארבעט, א זייגער פינף. יענע זאָגט צו. דאָס אַלץ ווערט אָפּגעמאַכט שטילערהייט, די פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס היטן שטרענג די ארבעטער, זאָלן עס ניט באַמערקן.

איך ארבעט זייער שווער ביי א שפּאַלטמאַשין אין א לעדער־גאַרבאַרניע, מיט נאָך דריי יידישע מיידלעך. די מאַשין שטייט אין דער „נאַסער" גאַרבעריי לעבן די טשאַפּעס, ווו ס׳ליגן די פעלן אין קאַלך. די לופט איז נישט צו פאַרטראָגן. די פעלן גייען אין מאַשין אַריין דירעקט פון די טשאַפּעס, נישט אָפּגעשווייַנקט פון דער וואַפּנע, וועלכע עסט אויף די הויט פון די הענט. קיין ספּעציעלע אַרבעט־בגדים טראָגן מיר ניט. עס איז ווינטער, אונדזערע קליידער זענען נאַס פון קאַלך און וואַסער, די הענט צעבלוטיקט. אונדזערע פרויען ארבעטן ביי וואַשן זשוע, ביי מעזדרינעס אד"גל.

איין שעה — א הפסקה פאר מיטאָגעסן, פון 12 ביז 13 א זייגער. 5 א זייגער פאר נאַכט שטעלט מען זיך ווידער אויס אין רייען צו פיר, און מיר מאַרשירן אָפּ מיט דער פּאָליציי־וואַך צוריק אין געטאָ. פּאָליאַקן לויפן ווידער נאָך, בעטן פארשיידענע זאַכן. א קריסטן טראָגט צו א פלעשל מילך, אן אַנדערע — א שטיקל ברויט. פלוצים כאַפּט דער פּאָליציאַנט א יידישע פרוי ביי אזא פאַרברעכן, באַשולדיקט זי אין האַנדלען מיט קריסטן, און פירט זי גלייך אין דער זשאַנדאַרמעריע; קיינער איז איר נישט מקנא די קלעפּ וואָס זי וועט באַקומען. ביים טויער — א שטרענגע רעוויזיע: פוילישע פּאָליציאַנטן־כוליגאַנעס רעווידירן שטרענג יעדן ארבעטער. געפינט מען ביי עמיצן די מינדסטע זאַך, שלאָגט מען גלייך.

אחוץ דעם איז דער יודנראט געווען געצווונגען צו־צושטעלן יידישע ארבעטער צו פריצישע הויפן („מאיאנט־קעס") נישט ווייט פון קרינעק, וו עס האבן געבאַלע־באַטעוועט דייטשע בעלי־בתים. יידישע ארבעטער האבן געאַרבעט אין יעשמאנטע, שטיינעף, שאַלק און אנדערע הויפן. זיי פלעגן זיך צוריקקערן אַהיים בלויז איין מאל א וואָך, אדער אין א פּאָר וואָכן, אויף זונטיק — שוואַרץ, אויסגעמאַטערט פון דער שווערער ארבעט, הונגער, קלעפּ און צרות.

## איזדיעקעווּנג און רציחות

שוידערלעכע פאַלן האבן פּאַסירט מיט די ארבעטער פון אויסערן שטאָט. אזוי האבן איין מאל קרינקער ארבעטער, וואס האבן געאַרבעט אין דאָרף גרויס־יעש־מאַנטע, פלוצים, א זייגער 6 אין אָוונט נאָכן אומקערן זיך פאַרמאַטערטע פון דער שווערער ארבעט צו זיך אין די געצעלטן — דערהערט באַפעל־געשרייען פון זייער גרופּנ־פירער, זיך אוסצושטעלן אויף א נאַנטן פּלאַץ. עס האט זיך באוויזן א גרופּע עס־עס־מענער, וואס דורככפּאַרנדיק און דערוויסנדיק זיך, אז אין הויף ארבעטן יידן, האט זיך זיי פארגלוסט א ביסל א „שפּיל טאָן". האבן זיי באפוילן די יידן זיך אויסצעשטעלן דרייוויז אין א ריי, לויפן־פאלן, פאַלן־לויפן, שרייען, זינגען, זינגען „התקוה". אזוי האט מען זיי געמאַטערט 2 שעה. 3 יידן, וואס זענען געפאַלן לויפנדיק, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

א צווייטער שוידערלעכער פאַל האט פּאַסירט אין דאָרף שטיינעף, 10 קמ פון קרינעק. דאָרט האבן געאַרבעט א 24 יידישע פרויען. בעת א פאַרוויילונג־אָוונט ביים דייטשן פאַרוואַלטער פון הויף, האט זיך צוויי שיכורע זשאַנדאַרן פארוואָלט א ביסל צו פארוויילן זיך מיט די דאָזיקע פרויען. 4 א זייגער פאר טאָג האבן זיי באפוילן אלע פרויען זיך אויסצוטאָן גאַנץ נאַקעט, ארויסגעטריבן זיי אויפן הויף, און יאָגנדיק זיי א פּאָר הונדערט מעטער, האט מען זיי באַפוילן אריינגיין אין א בלאָטיק טייכל און באַוואַרפן איינע די אנדערע מיט בלאָטע און שטיינער. די גאַנצע סצענע, ביי אַנדערהאַלבן שעה, איז געווען באַגלייט פון ווילדע געלעכטערס און געשרייען און קלעפּ אָן א שיעור.

קלעפּ, שרעק און ווייטאָג איז געווען דער גורל אויך פון די ארבעטער אין שטעטל גופא — סיי אין פאַבריק, סיי ביי ברוקירן די קרינקער גאַסן, סיי ביי אַנדערע ארבעטן. איטלעכער ייד, פון גרויס ביז קליין, איז געווען געצווונגען צו ארבעטן. באפרייט דערפון זענען געווען די פאַמיליעס פון די יודנראַטניקעס, פון פּאָליציי־קאָמענ־דאַנט און פון טעטיקערע פּאָליציאַנטן.

וואָכנטלעך פלעגט מען באקומען, אויף קאַרטן, א פאַרציע ברויט און קאַרטאָפל. קראַנקע פלעגן באקומען אויך א האלב ליטער מאָגערמילך, וואס מען פלעגט אריינפירן פון אויסערן געטאָ.

אין דער ערשטער העלפט יאַנואַר 1942 האט די קרינקער זשאַנדאַרמעריע פלוצעם אַרעסטירט ביי א 20 יידן, א טייל פון זיי מיטגלידער פון יודנראַט. קיינער האט ניט געוווסט די סיבה. אין א 6—7 שעה אַרום איז איינער פון זיי צוריקגעקומען — א בלאַסער, א דערשראָ־קענער, ניט ענטפערנדיק גאָרנישט אויף די פראַגן פון די פרויען און קינדער פון די איבעריקע אַרעסטירטע. עטלעכע שעה שפּעטער האבן זיך אויך די איבעריקע צוריקגעקערט — אַלע שווייגנדיק. מיר איז גראַדע באַקאַנט, פון מיין פאָטער, וואס איז אויך געווען אַרעסטירט מיט זיי, אז די זשאַנדאַרמעריע האט זיי אויסגעפאָרשט, און דערביי שרעקלעך אָנגעשלאָגן און אָנגעטאָן עינויים — פאָדערנדיק, זיי זאָלן „אויסזאָגן", וואס זיי ווייסן בנוגע א פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, וואס האלט זיך ביים גרינדן אין קרינקי. דאס איז, אגב, געווען דער ערשטער פאַל אין דער גאנצער געגנט, מען זאל ארויסלאָזן פון דער זשאַנדאַרמעריע אַרעסטירטע יידן לעבעדיקערהייט.

## די אַקציע פון די צוואַנציק

דעם 14טן יאַנואַר 1942 האט מען פלוצים אַרעסטירט 20 מאַן פון געטאָ. די סיבה איז ניט באַקאַנט; לויט א השערה — א פּראָוואָקאַציע פון פוילישע פּאָליציאַנטן. צווישן די אַרעסטירטע זענען געווען: זלמן לאַש, לייזער קוגל, משה גבאי מיט זיין איין־און־איינציקן זון מאָטעלע, דויד שושאַנסקי, קאָפּל זאַלקין, עבער דעם קצבס צוויי זין חנא און משה מיטן איידים, אַבראַמאָוויטשעס 2 ברידער (ביידע שוסטערס), יאַנקל געלער, אשר שיין, אברהמל לאבענדיק, יודל לאָפּאַטע, יאָסל גבאי, איטשקע סלאָפּאַק, מיין פאָטער זלמן־ניסל וואָלף, און נאָך 3

יידן, וועמענס נעמען איך דערמאָן מיך נישט. 3 טעג האט מען זיי געהאַלטן אין דער זשאַנדאַרמעריע, מאַטערנ־דיק און פּיינענדיק זיי ביז בלוט. דער יודנראַט האט ווייניק וואָס געטאָן כדי זיי צו ראַטעווען. נאָך 3 טעג האט מען זיי אָפּגעפירט אין תפיסה, קיין ביאַליסטאָק. א סך מי און געלט האבן אַוועקגעלייגט די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע, סטאַרענדיק זיך זיי צו ראַטעווען, אבער ליידער איז עס נישט געלונגען. דעם 15טן מאַי 1942 האט מען זיי אויסגעשאָסן, א זעקס קמ ווייט פון ביאַליסטאָק — נאָך דעם, ווי יעדער איינער פון זיי איז געצוווּנגען געוואָרן תחילה אויסצוגראָבן א גרוב פאר זיך.

## דער רוצחישער „פעלדפעבעל״

א שרעקלעכער ווינטער איז דאַן געשטאַנען. קרינקער איבערגעבליבענע ווערן אויפגעציטערט, דערמאָנענדיק זיך אין דעם „פעלדפעבעל״, א סאַדיסט און אומברחמנותדי־קער מערדער, וואָס פלעגט אַנוואַרפן מורא און פחד אין געטאָ. פינף פרי פלעגט ער מיט זיינע דייטשע „געהילפן״ זיך ארײַנלאָזן אין געטאָ, אויפרייסן טיר און פענצטער, און ארויסטרייבן יידן האַלב נאַקעט צום ביאַליסטאָקער שאָסיי, אָפּצורייניקן דעם שניי. זיינע ווילדע „שנעלער! שנעלער!״־געשרייען קלינגען מיר נאָך ביז היינט אין די אויערן. ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָן איבעררייס, אָן עסן, פלעגן קרינקער פרויען, מענער און קינדער ראַמען דעם שאָסיי, אין די גרעסטע שניישטורמעס — און אומקערן זיך אַהיים מיט אָפּגע־פרוירענע הענט, פיס און באַקן, הונגעריקע און אויס־געמאַטערטע פון גרויזאַמען טאָג ארבעט. און אזוי א גאַנצן ווינטער. א סך זענען קראַנק געוואָרן אויף טובער־קולאָז, לונגען־אָנטצינדונגען אד״גל.

## הונגער און מגיפות

פון טאָג צו טאָג האט זיך אַלץ שטאַרקער געלאָזט פילן דער הונגער. ס׳האבן זיך פארשפּרייט עפּידעמיעס, ס׳רוב די ערגסטע — בויכטיפוס, פון וועלכער א סך זענען אוועקגעשטאָרבן: רחל טערקל מיט איר טעכטערל, נעכצע סלאָער מיט איר זון משהלע און נאָך אנדערע. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין געטאָ, אין דער געביידע פון „חדר־הכללי״, א שפּיטאָל מיט אן אַמבו־לאַטאָריע און אן אַפּטייק, און זיי האבן אויסגעשטערעקט הילף אָן קיין שום אָפּצאָל. דאָס איז געווען אפשר דער גרעסטער אויפטו פון דעם קרינקער יודנראט — א סך אויסגעשטאַטעטער און היגיענישער, און באַזאָרגט מיט בעסערע מעדיצינישע כוחות, ווי דער שטאָטישער שפּיטאָל.

## די ערב־פסח־אַקציע

ס׳האט זיך דערנענטערט פסח־צייט. יידן האבן געבאַקט מצות, געכשרט כלים. שטילערהייט, אויסבאַ־האַלטנדיק פון די דייטשן, האט מען זיך באַמיט איינצו־ריכטן, אויף וויפל ס׳איז מעגלעך, א כשרן פּסח.

פרייטיק 9 א זייגער פרי, ערב־פסח תשב, האבן זיך געעפנט די טויערן פון געטאָ, און עס האבן ארײַנגע־מאַרשירט א 200 געסטאַפּיסטן, אין שוואַרצע היטלען מיט א שאַרבן־אָפּצייכענונג — אויף זייערע קעפּ. זיי האבן זיך גלייך א לאָז געטאָן איבער די געסלעך פון געטאָ צו באַרויבן, שלאָגן, פייניקן און דערשיסן יידן. צענדליקער קרבנות זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויפן שרעקלעכסטן אופן. עס זענען אין דעם גרוילפולן טאָג דערשאָסן געוואָרן: דער קרינקער דיין ר׳ לייב סעגאל; משה לעוו (חנה דער בעקערקעס מאַן), וועלכער האט זיך קעגנגעשטעלט די דייטשע רוצחים; אָקונס מוטער פון גאַרבאַרסקע־גאַס, וואָס איז מיט א שווערד דערהרגעט געוואָרן אין בעט, און א סך אנדערע. *

געשאָסן האט מען איינציקווייז, ארײַנפירנדיק אין די חורבות פון די אָפּגעברענטע געטאָ־טיילן, לעבן די אַלגעמיינע קלאָזעטן, ווו מען פלעגט אָפּפירן די אויסשיי־דונגען פון גאנצן געטאָ. אין אָט דעם שמוץ, צווישן די טשאַפּעס, זענען געלעגן די טויטע פאַרבלוטיקטע קער־פּערס, איינגעקוויטשטע אין צואה און אנדערן טינוף. מען האט אפילו נישט דערלויבט מקבר צו זיין די הרוגים אויפן יידישן בית־עולם. האט מען זיי באַגראָבן אין געטאָ גופא, לעבן „לינת־הצדק״, אין א ברודער־קבר. דער פּאָגראָם האט געדויערט איבער 5 שעה. ס׳איז געווען שוין דער אמתער פסח.

* זען א גענויערע ליסטע, ז׳ 318.

### בּרעסטאָוויצער יידן פאַרטריבן קיין קרינעק

נאך יום־טוב האט מען אין געטאָ־קרינעק אריינגע־טריבן די יידן פון ברעסטאָוויץ, ווו מען האט איבערגעלאָזן בלויז א לאַגער פון בערך 200 יונגע מענער און פרויען. די 1,200 פאַרטריבענע זענען אָנגעקומען נאַקעטע כמעט, אָן בעטגעוואַנט. דער ענגער איבערגעפּראַפּטער, אויס־געהונגערטער און אויסגעשעפּטער קרינקער געטאָ האט געהאט ערשט צו זאָרגן פאר די ברעסטאָוויצער ברידער, און זיי ווי ס'איז „איינצואָרדענען" מיט עסנוואַרג, קליי־דונג און א דאַך איבערן קאָפּ. מען האט זיי „איינגע־קוואַרטירט" אין שול און אין בתי־מדרשים און ווו ס'האט זיך נאר געלאָזט.

די קראַנקהייטן און די עפּידעמיעס האבן זיך ערשט אַלץ מערער פארשפּרייט פון טאָג צו טאָג, און מענטשן פלעגן פאַלן ווי פליגן.

### דער געטאָ צעטיילט

זומער 1942 איז פלוצים ארויס א נייער באַפעל — ארויסצונעמען גאַרבאַרסקע־גאַס פון געטאָ, און אים צעטיילן אין צוויי. דער באַפעל איז טאַקע באלד אויסגעפירט געווארן: גאַרבאַרסקע־גאַס האט מען אויס־געצאַמט, און אין די צאַמען אויפגעשטעלט צוויי טויערן — איינער לעבן משה גאַרבערס מויער, און דעם אַנדערן — קעגן אים, לעבן קוגעלס הויז. מיט גרויסע אַנשטרענגונגען האט מען קוים געפועלט ביי די דייטשן, איבערצוציען א בריק איבער דעם גאַס, ווי א וויאַדוקט — מען זאל קענען אריבערגיין פון איין העלפט געטאָ צו דער צווייטער. די בריק איז געווען ענלעך צו דער אַזוי־גע־רופענער „בריק פון די זיפצער" אין ווענעציע, דורך וועלכער די פארמשפטע פלעגן געפירט ווערן פון טריבו־נאַל, וואס אין דאזשן־פּאַלאַץ, צו דער שוידערלעכער תפיסה, נישט זעענדיק גאַרנישט ארום בעתן דורכגיין די ארומגעצאַמטע בריק.

## די ליקווידאַציע פון געטאָ

און אזוי איז אָנגעקומען דער ערשטער נאָוועמבער 1942. זונטיק, 6 א זייגער פאר נאַכט, איז פלוצים אנט־שטאַנען א געפערלעכע פּאַניק אין געטאָ: מען דערציילט, אז דער געטאָ־פּאָליציי־קאָמענדאַנט, יאַנקל קאָזאָלטשיק, איז געוואר געווארן פון א דייטש, אז מאָרגן פרי וועט מען אויס'שיסן אלע יידן פון געטאָ. קיינער טאָר ערשט ניט ארויס פון דאַנען און נישט אריין. מען דערוויסט זיך פון יידן, וואס האבן זיך נאר וואָס צוריקגעקערט אַהיים, פון שטעטל, אז דער מאַרק דאָרט איז פול מיט קריסטלעכע פורן און מיט א סך נייע זשאַנדאַרן און געסטאַפּיסטן.

די נאַכט, אויף מאַנטיק, איז שווער צו שילדערן אין ווערטער: מענטשן רייסן זיך ראַטעווען פון טויט. מען ווייסט דאָך שוין וועגן די „אַקציעס" און שחיטות וואס זענען דורכגעפירט געווארן אין סלאָנים, ווילנע און אין אנדערע שטעט און שטעטלעך. מאַנטיק, א זייגער 6 אין דער פרי, ווען מיר זענען געלעגן פארבאַהאַלטן, האט זיך מיט א מאָל פארשפּרייט א קלאַנג, אז מען פירט ארויס דעם געטאָ אין ערגעצן און מען דערלויבט מיטנעמען מיט זיך נאָר עפּעס צו עסן.

מיר האבן זיך אָנגעטאָן, מיטגענומען א שטיקל ברויט און אַוועק צו די טויערן. די גאַסן זענען געווען פול מיט זשאַנדאַרן, פּאָליציי, געסטאַפּיסטן און ציווילע דייטשן, אלע שווער באוואָפנט. ס'איז פשוט געווען שווער דורכצוגיין די גאַסן: פול מענטשן, אומעטום א שרעקלעכער געדראַנג, מען פארלירט איינעם דעם צווייטן, א פרוי — איר מאַן, א קינד — א מוטער, א ברודער — א שוועסטער, מען שרייט, מ'יאָמערט, מ'קלאָגט, א שרעקלעך בילד. דערגרייענדיג ביזן טויער, האב איך פארלאָרן מיינע טייערסטע — מיין מוטער און מיין ברודערקע, וועלכע האבן געפירט מיין אָנקל, דעם בלינדן אברהם־שמואל.

זוכנדיק זיי, האב איך פלוצים דערפילט א שטאַרקן שמיץ פון א קאַנטשיק און א געשריי. גלייכצייטיק דער־הער איך, ווי מען שרייט צו מיר אין פּויליש, כ'זאָל צוגיין אַהין, ווו מען האט אָפּגעזונדערט די פאַבריק־ארבעטער: „דיך דאַרף מען נאך האבן אויף עטלעכע טעג!" — האט ציניש געברומט צו מיר דער פּוילישער פּאָליציאַנט. ס'האבן ניט געהאָלפן קיין ווערטער, איך האב געמוזט אוועקגיין צו דער קאָלומנע פאַבריק־ארבע־טער, וואס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף גאַרבאַרסקע־גאַס, אויפן שולהויף. שרעקלעך האט די גאַס אויסגעזען —

אויסגעלייגט מיט פעקלעך זאַכן, עסנוואַרג און פאַרבלו־
טיקטע מענטשלעכע קערפּערס.

מען היט אונדז שטרענג: קיינער פון די דורכגייענ־
דיקע טאָר זיך צו אונדז ניט אָפּרופן, און מיר — צו קיינעם.
אַ מוטער רופט זיך אָפּ צו איר קינד, אפשר ס׳לעצטע
מאָל — באַקומט זי מיט אַ גראָבן גומענעם שטעקן איבערן
קאָפּ און פאַלט אַנידער אַ פאַרחלשטע און אַ פאַרבלו־
טיקטע. יידן, וואָס גייען לעבן איר, הייבן זי אויף און
פירן זי ווייטער. אַזוי שטייענדיק, געזעגן איך זיך מיט
די בליקן מיט אַלעמען. אויפן מאַרק האָט מען פאַר די
פרויען און קינדער צוגעשטעלט פורן; מענער זענען
געגאַנגען צופוס, אַרומגערינגלט פון הונדערטער זשאַנ־
דאַרן, עס־עס־מענער, געסטאַפּאָווצעס און פוילישע פּאָלי־
ציאַנטן.

אַזוי האָט מען אונדזערע טייערסטע געפירט ביז
אַמדור און אויף מאָרגן פון דאָרט אין זאַמל־לאַגער
קעלבאַסין, לעבן גראָדנע — וווהין מען האָט פאַרטריבן
די יידן פון אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום. פון דאָרטן
פלעגן זיי אַרויסגעפירט ווערן טראַנספּאָרטנווייז קיין
טרעבלינקע, צו די גאַזקאַמערן.

דעם 25סטן נאָוועמבער זענען אונדזערע טייערסטע
קרינקער אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין טרעבלינקער
טויטן־לאַגער אַריין. פון די אַהין צו אַרויסגעפירטע, האָט
זיך קיינער נישט צוריקגעקערט, אויסער דעם איינציקן,
וואָס אים איז געלונגען צו אַנטלויפן און איז לעבן
געבליבן — פייוול וואָלף פון דאָרף ספּאָדוויל.

## דער אַרבעט־לאַגער
## און זיין ליקווידאַציע

פונעם גאַנצן עולם פון געטאָ האָבן די נאַציס ערשט
איבערגעלאָזט אַן ערך איין פּראָצענט. אַ טייל פון זיי
האָט מען אָוועקגעפירט אַרבעטן אין פאַבריק, אַ טייל
זענען געבליבן אין געטאָ, צו רייניקן אים.

די דייטשן האָבן באַלד גענומען אויספּאַרקויפן דאָס
יידיש האָב־און־גוטס, צענעמען די פּאַרקאַנעס, באַזעצן
אין די הייזער פּאָליאַקן, אַנטדעקן באַהעלטענישן אאַז״וו.

די יידן, וועלכע האָבן געריייניקט דעם געטאָ, האָבן
געוווינט אין גראָסמאַנס פאַבריק אויף גמינע־גאַס, דאָרט
איז געווען זייער לאַגער. פאַר די פאַבריק־אַרבעטער
האָט מען, אויפן שטח פון דער פאַבריק און אין עטלעכע
נאָנטע הייזער, אויסגעבויט נאַרעס און געמאַכט 2 באַזונ־
דערע לאַגערן — איינעם פאַר מענער און איינעם פאַר
פרויען. ביידע לאַגערן זענען געווען שטרענג באַוואַכט
דורך פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. האָט זיך אַ ייד
באַוויזן אין שטעטל מחוץ די לאַגערן, איז זיין פּסק
געווען טויטשטראָף.

די „לעבעדיקע מתים״ (אַזוי פלעגן מיר זיך רופן)
אין די אַרבעט־לאַגערן, זענען אַלע געווען צעבראָכן פון
צרות, פאַרביטערט, צעשראָקן, נידערגעשלאָגן און זיי
האָבן מקנא געווען די טויטע, וואָס האָבן שוין אַלע
יסורים און עינויים הינטער זיך.

ס׳איז געווען ווינטערצייט און ס׳איז נישט געווען
וווהין צו לויפן. מען האָט אפילו גערעדט וועגן אָרגאַני־
זירן אַ פּאַרטיזאַנקע פון די יוגנטלעכע, ס׳איז אָבער
געווען אוממעגלעך דאָס דורכצופירן, ווייל דאַן האָט מען
ביי אונדז אין געגנט נאָך ווייניק וואָס געהערט פון פּאַר־
טיזאַנער. די פּאָליאַקן פלעגן אויך אַרויסגעבן אַ סך
אַנטלאָפענע יידן צו די דייטשן.

מיר האָבן געוווסט, אַז ניט לאַנג וועט מען אונדז נאָך
לאָזן לעבן, און קיין אויסוועג איז נישט געווען. עס
האָבן אויפגעהערט צו עקסיסטירן באַקאַנטע און חברים
קריסטן, גוטע פריינד; אַלע האָבן זיך אָפּגעקערט פון
אונדז, ניט געוואָלט העלפן.

שבת, דעם 23סטן יאַנואַר 1943 נאָך מיטאָג, האָבן
מיר געזען, אַז עס קומט שוין אָן אונדזער סוף. מען האָט
געבראַכט פוילישע אַרבעטער פון סאָקאָלקע, אונדז צו
פאַרבייטן ביי דער אַרבעט, מען האָט פּלוצים פאַרגרעסערט
די וואַך אַרום לאַגער.

אין דער נאַכט פון 23סטן אויפן 24סטן, זענען אַ 50
מאַן פון לאַגער אַנטלאָפן. איבערגעלעבט פון די אַלע
האָבן זעקס: פרידקע זאַלקין מיטן מאַן, אליהו קושניר;
מאַטקע שטיינסאַפּיר (אומגעקומען אין יאָר 1946 אין
איטאַליע פון באַנדיטן־הענט); פערל לעווי (יאַנקל לעוויס
טאָכטער); חיים ווײַנער און איך.

נאָך דער באַפרייונג פון קרינעק דורך דער רויטער
אַרמיי, דעם 23סטן נאָוועמבער 1944, איז במשך פון 10
חדשים, נישט געווען באַוווסט דער גורל פון די אַרויס־
געפירטע קרינקער פון די דערמאָנטע אַרבעט־לאַגערן.

ערשט נאָכן סוף פון דער מלחמה איז מיר באַקאַנט געוואָרן, אז מען האט זיי אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ. דער גרעסטער טייל פון זיי איז גלייך פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן אין קרעמאַטאָריום, אויך די איבעריקע זענען דאָרט אומגעקומען אינעם כלומרשטן אַרבעטס־לאַגער. געבליבן לעבן פון זיי זענען נאָר: מאָטל קוגל, אייזיק ברוסטין, אַברהמל סויפער, רחלע זאַקהיים, ראובן קאַפּלאַן, פיניע קלאַס און מאָטל קירזשנער.

פון קרינקער יידן, וואס זענען געהאט אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, און פון דאָרט קיין פּאַרטיזאַנקע — האָבן איבערגעלעבט: הערשל רויטבאַרד, מוליע נישט און ראובן קאַפּלאַן.

**אברהם סופער**

## אין געטאָ

### אין ענגשאַפט און פאַרשמאַכטקייט

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן זייער שלעכט. יעדן טאָג פרישע גזירות און צרות. יידן זענען אַרומגע־גאַנגען ווי שאָטנס, ווערנדיק אַלץ שוואַכער און קראַנקער.

דער געטאָ האט זיך געצויגן אין איין האַלבער זייט שטעטל, אַנהייבנדיק פון איין זייט מיל־גאַס, צווייטע מיל־גאַס, די באָד־גאַס ביזן טייך, וווּ ס'איז געשטאַנען דער בלינדער געטאָ־פּאַרקאַן, אויבן פאַרצויגן מיט שטעכיק דראָט. ווייטער איז אַריין אין געטאָ גאַרבאַרסקע־גאַס, איבער וועלכער עס האט זיך געצויגן א בריק, וואס האט פאַרייניקט ביידע טיילן פון געטאָ, לעבן יאַשקע גאַרבערס און אַלטער קוגעלעס מויערן.

ווייטער, דעם שולהויף, האָבן די נאַציס פאַרנומען צו פאַרריכטן טאַנקען. גמינע־גאַס ביז גראַסמאַנס פאַבריק איז אַריין אין געטאָ. לענג־אויס ביז דער עלעקטראַוואָניע האט זיך געצויגן דער געטאָ־פּאַרקאַן. די צערקווע איז געבליבן אויסערן געטאָ; צערקאָוונע־גאַס — אינעווייניק, אַזוי אויך א האַלבע זייט פון אַמדורער־געסל. די אַנדערע זייט פון שטעטל איז געוואָרן פאַרניכטעט.

דער געטאָ־קאָמיסאַר און דער אַמטס־קאָמיסאַר פלעגן עטליכע מאָל אין טאָג מאַכן א שפּאַציר איבערן געטאָ און דאַן פלעגן די פּאָר שמאָלע געסלעך ווערן טויט, ווי קיין לעבעדיקער מענטש וואָלט דאָרט נישט געווען.

די הייזער זענען געווען איבערגעפּולט: אין יעדער דירה דריי־פיר פאַמיליעס. דריי־פיר פרויען פלעגן שטיין און בלאָזן אין קוימען און טרערן פלעגן רינען פון די אויגן — פון ביטערן רויך און פון שווערן לעבן. די שולן און בתי־מדרשים זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט די פּאַרטריבענע, די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין געטאָ — חושכדיק. דער שפּיטאָל, וואס איז געווען טעטיק אין געטאָ, איז אויך געווען אָנגעפּיקעוועט.

די באַשפּייזונג איז באַשטאַנען פון 100 גראַם ברויט פאַר א פּערזאָן און אַזויפיל קאַרטאָפל. פון פּעטס פלעגן ווי ניט איז געניסן די וואס פלעגן אַרבעטן אויסערן געטאָ. און דאס אויך נאָר ווען עס פלעגט וועמען געלינ־גען מיט גרויסע שוועריקייטן אַריינצושמוגלען א שטיקל פּוטער אַריינגעוויקלט אין א בעזעם, אָדער ביי פרויען — אַריינגעדרייט אין די האָר. ווי איז געווען צו דעם, וועמען מען פלעגט כאַפּן ביי אַזאַ שטיקל אַרבעט. ביים טויער זענען געשטאַנען די פאַרקויפטע פּוילישע פּאָלי־ציאַנטן צוזאַמען מיט א זשאַנדער. ביי דער זייט איז געשטאַנען א יידישער פּאָליציאַנט מיט א שטעקן אין האַנט און פלעגט פאַרלאַנגען א חלק פון דעם, וואס מען פלעגט אַריינשמוגלען. דער יודנראַט איז געוואָרן א גאַנצע רעגירונג, מיט פּאָליציי און אפילו מיט אַן אייגענער טורמע, וווהין מען פלעגט אַריינזעצן פאַר ברעכן די שטרענגע דיסציפּלין פון געטאָ, אָדער פאַר נישט וועלן אַרויס צו דער אַרבעט. קינדער און פריינט פון די יודנראַט־באַאַמטע פלעגן צו אַרבעט ניט גיין. קעגן דעם האט דער קאָמענדאַנט, וואס האט געהאט דיקטאַטאָרישע מאַכט איבערן יודנראַט, געפירט א העפטיקן קאַמף.

### דער בלוטיקער פרייטיק

ערב־פּסח 1942. לויט דער פאַראָרדענונג פונעם געטאָ־קאָמיסאַר, האט די יידישע פּאָליציי באַפוילן די גאַנצע יונגוואַרג אַרויס צו דער אַרבעט. קיין עלטערע יידן האָבן דער געטאָ־ און דער אַמטס־קאָמיסאַר נישט אַרויסגעלאָזן. א זייגער צען האט זיך אויפגעמאַכט דער

טויער, און א 150 דייטשישע מערדער, באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, האבן זיך ארייננעלאזט אין געטאָ מיטן „האָרסט־וועסל״־ליד: „ווען יידיש בלוט פון מעסער שפריצט״. זיי האבן זיך צוואָרפן איבער די הייזער און ס׳האט זיך דערהערט א שיסעריי, אויסגעמישט מיט געוויינערייען און געוואַלדן.

יעקב איז ארומגעלאָפן איבער די גאסן, דאס העמד פונאַנדערגעשפּיליעט, די אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן, און געהאַלטן אין איין שרייען: „יידן, פאַרבאַהאַלט זיך, מען וועט אייך שיסן!״ די שיסעריי האט נישט אויפגעהערט. אין יודנראט האבן זיך געפירט „אונטערהאַנדלונגען״ מיטן מערדערישן אָפיציר פון דער טויטן־גרופּע: 300 יידן וויל ער דערשיסן. פארן פרייז פון א סך גאלד,




יהודי קרינקי מובלים לעבודת־פרך

לעדער און אנדערע ווערטזאַכן, איז דעם יודנראַט געלונגען „אָראָפּצודינגען״ — אויף שיסן בלויז די וואס טראָגן בערד, דאס הייסט, עטלעכע צענדליק.

צוויי שעה האט געדויערט די שחיטה. עס זענען געפאלן צענדליקער.* משה לעוו דער בעקער האט זיך העלדיש קעגנגעשטעלט די מערדער. דעם חסידישן מורה־הוראה, דעם געלן, האט מען פארברענט די באָרד און אים לעבעדיקערהייט צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס צו דער וואַנט פונעם חסידים־שטיבל.

דער געטאָ־קאָמיסאַר האָט פארבאָטן צו באוויינען די טויטע. אין די בגדים האט מען זיי מקבר געווען, אין דער אָנוועזנדיקייט פון דעם געטאָ־קאָמיסאַר און דעם אַמטס־קאָמיסאַר. עס איז שוין געווען יענע סדר־נאַכט, א סדר פון חורבן און פּיין.

אז דער געטאָ־קאָמיסאַר האט זיך גענומען בויען פאר זיך און זיין קליקע א סטאַוו (א באַסיין), פלעגן יעדן טאָג געטריבן ווערן צו אַרבעטן דארט טויזנטער פרויען, מענער און קינדער. מענטשן פלעגן פאַלן פון שלעפּן די שווערע טראָגעס ערד, און נאַגייקעס פלעגן זיך אויף זיי אַראָפּלאָזן, איבער הויפּט פון די הענט פון דער פארקויפטער באַנדיטישער פּוילישער פּאָליציי. אויף די פאַבריק־ארבעטער פלעגט מען, נאכן ענדיקן זייער שווערן ארבעטסטאָג, טרייבן, אונטער ביקסן, פון דאס ניי ווידער אַרבעטן ביים „סטאַוו״. אויסגעשעפּטע פון דער אַרבעט אונטער שטעקנס, פלעגן זיי קוים דער־שלעפּן די פיס צוריק ביזן שטוב און קומען צוםליידיקן טאָפּ און פוסטן טיש.

## מען זוכט וועגן אין די וועלדער אריין

נחום בליאַכערס א זון, שמחה, האט איינגעאָרדנט ביי זיך אין קעלער, אין א ליידיק פּאָס, א ראַדיאָ, און יעדן טאָג פלעגט דאָרט זיין באָמע פרידמאַן און הערן די באריכטן פון לאָנדאָן, מאָסקווע און בערלין. דאס האט געדראַט מיט טויטן הונדערטער מענטשן, איז עס בכן געהאלטן געווארן זייער שטרענג קאָנספּיראַטיוו. די יוגנט האט מען מערסטן טייל געשיקט אויף ארבעט — ביים גראָבן טאָרף אין פּאָדביאַניקע, אדער זעגן האָלץ אין וואַלד. איין מאָל האט פּאסירט, אז פּאַרטיזאַנער האבן צוגענומען ביי די חברה אין וואַלד די העק און זעגן און זיי צוריקגעשיקט אין געטאָ, נישט וועלנדיק זיי מיטנעמען מיט זיך.

ווען די פּאַרטיזאַנער פון ארום פלעגן טרעפן אין וואַלד א ייד, פלעגן זיי ביי אים אָלץ צונעמען און זאָגן, ער זאָל צוריקגיין פון וואַנען ער איז געקומען. און דאס — מחמת די דייטשן פלעגן שיקן אין די וועלדער שפּיאָנען מיט געלע לאַטעס אויפן רוקן, כלומרשט יידן, און יענע פלעגן שפּעטער ארויסגעבן ווו ס׳געפינען זיך די בונקערס. בעת פּאַרטיזאַנער זענען איין מאָל געקומען צו די וואס האבן געאַרבעט ביי גראָבן טאָרף, האבן עטלעכע יוגנטלעכע, צווישן זיי מיין ברודער, געוואָלט

*) א גענויערע ליסטע פון די קרבנות זען ז׳ 318.

מיטגיין מיט זיי אין וואַלד אריין. יענע האבן עס אבער שטרענג פאַרווערט און זיי געסטראַשעט מיט צעשיסן.

דאס לעבן אין געטא האט זיך פון טאג צו טאג פארערגערט. אלע רעזערוון זענען אויסגעגאַנגען. מענטשן זענען געווארן בלאַסער און שוואַכער. די שטאַרביקייט האט זיך שטאַרק פארגרעסערט. דאס פרייע שטיק פעלד לעבן „לינת־הצדק", וווּ מען האט מקבר געווען די קרבנות פון בלוטיקן ערב־פסח, איז שוין געווארן פאַר־לייגט פון קברים. דער הונגער האט זיך וואס ווייטער אלץ מער פארשאַרפט. דאס אריינשמוגלען אין געטא האט זיך בעגרענעצט. די מערהייט האט געלעבט מיט דער האָפענונג, אז עס וועט שוין ניט געדויערן און מען וועט באפרייט ווערן. ווען אזעלכע, ווי יודל קאַפּלאַן, ישעיה גלעזער און מיין טאַטע, פלעגן זאָגן, אז מיר מוזן זוכן א וועג זיך אליין צו באפרייען, אוועקגיין אין די וועלדער און מיט געווער אין האַנט קעמפן קעגן דעם שונא — פלעגן אנדערע, ווי זיידל פיליפּסקי, למשל, פריידיקן, אז מען דאַרף זיצן און וואַרטן אין געטא ביז דער עמלק וועט האבן דעם סוף פון המנען.

חיים וויינער

## די נאַצישע רוצחים און זייערע פוילישע שותפים

ארום ערשטן יולי 1941 האבן די דייטשישע עס־עס־לייט זיך א לאָז געטאָן איבער קרינעק א שטיל צו טאָן זייער בלוטדאַרשט. זענען זיי אריין אין בית־המדרש, האבן צונויפגעקליבן אלע רייניקייטן און ספרים און אַלץ אונטערגעצונדן. ווען דער רויך האט שוין אָנגעהויבן צו שפּאַרן דורכן דאַך, האבן די דייטשן דערלויבט צו לעשן דאס פייער. מיט פאַרייניקטע כוחות האבן יידן זיך גענומען צו דער הייליקער ארבעט, אָפּגעראַטעוועט די ספר־תורהס און אויך פארלאָשן די פלאַמען.

א פּאָר טעג שפּעטער האט די אָרטיקע פוילישע פּאָליציי, מיט איינעם א פוילישן שפּיאָן פאר דייטשלאַנד, אַראַצקי, א יידן־פרעסער — זיך גענומען דורכצופירן א מאָרד־אַקציע איבער די געוועזענע קאָמיוגיסטן און קאָמוניסטן. מען האט זיי אלע צונויפגעקליבן און געשאָסן א קילאָמעטער הינטערן שטאָט, צווישן זיי ח. שווייצער, מ. ווינאָק א״אַ. מען האט זיי אריינגעוואָרפן אין א גרוב, וואס איז געהאַט אַנטשטאַנען פון א גראַנאַט־אויפרייס.

א מוטיקער קאָמוניסט, באַרקאַן, האט זיך געפּרוווט אויסבאהאַלטן, אבער ער איז דורך די אויסוורפן פון דער פוילישער געזעלשאַפט געכאַפּט און געפירט געווארן צו א דייטשן לאַסט־אויטאָ. פאַרנדיק צום זיכערן טויט, האט ער איבערן גאַנצן מאַרק אויסגעשריען: „זאָל לעבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, נידער מיט היטלערן!"

אין יוני 1942 האבן די דייטשן זיך גענומען בויען, אויסערן שטעטל, א באַסיין, ווּהין מען פלעגט שלעפּן די יידן, בצוואַנג, צו ארבעטן עבודת־פרך, נאָך זייער „געווייינטלעכן" ארבעטסטאָג, ביז שפּעט אין דער נאַכט. איין טאָג האבן זיך די נייטיקע צאָל ארבעטער נישט צוגעשטעלט, האבן די דייטשן ארויסגעטריבן צו דער ארבעט דעם גאַנצן יודנראַט, און דארט זיי שרעקלעך צעשלאָגן. ערשט האבן די דייטשן געפאָדערט זיי צו־שטעלן א גוזמאדיקע צאָל יידישע ארבעטער. זוכנדיק אַן אויסוועג, האט די יידישע פּאָליציי ארויסגעטריבן צו דער ארבעט יידן, וואס זענען געזעסן פאַסטנדיק אין א תענית, אין בית־המדרש.

פאַרן ליקווידירן דעם געטא, אָנהייב נאָוועמבער 1942, האט די אָרטיקע דייטשע מאַכט צעשיקט איינלאַדונגען צו די פּראָ־דייטשישע פוילישע מיטארבעטער אין דער גאַנצער געגנט, זיי זאָלן קומען זיך משתתף זיין אין דער „פייערונג פון דער יודן־אַקציאָן", און איטלעכער אַנטיילנעמער וועט דערפאַר אָפּיציעל פרעמירט ווערן.

דעם צווייטן נאָוועמבער, 5 א זייגער פאר טאָג, זענען שוין די איינגעלאַדענע פּאַליאַקן געווען גרייט לעבן טויער פון געטא, און צוזאַמען מיט דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע זיך אויסגעשטעלט, באוואָפנטע מיט שטעקנס, אין שפּאַלערן, „מקבל־פנים זיין" מיט דעם די קרינקער יידן, לכבוד דעם ארויסטרייבן זיי פון זייער היימשטעטל אויף אייביק.

א. סופער

## די ליקווידאַציע פון געטא

דער האַרבסט האט זיך דערנענטערט. די לאַגע אין געטא ווערט אלץ ערגער און פארצווייפלטער. ס'איז געקומען דער ערשטער נאָוועמבער 1942. דער געטאָ איז געווארן ארומגערינגלט מיט מאַשין־געווער. פארלאָזן איז

שוין געווען אוממעגלעך. דער געטאָ־קאָמיסאַר און אלע איבעריקע דייטשן האבן אָפּגענומען די ביי יידן באַשטעלטע ארבעטן נישט קיין פארענדיקטע. דער עולם איז שוין נישט ארויס צו דער ארבעט. פאר נאכט האט זיך פארשפרייט א קלאַנג, אז מען וועט אלע יידן אריבערשיקן אין אַן אנדער שטאָט. א גאנצע נאכט האט שוין איטלעכער געפייט רוקזעק און זיך געגרייט אין וועג אריין...

צו מאָרגנס, 6 אין דער פרי, האט דער געטאָ־קאָמיסאַר געמאָלדן, אז אין א שעה ארום וועלן אלע פארלאָזן דעם געטאָ. אויפן מאַרק האבן זיך שוין געזאַמלט פויערישע פורלעך. האַלב זיבן זענען אריינגעקומען באוואָפנטע דייטשן צוזאמען מיט אָפיצירן פון געסטאַפּאָ. אין צען מינוט ארום זענען שוין הונדערטער מענטשן, יונג און אלט, געשטאַנען מיט פעק אויף די פלייצעס. ווען מען האט ארויסגעמאַרשירט פון טויער, האט זיך א לאָז געטאָן א מחנה דייטשישע און פוילישע באַנדיטן און געשלאָגן די יידן מיט שטעקנס איבער די קעפּ און רוקנס. מענטשן זענען געפאַלן אויפן ברוק צעבלוטיקטע, קינדער האבן געוויינט. דער ברוק איז געוואָרן באשאָטן מיט פעדערן פון די קישנס. גאַנץ גאַרבאַרסקע־גאס איז געל'עגן אויסגעלייגט מיט פעק און צעשלאגענע מענטשן. קינדער האבן פארלאָרן זייערע עלטערן און זענען ארומ־געלאָפן צווישן די פיס פון די מערדער, וואס האבן אַן אן אויפהער געשלאָגן און געשריען: „שנעלער, שנעלער, פאָרויס!"

די אָפיציר־ן זענען געשטאַנען מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און פאָטאָגראַפירט און געלאַכט...

פלוצים האט זיך דערהערט א ווילדער רוף פון מערדערישן דירעקטאָר פון דער לעדער־פאַבריק צו אלע ארבעטער, וואס ארבעטן דארט, זיי זאלן אריבער אויפן שולהויף. די איבעריקע זענען אוועק אויפן מאַרק צו די וועגעלעך. דאס קלאַפּן פון די רעדער האט פארהילכט דעם ארום. דער דירעקטאָר, צוזאַמען מיט א יידישן פארטרעטער, יאַנקל שינדער, האבן נאך סאָרטירט די וואס זענען שטיין געבליבן. די וואס מען האט אַרויסגענומען פון אָט דער ריי, זענען געלאָפן צום מאַרק, זוכן זייערע פאַמיל'יעס. 170 גאַרבערס, אלע פאַכמענער, האט מען אָפּגעשטעלט, און מיט זיי דעם יודנראַט און די בעסטע שוסטערס, שניידערס, שניידערקעס, בסך־הכל 350 פערזאָן.

געשלאָסן צו פינף אין א ריי, האט מען אונדז אָפּגע־פירט אין פאַבריק. עטלעכע אַלטע צעבלוטיקטע מענטשן האבן זיך נאך געוואַלגערט אויפן ברוק. א טויטע שטיל־קייט האט זיך געטראָגן פון געטאָ ארויס. די שווערע טריט פון די מערדער האבן אָפּגעהילכט אין דער לופטן. דער טויער איז געבליבן צעעפנט.

מיר מאַרשירן מיט אָראָפּגעלאָזטע קעפּ צו טאַר־לאָווסקיס פאַבריק. די שוסטערס און שניידערס האט מען אָפּגעפירט אין גראָסמאַנס פאַבריק, וואס איז געשטאַנען אין געטאָ.

דוב ראַבין

# מגילת קעלבאַסין

אין אָקטאָבער 1942 האָט דער דייטשער „רייכס־זיכערהייטס הויפּטאַמט" פאַראָרדנט די „געסטאַפּאָ־צענטראַלע" פון דעם ביאַליסטאָקער „קרייז", צו „עוואַקויִרן" די יידן פונעם דאָזיקן „קרייז", ד"ה צו פאַרניכטן אַלע זייערע יישובים דאָרט. די פאַרניכטונג אין גראָדנער קאַנט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט פון גראָדנע, „קרימינאַל־קאָמיסאַר און אונטערשטורמפירער" היינץ ערעליס, און זיין פאַרטרעטער, „אונטער־שטורמפירער" עריך שאָט.

דעם 2טן נאָוועמבער 1942, גאַנץ פרי, זענען פּלוצים און מיט איין מאָל, אומברחמנותדיק פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע דור־דורותדיקע היימען, די יידן פון אַלע שטעטלעך פון ביאַליסטאָקער קאַנט. אָבער, מחמת א מאַנגל אין טראַנספּאָרט־מיטלען דעמאָלט, האָט מען די עוואַקויִרטע אוועקגעפירט נישט דירעקט אין די טויט־לאַגערן, נאָר תחילת אין „זאַמל־לאַגערן". פאַקטיש זענען עס געווען אויסראַטונג־תפיסות, הגם אָן קרעמאַטאָריעס און אָן צוואַנגאַרבעט, בדרך כלל. דאָ זענען אָבער טויזנטער פון די צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס זענען אַהער צו אַריינגעבראַכט געוואָרן — געווען פאַרמשפט צום טויט דורך הונגער, קעלט, שמוץ, לייז, מגיפות, איזדיעקעוונג, קלעפּ, אויסשיסונגען און כלערליי אַנדערע ברוטאַלע און סאַדיסטישע המצאות.

ווידער פאַר די, וואָס זענען דאָרט נישט אַזוי שנעל אומגעקומען, אָדער וואָס האָבן זיך אַליין אַזוי שנעל נישט גענומען דאָס לעבן, האָבן די דאָזיקע „זאַמל־לאַגערן" געזאָלט דינען ווי א מין „צוגרייטונג־שטאַפּל" צום ענדגילטיקן גיהנום — דורך אָפּטעמפּן און איינברעכן דעם גייסט פון די קרבנות, צעברעכן זייער מוט און אַריינטרייבן זיי אין עולמות פון ייאוש און גלייכגילטיקייט, זיי זאָלן נישט פאַרמאָגן מער קיין כוח אפילו ווי ס'איז זיך קעגנצושטעלן.

דער שוידערלעכסטער פון אָט די „זאַמל־לאַגערן", אין וועלכע ס'זענען פריער אינטערנירט געוואָרן סאָוועטישע מלחמה־געפאַנגענע, וואָס זענען דאָרט אין די צענדליקער טויזנטער אומגעבראַכט געוואָרן, דורך הונגער און עינויים — איז געווען דער לאַגער אין קעלבאַסין, א 6 קמ ווייט פון גראָדנע, ביים שאָסיי קיין ביאַליסטאָק*).

אַהער צו זענען עס פאַרטריבן געוואָרן די קרינקער מיט די ברעסטאָוויצער יידן, אינעם כלל פון די 28,000 קרבנות פון די יידישע יישובים אין דער סביבה: אָדעלסק, אָזשאָר, אַמדור, אָסטרין, דובראָווע, דרוזגעניק, האָלינקע, יאַנאָווע, לונע־וואָליע, נאָווי־דוואָר, סאָפּאָצקין, סאָקאָלקע, סוכאָוואָליע, סידרע, סקידל, פּאָרעטש, קאַמינקע, קאָריטשין, קוזניצע, ראָטניצע און א טייל פון גראָדנער געטאָ. איבערגעלאָזט נאָך פאַר א קורצער צייט אין זייערע ביזהעריקע יישובים, האָט מען בלויז עטלעכע הונדערט אַרבעטספעיִקע אין אַרבעט־לאַגערן, א יך אין קרינקי — וואָס זענען נאָך נייטיק געווען פאַרן נאַצישן מלחמה־מעכאַניזם.

## די הויפּט־אומברענגער און זייער „משפּט"

די עווידענץ פונעם הויפּט־אומברענגער פון די צענדליקער טויזנטער יידן פון דעם ביאַליסטאָקער „קרייז", „דאָקטאָר" אַלטענלאָה, איז באַקאַנט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט ערשט ווען מען האָט אים געפּאַקט און געשטעלט צום געריכט, אָנהייב 1967, אין בילעפעלד, מערב־דייטשלאַנד, און פאַרמשפט צו... אַכט יאָר תפיסה... פון די דירעקטע רבי־טבחים — די הויפּט־שוחטים — די אויבן דערמאָנטע היינץ ערעליס און עריך שאָט, האָט מען געכאַפּט בלויז דעם ערשטן. דער אַנדערער האָט מיט עטלעכע יאָר פריער זיך גענומען דאָס לעבן — א פּנים, אַז ער האָט נישט פאַרגעשטעלט זיך, אַז די סכנה, וועלכע דראָט אים, אויב מען וועט אים אפילו משפּטן, איז נישט קיין געוואַלדיקע. וועגן דעם דירעקטן טאָג־טעגלעכן הענקער פון קעלבאַסין־לאַגער, קאַרל רינצלער (אָדער רינצנער, לויט די דייטשישע מקורים), וועלכער האָט איבערגעשטיגן מיט זיין סאַדיזם און בלוטדאָרשט אפילו זיינע געסטאַפּאָיִשע מיט־רוצחים — הערט מען איבער הויפּט נישט.

דער „קרימינאַל־קאָמיסאַר און אונטערשט.רמפירער"

*) זען סקיצע פון קעלבאַסין־לאַגער ז' 284.

הייניץ ערעליס, האט זיך געהאַלטן פאר אן „אינטעליגענט" מיט „אַריסטאָקראַטישע" מאַניערן, איז געווען א ליבהאָבער פון קונסט, בפרט פון מוזיק, און האט ליבערשט אָנגעפירט מיט זיין אויסראָטונג־„מלאכה" הינטער די קוליסן. דאס האט אים אבער נישט געשטערט צו באַרימען זיך אין לאַגער, אז מען קאָן פאר זיינע אויגן אַדורכלאָזן 10,000 מענטשן דורך מיל־וואַלצן, און ער וועט אפילו מיט קיין אויג נישט א פינטל טאָן.

דער דאזיקער „העלד", ווי זיין הויפּט־קאָמאַנדיר „דאָקטאָר" אַלטענלאָה און די אנדערע פארריסענע מיט־שוחטים, האט אבער נישט ארויסגעוויזן אין געריכט קיין איבעריקע גבורה זיך מודה צו זיין אין זיינע „מעשים טובים", אדער לכל הפחות זיך צו פארענטפערן אויף זיינע אייגנהענטיקע בלוט־פארגיסונגען, אין וועלכע ער איז באַשולדיקט געוואָרן דורך עדות, וועלכע האבן עס ממש מיט זייערע אויגן געזען. ערעליס האט געלייקנט שטיין און ביין: לא היה ולא נברא — ער איז אומשולדיק ווי א טייבעלע... און פאר די אַלע זיינע דורך די עדות פעסטגעשטעלטע מאַסן־רציחות, האט אים דער מערב־דייטשלענדישער געריכט געפסקנט... 6½ יאָר טורמע מיט רעכט צו אַפּעלירן... אזוי האט דער „גזר־דין", צוויי יאָר שפּעטער, נאָך אַלץ נישט זוכה געווען אויסגעפירט צו ווערן.

דעם בלוטהונט „אויפן ארט", דעם קעלבאַסינער לאַגער־קאָמענדאַנט, קאַרל רינצלער, און זיינע גרויל־מעשים, שילדערט, אין אונדזער המשך, דער איינציקער פון דארט לעבן־געבליבענער קרינקער, פּייוול וואָלף. דאָ זאל נאָך צוגעגעבן ווערן אויך פון דעם, וואס עס דערציילן א פּאָר אנדערע לעבן־געבליבענע.

### פון רינצלערס גיהנום

„רינצלר פלעגט אַרומגיין ווי א ווילדע חיה מיט א גרויסן גומענעם שטעקן — שרייבט דער סוכאָוואָלער, שמחה לאַזאַר*. באזונדערס פלעגט ער אָפּהאַלטן פרויען, און אזוי לאַנג שלאָגן איבערן קאָפּ און פּנים, אז פונעם פארלאָפענעם בלוט, פלעגט מען דעם געשלאָגענעם נישט דערקענען. די ברוטאַליטעט פלעגט זיך איבערחזרן טאָג־טעגלעך.

„איין מאָל האט א יונגערמאַן פארלאָזן דעם לאַגער אָן דעם וויסן פון שעף. אויפן וועג קיין סאָקאָלקע איז דער יונגערמאַן פארהאַלטן געווארן און מען האט אים צוריקגעבראַכט אין לאַגער. רינצלער האט דעם יידן פארבונדן מיט א שטריק די הענט און די פיס פון הינטן, דערנאָך צום האַלדז, און אזוי געלאָזט ליגן אין איבער־מענטשלעכע יסורים אונטער א טיש 24 שעה. דער ייד האט זיך געוואָרגן פון ווייטיק. אויף מאָרגנס האט אים דער מערדער אָפּגעבונדן. דער יונגערמאַן האט זיך נישט געקענט אויפשטעלן, ווייל דאס בלוט איז אים אַנטשטאַנען. רינצלער האט גענומען 4 יידן, זיי פאַראָרדנט אויסצוגראָבן א גרוב, אריינגעלייגט דארט דעם יונגנמאַן און אים אריינגעשאָסן א קויל. מיט א ציניש שמייכעלע אויף זיין מערדערישן פּנים, האט דער הונט געהייסן די גרוב פארשיטן.

„א ייִנגל פון א יאָר 18 האט איין מאָל פארשפּעטיקט אויף איין מינוט צום קאָנטראָל אויפן פּלאַץ. רינצלער האט עס באַמערקט, האט ער דעם ייִנגל צוגערופן, אַוועקגעשטעלט אים אויפן מיטן פּלאַץ, און אים, אין דער אַנוועזנהייט פון אלע יידן אַרום, אריינגעשאָסן א קויל אין קאַרק. דער מערדער האט רויק ארויסגעצויגן א סיגאַרעטל פון טאַש, און עס פאררויכערט מיט אן אויסדרוק פון ביטול און שפּאַס אויף זיין חיהשן פּנים.

„צוויי מאָל טעגלעך פלעגן דורכגעפירט ווערן קאָנטראָלן אויפן פּלאַץ פון בלאָק. נאכן איבערציילן און זיך איבערצייגן, צי עס שטימט די צאָל לויט די אָנגעגעבענע צעטלען, פלעגט רינצלער פאַראָרדענען א שעה צייט לויפן אויפן פּלאַץ. בעתן לויפן האט מען געמוזט זינגען יידישע לידער, טאָמער האט מען געזונגען נישט גוט, פלעגט ער מערדערלעך שלאָגן; פלעגט א קרבן פאַלן באַוווסטלאָז, פלעגט ער געפינען אן אנדערן. ער איז קיין מאָל נישט זאַט געווארן פון יידיש בלוט. ספּעציעל סאַדיסטיש האט ער געפּייניקט יידישע פרויען. אזוי פלעגט ער מיט טויט־דראָונגען צווינגען יידישע מיידלעך, זיי זאָלן מיט די בלויזע הענט ראַמען דעם פּלאַץ פון לאַגער און א טייל מיסט אריינלייגן ביי זיך אין בוזעם און דאס רעשט טראָגן אין מיסטקאַסטן".

* לויט גראָדנער אָפּקלאַנגען", נומער 8—9, בוענאָס־איירעס 1955.

אזוי דערציילט אויך אן אַסטרינער לעבן־געבליבע־נער: *

„— — וואַסער איז אין לאַגער געווען דווקא בשפע. די אריינגעטריבענע לאַגערניקעס איז אבער שטרענגסטנס פארבאַטן געווען אפילו צוצוגיין צו די קראַנען. אַסטרינער פרויען, וואס האבן געפרווווט ברענגען א ביסל וואַסער פאר זייערע עופעלעך, האט מען צוגעבונדן איינע צו דער אנדערער מיט שטריק און אזוי ארומ־געטריבן איבערן גאַנצן לאַגער, אויף אַפצושרעקן דעם עולם, מע זאל נישט ,גנבענען' קיין וואסער. אנדערע, ווידער, האט מען פאר אזא ,חטא' אנגעשלאָגן מיט די נאַגייקעס ביז טויט.

„קיין קלאַזעטן זענען אין קעלבאַסין נישט געווען, האט מען צו דעם צוועק אויסגעגראַבן אין מיטן לאַגער א גרוב, ווו מענער און פרויען זענען געווען געצווונגען צו פראַווען נקיות בריש גלי [עפנטלעך] און אָן שום מחיצות צווישן זיך. פלעגן די פרויען זיך שעמען, אדער זיך מוטשען און זיך איינהאַלטן מיט די לעצטע כוחות.

„א יונג מיידל, וואס האט אזוי געוואַרט ביזן אָוונט, אום ארויסצוגיין צו די צרכים אין דער פינצטער, האט זיך אַנגעטראָפן אָן א דייטש, און פון גרויס פחד, איז זי צוריקגעלאָפן אין איר זעמליאַנקע. האט ער זי אבער ארויסגעפונען, און זעענדיק, אז זי איז א שיינהייט — האט ער פון איר געפאָדערט, זי זאָל זיך פאר אים אין די אויגן אויסטאָן נאַקעט. זי האט זיך געבעטן ביי אים, ער זאל זי ליבערשט שיסן, איידער זי זאל זיך אויסטאָן. האט ער אויסגעשטרעקט צו איר זיין רעוואָלווער און זי געוואָרנט, אז אויב זי וועט ניט פאָלגן, וועט ער אויסהרגענען אלע מיטוווינער פון איר זעמליאַנקע. האט זי דערצו נישט געוואָלט גורם זיין, און האט דערפילט די סאַדיסטישע פאָדערונג פון דער דייטשישער חיה".

* פון „ספר־זכרונות לקהילות — — אוסטרין — —", תל־אביב תשכ"ז.

פייוול וואָלף

## אין געראַנגל פאַרן לעבן

### (פון קרינעק ביז קעלבאַסין)

איך בין געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום א דאַנק מיין געבוירן־אַרט דאס דאַרף ספּאַדווילע, 6 קמ פון קרינעק, 9 — פון גרויס־ברעסטאָוויץ. דאַרט, ביי מיין מוטער רבקה און מיין פאַטער בצלאל. ביז אין 20סטן יוני 1920 ארויס אויף דער ליכטיקער וועלט. מיר זענען געווען 6 קינדער ביי אונדזערע עלטערן: 5 זין און 3 טעכטער, א טייל פון זיי זענען איצט אין מדינת ישראל.

אונדזער גאַנצע פאַמיליע האט געוווינט אין קרינעק: דער מוטערס צוויי ברידער — אברהם ניעפּאַראַזשניץ, און דניאל „דער הויכער", ווי מען פלעגט אים רופן; און דעם פאַטערס ברודער יאַנקל, און שוועסטער באַשקע די „ספּאַדווילער".

פון 12טן אַפּריל 1934 ביז סוף 1935 האב איך געדינט אין דער פוילישער אַרמיי.

דעם 24סטן אויגוסט 1939 האט מען מיך מאַביליזירט צו קעמפן מיט די דייטשן. דעם 10טן סעפטעמבער 1939 בין איך מיט נאָך א סך קרינקער — יצחק סטאָלאַרסקי, אברהם קליינבאַרט, לייבע לאַפּאַטע, ליימע שוסטער, לייזער סטאַצקי און נאך עטלעכע, וועמענס נעמען איך געדענק ניט — אַנגעקומען קיין לעמבערג און דאַרט אַנטיילגענומען אין שווערע קאַמפן מיט די דייטשן.

דעם 21סטן סעפטעמבער 1939 זענען מיר אלע באפרייט געוואָרן דורך די רוסן. מיט גרויס מי בין איך דאַן אַנגעקומען צוריק קיין קרינעק.

#### ערשטע נסיונות

פון אָנהייב 1940סטן יאר ביזן 22סטן יוני 1941 האב איך געאַרבעט ביי רוסן אין אַמדור.

שבת־צו־נאַכט, דעם 22סטן יוני 1941, זענען די דייטשן באַפאַלן דאָס שטעטל.

מאָנטיק, דעם 23סטן יוני, בין איך מיט מיין ברודער איטשקע, מאָטעס (מתתיהו) פּאַליאַטשעק און דוד

שאַלמוק, אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון רוסלאַנד אויף מזרח צו; אָבער אויפן וועג פון סלאָנים קיין באַראַנאָ־וויטש בין איך שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן און געצוווּנגען געווען צו גיין צוריק, מחמת די דייטשן זענען אונדז ווייט פאַרויסגעגאַנגען.

שבת דעם 28סטן, נאָך מיטאָג, זענען מיר, איך און מיין ברודער, אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן. דאָס איז געווען אַ 6 קמ פאַר זעלווע, נישט ווייט פון סלאָנים.

אַ דייטשישער דאָקטער, וואָס האָט אונדז אונטער־זוכט, האָט, פאַרשטייט זיך, דערקענט, אַז מיר זענען יידן, ער האָט אונדז אָבער שטילערהייט צוגעזאָגט אונדז נישט ארויסצוגעבן, ווייל יידן פלעגט מען שיסן גלייך אויפן אָרט אָן שום פאַרוואָס.

אַ זייגער 6 פאַר נאַכט האָט מען אונדז מיט נאָך 7 ניט־יידן אָפּגעפירט אין אַ דאָרף, 4 קמ פאַר זעלווע. דאָ האָט מען פאַראָרדנט אָפּצופירן אונדז הינטער אַ שייער, ווו מיר האָבן גלייך דערזען דעם טויט פאַר די אויגן. ריידן איינער צום צווייטן אָדער איבערקוקן זיך, האָט מען אונדז שטרענג פאַרווערט, וועגן רירן זיך פון אָרט שוין אָפּגערעדט.

אין געציילטע מינוטן ארום זענען פאַרביי אונדז אַדורך 4 גויים מיט רידלען אין די הענט, און לויט דער אָנווייזונג פון די דייטשן האָבן זיי זיך געשטעלט גראָבן אַ גרוב. מ'האָט נישט באַדאַרפט זיין איבעריקנס איבערגעשפּיצט, כדי צו פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאַר איינער פון די קריסטן פון צווישן די געפאַנגענע האָט נאָך געהאַט אין זיך מוט צו בעטן וואָסער. דער עלטסטער פון אונדזערע באַוואַכער האָט אים אָן ענטפער געטאָן:

— מיר וועלן אייך באַלד אָנטרינקען מיט בלוט!

אַ רעגן האָט אָנגעהויבן טריפן און די נאַכט איז צוגעפאַלן.

בעת מיר זענען, אָנגעזאָפּטע מיט טויט־קלעפּ שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט אויפן ברעג פון גרוב, איז אויסגעוואַקסן פאַר אונדז אַ העכערער דייטשישער אָפי־ציר און הויך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— נישט שיסן אָן אַ פאַראָרדענונג!

און אַזוי האָט מען אונדז אריינגעפירט צוריק אין דעם זעלבן שייער.

אויף מאָרגן פרי, ווען מען האָט אונדז ארויסגעפירט אויף דער זון, איז צוגעגאַנגען צום עלטסטן באַוואַכער אַן אַלטער גוי, מיט אים עפּעס גערעדט, און גלייך נאָך דעם אונדז געבראַכט ברויט און קאַרטאָפל מיט זויערמילך. שפּעטער האָט מען אונדז אין אַן אויטאָ אָפּגעפירט קיין אַזערניצע און פון דאָרטן קיין ראַזשאַנאַי. דאָרט האָט מען אונדז איינגעלאַקירט אין אַ לאַגער, וואָס איז געשטאַנען אין גאָרטן פון ווייסרוסישן גלח, יידן באַזונדער פון ניט־יידן, און געפאַנגענע סאָלדאַטן באַזונדער — בסך־הכל אַ 5,000 מאַן. עסן פלעגט מען באַקומען איין מאָל אין טאָג — אַ געפגרטן פערד, וועלכן מען פלעגט דאַרפן אַליין אָפּקאָכן.

נאָך 6 טעג זיין אין אָט דעם לאַגער, האָט מען אונדז באַפרייט. וואָס כ'האָב מיך דאָרט אָנגעזען, איז אַ שרעק צו באַשרייבן.

אין אַ פאָר טעג ארום בין איך מיט מיין ברודער אָנגעקומען קיין ספּאַדווילע. דאָרטן האָבן מיר געפונען אונדזער גוטע אַלטע מאַמע מיט דעם פאָטערס אַ שוועס־טער מיטן מאַן. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון נייע געהאַקטע צרות. אויף יעדן טריט און שריט פלעגט מען שיסן יידן און ניט־יידן אָן קיין שום פאַרוואָס. דער ברו־דער איטשקע איז אַנטלאָפן קיין גראַדנע, און איך — קיין קרינעק.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

זיצנדיק ביי יאַנקל ספּאַדווילער און אויסהערנדיק די אַלע פּאַסירונגען אין קרינעק, האָב איך דערזען דורכן פענצטער אַ גרופּע יידן מיט געלע לאַטעס אויפן ברוסט און פּלייצע, צוריקקערן זיך פון פאַבריק פון דער ארבעט. באַלד איז אַריין מיין פעטער יאַנקל מיטן קוזין שמואל און מיט זיי נאָך אַ פּאָר יידן און מיר געהייסן אָנטאָן לאַטעס, די דייטשן זאָלן מיך ניט דערשיסן.

דעם זעלבן טאָג בין איך אַנטלאָפן צוריק קיין ספּאַד־ווילע. דאָרטן איז די לאַגע געווען נאָך ערגער, ווייל מען האָט געשאָסן עטלעכע ניט־יידן. און אויף מאָרגן פרי בין איך מיט אַ גראַבליע אויפן פּלייצע אַנטלאָפן קיין אַמדור.

כ'בין אָנגעקומען אַהין צו בשלום, אָבער ביים אריינ־גאַנג אין שטעטל האָט מיך דערקענט אַ גוי, און ער האָט זיך, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, גלייך גענומען אויס־פאָרשן וואָס איך טו דאָרט. אַזוי ארום האָט מען מיר

גערֿאטן, איך זאל זיך באהאַלטן און גאַנץ פרי זיך אָפּ־סראָגן, ווייל ערשט א טאָג פריער זענען געקומען אַהין צו 60 דייטשן פון גראָדנע און באַפוילן אַלע יידן, אלט און יונג, גרויס און קליין, צו פאַרלאָזן די הייזער. זיי האבן זיי ארויסגעטריבן אויפן פעלד, און צוגענומען, לויט אַנווייזונגען פון ניט־יידן, 33 מאַן. דאס זענען געווען די ערשטע קרבנות פון שטעטל (הימעלפאַרב דער פאָטער מיטן עלטערן זון, צוויי ברידער אשקעוויטש, שמעון לאס, מורשטיין, פעלדמאַן, דויד שאַלמוק, הירשל דער פאסטוך, שמואל אינטעליגענט, מאָטל נאָכבי, גראַניק, זשופּיצע און נאך אַנדערע).

באלד נאך מיין אריינגאַנג אין אמדור, האב איך געזען דריי יידן צוגעבונדענע מיט שטעכנדיקע דראָט צו טעלעגראַף־סלופּעס, פאר נישט ארויסגיין פרי צו דער ארבעט.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי בין איך אנטלאָפן צוריק קיין ספּאָדווילע, און אין עטלעכע טעג ארום בין איך אַוועק קיין קליין־ברעסטאָוויץ צום עקאָנאָם, וואס איז געווען ביי די דייטשן א גאַנצער מאַכער, און איך האָב אים געבעטן מיך נעמען אונטער זיין שוץ. דארט בין איך מיט מיין פעטער שמואל פארבליבן ארבעטן, אבער ס׳האט געדויערט נישט לאַנג און מיר זענען פון דאָרטן קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן — ווידער קיין ספּאָדווילע.

אויף מאָרגן בין איך מיט מיין מאַמען אוועק זוכן שוץ ביי פּאָליאַקן. ביי איינעם האבן מיר געפונען א פּלאַץ פאר מיר, און איך בין ביי אים געבליבן ארבעטן ביי פעלדארבעט. איין מאָל אזוי אַקערנדיק אויפן פעלד, גייט צו צו מיר א גוי און גיט א זאָג:

— דו נאַרישער זשיד, דאַ האסטו זיך אויסגעזוכט א פּלאַץ אויף איבערצולעבן די שלעכטע צייט? ס׳וועלן דאָ אַדורך דייטשן, וועט א יעדער קליין קינד אָנווייזן אויף דיר, אז דו ביסט א זשיד און מ׳וועט דיך שיסן. טראָג זיך בעסער אָפּ אין אן אָרט וווּ ס׳זענען דאָ א סך יידן.

געזען, אז דער גוי איז גערעכט, בין איך דעם זעלבן טאג אנטלאָפן צו דער מוטער קיין ספּאָדווילע, און אויף צו מאָרגן בין איך געלאָפן קיין קרינעק. דארט האט מען געהאַלטן אין איין שיסן, בין איך געלאָפן צוריק קיין ספּאָדווילע און פון דאַנען — גלייך קיין אַמדור. דאָרט האט מען מיר גערֿאטן גיין קיין גראָדנע אדער קיין ביאַליסטאָק. האב איך אויסגעקליבן מיין וועג צו מיין טייערער מאַמע — אין דאָרף ספּאָדווילע.

די צייט איז דערווייל נישט געשטאַנען, די דייטשן זענען געגאַנגען פאָרויס, טיף קיין רוסלאַנד. ביי אונדז אין דאָרף איז געוואָרן רויקער — זענען מיר דארט געזעסן. אין די שטעט און שטעטלעך ארום זענען אנט־שטאַנען געטאָס.

דעם 12טן פעברואר 1942, אַכט פרי, ביי א 40 גראַדיקן פראָסט, זענען אריין צו אונדז דריי דייטשן פון קליין־ברעסטאָוויץ, און באקוקט, צי מיר טראָגן געלע לאַטעס. אין א פּאָר מינוטן אַרום האבן זיי, צונעמענדיק ביי אונדז די קו, 20 הינער מיט אלע בעסערע זאַכן — אונדז באַפוילן צו פאַרלאָזן, אין פאַרלויף פון א שעה צייט, ספּאָדווילע און אַוועק קיין גרויס־ברעסטאָוויץ.

פאר א ליטער ספּירט האט פאר מיר דער סאָלטיס אויסגעפועלט ביי די דייטשן א שיין אויף זיך איבערצוטראָגן קיין קרינעק.

## אין קרינקער געטאָ

דעם זעלבן טאג זענען מיר אריין אין קרינקער געטאָ ביי מלך זאַלקין אין פאַבריטשקע.

עס זענען אַוועק צען טעג, האט דער יודנראט אונדז גענומען צו דער ארבעט — ראַמען יעדן טאָג דעם שאָסיי, פון קרינעק ביז סאָקאָלקע, א 22 קילאָמעטער. אונדזערע „ארבעט־געבער" זענען געווען: א גראָבער דייטשישער פעלדפעבעל, אין די פופציקער, מיט לאַנגע וואָנצן, און זיין פארטרעטער מאָקס דער הויכער.

איין מאָל, א זונטיק, אין א מאַרץ־טאָג, האט ער אונדז פארטריבן אַזש ביז פאר סאָקאָלקע, אָן עסן און טרינקען, און אָפּגעהאלטן ביז ניין אין אָוונט. ביז מיר זענען צוריקגעקומען קיין קרינעק איז שוין געווען איינס ביי נאכט. אויפן טיש האב איך געפונען א צעטל, אז פינף פרי באַדאַרף איך שוין ווידער זיין גרייט ארויס צו דער ארבעט, אויפן באשטימטן זאַמלפּלאַץ, אָנהייב גאַרבאַרסקע־גאַס, לעבן אַלטער דעם פּאַרבער, אַנטקעגן יודנראַט.

איך בין צו דער ארבעט ניט ארויס, אזוי אויך א סך אנדערע. איז דער גראָבער חזיר מיט נאך צען זיינע דייטשן אריין אין געטא כאַפּן מענטשן. דערווייל זענען זיי אריין צו משהקע שמיד טרעשטשאַן, ארויסגענומען פון בעט זיין שיין מיידל, ארויסגעפירט זי אויפן גאָס א

נאַקעטע אין א דרייסיק־גראַדיקן פראָסט, און זי גע־
שמיסן. נאָך דעם האָבן זיי ארויסגעפירט אזוי אויך דער
אַקושערקעס מיידל, זי געשמיסן און לאַנג אָפּגע־
האַלטן אויפן פראָסט; און דעם מורה־הוראה קוויאַט האָבן
זיי געכאַפּט צו דער ארבעט.

אין דעם „קליינעם" געטאָ האָט מען דערווייל געזען
און געהערט אלץ וואס דער רוצח טוט אויף. בין איך מיך
פאַמעלעך און קאַלטבלוטיק ווי ניט מיך מיינט מען עס,
געקומען אויפן פלאַץ און זיך געשטעלט צו דער ארבעט.
אויף מיר קוקנדיק זענען געקומען נאָך א 17 מאַן.

פאר אונדז אין די אויגן האָט דער מערדער אָפּגע־
שניטן דעם הויכן מורה־הוראה א האַלבע באָרד און א
האַלבע וואָנצע און עס פארברענט. דאַן האָט זיין פאַר־
טרעטער זיך א נעם געטאָן צו מיר, א כאַפּ געטאָן מיך
פארן קאָפּ, געבויגן אַראָפּ און ארויף און מיר געגעבן
זיבן שמיץ מיט א גומי. עס האָט מיר בשעת מעשה ניט
איבעריקנס ווי געטאָן, אבער שפּעטער פלעגט עס מיך
אַנרירן, ווייל מע פלעגט מיך רופן „דער אָפּגעשמיסענער".
דאַן האָט ער זיך איזדיעקעוועט איבער די רעשט יידן
און אויך זיי געשלאָגן, און אונדז א טרייב געטאָן צופוסן
ביז א 10 קמ נאָך קרינעק ביים דאָרף שודזיאַלאָווע —
ראָמען דעם שניי.

## די שחיטה ערב פּסח

י"ג ניסן זענען מיר, א 300 מאַן, ארויס אויפן שאָסיי,
א דריי קמ פון שטאָט, ראָמען דעם שניי. א זייגער האַלב
צען האָבן מיר געהערט שאָסן פון שטאָט, און אין א
האַלבע שעה ארום זענען דורכגעפאָרן גויים אויף
שליטנס און דערציילט שטיל אויפן אויער, אז מ'שיסט
יידן אין געטאָ.

12 ביי טאָג האָבן אונדז די דייטשן געפירט אויף
מיטאָג. מיר זענען אריין אין געטאָ און פאר אונדז האָט
זיך אַנטפּלעקט א חורבן. אויף די גאַסן האָט זיך געוואַל־
גערט יידיש האָב־און־גוטס, אויך שפּייז, און צווישן די
חורבות זענען געלעגן טויטע קערפּערס פון די דערשאָ־
סענע.

איך בין דערלאָפן צום שטוב, און אויפן גאַס גע־
טראָפן די פאַמיליע זאַלקין. אויף מיין פראַגע, ווו איז מיין
ברודער איטשע, האָב איך באַקומען אַן ענטפער:

— ער לעבט.

— און ווו איז די מאַמע?

דאַ האָב איך שוין קיין ענטפער נישט באַקומען.
מיין מוטער האָט מען דערהרגעט צוזאַמען מיט נאָך 4
פרויען און איבער 25 מענער, און צווישן זיי: דער מורה־
הוראה קוויאַט, דניאל דער הויכער, מיין פעטער מאַנעס
מיטן ברודער, משה דער בעקער, וועלכער האָט זיך
קעגנגעשטעלט די מערדער און האָט זיך מיט זיי
געראַנגלט, ביז ער האָט זיך אויסגעגליטשט לעבן ברונעם,
און דאַן ערשט זענען זיי אים בייגעקומען און דערהרגעט;
מאַנטשע חייקל חזיר, דער שניידער דער האַרבולטשיק,
מוני יעקב קאַפּלאַן, און אַנדערע.

אויף מאָרגן, שבת, האָט מען זיי מקבר געווען אין
באָד־גאַס, נישט ווייט פון „לינת־הצדק", אין א גאָרטן —
מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. פון די סצענעס,
וואס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי דער לוויה און דער
קבורה, קען איך באַזונדערס נישט פארגעסן אפרים
מאַנעסעס באַוויינען זיין פאָטער.

האַלב צוועלף א זייגער האָבן די רוצחים פארלאָזן
דעם געטאָ מיט א געזאַנג, „אַז יידיש בלוט שפּריצט
אויפן מעסער — גייט די קריג בעסער".

## פארן חורבן

נאָך דער גרויסער רציחה, האָט דער יודנראַט זיך
מערער גערעכנט מיט די פאַראַבלטע פאַמיליעס און
זיך געסטאַרעט זיי ניט צו שיקן אויף מער מסוכנדיקע
אַרבעט־פּלעצער, און דאס זעלבע אויך בנוגע מיר און
מיין ברודער. אין יענע טעג איז צו מיין ברודער שאַלקע
(ער איז געווען א מוליער) געקומען א ביאַליסטאָקער
יונגערמאַן, פערלמאַן, וואס האָט דאָרט אַנגעפירט מיט
בויארבעט פאר די דייטשן, און אים גענומען צו זיך צו
דער ארבעט: און אויפן צווייטן טאָג האָט ער אויך מיך
גענומען אַהין צו. מיר — איך, שאַלקע, אַנשל פאַטשע־
בוצקי, זעלטשיק און האַצקל גאַנדז דעם שערערס זון —
האָבן דאָרט געאַרבעט ביי גראַפשן אין הויף.

אין א שיינעם טאָג זענען אַהין צו אַראָפּגעקומען
זשאַנדאַרמען פון קרינעק און אונדז אזוי אַנגעשלאָגן
אַן קיין שום פאַרוואָס, אז מיר האָבן אַלע געמוזט
אוועק צוריק קיין קרינעק אין געטאָ אריין. צו דער ארבעט

ביז איך שוין מער ניט געגאנגען, און האב נאר געזוכט א געלעגנהייט צו אנטלויפן אין א פּלאַץ, ווו איך זאל קיין דייטשן ניט זען מער פאר די אויגן.

נאך פסח, דעם 6טן מאי, האב איך, מיט נאך 20 בחורים און 2 מיידלעך, פארלאָזן קרינעק און אוועק האָדעווען פיש אין א הויף רעפּלע, 40 קמ פון קרינעק, 12 — פון ראָש און 12 — פון וואָלפּ. די רעשט קרינקער האבן געארבעט אין יעשמאַנטע, ביי א שאָסיי קיין לונע און סטאַנציע ברעסטאָוויץ זיעליאָנע נאך ביאַליסטאָק. די באַדינגונגען אין רעפּלע זענען די ערשטע צייט געווען ניט קיין איבעריקנס גוטע, נאר שפּעטער האבן זיי זיך פאַרבעסערט.

דער יודנראַט האט אונדז די ערשטע צייט ניט געוואָלט העלפן ווי די אנדערע ארבעטער, אבער טאָליע גאָלדשמיט האט זיך שטאַרק אָנגענומען פאר מיר און איין מאָל אין מאָנאַט פלעגט מען אונדז לאָזן גיין אין געטא.

דעם 1טן נאָוועמבער 1942, זונטיק איז עס געווען, א זייגער דריי נאך מיטאָג, בעת איך בין געגאַנגען, לויט אן אויפטראָג פונעם פּאָר־אַרבעטער, כאַפּן אין דער דארטיקער סאַזעווקע עטלעכע קאַרפּן אויף אָוונטברויט, האט מען מיך פלוצים א רוף געטאָן, איך זאל גיכער צוריקקומען, ווייל די דייטשן רופן מיך. ס'איז מיר גלייך געווארן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, ווייל כ'האב באַלד פארשטאַנען, אז עפּעס שמעקט דא נישט מיט קיין גוטס.

אזוי קומענדיק צולויפן צו מיין פּאָר־ארבעטערס שטוב, האט א פּוילישער פּאָליצמאַן, אין דייטשישע זאכן, אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון זיין פּלייצע און זיך געכאַפּט מיך צו שיסן, נאר דעם פּאָר־ארבעטערס פרוי, א שיינע און ענערגישע פּאָלקע, האט אָנגעכאַפּט דאם פּאָליצמאַן פאר די הענט און אים אָנגעהויבן זידלען און אים מוסרן, אז ער איז נישט ווערט צו טראָגן דעם נאמען פּאָליאַק און אריינקומען אין זייער שווענטינע (הייליקטום) — אויב ער גייט מיר שלעכטס טאָן. און זי האט מיך טאקע אָפּגעראַטעוועט. ער האט זיך פארענטפערט, אז ער איז מחויב מיך צו שיסן, ווייל איך טראָג ניט די געלע לאַטעס.

האב איך ארויסגענומען די לאַטעס פון קעשענע און זיך פארענטפערט, אז איך האב זיי פארגעסן אָנטשפּען. שפּעטער האב איך געהערט, ווי די פרוי פרעגט אים, וווהין פירט ער מיך. ער האט איר געלאַסן געענטפערט, אז דא נישט ווייט, צו די יידן וואס געפינען זיך אויפן וועג. זי האט אים אבער נישט אָפּגעלאָזן, ביז ער האט איר נישט געגעבן די האַנט, אז ער וועט מיך נישט טשעפּען.

אין א קנאָפּע 200 מעטער ווייט זענען געשטאַנען אויפן וועג 5 דייטשן מיט אן אויטאָ, און לעבן זיי זענען געזעסן 19 בחורים, צווישן זיי שלום שווייצער, און 2 מיידלעך — אלע פון קרינעק — און האבן געוואַרט אויף מיר. אין א מינוט 15 ארום זענען צוגעפאָרן 5 פורן און מען האט אונדז צעזעצט צו 4—5 אויף יעדער פון זיי, און מיר זענען אָפּגעפאָרן, באגלייט דורך דייטשן און פּאָליציי פון אלע זייטן ארום.

אַכט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין גרויס־יעשמאַנטע, און פון דאַרט אין הויף מאסאלין, ווו ס'זענען שוין געווען צונויפגעקליבן ביי 300 יידן: 150 פון קרינעק, און צו 50 פון אַמדור, גרויס־ברעסטאָוויץ און לונע. זיי זענען געווען איינגעקוואַרטירט אין א גרויסער שולע און געארבעט אויפן שאָסיי מאסאלין—לונע. מען האט אונדז אריינגעפירט צו זיי. א געדיכטע שמירה פון דייטשן און פּוילישע פּאָליציאַנטן זענען געשטאַנען ארום אונדז, און קיינער האט נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס דא קומט פּאָר.

יוסף דוואָרקין פון גרויס־ברעסטאָוויץ און ווילענסקי פון קרינעק, ענערגישע בחורים, האבן פארגעשלאָגן דעם עלטסטן דייטש א פּאָר שיינע שטיוול, ער זאל זאָגן, וואס מען קלייבט זיך דאָ צו טאָן מיט אונדז. יענער האט טאָקע די שטיוול צוגענומען, אבער געוווסט עפּעס האט ער א קרענק.

א גאנצע נאַכט האבן מיר אלע נישט געשלאָפן. 5 פאר טאג זענען צו דער שולע צוגעפאָרן ביי א הונדערט פורן און מען האט אונדז געהייסן אלעמען אויסצעזעצן זיך צו פיר אין א פור, און באגלייט דורך א שטרענגע וואַך פון דייטשן, זענען מיר אָפּגעפאָרן. מאָנטיק פרי זענען מיר שוין געווען אין אַ מ ד ו ר. די ערשע פור האבן די דייטשן אָפּגעהאַלטן סוף גראָדנער גאַס ביי דער שול. איך בין געזעסן אין די ערשטע פורן. פארביי אונדז איז דורך דער אַמדורער בריווטרעגער, וועלכער האט מיך גלייך דערקענט און מיר א זאָג געטאָן, אז די אָמדורער

יידן זענען מיט א פּאָר שעה צוריק אוועקגעפירט געווארן אין דער ריכטונג פֿון גראָדנע.

אין א מינוט צען ארום האבן די דייטשן א טרייב געטאָן די פורן, און א פינף קילאָמעטער פון אמדור האבן מיר אָנגעיאָגט די יידן פון אָדעלסק און פון אמדור. דער גאַנצער שאָסיי איז געווען פארנומען מיט פורן יידן, אויפגענומענע פון דער גאַנצער געגנט. א מרחק פון 10 קמ פון גראָדנע האט מען געביטן די פורן, און דער איצטיקער פורמאַן פון א דאָרף ארום גראדנע, האט מיר געזאגט, אז ער קען מיך. ער האט מיר פארטרויט, דאס מען פירט אונדז אויף א הונגער־טויט קיין קעלבאַסין. וואס נענטער צו גראָדנע, איז דער שאָסיי געווארן אלץ מער געפּאַקט מיט יידן.

ס'איז שוין געווען גוט פאר נאכט און דער קריסט האט מיר געראטן זיך אָפּצוטראָגן און זיך פארבאַהאַלטן צווישן ניט־יידן, ווייל אין קעלבאַסין דערוואַרט מיך א זיכערער טויט. ווערליק ער האט מיר דערציילט, זענען דארט מיט א האלב יאר צוריק אויסגעשטאָרבן טויזנטער רוסישע קריגס־געפאַנגענע פון הונגער און שמוץ. איך האב אבער זיין עצה ניט געפאָלגט און א זייגער 5 אין אָונט זענען מיר אריינגעפאָרן אין לאַגער אריין.

### אין קעלבאסין־לאגער אריין

מען האט אונדז באפוילן אריינצוגיין אין 5טן בלאָק צוזאמען מיט די סקידלער יידן. די נאכט איז אדורך רויק. אויף מאָרגן גאַנץ פרי האב איך דארט געטראָפן סקידלער גוטע חברים. דורך א לאָך זענען מיר דורכ־געקראָכן אין דריטן בלאָק צו די אַמדורער. דארט האב איך געטראָפן מיין שוועסטער, וואס איז געווען פארהיי־ראט מיט אן אַמדורער שמעון אשקעוויטש.

אין אַמדור האט מען מיך געהאלטן פאר א דער־שאָסענעם. אלע זענען זיך צונויפגעקומען מיך צו באגריסן און מיר ווינשן אריכות־ימים.

כ'האב מיך באַלד אנגעהויבן נאכפרעגן, ווער איז דא דער קאָמענדאַנט אן צו וואס האט מען אונדז אהער צו אראָפּגעבראכט. גוטמאַן, א לערער פון אַמדור, זייער א פעיקער יודנראַטשיק, מיט וועמען כ'האב אָנגעהויבן כאַפּן א שמ עס, האט נישט געוווסט גאָרנישט.

באַלד האט זיך פאר אונדז באוויזן א הויכער דייטש אין די כּערציקער און גלייך האט מען אונדז איבער־געגעבן, אז הייסן הייסט ער רינצלער, און אז ער איז דער קאָמענדאנט פון לאַגער.

אין א שעה ארום איז ער אריין אין אַמדורער בלאָק, נומער 3. דער עולם איז זיך גלייך צעלאָפן. יוסף קאַרא־לינסקי, געוועזענער שעף פון דער אמדורער פאליציי, איז אים געלאָפן אַנטקעגן. האט ער אים באַפוילן זיך לייגן אויף דער ערד און האט אים אפגעשמיסן.

א גאַנצן טאָג האבן געהאלטן אין אָנקומען יידן פון ארום גראָדנע.

פאר נאַכט האבן מיר דערקענט דורך די דראָטן קרינקער יידן. באלד זענען מיר אריבער צו זיי אין בלאָק נומער 2, זעמליאַנקע נומער 12 — איך, שלום שווייצער און נאך קרינקער. בחורים האבן מיר דערציילט, אז מיין ברודער וועלוול, וואָלף און אַבקעס זון זשידאקס אן אייניקל, זענען אנטלאָפן צו גויים אין די דערפער, א נאַכט פאַרן ארויספירן.

## אין רינצלערס שאול תחתיה

אין מיטן לאַגער האט זיך געצויגן א שאָסיי. ווען די פורן פלעגן אריין אינעווייניק, פלעגן דייטשן אָנהייבן יאָגן די גויים, און די יידן זענען געווען געצוווּנגען צו שפּרינגען פון די וועגענער און איבערלאָזן אויף די פורן וואס זיי האבן מיטגעבראַכט. גוטע גויים פלעגן עס נאך ארויסוואַרפן פון זייערע פורן. די אַלטע־לייט פלעגן די יידישע פּאָליציאַנטן ארויסכאַפּן פון די וועגענער. דעם קאָשמאַר וואס כ'האב געזען דארט, איז נישט צו בא־שרייבן.

דער לאַגער קעלבאַסין איז געלעגן אויפן זעקסטן קמ פון גראָדנע, 3 קמ פון דער דיקטן־פאבריק, 300 מעטער רעכטס פון שאָסיי קיין ביאַליסטאָק, פאָרנדיק פון גראָדנע אויפן וועג קיין קוזניצע.

די קרינקער האט מען געטריבן צופוסן מיטן גאָש־טיניעץ דורך מאַקאַראָווצע, פּאָטשעב־ט, קיין אַמדור און דאָרטן האבן זיי איבערגענעכטיקט אין ליידיקן געטאָ. דינסטיק פאר נאַכט זענען זיי אָנגעקומען קיין קעלבאַסין. אויפן וועג, צווישן מאַקאַראָווצע און פּאָטשעבוט, האבן די דייטשן געשאָסן יודל יודזיקן.

יעדן טאָג פלעגן אנקומען פרישע טראַנספּאָרטן יידן פון די אַרומיקע ערטער.

עסן האט מען באקומען 200 גראַם ברויט מיט עט־לעכע נייַט־געשאָבענע קאַרטאָפל, געקאָכט מיט פערדיש פלייש.

דער רוצח רינצלר פלעגט זיין אין לאַגער טאָג־טעגלעך פון 8 ביז 12 און פון 2 ביז 5 נאָך מיטאָג. ער האט געהאט צוויי יידישע משרתים, איינער א בחור פון קוזניצע, גאָרניצקי, און ; ער צווייטער פון דובראָווע. זיי פלעגן אים אָפּוואַרטן ביים אָנקומען און נאָכגיין נאָך אים ווי צוויי הינט. אין די שעהן, וואס ער פלעגט זיך געפינען אין לאַגער, פלעגן זיך אלע באהאַלטן אין די זעמליאַנקעס. יעדן טאָג פלעגט ער דערהרגענען מענטשן מיט זיין נאַגייקע, פון גומי מיט א שטיק אייזן אין איר שפּיץ. ער פלעגט זיך, למשל, אוועקשטעלן אין מיטן לאַגער מיט זיינע צוויי משרתים און צאַטעווען, טאָמער גייט עמיצער דורך מיט א קרוג אדער א קוואָרט זוכן א ביסל וואסער, אדער עס פרווט ווער אריבערגיין צו א ברודער אדער א שוועסטער אין אן אַנדער זעמליאַנקע. טאָמער פלעגט יענער באווייזן זיך צו באהאַלטן, פלעגט ער גלייך באפוילן זיינע משרתים אויפצוזוכן יענעם און אים ברענגען צו אים.

צום ערשטן האט מען רינצלערן דעם קרבן ניט ארויסגעגעבן. האט ער גענומען פון יענער זעמליאַנקע 20 פּערזאָן צו שיסן — איז שוין דער „שולדיקער" אליין געקומען צו אים. אזא איינעם פלעגט ער מכבד זיין מיט זיבן קלעפּ מיטן אייזן איבערן קאָפּ. קיין מעדיצינישע הילף האט דער דאָקטער (גאָרדאָן פון אָזשאָר, ער איז געבליבן ביים לעבן) ניט געטאָרט געבן, פלעגט דער קרבן אויסגיין פון יסורים אין א 2—3 טעג. אזוי האט רינצלער דערהרגעט משהל לאַפּיניצעס פרוי פון דובראָווע, א לערערין.

אזוי פלעגט ער אומברענגען מענטשן יעדן טאָג. דא פלעגט ער זיך אריינכאַפּן אין קיך און כאַפּן עמיצן וואס ארבעט נישט אַ׳ן אים אוועקהרגענען. דא פלעגט ער באקומען בריוו אדער טעלעפאָן־ווענדונגען פון אן אַמטס־קאָמיסאַר פון א שטעטל, אז אזא און אַזעלכן דארף מען דערליידיקן. אז מע פלעגט נאָר דערהערן, אז רינצלער איז אין לאַגער, פלעגן אלע גלייך נעלם ווערן אין די זעמליאַנקעס.

אבער הונגער האלט נישט אָפּ אפילו פון טויט, און אַז די פורן מיט ברויט פלעגן אָנקומען פון גראָדנער געטאָ, פלעגט שוין ווערן יענער געלויף, און רינצלער פלעגט שוין האבן וואס צו טאָן. אמת, ניט שטענדיק פלעגט ער זיין דערביי. די שוץ־פּאָליציי פלעגט אויך שלאָגן, נאָר נישט צום טויט.

די איינגעזעצטע פלעגן געבן די יידישע פורמאַנעס פון גראָדנע דאָלארן — פלעגן זיי ברענגען אדער איבער־שיקן א לעבל ברויט, איבערגעבן אין געטא און ברענגען בריוולעך. געווען א פורמאַן, יודל אַלטשולער, וואס פלעגט ארויספירן מענטשן אין גראָדנער געטאָ אריין, אין א פארבאַהעלטעניש, וועלכע ער האט געהאט אין וואָגן. איך האב אים גוט געקענט פון גראָדנע, האב אים געגעבן א 20 דאָלער, האט ער מיר א שיינע עטלעכע מאָל געשיקט און אליין געבראַכט ברויט.

עס זענען געווען א סך קרינקער, וואס האבן מיט־געבראַכט מיט זיך שפּייז: אַרבעס, בעבלעך, לינדזן, גרויפּן ; פלעגן זיי עס מיר געבן אָפּצעקאָכן, אין לײדיקע זעמליאַנקעס. האָלץ פלעגן מיר (איך און שלום שווייצער) זיך שאַפן דורך אָפּרייסן ברעטלעך פון די זעמליאַנקעס. מיר פלעגן זיי צעשניידן מיט א מעסער ; אין אן עמער פלעגן מיר מאכן לעכער, מאַכן אין אים פייער, ארויפּ־שטעלן א טאָפּ און קאָכן. א העלפט פלעגן מיר אָפּגעבן די „צושטעלער" פון די שפּייזן, און די אנדערע העלפט פלעגט זיין פאר אונדז.

די יידישע פּאָליציי האט געהאט א באַפעל צו כאַפּן יעדן וואס קאָכט, צונעמען ביי אים די שפּייז און אים ברענגען אין יודנראַט אויף שמייסן פארן שעף אין די אויגן, ווי אויך נישט געבן דעם „שולדיקן" קיין ברויט עטלעכע טעג. מיך האט מען דערפאר עטלעכע מאל באשטראָפט מיט צונעמען פון מיר דאס ברויט.

יעדן פרימאָרגן, גאַנץ פרי, פלעגט מען צונויפטראָגן די טויטע צום טויער אין ליילעכער אדער דעקעס — 30—40 א טאָג. באגלייט דורך א שטרענגע וואָך, פלעגט מען זיי ארויסטראָגן אין נאָענטן וואַלד און מקבר זיין אין א גרוב, מענער און פרויען צוזאַמען.

צווי מאל אין טאָג פלעגט מען זיך מוזן אויסשטעלן ביים בלאָק אויף אן איבערקוק פאר רינצלערן, באגלייט דורך זיינע צוויי משרתים און פרענקלען פון דרוזגעניק. דערביי פלעגט ער שטענדיק אויך אויסנוצן זיין נאַגייקע

מיט דעם שטיק אייזן אין איר שפּיץ. ס׳איז גענוג געווען אַראָפּצונעמען דאָס היטל ניט אַזוי ווי ס׳געפעלט אים, כדי צו באַקומען דעם פּסק.

פּרענקעל איז געווען דער עלטסטער פון קעלבאַסינער יודנראַט, און זיין פאַרטרעטער איז געווען מאַריק פון נאָווי־דוואָר, וואָס לעבן גראַדנע. און דער אויפזעער איבערן עסנוואַרג, וואָס מען פלעגט נישט באַקומען, איז געווען אַרקין פון אַזשאַר. יעדע שטאָט האָט געהאַט איר פאַרשטייער אין יודנראַט: קרינעק — מאיר קאַפּלאַן; סאָקאָלקע — אַדוואָקאַט פרידבערג; אַמדור — גוטמאַן דער לערער.

זיי זענען געווען מחויב זיך צונויפקומען יעדן טאָג מיט רינצלערן אין אַ באַראַק אין מיטן לאַגער, דאָרטן פלעגט ער זיי שמייסן. וועמען ער פלעגט דאַרפן שלאָגן אָדער שמייסן, פלעגן די יודנראַטשיקעס אים דאַרפן גיין ברענגען.

דעם זעקסטן טאָג, פרייטיק, האָט ער פאַררופן די פאַרשטייער פון יודנראַט און געפאָדערט פון זיי 300 מאַן, צו אַרבעט אויף דער סטאַנציע אין שטאָט. אויף אַזאַ זאַך זענען געווען צופיל בעלנים און מען האָט באַדאַרפט האָבן היפּשע פּראָטעקציע, כדי זוכה זיין דערצו: אַ ברודער אָדער אַ גוטן פעטער אין יודנראַט אָדער אין דער פּאָליציי אד״גל. לעבן טויער האָט מען זיי אַלע באַפוילן זיך אויסצעטאָן, געמאַכט ביי זיי יענע רעוויזיע און געפונען גאָלד און דאָלאַרן. באַלד האָט רינצלער זיי אַריינגעפירט צוריק אין לאַגער, צונויפגעקליבן דעם יודנראַט און באַפוילן צונויפטראָגן אַל דאָס גאָלד און געלט.

## אויפן וועג צום טויט

דאַן האָט ער זיך גענומען איינרעדן די פאַרשטייער פון יודנראַט, אַז ער וועט די יידן אַריבערשיקן קיין אוישוויץ, ווו זיי וועלן געניסן פון גוטע באַדינגונגען: מ׳וועט דאָרט באַקומען 500 גראַם ברויט אַ טאָג, דריי מאָל געקעכטס, אַ גוטן געלעגער — ממש אַ קוראָרט.

אויפן אַכטן טאָג, זונטיק, האָט מען די ערשטע אַרויסגעשיקט אויף די „גוטע באַדינגונגען" — די סקידלער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט רינצלער איבערגעגעבן בריוו פון סקידלער, אין וועלכע זיי האָבן געשריבן צו זייערע נאָנטסטע פריינט, פון די אַנדערע שטעטלעך, אַז זיי איז גוט אין אַלע הינזיכטן אויפן נייעם פּלאַץ. ווייזט אויס, אַז די דייטשן פלעגן צווינגען די קרבנות, פאַרן טויט, צו שרייבן אַז די גוטע בריוו דעם זעלבן טאָג, נאָכן באַקומען די דאָזיקע בריוו, האָט מען צעטיילט 50 גראַם גוטן ווורשט פאַר יעדע פּערזאָן, ס׳זאָל מאַכן דעם איינדרוק, אַז בעסערע ווינטן הייבן אָן צו בלאָזן.

איך האָב דעם ווורשט נישט געגעסן און עס אוועקגעטראָגן אין אַמדורער בלאָק צו מיין שוועסטערס מיידעלע. דאָרט בין איך אַזוי געזעסן, אין זעמליאַנקע נומ 14, קומט צו צו אונדז גינע זעלמאַנאָוויטש און גיט אַ זאָג, האַלב אין אַ געלעכטער האַלב אויף צו דער אמתן:

— פּייוול, די ווורשט איז פון סקידלער יידן!?

האָט זיך פאַרצויגן ביי אונדז אַ שמועס. זענען צוגעגאַנגען נאָך מענטשן. גיב איך אַ זאָג אָן קיין שום קונצן:

— דער דייטש וואָלט אונדז באַדאַרפט אויף אַרבעט, וואָלט ער אונדז אַזוי ניט אויסגעמאַטערט. ער פירט אונדז ערגעץ צו פאַרניכטן.

פאַרן וואָרט „פאַרניכטן" האָט אַברהם נויפאַך פון אַמדור מיר געגעבן אַ פּאַטש אין פּנים. מיין שוועסטער האָט אָנגעהויבן שרייען אויף מיר, צו וואָס דאַרף איך ריידן אַזעלכע רייד.

זייער אַפּט פלעגן קומען גראַדנער יודנראַטשיקעס צונעמען מענטשן פון קעלבאַשין אין גראַדנער געטאָ אַריין. דאָס איז אַלץ געגאַנגען פאַר גאָלד און דאָלאַרן.

נאָכן אַרויספירן די סקידלער, זענען אַוועק אַכט טעג שטיל מכוח אַרויסשיקן פון קעלבאַסין. אין גראַדנע האָט מען צו יענער צייט טראַנספּאָרטירט די יידן פונעם צווייטן געטאָ, וואָס איז דאָרט געווען, דעם סלאָבאָדקער.

איין טאָג איז שפּעטל פּורים, נחום ירוחמס יאַנקל דעם בלאַנדנס בעקערס זון, געשטאַנען לעבן דער זעמליאַנקע נומ 12, גיט ער מיך אַ פרעג, פאַר וואָס אַנטלויף איך נישט — מענטשן אַנטלויפן. פרעג איך:

— ווער זענען די מענטשן?

מאַכט ער:

— יאַנקל, דעם קירזשנערס איידעם, פון ביאַליסטאָק.

דאָ איז צו אונדז צוגעקומען סענדער חיים ניסלס פון שענק. מיר האָבן געכאַפּט אַ שמועס און ער האָט אויסגעבראַכט, אַז מיר זענען פאַרמישפּט צום טויט אָן

קיין שום אויסקוק אויף א רעטונג אדער א נס. האב איך אים ניט געלאָזן ווייטער ריידן און אים פארגעשלאָגן מיר זאלן זוכן א וועג צו אנטלויפן. כ׳האב נאך צוגע־געבן, אַז די ספּאַדווילער גויים האבן וועגן אים זייער א גוטע מיינונג. ער האט כיר געענטפערט קורץ און שאַרף, אז ער האט א קינד און פרוי און קען זיי ניט פארלאָזן. צו אנטלויפן געמיינזאַם האבן מיר ניט געזען קיין מעגלעכקייט. האט ער מיר פארגעשלאָגן, אז ער וועט רעדן מיט נאך עטלעכע בחורים, מען זאל אנט־לויפן צוזאמען נאך דעם זעלבן טאָג. אויב איך וויל עס ניט טאָן אליין.

ער האט מיך צונויפגעבראַכט מיט פייוול „טאַל־קאָוושטשינער", אויך פון א וואַלדדאָרף אויף דער צווייטער זייט קרינעק. יענער איז מסכים געווען מיט א האַלבן מויל. ער האט דערציילט אַנדערע בחורים וועגן פּלאַן. איך האב מיך געווענדט צו מיינע קוזינס שמואל יאַנקלס, מוליע זלמנס, פיניע קראַוועצקי. ביי טאג האבן זיי כמעט אלע מסכים געווען. ס׳איז אבער געקומען די נאכט און מ׳האט געדאַרפט עפּעס טאָן איז נישט געווען מיט וועמען צו ריידן. פייוול טאלקאָוושטשינערס שוועסטער, אברהם קאגאנס פרוי, האט מיך ארויסגעטריבן פון דער זעמ־ליאַנקע בעת איך בין געקומען ריידן מיט אים.

דערווייל האבן זיך סאָקאָלקער בחורים דערוווסט, אז אין קרינקער בלאָק איז פּאַראַן איינער, וואס וויל אנטלויפן, זענען זיי צו מיר געקומען מיט די צוויי ברידער שטשורס, מוליע און וועלוול. אבער דאס זענען אלץ געווען אַזעלכע, וואס צו קיין תכלית האט מען מיט זיי נישט געקענט דערגיין: דער קען נישט לאָזן דעם טאַטן, יענער דער מאַמען. צו לעצט איז צו מיר געקומען א בחור פון נאָווי־דוואָר מיט א ברייטער קאַנטשאַפּט צווישן די גויים אין דער סביבה און מיטגעבראַכט מיט זיך א דאָקטער פון ס כאָוואַלע. דער דאָקטער האט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט זיין פרוי, אויך א דאָקטער.

מיר האבן צוגעגרייט א לייטער און א מענטשן, וואס האט געזאָלט אוועקנעמען דעם לייטער נאך דעם ווי מיר וועלן אנטלויפן. עס איז שוין אלץ געווען גרייט. האט דעם נאָווי־דוואָרערס מוטער אים געוואָרנט, אז אויב ער, בעני, וועט זי פארלאָזן, וועט זי זיך נעמען דאס לעבן.

שבת, דעם 14טן נאָוועמבער — ה׳ כסלו — 1942, א זייגער 3 נאך מיטאָג, איז אָנגעקומען א באַפעל: אלע קרינקער מוזן פארלאָזן דעם בלאָק נומ׳ 2 און אריבערגיין אין נומ׳ 5. פון דאָרטן וועט מען גיין צו דער סטאַנציע לאָסאָסנע. אין געציילטע מינוטן איז מען אזוי אריבער אין בלאָק נומ׳ 5. דא האב איך באשטימט מיינע לעצטע פלענער און א גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

יעדע עטלעכע מינוט זענען אָנגעקומען נייע פאראַר־דענונגען פון יוסף מאַסטאָווליאַנסקין. דער לעצטער באפעל איז געווען, אז פיר פאר טאג זאָלן מיר שוין זיין אויס־געשטעלט צו דריי אין א ריי, ווייל 5.30 גייט אָפּ די באַן פון לאָסאָסנע. אזוי דערנענטערט זיך די שעה, די האָרץ ביי מיר קלאַפּט, און איך לאָז פון זיך נישט אָפּ מיין קוזין פיניע קראַוועצקען.

15 מינוט פאר פיר האב איך אָנגענומען פיניען פארן לאנגן מאַנטל, און מיט עטלעכע שפרונגען זענען מיר שוין געווען אין בלאָק נומ׳ 3, ביי די אַמדורער, אין דער זעמליאַנקע נומ׳ 14, ביי מיין שוועסטער. פון דאָרט אין א מרחק פון א 20 מעטער, האבן מיר, דורך א קליין פענצטערל, נאכגעקוקט, וואס עס קומט פאָר ביים בלאָק נומ׳ 5.

א זייגער 4 האט מען זיך דאָרט אָנגעהויבן אויס־שטעלן אין די רייען מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס. דא האט זיך שוין פיניע ניט געפונען קיין אָרט: אט זעט ער שטיין זיין מאַמען מיטן טאַטן, אט איז שמואל יאַנקלס מיט מאַטלען מיט זייער מאַמע. און אט דערהערט זיך יוסף מאַסטאָוולִיאַנסקיס געשריי:

— גיכער, רינצלער איז דא אין לאַגער!

דא האט מיר פיניע א זאג געטאָן פלוצים:

— דו ווילסט זיין קליגער פון דער גאנצער וועלט?!

און ער איז גלייך אוועק. האב איך שוין אליין ווייטער געקוקט דורכן פענצטערל, און געזען ווי פיניע, אין לאנגן מאַנטל, איז צוגעגאַנגען צו זיין טאַטן־מאַמען און זיך אריינגעשטעלט אין די רייען צוזאַמען מיט אלע קרינקער.

א פערטל נאך פיר איז צוגעגאַנגען רינצלער, אלץ איבערגעקוקט, אָפּגעשניטן פּעקלעך פון די פּלייצעס, און באַפוילן שטעלן טריט. גלייך ביים טויער האט מען צוגע־נומען די קליינע קינדער פון זייערע מאַמעס.

חיים שיינבערג

## נישט פאַרגעס, זכור תזכור!

ביי'ל אויס א פויסט, די האַנט פאַרדריק,
פאַרשטיין דאס האַרץ, דיין גייסט פאַרשטי'ל
פאַרגעס דיין איך — קוק זיך ארום;
ניט שטיי פאַרגאַפּט און בלייב ניט שטום.

דערמאָן זיך נאָר אויף איין מינוט
אין טאַטע־מאַמעס קליין גוט,
די קרינקער היים, די האַרציקע,
וואס קומט צו חלומ'ת שמאַרציקע.

לעב ניט אין טרוים, קוק אין דער וואָר,
דיין היימיש שטעטל לעבט מער גאָר:
א קהילה יידן דורות־קייט
אין מאַסן־קברים ערשט צעשפּרייט.

פון שאָלקער וואַלד שרייט און רופט
א ווידערקול וואס אין דער לופט.
ס'דערציילט די ערד: זי מאָנט און שאַלט,
פון קדושים וואס זי אויסבאַהאַלט.

פון קעלבאַסין הער ס'געשריי
פון פּיין און לייד און הונגערוויי,
דאָרט האבן אונדזער קינד־און־קייט
זיך געראַנגלט מיטן טויט

צו דיר וואס שרייען, מאָנען
אומגעבראַכטע זעקס מיליאָנען —
אַל תשכּח און קיין מאָל שענק,
אין האַרץ קריץ איין, געדענק!

פון געטאָס דראָט־געצוימען
און גאַזן־קאַמערס רוימען
טראָגט דער ווינט אויף אַלע וועגן,
דיין שטעטלס אַש דיר אַנטקעגן.

אין טרעבלינקעס פייער־הימלען
אין וואָלקנס רויך נשמות שווימלען
פון עדות גאַנצע פאַרגאַזט־פאַרברענטע,
שטעט און שטעטלעך דורך פאַרלענדטע.

פאַרקריץ די ציין, פאַרשלינג דעם וויי,
ס'איז טויב די וועלט צו דיין געשריי,
זי האט געזען און אויך געהערט,
און דאָך פון דיר זיך אָפּגעקערט.

נישט פרעג, נישט מאָן ביי הימל, גאָט —
פאַר וואָס פאַר ווען דיר קומט דער שפּאָט,
פאַרשניטן ווערן, אָפּגעמעקט,
די ערד מיט בלוט דיינס דורכגעפלעקט.

אַוועק דיין שטאָט באָש ודם,
פאַרשניטן יעקב אין רויך און סם,
בגזר פון רוצחישער בעסטיע־מאַכט,
באַרויבט, געשענדעט, אומגעבראַכט.

ציל די פויסט, די האַנט פאַרקרעפטיק,
פאַרשטאָל דיין האַרץ, דעם גייסט פאַרפעסטיק,
קריץ אויס ס'פּאַראָל פון דור צו דור:
'שר עשה לך עמלק זכור תזכּור!

# נאכן ארויספירן קיין טרעבלינקע

פייזל וואָלף

## כ׳ראַטעווע זיך ארויס פון קעלבאַסין

אין קעלבאַסינער לאַגער איז ווידער שטיל געווארן, און די דייטשן האבן אויסגעלאָשן די עלעקטריע.

נישט לאַנג בין איך פארבליבן מיט מיין שוועסטער אין דעם אַמדורער בלאָק.

דינסטיק, דעם 17טן נאוועמבער, פיר פאר טאָג, האט זיך געעפנט די זעמליאַנקע און גוטמאַן מיט קאָפּל פּאָליאַטשעקן האבן אויפגעפּאַדערט אויפצושטיין, ווייל אין צוויי שעה ארום פארלאָזן די אַמדורער דעם לאַגער און מען גייט צו דער באַן. גוטמאַן האט געבעטן, מען זאל זיך פארהאַלטן רויק.

איך בין געלעגן אין די זאַכן און האב מיך גלייך אויפגעשטעלט אויף די פיס. מיין שוועסטער שרהקע איז אויפגעשטאַנען און זיך גענומען צו רעכט מאַכן איר רוקזאַק. ביי מיר איז שוין געווען פעסט באשלאָסן ניט מיטצופאָרן און אָפּצוואַרטן און זען, וואס דא וועט זיין דער סוף. פאַרטיק געווארן מיט איר רוקזאַק, דערזעט מיין שוועסטער, אז איך קלייב מיך גאָרנישט אין וועג און וווּנדערט זיך, וואָס איך שטיי מיך אזוי אויפן אָרט.

איר דערקלערט, אז איך פאָר נישט — האט זי זיך צעוויינט:

— דו לאזט מיך מיט א קליין קינד אליין, און פאָרן וועסטו מיט פרעמדע?

האב איך איר ווידער דערקלערט, אז פאָרן וועל איך מיט קיינעם ניט. איז זי מיך באפאַלן מיט האַרציקע קושן און געווונטשן, איך זאל כאָטש איינער בלייבן לעבן פון דער גאנצער פאַמיליע און פארפירן א דור. געווען זענען עס די לעצטע ווערטער וואס כ׳האב געהערט פון איר.

5.30 זענען אלע אַמדורער אריבער אין בלאָק נומ׳ 5. איך בין געבליבן איינער אַליין אין דער זעמליאַנקע נומ׳ 14 און זיך ווייטער צוגעקוקט דורכן פענצטערל. פונקט 6 א זייגער איז צוגעקומען רינצלער צום בלאָק נומ׳ 5, דורכגעגאנגען, אלעמען באקוקט און באפוילן גיין צום טויער. נאכן ארויסגיין פון טויער האט מען אויך דאָ צוגענומען ביי די מוטערס די קליינע קינדער.

איך האב שוין געוווסט, אז דעם טאָג, נאכן טראַנס־פּאָרט, וועט זיין רויק, ווייל רינצלער וועט שוין נישט קומען, און האב מיך געלייגט שלאָפן א פּאָר שעה אין דער לײדיקער זעמליאַנקע, ווו מיין שוועסטער איז געווען 16 טעג — אין א ווינקל, אויף דער ערד.

אכט א זייגער בין איך ארויס אויפן לאַגער זען, אפשר איז עמיצער פארבליבן פון אַמדור. אזוי זיך דרייענדיק, האב איך זיך אָנגעטראָפן אויף פרענקלען פון דרוזגעניק. בין איך צו אים צוגעלאָפן אים בעטן, ער זאל מיך צושרייבן צו די דרוזגעניקער (זיי זענען נאָך געבליבן אין לאַגער לעגאַל). ער האט אויף מיר א קוק געטאָן, אַראָפּגעלאזט די אויגן צו דער ערד און שטיל געזאָגט, אז ער קען מיר ניט העלפן און מיר געראטן צו פּרווון גיין צו די סוכאָוואָלער, אפשר וועלן זיי מיך נעמען צו זיך.

אין עטלעכע מינוט ארום הער איך, ווי מען רופט מיך. דאס איז געווען אברהם ניאָמעס פון אַמדור. כ׳האב אים די ערשטע זאַך געפרעגט, צי האט ער שוין עפּעס געגעסן. ער איז געווען דער קיכער, האט ער מיך איינ־געלאדן און געגעבן אפשר צען קאַרטאָפל.

דער טאָג איז אַדורך שטיל. ביי נאַכט בין איך אריינגעקראָכן צו די סוכאָוואָלער און דורכגעשלאָפן. גאנץ פרי האט מיך א יונגערמאן באמערקט און אנגע־הויבן שרייען, און געמאכט אן אַלאַרם, אז א פרעמדער ייד דרייט זיך דארט ארום ביי זיי. מען האט אויף מיר אנגעהויבן שרייען און פאָדערן איך זאל ארויס, ווייל איך קלייב זיך ביי זיי גנבענען, און מען האט דערלאַנגט אזוינע קולות, אז איך האב מיך געמוזט אָפּטראָגן.

בין איך ווידער אַוועק צו אברהם ניאָמעס און נאָך א מאל געקראָגן קאַרטאָפל. העלפן האט ער מיר ניט געקאָנט. ער איז פארבליבן לעגאַל, ווייזט אויס, פאר געלט. ער האט מיר געראטן וואס גיכער צו זוכן אן אויסוועג, ווייל ער האַלט א ליאַדן טאג ארויסצוגיין פון לאַגער אין גראדנער געטא, צוזאמען מיט זיין פרוי און זון, און איך וועל נישט קאָנען מער קריגן קיין עסן.

גייענדיק אזוי מיט די קאַרטאָפל אין די קעשענעס, הער איך ווי עמיצער רופט מיךביים נאָמען. אין זע:

דאס איז פאליע לעוו פון קרינעק. ער לאָדט מיך איין זיין זעמליאַנקע אַריין, ווו ער וווינט מיט זיינע שוועסטערס סאָניע און יהודית, מיט בצלאל פון פּאָדביאַניקי און זיין ברודער אַרטשיק. סאָניע לעוו האט מיך גלייך א פרעג געטאָן, צו וועלכער שטאט געהער איך, און אז איך האב איר דערציילט וועגן מיין לאַגע, האט זי געבעטן איר מאַן בצלאל, ער זאל מיך פארשרייבן אויף זייער ליסטע, און איך וועל בלייבן מיט זיי אין זעמליאַנקע און באקו־מען מיין פּאַרציע ברויט.

צו אונדז זענען באלד צוגעקומען: חיים זאַלוצקי, מאיר קאַפּלאַן, מאָטל פּאַצאַווסקי, מאָטל און דויד ווייסמאַן.

פון טאג צו טאג איז אלץ קלאָרער געווארן, אז מען פירט צום טויט. גראָדנער יידן, וועלכע מען האט אויך געבראַכט קיין קעלבאַסין, האבן שוין גערעדט וועגן דעריין גאַנץ אָפן. א סך פלעגן שוין באגיין זעלבסטמאָרד: מיט ראַזיר־מעסערלעך אויפשניידן די אָדערן פון די הענט און פיס. רינצלער האט זיך נאָכגעפרעגט ביי די פירער פון יודנראט, פאר וואס נעמען זיך אזוי ווייניק דאס לעבן.

אָן אָסטרינער בחור, וואס איז ארויסגעשיקט געווארן מיט זיינע שטעטלשע קיין טרעבלינקע און געשפרונגען פון צוג און צוריקגעקומען קיין קעלבאַשין — האט אונדז געבראַכט דעם רעכטן אמת. די מעשה מיטן בחור איז געווען אזוי: נאכן ארויספירן די אָסטרינער פון קעלבאַסין, איז אויפן וועג קיין טרעבלינקע, אויף דער באַן־סטאנציע לאַפּי, אריין אין וואַגאָן א פוילישער אייזנבאַנער, און אויפן אויער איינגערוימט עטלעכע יונג־וואַרג דעם סוד, אז מען פירט זיי קיין מאַלקין צום טויט. דאָרטן, האט ער דערציילט, זענען איינגעריכט אויוונס, אין וועלכע מען פארברענט די יידן. ווי א יידנפריינד, האט ער זיי געראטן זען זיך ראַטעווען. דער יונגער בחור, א בלאָנדער מיט א ניט־יידישן אויסזען, איז געשפרונגען פון וואַגאָן, דערגאנגען צו א בודקע פון אן אייזנבאַנער ביי דער באַן־ליניע, אריינגעקראָכן אין א סטויג היי און דורכגעשלאָפן די נאַכט.

אין דער פרי איז דער אייזנבאַנער געקומען נעמען היי פאר זיין קו, האט ער געפונען אויפן אָרט דעם בחור. יענער האט אים דערציילט דעם אמת. דער אייזנבאַנער האט אים געגעבן ברויט צו עסן, האט אים אבער געהייסן גיין. אין פארלויף פון עטלעכע טעג איז דער בחור — דאָ געגאנגען, דאָרט צוגעפּאָרן מיט גויים, און אָנגעקומען קיין אָסטרין. ער האט דאָרט אבער ניט געקענט פאר־בלייבן צווישן די גויים, איז ער דורך גראָדנע צוריק־געקומען קיין קעלבאַסין. ביים טויער האט ער געזאָגט די וועכטער, ניט קיין שלעכטע דייטשן, אז ער קומט פון ארבעט־לאַגער, האבן זיי אים אריינגעלאָזן.

אין קנאַפּע מינוטן ארום האבן שוין אלע געוווסט וועגן דעם בחור. בין איך גלייך געלאָפן צו דער זעמ־ליאַנקע, אין וועלכער ער האט זיך געפונען און גע־טראָפן ארום אים אן עולם אויסהערנדיק זיינע דערציי־לונגען. דא האט ער א פרעג געטאָן, וואר האט עפּעס א שטיקל ברויט אדער א ביסל טאַבאַק. אזוי ווי איך האב געהאט אין קעשענע סיי דאס און סיי יענץ, פון דעם וואס דער גוטער יודל אַלטשולער פלעגט מיר ברענגען — האט מיר דער בחור פאר אזא וויכטיקער מתנה אויסגעדערציילט אַלץ.

אזוי האט ער מיר דערציילט, אז אין יעטווידער שטאט און דאָרף הענגען פּלאַקאַטן, לויט וועלכע יעדער, וואס וועט אַנווייזן אויף א יידן, וועט באקומען פינף קילאָ צוקער, און ווער עס וועט כאַפּן א יידן און אים ברענגען צו די דייטשן וועט באקומען צען קילא. און א זייער וויכטיק נייס האב איך מיך פון אים דערוווסט, אז עס זענען דא אויך גויים, וואס גיבן א יידן עסן; און איך האב דאך געהאט א סך גויים גוטע באקאַנטע.

מאָנטיק, דעם 14טן דעצעמבער 1942, א זייגער אַכט אין אָוונט, זענען רינצלער מיט אַכט דייטשן פון דער וואַך אריין אין בלאַק נומ׳ 3, זעמליאַנקע פינף, ווו מיר האבן זיך געפונען, פארבליבענע קרינקער און אמדורער פון איין זייט, און משפחות פון די יודנראַטשיקעס פון דער אַנדערער. פיר דייטשן האבן זיך גלייך א יסגע־שטעלט ביי איין טיר און פיר ביי דער אַנדערער, כדי קיינער זאָל נישט אנטלויפן. רינצלער, וואס איז אריין פון דער זייט ווו ס׳האבן זיך געפונען די משפחות פון די יודנראַטשיקעס, האט אָנגעצונדען די עלעקטריע, און האַלטנדיק אין איין האנט דעם רעוואָלווער און אין דער אַנדערער די נאַגייקע, האט ער אַראָפּגעשלעפּט פרייען פון אייבערשטע נאַרעס, און אָנגעהויבן פרעגן:

— פון וואַנען?

די ערשטע האט געענטפערט, אז זי איז פון סאָקאָלקע. האט ער זי גלייך געשאָסן. די צווייטע — פון אָסטרין, די דריטע — פון גראָדנע ,אזוי האט ער זעקס פרויען צעשאָסן. די רעשט האבן געזאָגט, אז זיי זענען פון סוכאָוואָלע אדער קוזניצע — האט ער זיי נישט געטשעפּעט, ווייל זייערע שטעטלעך זענען נאך דאַן ניט אוועק מיטן טראַנספּאָרט.

פון דאַנען איז ער אַוועק מיט די דייטשן צום טויער און געהייסן ברענגען צו אים דעם אַדוואָקאַט פרידבערג פון סאָקאָלקע מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער. צו ערשט האט ער געשאָסן די פרוי, דאַן די טעכטער (ביידע שיינע פרויען), און דאַן אים. דערנאך האט ער באַפוילן ברענגען צוויי מיידלעך, וועלכע האבן געאַרבעט ביי די דייטשן פון ווערמאַכט — איינע א לונער, פאַצאָווסקי דעם שעררס, די צווייטע פון אָזשאָר, און ער האט זיי ביידע דערשאָסן.

צו לעצט איז ער אוועק אליין אין בלאָק נומ׳ 1, ווו עס זענען געווען די דרוזגעניקער, צו פרענקלען אין זעמליאַנקע. דאָרט האט זיך געפונען דער אַדוואָקאַט גאָזשאַנסקי, פון גראָדנער יודנראט, וואס מען האט אים געבראַכט קיין קעלבאַסין, אַנגעטאָן א פּאַן אויפן קאָפּ און באַגלייט מיט טענץ. די צוזעערס, פון דער זעמליאַנקע, האבן דערציילט, אז ווי באַלד רינצלער איז אריין אהין צו האט ער א זאָג געטאָן:

— אַדוואָקאַט גאָזשאַנסקי, קום מיט, שנעל!

מאַכט צו אים גאָזשאַנסקי:

— כ׳וועל אָנטאָן דעם פוטער.

ענטפערט רינצלער:

— דו בראַוכסט אים שוין ניכט!

ער האט אים אָפּגעפירט צום פלאַץ לעבן טויער ווו ס׳זענען געלעגן די איבעריקע געשאָסענע און אויך אים דערהרגעט.

איך האב זיך פארבאהאַלטן אין דער הורבע פון דעם פארבליבענעם יידישן גוטס, צווישן קישנס און פערענעס.

פינף פאר טאג הער איך, ווי פאליע לעוו רופט מיך פון דער נאָענט, איך זאל ארויסקריכן, ווייל רינצלער איז שוין אוועק פון לאַגער.

באלד האבן זיך פארשפרייט קלאַנגען, אז היינט־מאָרגן וועט מען אונדז ארויספירן אין וואַלד, א 200 מעטער פון לאַגער, און אלעמען אויסשיסן אויפן אָרט, ווייל קיין טראַנספּאָרטן וועלן שוין מער נישט גיין, מחמת דער פלאַץ וווהין מען פירט, איז איבערגעפּאַקט. כ׳האב מיך פשוט אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ: געהאט מעגלעכקייטן צו אנטלויפן און עס דורכגעלאָזט!

יידישע פּאָליציאַנטן זענען ארומגעלאָפן כאַפּן מענטשן אויף צו מקבר זיין די טויטע. בין איך גלייך געלאָפן זיך צו שטעלן דערצו פרייוויליק. מיין כוונה איז געווען, אז אויב עס וועלן אונדז פירן, ווי שטענדיק, צוויי דייטשן מיט ביקסן, וועל איך אין וואַלד אנטלויפן. אויב זיי וועלן שיסן און טרעפן וועט זיין זייער גליק, אויב ניט — וועט זיין מיין גליק.

מיר האבן זיך אויסגעשטעלט ארום די טויטע (פיר מאַן פלעגן טראָגן צווי טויטע אין ליילעכער אדער דעקעס) — דערזע איך פון דער ווייטנס, אז ס׳גייען צו אונדז אַכט דייטשן מיט מאַשינביקסן. איידער זיי האבן באַוויזן צוצוגיין, ביז איך שוין געהאט געווען אַנטלאָפן אין א ליידיקער זעמליאַנקע, און דאָרט אונטער די נאַרעס באטראַכט, ווי אזוי צו געפינען אן אויסוועג.

אין בלאָק נומ׳ איינס, צווישן די דרוזגעניקער, האט זיך געפונען א באַוווסטע העלדישע פרוי בערעזאָווסקי. איר מאַן, א באַוווסטער גראָדנער סוחר, האט געהאט ארום אָזשאָר און אָסטרין אייגענע סמאָליאַרנעס. מיט אט דער פרוי האט מען מיך באקאנט געמאכט נאך מיט עטלעכע טעג פריער. זי האט מיר דערציילט, אז זי איז שוין געזעסן 4 מאָנאַטן אין וואלד, נאר באַנדיטן האבן זי פארשלעפּט, איר 16יאָריקע טאָכטער ניט געלאָזט רוען אין דער סעקסועלער הינזיכט, און אז איצטיקס מאָל וויל זי אנטלויפן נאר צוזאמען מיט א מאַנספּאַר־שוין. זעענדיק, אז עס האלט שמאָל מיט א מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען, בין איך אוועק צו דער פרוי בערע־זאָווסקי.

מיינע פלענער זענען איר אריין אין קאָפּ און א גאַנצן טאג האבן מיר ביידע זיך געהאלטן אין איין באראַטן, ווי אזוי צו אנטלויפן פון לאַגער. איך האב געהאט 150 דאָלער, זי — דריי גאָלדענע זייגערס. האבן מיר באַשטימט צו צוגיין ביי נאָכט צום דייטש, וואס

שטייט ביים טויער אויף וואַך און אים פאַרלייגן, ער זאָל אונדז פאַר געלט ארויסלאָזן.

ניין אין אוונט פון דינסטיק אויף מיטוואָך, האָבן מיר אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צום דייטש. איך בין געבליבן שטיין אין א געוויסער דיסטאַנץ פון איר, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט צווישן אונדז, און זי האט זיך געווענדט צום דייטש פון דער ווייטנס און אים געבעטן, ער זאָל איר דערלויבן צוגיין צו אים מיט אים עפּעס ריידן. אז ער האט געפרעגט, וואס זי פארלאַנגט פון אים, האט זי אים דערציילט, אז איר מאַן ארבעט אין גראָדנער געטאָ אין שוכפאַבריק פאר דער ווערמאַכט און זי וויל איבערגיין צו אים.

און אויף דעם דייטשס פראַגע, ווער איז דער וואס שטייט דאָ הינטער איר, האט זי אים געזאָגט, אז דעם דאָזיקנס פרוי, א שניידערין, ארבעט אויך פאר דער ווערמאַכט, און אז ער וויל אויך איבערגיין — צו זיין ווייב. פאַרן דורכלאָזן אונדז וועלן מיר אים געבן א גאָלדענעם זייגער מיט געלט.

דעם דייטשס ענטפער איז געווען, אז ער קען עס נישט טאָן, טאָמער וועט מען אונדז כאַפּן און שלאָגן און מיר וועלן אויסזאָגן די שעה, ווען מיר זענען ארויס, און דאַן וועט מען אים שיסן צוליב אונדז, און ער האט אויך א פרוי מיט צוויי קינדער.

צען א זייגער האט זיך די וואַך געביטן, און פרוי בערעזאָווסקי האט זיך געפּרווט פאַרבינדן מיט דעם דייטש וואס האט ערשט געהיט ביים טויער. אויך ער האט געענטפערט דאס זעלבע, האט אבער געפרעגט, צי מיר ווילן קויפן זעקס לעבלעך ברויט, 3 קג א לעבל, פאַר 60 דאָלער. מיר האבן אים געגעבן דאס געלט. אין צוויי שעה ארום, נאָך דעם ווי ער האט געענדיקט זיין דינסט, האט ער אונדז טאַקע דאס ברויט געבראַכט, אבער נאָר פינף לעבלעך.

דער מיטוואָכדיקער טאָג איז אריבער רויק, אַזוי אויך דאָנערשטיק.

פרייטיק זענען אריין 13 פורן אויפצונעמען פון לאַגער דאס יידיש גוטס, וואס איז דאָרט פארבליבן נאָכן ארויספירן זייערע אייגנטימער: פּערענעס, קישנס, קאָלדרעס, וועש, טעפּ, פענדלעך אאַז"וו. יידישע פאָלי־ציאַנטן זענען ארומגעלאָפן ווי פאַרסמטע כאַפּן מענטשן צו דער ארבעט: ראַמען דעם לאַגער, לאָדעווען די פורן, און דער עיקר צונויפקלייבן אין זעק די אויסערן לאַגער פאַרבליבענע קאַרטאָפל און עס אָנלאָדעווען. מיך האט מען געכאַפּט צו די קאַרטאָפל אויסערן לאַגער. יעדע פאָר שעה האט מען די וואס ארבעטן דערביי געביטן. א זייגער צען איז צום טויער פון לאַגער פאַר־פאָרן אן אויטאָ.

גייענדיק צוריק אין לאַגער, זע איך לעבן טויער שטיין אָנטעק מאַסלאָווסקין מיט א פּאַפּיר אין האַנט. ער האט מיך דערקענט, און אַזוי גייענדיק, גענומען צו מיר ריידן און דערציילט, אז ער איז געקומען נאָך יאַנקל שינדערס פרוי און אז ער האט געלט פאר אונדז.

איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט און ניט געענט־פערט, ווייל מען וואָלט מיך דערפאַר גלייך דערשאָסן. אבער ווי נאָר איך בין איבערגעגאַנגען דעם טויער, בין איך גלייך געלאָפן צו דער משפחה לעוו און עס זיי דערציילט. זיי האָבן זיך גלייך פארשטענדיקט מיט מאַסלאָווסקין דורך די דראָטן. האט ער זיי דערציילט, אז ער איז שוין עטלעכע מאָל געווען אין גראָדנער געטאָ ביי ביילע וואַכט, וואס משהל שפּיץ האט זי ארויסגענומען פון קעלבאַסין נאָך גלייך ווי מען האָט זי אַהער געבראַכט. ער האט אויך דערציילט, אז ער האט איר איבערגעגעבן א סך געלט פאר קרינקער יידן, און אז איצט איז ער געקומען מיט א בריוו נאָך יאַנקל שינדערס פרוי און קינד.

## אין גראָדנער געטאָ

איינס נאָך מיטאָג בין איך ווידער ארויס צו דער ארבעט לאָדעווען די פורן, וואס זענען געקומען פון גראָדנער געטאָ. דאס מאָל האָב איך דעצידירט מיין גורל אויף לעבן אדער טויט. האָב איך אַזוי געלאָדעוועט און האָב מיך צום סוף א לייג געטאָן אין א פור אונטער א פּערענע. וועמענס איז די פור האָב איך שוין גוט געוווּסט. ביז היינטיקן טאָג ווייס איך ניט, צי די מענטשן, וואס האָבן מיט מיר געארבעט האָבן נישט באַמערקט וואס איך טו, אדער זיי האָבן געזען און געשוויגן. דערווייל האָבן די יידן מיך פאַרוואָרפן מיט נאָך אַלערליי שמאַטעס.

א זייגער צוויי האָבן די יידישע פּאָליציאַנטן צוגע־פירט די פורן צום טויער. די דייטשן האָבן א פרעג

געטאָן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג. האט מען זיי געענטפערט, אז יא. האָבן די דייטשן ארויסגעפירט די פורן דורכן טויער און זיי איבערגעגעבן צו די יידישע פורמאַנעס פון גראַדנער געטאָ. דריי נאָך מיטאָג האָבן זיי פאַראָרדנט די פורן אָפּצופאָרן קיין גראָדנע.

געפילט, אז מיר זענען שוין אָפּגעפאָרן א קילאָ־מעטער, האָב איך מיך גענומען רירן אום ארויסצוקריכן. יודל אַלטשולער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פור:

— ווער איז דארט? — האט ער א פרעג געטאָן.

— איך, יודל, מאַך נישט קיין טומל! — האָב איך אים א זאָג געטאָן, און גלייך שוין געשטאַנען אויפן שאָסיי און זיך מיט אים א זעגן געטאָן: — יודל, זיי געזונט! — און געוואָלט אַנטלויפן אין די פעלדער, ווייל ס'איז שוין געווען פינצטערלעך.

יודל האט מיך א פרעג געטאָן, וווהין וויל איך גיין. האָב איך אים געענטפערט, אַז אין דער ריכטונג פון קרינעק. האט ער מיר געזאָגט, אז ער האט א שיין אויף 2 מענטשן, און אויב די שעפּן פון די גראַדנער געטאָס, די רוצחים וויזע און סטרעבלאָוו, וועלן נים שטיין ביים טויער, וועט ער מיך קאָנען דורכפירן אַהין צו. בין איך ווייטער געפאָרן. דערווייל איז שוין געוואָרן פינצטער. אין דער נאָנט פון געטאָ איז יודל אַראָפּ פון פור זיך נאָכפרעגן, וואס הערט זיך ביים טויער. אלע האָבן געענטפערט, אז שטיל און אז די צוויי רוצחים זענען דארט נישטאָ.

און אזוי זענען מיר דורכגעפאָרן בשלום. נאָכן טויער האט יודל געכאַפּט א יידישן פּאָליציאַנט און אים געבעטן מיך פירן אין באָד און מיר געבן ריינע וועש. יענער האט געטאָן אַלץ, ווי יודל האט אים געבעטן, און פון באָד האט ער מיך געפירט, וווהין איך האָב אים געבעטן: צו אברהם באַנק אין מויער אויף טרויצע־גאַס. דארטן האט געוווינט מיינער א גוטער חבר לייבע אָדעסעס פון אַמדור. יענער האט מיך זייער גוט אויפגענומען — מיט טיי, בלוטווורשט און ברויט, און איך בין ביי אים דורכגעשלאָפן.

אויף מאָרגן, שבת, האָב איך באַלד געטראָפן א גוטן חבר, לאָלע שטערנפעלד פון אַמדור, און ער האט מיר גלייך געשאַפן דורכן יודנראַט א פלאַץ אויף שלאָפן ביי אברהמל פאראשא. ביי גוטע חברים האט ער געקראָגן פאַר מיר הויזן און אויסגעביטן 50 דאלער צו 13 מאַרק א דאלער.

די לעצטע יידן פון קעלבאַסין האט מען שבת פאַר נאכט געבראַכט אין גראָדנער געטאָ. אלע קרינקער זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, און וואס מיט זיי האט פּאַסירט צום סוף ווייס איך נישט, ווייל איך בין אנטלאָפן.

**אברהם סופר**

## דער פאַבריק־לאַגער

מע האט אונדז, די איבערגעלאָזטע גאַרבערס, אריינ־געפירט אין א פוסטן מויער. די ווענט נאַס. איטלעכער איז געפאַלן אויף דער נאַסער צעמענטענער פאַדלאָגע, און א שטאַרק געוויין האט זיך ביי יעדן ארויסגעריסן פון האַרצן ארויס.

מיר זענען אין לעדער־פאַבריק געבליבן 70 פּערזאָן, עטלעכע מיידלעך און פרויען צום קאָכן, און די איבע־ריקע — פאַכמענער. קיין קינדער זענען נים געבליבן, חוץ זיידל פיליפּסקיס 2יאָריק טעכטערל. ער האט נים געוואָלט זיך שיידן מיט דער פרוי און קינד און דער דירעקטאָר איז געווען געצוווּנגען דערצו מסכים צו זיין, ווייל פיליפּסקי איז געווען איינער פון די בעסטע שלאָסערעס און א ספּעציאַליסט אין וואַסער־לייטונג. א חוץ דעם האט דער מערדערישער דירעקטאָר אים געדאַרפט, ער זאל אים פאַרענדיקן זיין וווינונג.

יעדער פאַרקער צווישן אונדז מיט „גראָסמאַנס פאַבריק־לאַגער" איז געווען שטרענגסטנס פאַרבאָטן. ביי אונדז אין לאַגער זענען געבליבן אויך עטלעכע „יודנ־ראַטניקעס", צווישן זיי דער פרעזעס יאָסל גאַלץ מיט זיין פרוי. זייערע דריי קינדער האט מען ארויסגעפירט צוזאַמען מיט אַלעמען פון געטאָ.

די לעדער־פאַבריק איז געוואָרן ארומגעצאַמט און שטרענג באַוואַכט. דער דירעקטאָר פלעגט זיין אַן אָפּטער איינגייער און ער האט איינגעפירט א זייער שווערע דיסציפּלין. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען יעקב קאָזאַלטשיק. זיין פרוי מיט די צוויי קינדער האט מען אויך ארויסגעפירט מיט די אלע יידן פון געטאָ.

ערשט אין א פּאָר טעג ארום האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אז אונדזערע פאַמיליעס האט מען פאַרטריבן אין

לאַגער קעלבאַסין, צוזאַמען מיט די יידן פון די ארו־
מיקע שטעטלעך. אבער צו קומען אין קאָנטאַקט מיט
וועמען ניט־איז פון יענעם לאגער איז געווען אוממעג־
לעך. מיר האבן געשיקט עטלעכע פויערים וועקצופירן
ברויט אַהין צו און צו ברענגען א גרוס. אבער אומזיסט:
דער לאַגער איז געווען אָפּגעשלאָסן פון דער ארומיקער
וועלט.

די פרעסט האבן דערווייל דערגרייכט ביז 35 גראַד.
יעדער פרווו צו אנטלויפן אין וואַלד אריין איז געווען
אוממעגלעך. עטלעכע יונגע־לייט זענען אוועק, מיטגע־
מענדיק העק און רידלען. אין צוויי טעג ארום זענען זיי
אלע צוריקגעקומען מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס.
מיר האבן געוווסט, אז לאַנג וועלן מיר אין פאַבריק־
לאַגער נישט בלייבן, האבן מיר אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן
פּלענער אויף צו אַנטלויפן, זיך צו באַהאַלטן אין א
בונקער. נאָך עטלעכע באַראַטונגען האט מען אויסגע־
פונען אן אָרט אויפן יידישן בית־עולם, אין א צעמענ־
טענעם גרוב, ווו ס'זענען געלעגן שמות. וועגן דעם האבן
געוווסט בלויז עטלעכע מענטשן. אונדזער ארבעט האט
געדאַרפט זיין שטרענג קאָנספּיראַטיוו. די איניציאַטערס
פון דעם זענען געווען שעפסל קושניר און יודל קאַפּלאַן.

יעדע נאַכט, ארום א זייגער צוויי, פלעגט מען
אונטערקויפן דעם פּאָליציאַנט, אים זאָגן אז מען גייט
אוועקטראָגן ברויט אין לאגער, אדער אנדערע שפייז.
דאן פלעגט מען אוועק אויפן בית־עולם, איטלעכס מאל
אין צווייען, און מיטנעמען אהין וואס ס'האט זיך נאר
געלאָזט: סוכאַרעס, פלייש, וואַסער און אנדערע עסנס.
אין בונקער האט געזאָלט זיין פּלאַץ פאר צוואַנציק
פּערזאָן. וועגן דעם האט געוווסט אויך יעקב, דער
קאָמענדאַנט, און ער האט אונדז א סך מיטגעהאָלפן.
עטלעכע מאָל בין איך געגאַנגען מיט יודל קאַפּלאַן. אַלץ
האט געקלאַפּט ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיר האבן
אָנגעגרייט אפילו כלים צום קאָכן. די גרוב איז געווען
גרויס ,מיט א סך לופט, און דער ארייננגאַנג אהין — דורך
א מצבה.

ס'איז שוין אלץ געווען באַלד פאַרטיק. מיט אונדז
האט געזאָלט זיין אויך א פרוי, וואס זאל צוגרייטן צום
עסן. איין מאָל, ווען די חברים זענען געקומען צום אָרט,
האבן זיי געפונען די גרוב אויסגעליידיקט. ווי מיר האבן
זיך שפּעטער דערוווסט, האבן דאס שקצימלעך, וואס
זענען ארויף אויף אונדזערע שפּורן אין שניי — אלץ
אויסגערייניקט. אונדזער ארבעט איז בכן דורכגעפאַלן
און מיר האבן זיך גענומען צו נייע פּלענער: אין פאַל,
ווען אונדזער לאַגער וועט בלייבן אין קרינקי, וועט א
גרופּע פון אונדז אנטלויפן אין וואַלד.

נאָך זעקס וואָכן איז צו אונדז דערגאַנגען די טרויע־
ריקע ידיעה, אז אלע אונדזערע האט מען אוועקגעפירט
אין טרעבלינקע. איצט האבן מיר שוין געוווסט גענוי
וואס אונדז דערוואַרט.

אויך אין לאַגער פון די שוסטערס און שניידערס
האט זיך א גרופּע געגרייט צו אַנטלויפן אין וואַלד.
אויך דאָרט האט מען געפּלאַנעוועט און שטודירט ווי
זיך צו באַהאַלטן. א פּאָר מענטשן האבן איינגעאָרדנט א
באַהעלטעניש אין קעסל פון באָד.

פון אונדז האבן אייניקע געפּרווט גיין אין א דאָרף
און ביי א באַקאַנטן פויער באַשטעלן א פּלאַץ. די פויערים
האבן אבער קיינעם נישט געקאָנט און ניט געוואָלט
באַהאַלטן, ווייל די מאַכט האט געדראָט מיט שיסן יעדן
וואס וועט ארויסהעלפן יידן.

ס'האט זיך דערנענטערט ניי־יאָר 1943. די פרעסט
האבן ניט אָפּגעלאָזט. די שטימונג ביי די עלטערע ארבע־
טער איז געווען זייער א דערדריקטע. די מערהייט פון
זיי פלעגן ליגן גאַנצע נעכט און וויינען. זיידל פיליפּסקי
פלעגט איינאָרדענען יעדן פרייטיק צו־נאַכטס רעפעראַטן
אויף רעליגיעזע טעמעס און אויפווייזן מיט ציפערן און
„פאַקטן", אז מיר זענען שוין נאָנט צו דער גאולה און
משיח וועט שוין באַלד קומען אונדז באַפרייען. פיליפּסקי
פלעגט ברענגען ביישפּילן פון יונה הנביא, וואס איז
געווען איינגעשלונגען פון א פיש און אין בויך פון
פיש האט ער געדאַוונט און דער פיש האט אים ארויסגע־
שפּיגן א גאַנצן. אויף דעם סמך פלעגן עטלעכע ארבע־
טער זיצן און זאָגן תהלים א גאַנצע נאַכט. יוגנטלעכע
האבן ענערגיש געקעמפט קעגן אזא מין פּראָפּאַגאַנדע.

אונדזער נאַרונג איז געווען א גוטע, מחמת דאס
גאַנצע עסנוואַרג וואס איז געבליבן אין געטאָ האט מען
אַנגעבראַכט אין לאַגער. עטלעכע פרויען האבן געאַרבעט
ביי די אָפּגעשטעלטע קליידער, וועלכע מען האט אַנגע־
זאַמלט אין בית־מדרש. די בעסערע זאַכן פלעגט דער

געטאָ־קאָמיסאַר אָפּשיקן קיין דייטשלאַנד. דאָס איבעריקע פּלעגט ער אויספאַרקויפן צו די פּויערים, וואָס פּלעגן קומען פון די אַרומיקע דערפער. אין א ריי פּלעגן זיי שטיין, אום צו באַקומען דאָס מיט אונדזער בלוט באַשפּריצטן האָב־און־גוטס, די מיידלעך, וואָס פּלעגן אַרבעטן ביים סאָרטירן, פּלעגן זיך נעבעך צוקוקן, ווי מען פאַרקויפט אויס די קליידער און קישנס פון זייערע פאַמיליעס. א גרופּע יידן האָבן געאַרבעט ביים פונאַנדערוואַרפן דעם געטאָ־פּאַרקאַן. אין עטלעכע הייזער האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעקליבן קריסטן פון די דערפער.

די פּרעסט האָבן ווייטער צו נישט געמאַכט יעדן פּרווו אַרויסצוגיין אין וואַלד. מיר האָבן נאָר געהאָפט, אז מיר וועלן אפשר דערציען ביז פּסח און דאַן שוין קענען קעמפן אין וואַלד. די מאַכט־אָרגאַנען זענען אָבער נישט געשלאָפן: דעם 17טן יאַנואַר 1943 איז אַרויס א באַפעל, אז קרינקי מוז ווערן „יודנריין!" מיט דער נאַכט זענען עטלעכע פּערזאָן אַנטלאָפן פוןביידע לאַגערן. צו מאָרגן, דעם 18טן, זענען שוין די צוויי לאַגערן געווען אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע.

פון אונדז זענען אַנטלאָפן 18 מענער און פרויען, צווישן זיי דער געוועזענער פּרעזעס פון יודנראַט יאָסל גאָלץ און זיין ברודער חיים־מאיר, וואָס האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין קעסל פון באַד. די איבעריקע אַנטלאָפענע זענען געווען: פּרץ און יאָשקע פּרוזשאַנסקי, וועלוול וואָלף, יצחק זוץ, משהל קאַגאַן, אברהמל וואַכט, קושניר, מאיר גענדלער, חיים וויינער, מאָטקע שטיינסאַפּיר, שרהקע גאָלץ, שרהקע גענדלער, לאַהטשע וואָלף, פּערל לעווי, פרידקע זאַלקין, מאָשקע קאַפּלאַן און איטשע וואָלף. עטלעכע זענען אַנטלאָפן צו באַקאַנטע פּויערים, א טייל אין וואַלד, און די איבעריקע האָט מען שפּעטער געכאַפּט און דערשאָסן.

פון די לעבן־געבליבענע האָב איך מיך שפּעטער דערוווּסט וועגן גורל פון די וואָס זענען דערפרווירן געוואָרן אין וואַלד. מיינער א קוזין, פּרץ און יאָסל פּרוזשאַנסקי זענען געכאַפּט און פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. א רוסישער אינזשעניר, דימיטראָוו, האָט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין שטיבל צוויי מיידלעך, פּערל לעווי און לאַהטשע וואָלף — ביזן טאָג פון דער באַפרייונג.

אונדז, די וואָס זענען געבליבן אין לאַגער, האָט מען אַרויסגעפירט אויפן מאַרקפּלאַץ. שליטלעך האָבן שוין געוואַרט אונדז צו פירן צו דער באַן, קיין סאָקאָלקע.

זשיטלעכער האָט געמעגט מיטנעמען בלויז איין רוקזאַק. אויפן הויף פון פאַבריק זענען געקומען עטלעכע דייטשן און געפּאָדערט, אַלע זאָלן אָפּגעבן די צירונג: ווער מען ביי עמיצן עטוואָס דערפון געפינען, וועט ער ווערן דערשאָסן.

אויפן מאַרק זענען געקומען אַנדערע מערדער און אויסגעשטעלט מאַשינען־געווער אַרום אונדז. ווידער האָט מען דורכגענישטערט די בגדים און אַרויסגענומען וואָס ס'איז נאָר דאָרט געבליבן. אויפן וועג האָבן אונדז באַגלייט צענדליקער זשאַנדאַרן און פּוילישע פּאָליציי. באַלד האָבן מענשטן זיצנדיק אויף די שליטנס, אָפּגעפראָרן די פיס, איז מען אַלע געגאַנגען צופוס. ביים פאַרלאָזן קרינקי האָבן אונדז פּויערטעס באַגלייט מיט טרערן אין די אויגן. א מיידל, פאַניע רויטבאָרד, האָט געהאַט געלאָזט ביי א קריסט א 4יאָריק קינד, וואָס האָט נישט געקענט ריידן קיין יידיש. דאָס קינד איז געהאַט געקומען מיט דער מוטער פון רוסלאַנד און די דייטשן האָבן זי דערשאָסן. ווען מיר זענען שוין געווען אויסגעשטעלט צום אָפּמאַרשירן, האָט דער קריסט אָפּגעבראַכט דאָס ייִנגעלע און געהייסן אים גיין צוזאַמען מיט אונדז.

אין סאָקאָלקע האָט מען אונדז אַריינגעשליידערט אין שמוציקע פערד־וואַגאָנעס מיט פאַרמאַכטע פענצטערלעך, ביי יעדן וואַגאָן געשטעלט א סאָלדאַט, פאַרווערט אַרויסצוקוקן דורכן פענצטערל, און פאַרריגלט די טיר.

אונדזער שטעטל איז געוואָרן „יודנריין".

## דער לעצטער וועג

מיט מיר אין איין וואַגאָן זענען אַריינגעפאַלן: מיין פעטער ישראל סקאָוואָראָנעק („אַפריקאַנערס"), מיט דער פרוי פעשע און צוויי ייִנגעלעך, לאָזערקע און הערשעלע; ניאָמקע סקאָוואָראָנעק און פרוי — דבורה מאַניכעס; בערל, בלומקע און רחלע זאַקהיים; הענעך מוגלאָס מיט דער טאָכטער מערטשע; ישראל קאַלינאָוויטש, פרוי און צוויי קינדער; אברהמל אפרימזאָן (שישקעס) מיט דער פרוי, זון און טאָכטער; דאָדיע קירפּיטש, מוטער

און זונדל; שעפסל קושניר און זון משהלע; הערשל אַבראַמאָוויטש; מאָטל קירזשנער; יודל קאַפּלאַן און דער עקס־קאָמענדאַנט פון לאַגער יאַקוב (יאַנקל) קאַזאַל־טשיק (חזיר).

איינצלנע יידן האבן געזאָגט תהילים און די פרויען האבן געוויינט. צו אונדזערע וואַגאָנעס האט מען נאָך צוגעשטשעפּעט די רעשטלעך יידן פון סאָקאָלקע, און צוזאַמען איז דער טראַנספּאָרט דערגאַנגען צו 1,200 פּערזאָן. איטלעכער איז געווען זיכער, אז מער פירט אונדז קיין טרעבלינקע. יאַקוב האט אויסגעבראָכן דאס פענצטערל און א גרופּע יונגוואַרג האבן זיך געגרייט צו שפּרינגען. מיר האבן איינגעשטעלט א ריי. דער ערשער איז געשפּרונגען שעפּסל קושנירס ייִנגל, משהלע, און דאן שעפּסל גופא.

אזוי האבן זיך געוואָרפן איינער נאכן אַנדערן אין פולן לויף פון צוג. א מוטער האט צוגערעדט אירע צוויי קינדער צו שפּרינגען און נאָך אליין געהאָלפן דעם ייִנ־געלע ביים פענצטער, ביי וועלכן ס'איז געשטאַנען דער הויפּט־איניציאַטער יאַקוב און איטלעכן געהאָלפן זיך וואַרפן פון צוג. אזוי זענען נאָך געשפּרונגען: יאָסל און חיים בראָווערמאַן, לייבל נאַליבער, הערשל אבראַמאָוויטש, סאָניע פּונק, אברהמל קליינבאָרד, זיידל יאַקאָבינסקי, דאָרע קירפּיטש און איר ברודערל זונדל קירפּיטש.

ווען איך האב זיך געוואָלט אויפהייבן צו ארויס־שפּרינגען, איז צוגעלאָפן מיין מומע און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן, איך זאל פאָרן צוזאַמען מיט זיי, און מיינע צוויי קוזינס האבן זיך אָנגעהאַנגען אויף מיר און געבעטן, איך זאל נישט שפּרינגען. יאַקוב גופא האט זיך אויסגעטאָן ביז צום העמד און די בגדים ארויסגע־וואָרפן דורכן פענצטער. ער האט געפּרוווט זיך ארויס־שטופּן דורכן פענצטערל, אבער זיין איבערנאָרמאַל דיקער קערפּער האט נישט געקענט אַדורך, און אומזיסט זענען געווען זיינע אלע אָנשטרענגונגען. האט ער בכן ארויסגענומען א פלעשעלע סם און עס אויסגעטרונקען. אבער זיין האַרץ איז געווען שטאַרקער פונעם סם — איז ער געלעגן און געדעוועט ווי א געקוילעטע חיה. א ווייסער שוים האט זיך אים באוויזן אויף די ליפּן, און קיין וואַסער איז נישט געווען. האט מען אָפּגעריבן פראָסט פון די ברעטער און דערמיט אים אָפּגעראַטעוועט.

דער וואַגאָן איז ערשט געוואָרן שטרענגער באוואַכט און שפּרינגען האט מען שוין מער ניט געקאָנט. מיר דערנענטערן זיך צו מאַלקין וואס פאר טרעבלינקע. עטלעכע האבן אָנגעהויבן זאָגן תהלים. זיידל פיליפּסקי האט אָנגעטאָן טלית און תפילין. ביי איטלעכן האבן זיך געטרייסלט הענט און פיס. אבער דער צוג איז ווייטער געפלויגן פארביי דער סטאַנציע מאַלקין און ניט שטיין געבליבן. ס'איז פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן. פרומע יידן טענהן, אז דאס תהלים־זאָגן האט געהאָלפן, און אז איצט פירט מען אונדז אויף ארבעט, ווי דער דירעקטאָר פון פאַבריק האט צוגעזאָגט.

מיר פאָרן ווייטער. ס'איז שוין פינצטער. עס הערט זיך א שווער זיפצן און קלאַפּערייען פון די פרווירנדיקע פיס. מען איז דאָרשטיק, קראַצט מען מיט לעפל דעם פראָסט פון די ווענט און מען שטילט זיך דערמיט.

ס'איז פאַרביי די ערשטע נאכט אין צוג. דער דאָרשט פייניקט און קיין פראָסט אויף די ווענט איז שוין מער נישטאָ. בעט מען די פאָסטנס ברענגען א ביסל וואסער, פאר א קליין טעפּעלע גיט מען אָפּ א זייגערל, א פינגערל.

אויפן דריטן טאָג זענען מיר פארבייגעפאָרן א באַן־סטאַנציע, וווּ עס האבן געריייניקט דעם שניי עטלעכע יידן און קריסטן. אייניקע פון זיי האבן צו אונדז א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אונטערן האלדז און אויסגע־שריען, מיר זאלן אַנטלויפן — מען פירט אונדז צו דער שחיטה! עס ברעכט אויס א געוויין און א שטאַרקער תהילים־זאָגן. ס'דערהערט זיך פון דרויסן אויך א געשריי, אז מען פירט אונדז קיין אוישוויץ — א נאָמען, וואס ביי אונדז האט קיינער נישט געהאט געהערט פון אים. צי איז עס אויך א טרעבלינקע?

ס'איז צוגעפאַלן די נאכט. יאַקוב באפעלט אויספאַר־ברענען אלץ וואס מען האט נאָך. אייזיק ברוסטין צינדט אונטער דער ערשטער ס'פעקל געלט, און נאָך אים כמעט אלע, וואס האבן נאָך עפעס ווערטיקס געהאט. טרערן זענען גערונען ביי אלעמען פון די אויגן. אן אימהדיקער חושך ארום.

אויף מאָרגן פרי, דינסטיק דעם 21סטן יאַנואַר 1943, זענען מיר אָנגעקומען קיין אוישוויץ.

דרצ״ד

## געשפרונגען פון טויטנצוג און אנגעקומען קיין ביאליסטאָק

אין א כראָניק, אונטערן קעפל „טאָגבוך פון יידישן צער און פיין", וועלכע איז פאַרנאָטירט געוואָרן אין געטאָ־ביאַליסטאָק, לויט דער אינפאָרמאַציע פון פליטי־חרב, וואס זענען דערלאָפן אַהין צו בעת די „אקציעס" — געפינט זיך א ידיעה וועגן קרינקער, וואס זענען אַראָפּגעשפרונגען דעם 25סטן יאַנואַר 1943, פון דעם טראַנספּאָרט־צוג קיין אוישוויץ, און אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. דאס פאַרנאָטירן אזוינע כראָניקעס האט דאַן אָרגאַניזירט מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף, דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין ביאַליסטאָק, און מען האט זיי פאַרבאַהאַלטן אין דער „אָרישער" זייט פון שטאָט, ווו מען האט זיי שפּעטער געפונען, מיטן גאַנצן „מערסיק־טענענבוים־אַרכיוו", נאָך דער באפרייונג פון ביאַליסטאָק פון די נאַצישע לאַפּעס. די דערמאָנטע כראָניק גיט איבער:

„ביאַליסטאָק, דינסטיק, 26טן יאַנואַר 1943.

„היינט זענען אָנגעקומען עטלעכע פליטים פון סאָקאָלקע און קרינעק, וועלכע זענען געשפרונגען פון צוג [פונעם טראַנספּאָרט, וואס האט ארויסגעפירט די לעצטע יידן פון די קרינקער ארבעט־לאַגערן קיין אוישוויץ]. צווישן די פאַרוואונדעטע — 3 קרינקער מיידלעך מיט א בחור; זיי זענען געבראַכט געוואָרן צעשלאָגן דורך געסטאַפּאָ. די פאַרוואונדעטע האט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל".

אברהם סופר

# אין אוישוויץ

מיר שטייען אין אוישוויץ. איטלעכער אין וואַגאָן שטופּט זיך צום פענצטערל, און וויל זען, וואס דא קומט פאָר. די פרויען פּאַקן זיך און ווײנען פארצווייפלט. די עטלעכע עלטערע יידן האלטן פאַרגלאָצט די אויגן און שרייען: „יענך ה׳ ביום צרה!״ זיידל פיליפּסקי שטייט אַנגעטאָן מיטן טלית און תפילין. זיין 2יאָריק קינד שטייט לעבן אים און האלט מיט א ציטערדיק הענטעלע א ציצה.

פלוצים הערט זיך א קלאַפּן אין טיר, א האַסטיקער פּראַל־אויף, און א ווילדער געשריי פאַלט אין וואַגאָן אריין: „אַלעס אויסשטייגן! פּאַקעטן ליגן לאָזן! פרויען — עקסטראַ, מענער — עקסטראַ!״

ביי דער טיר שטייען עטלעכע יונגע באַנדיטן מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט און שלאָגן איבער די קעפּ. ווען זיידל פיליפּסקי האט זיך באוויזן אין טיר, זענען אלע שטעקנס געפאַלן אויף זיין קאָפּ און ער איז אנידערגעפאַלן אין א קאַלוזשע בלוט. יאַקוב איז גע־שטאַנען אין איין העמד אין דער ערשטער ריי פון די מענער. די פרויען זענען געשטאַנען אין דער זייט פון אונדז.

אין עטלעכע מינוט ארום זענען שוין אלע געשטאַנען איינער הינטערן אנדערן צו פינף אין א ריי. קעגנאיבער האבן געוואַרט פינף אויטאָס.

צו ערשט האט מען אויסגעקליבן עטלעכע צענדליק מיידלעך ביז 20 יאר און זיי אויסגעשטעלט אין א זייט. דאן איז אן עלטערער מעדערישער אָפיציר מיט א פּאָר צערייצטע טיגער־אויגן, צוגעגאַנגען צו אונדז און מיטן ווייזפינגער געטייטלט אויף רעכטס און אויף לינקס, פּרעגנדיק דערביי אויף איטלעכנס פּאָך. איך שטיי אויף דער רעכטער זייט צוזאַמען מיט יאַקובן און נאָך עטלע־כע יונגע. באלד האט מען אָפּגעציילט עטלעכע מאָל און קאָנטראָלירט, און ווען מען האט געמאָלדן, אז עס זענען שוין דא 150 פּערזאָן, האט מען אויפגעהערט צו סאָרטירן.

די עלטערע זענען געשטאַנען אויף דער לינקער זייט. פון א סך קעפּ האט גערונען בלוט. קעגנאיבער דעם וואַגאָן איז געשטאַנען א גרופּע יונגע מיידלעך, גאַנץ הינטן — פרויען מיט קינדער. צווישן אונדז איז גע־שטאַנען פיניע קלאָס און זיין פאָטער איז געווען אין דער צווייטער גרופּע. דער זון האט א מאַך געטאָן מיטן האַנט צום טאַטן, ער זאל ארויסלויפן פון זיין ריי און זיך אוועקשטעלן מיט אונדז. ווען דער מערדערישער אָפיציר האט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו אונדז, איז דער פאָטער איבערגעלאָפן אין אונדזער ריי.

בעת מיר האבן געגומען אָפּמאַרשירן, זענען שוין די אויטאָס געווען געפּאַקט מיט פרויען, מענער און קינדער. קליינינקע קינדערלעך האבן צו אונדז געפאָכעט מיט די הענטעלעך, און די פרויען פון די מענער, וואס זענען ערשט געגאַנגען מיט אונדז — האבן נאָכגעשריען מיט טרערן אין די אויגן און געמאָכט צו אונדז מיט די הענט.

מיר האבן אָפּמאַרשירט — אין לאַגער אריין, אין בירקענאַו.

### מיט קרינקער אין בירקענאַו

אין לאַגער בירקענאַו, ביי אוישוויץ, זענען מיר צו ערשט דורכגעגאַנגען די „אַנגענומענע פּראָצעדור״: אָפּגעבן די בגדים און אויסליידיקן די שארית געבליבענע ווערטיקס, באַקאַנטמאַכונג מיט די „געזעצן״ פון לאַגער, רעגיסטראַציע, טאַטוירונג פון דער לינקער האַנט דורך נאָדלאויסשטעכן (מיין נומער איז אויסגעפאַלן 93886), אָפּשערן די האָר, א קאַלטע פּראָסטבאָד מיט מכות־רצח, אָנטאָן לאַגער־קליידער־שמאַטעס און הילצערנע טרעפּעס אד״גל.

ווען מיר זענען געשטאַנען אויף דער גאַס, לעבן באָד, און געוואָרט מען זאָל אונדז אָפּפירן אין א בלאָק, האבן מיר באַמערקט אין דער ווייטקייט צום קליינעם וועלדל א הויכן פייער, פון וועלכן דער הימל ארום איז געווען רויט און די לופט — אָנגעפילט מיט א ריח ווי פון געבראָטן פלייש. אונדזערע באַגלייטער, די שלעגערס, אויך אַרעסטירטע — דאס רוב פּאָליאַקן, אבער אויך יידן צווישן זיי — האבן אונדז גלייך א זאג געטאָן:

— איר ווייסט ניט וואס דאס איז? — דאס ברענט

מען אייערע פאַמיליעס דאָרט, וואָס מען האָט היינט אָפּגעפירט אין די אויטאָס!

טרערן האָבן זיך באַוויזן ביי איטלעכן פון אונדז אין די אויגן, אָבער געוויינט האָט יעדער איינער אין דער שטיל, ווייל עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו וויינען אין לאַגער.

אויף מאָרגן, צוועלף א זייגער, האָט מען איטלעכן פון אונדז אויסגעטיילט א קאַרטאָפל מיט א ביסל גרין גראָז פאַר פיר מאָן אין איין טעלער — פרישטיק מיט מיטיק צוזאַמען. עסן האָט מען געדאַרפט מיט די הענט. וואַסער איז נישט געווען אפילו א טראָפּן. האָט יעדערער גענומען א הויפן שמוציק שניי און מיט דעם געשטילט דעם דאָרשט. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און די מערהייט ביי אונדז האָבן באַקומען דורכפאַל (דיזענטעריע), און גיין אין קלאָזעט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. בלויז איין מאָל אין טאָג, גרופּנוויז, האָט מען זיך געדאַרפט דערליידיקן. האָבן מענטשן באַלד אָנגעמאַכט אין די הויזן און געפאַלן אויפן בלאָטיקן פלאַץ.

שוין ביים ערשטן „אַפּעל" פאַר נאַכט, איז די מערהייט פון אונדז געשטאַנען מיט בלוי־אונטערגעהאַקטע אויגן און ווער מיט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ. אלע האָבן זיך גלייך געביטן אויפן געזיכט. ביי איטלעכן זענען די ליפּן געווען בלוי און פאַרטריקנט. דער „דורכפאַל" האָט אויסגעמאַטערט, די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט א טויטן־ריח. איטלעכער האָט זיך געפילט פאַרייאושט און א סך האָבן שוין גערעדט פון זעלבסטמאָרד. דאָס איז געווען א לייכטער טויט: צוגיין צום עלעקטרישן דראָט פון פאַרקאַן און נאָר א ריר טאָן — אין איין סעקונדע ווערט מען פאַרטיק.

### אונדזערע ערשטע קרבנות אין „אַרבעט"־לאַגער

אויפן זיבעטן טאָג פון אונדזער זיין אין לאַגער, ביים מאָרגן־אַפּעל, איז איינער פון אונדזער בלאָק, יאָשע זעליקאָוויטש, געכאַפּט געוואָרן ביים בייטן ברויט אויף וואַסער מיט א רוסישן מלחמה־געפאַנגענעם. ביים אַפּעל האָט מען אויסגערופן זיין נומער און דער „בלאָק־עלטסטער" מיטן עס־עס־מאַן האָבן אים מכבד געווען מיט 25 שטעקנס. זיין פאָטער איז געשטאַנען אין דער זעלבער ריי און צוגעזען, ווי מען האָט זיין זון דערהרגעט און צוגעוואָרפן צו דער וואַנט, ווו ס'זענען געלעגן עטלעכע וואָס זענען אומגעקומען ביים דראָט. דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן פון אונדזער טראַנספּאָרט.

נאָך צוויי וואָכן האָבן שוין פון די 150 מענער, וואָס מען האָט אריינגעפירט אין לאַגער פון אונדזער טראַנספּאָרט — געפעלט א צוואַנציק. די העלפט זענען אליין אַוועק צום דראָט גרופּעסווייז צו דריי און צו פיר, האַלטנדיק זיך געאָרעמט. צו מאָרגנס נאָכן טויט פון יאָשע זעליקאָוויטש, ווען ס'איז נאָך געווען שטאָקפינצטער, איז דער ערשטער אַוועק צום דראָט זיין פאָטער מילקע זעליקאָוויטש, מיטנעמענדיק א יונגן מענטשן, כתריאל ענגענראַדט. זיי זענען געפאַלן טויט פון א שאָס אין ברוסט, פינף מעטער פון עלעקטרישן דראָט. ווידער, האָבן כמעט אלע פון אונדזער טראַנספּאָרט געליטן אויף דורכפאַל. צענדליקער פלעגן אין לאַגער אַוועקשטאַרבן איטלעכן טאָג פון דער דאַזיקער מגיפה.

פון טאָג צו טאָג זענען די רייען פון אונדזער טראַנספּאָרט געוואָרן שיטערער. פּערציק האָבן שוין געפעלט. דער צושטאַנד פון די איבעריקע איז געווען זייער שלעכט. יעדן טאָג פלעגן גרופּעס אַוועק אויפן „רעוויר", א כלומרשטער הייל־צענטער, פון וועלכן ווייניקע פלעגן נאָך צוריקקומען. ווען איך פלעג קומען פון דער אַרבעט, פלעג איך מיינע חברים נישט דערקענען. די בערג טויטע ביי דער וואַנט זענען געוואַקסן.

מיט מיר צוזאַמען פלעגן שלאָפן יודל קאַפּלאַן, ישעיה גלעזער, מאָטל קירזשנער, פיניע קלאָס, שיע שאַפּיראָ און צוויי גראַדנער. איין מאָל קומענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך יודלען נישט דערקענט: זיין פּנים איז געווען געשוואָלן און פאַרלאָפן מיט אלע קאָלירן — בלוי, געל, גרין און רויט. ביים אַפּעל האָט ער מיר דערציילט, וואָס פאַר א טאָג ער האָט דורכגעלעבט. נאָכן אַפּעל האָט ער ניט געגעסן. ביים באַקומען די פּאַרציע ברויט, האָט ער געכאַפּט א זעץ מיט א שטעקן איבער דער האַנט און איז געפאַלן אין בלאָטע. כ'האָב אים אריינגעטראָגן אין בלאָק און געלייגט אין „בוקס" (א געמיינזאַמער געלעגער, פון צעמענט). אין צוויי שעה ארום האָט ער זיך אויפגעהויבן מיט פאַרגלאָצטע אויגן און געבעטן א טרונק. כ'בין אַראָפּ

פון „בוקס" זוכן ביי עמיצן א טראָפּן וואַסער. צוריק־קומענדיק, האָב איך שוין יודלען געפונען א טויטן. די גאַנצע נאַכט בין איך מיט אים געלעגן צוזאַמען אויפן בוקס. אין דריי טעג אַרום איז דאָס זעלבע געשען מיט שיע גלעזער.

## פרשת „קאַנאַדע"

די מערסטע פון אונדז האָבן שוין נישט געקענט שטיין אויף די פיס. ביים „קני־בויגן" זענען א סך געלעגן אויסגעצויגן אין דער בלאָטע און שוין נישט מער געשפּירט די קלעפּ פון די שטעקנס, וועלכע האָבן זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזן. דאָ האָבן דער אַרבעטס־דינסטפירער און דער בלאָק־עלטסטער פלוצים אָפּגעקליבן פופציק מאַן, וואָס האָבן כלומרשט אויסגעזען בעסער, אויך מיך צווישן זיי, און אונדז אָפּגעפירט אין באָד. דאָרט האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן די פאַרלייזיקטע בגדים און זיך געשטעלט אונטער א קאַלטן טוש, נישט וויסנדיק וואָס מען גייט מיט אונדז טאָן. נאָכן אָפּוואַשן זיך, האָט מען אונדז פאַרטיילט ריינע העמדער און ניי־געשטרייפטע בגדים: הויזן, א מאַרינאַרקע און א מאַנטל, און געמאָלדן, אַז מיר וועלן אַרבעטן אין אויפראַמונגס־קאָמאַנדע „קאַנאַדאַ". אַזוי האָט מען די דאָזיקע „קאָמאַנדע" א נאָמען געגעבן, ווייל ס'איז דאָרט געגעבן געוואָרן גענוג צום עסן און מ'האָט דאָרט „געלעבט ווי אין קאַנאַדע".

אין „קאַנאַדע" זענען מיר פון אונדזער טראַנספּאָרט געווען נאָר איך און אייזיק ציגעל. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין סאָרטירן די זאַכן פון די פּעקלעך, וואָס די קרבנות פון די טראַנספּאָרטן זענען געווען געצווּונגען איבערצולאָזן אין די וואַגאָנעס אויף דער אוישוויצער באַן־סטאַנציע. אַלץ פלעגט גרינטלעך דורכגענישטערט ווערן; גוטע און נייע בגדים פלעגן אָפּגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד, דאָס איבעריקע פלעגט גיין אויף שמאַטעס. דאָס זעלבע איז געווען אויך מיט בעטגעוואַנט.

עסנס וואָס מען פלעגט געפינען אין די פּעקלעך, האָט מען אָפּגעגעבן אין דער לאַגער־קיך; קאָנסערוון פלעגן די עס־עס־מענער נעמען פאַר זיך. נאָך דער אַרבעט פלעגט איטלעכער באַקומען א ברויט, ביי א שטרענגער קאָנטראָל. איך פלעג אויסשיטן א ביסל טאַבאַק אין קעשענע, צעמישן מיט ברעקלעך ברויט און עס ברענגען אין לאַגער. דעם טאַבאַק און דאָס ברויט האָב איך פאַרטיילט פאַר די נאָך לעבעדיקע קריינקער, וואָס פלעגן מיך אָפּוואַרטן מיט אומגעדולד, ווייל אַריינצוגיין צו אונדז אין באַראַק איז געווען זייער שטרענג. די גיריקע רויכער, ווי יאָשקע מרגליות און אַנדערע, האָבן זיך געפילט גליקלעך, ווען איך פלעג זיי געבן א ביסעלע טאַבאַק.

ווי שוין דערמאָנט, האָב איך זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט אייזיק ציגעל, צוזאַמען אין איין בעט געשלאָפן, צוזאַמען געאַרבעט. נאָך פינף טעג אָפּאַרבעטן, האָט ער באַקומען 25 שמיץ פאַרן פרוּוון אַריינטראָגן אין לאַגער פינף שטיקלעך צוקער. צו מאָרגנס האָט מען אים איבער־געשיקט אין א בלאָק, פון וועלכן מען פלעגט אַלעמען אוועקטראַנספּאָרטירן אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

איצט בין איך דאָ געבליבן אַליין פון די קריינקער. מען האָט מיר געגעבן א ביישלעפער א גראָדנער. מיר זענען געווען גוטע חברים, דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געהאַלטן. כ'האָב איין מאָל באַשלאָסן צו ברענגען אין לאַגער א שאַכטל סאַרדינען פאַר א בלאָקאָוון, ער זאָל איבערפירן יאָשקע מרגליות און יהושע שאַפּיראָ אין אן אַנדער קאָמאַנדע. מען האָט אָבער ביים טויער דערטאַפּט ביי מיר די סאַרדינען, און אויף מאָרגנס דורכגעפירט אויף מיר אן עקזעקוציע פון געפּערלעכע שמיץ. ווען מען האָט מיר אָפּגעבונדן די הענט און פיס, בין איך געפאַלן צו דר'ערד פאַרחלשט. צו דער אַרבעט האָב איך שוין נישט געקאָנט מער גיין און מיין „פרשת־קאַנאַדע" האָט זיך פאַרענדיקט.

## קריינקער קעגנזייטיקע הילף

מען האָט מיך אָפּגעפירט אין איינעם פון די ערגסטע און שמוציקסטע בלאָקן, ווו עס האָבן זיך געפונען צוריקגעקומענע פון „רעוויר" און געשלאָגענע, וואָס זענען נישט בכוח געווען צו גיין אַרבעטן.

קעגנאיבער אונדז איז געשטאַנען דער פרויען־לאַגער. פון דער ווייטנס פלעגן מיר זיך צוקוקן, ווי ס'דרייען זיך דאָרט אַרום שאָטנס אָן האָר, אָן שיך אין צעריסענע העמדער. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו שטיין נאָענט ביים דראָט און ריידן מיט די פרויען, און דאָס זעלבע איז אויך געווען פאַרבאָטן די פרויען.

פון אונדזער טראַנספּאָרט זענען אַריין אין לאַגער א גרופּע מיידלעך פון 17 ביז 20 יאָר נאָר קיינער פון

אונדז האט ניט געוווסט, או־ב עמיצער פון זיי לעבט נאך. כ׳פלעג אָפט שטיין אין דער זייט, אַנשטרענגען מיין בליק אויף די פרויען, טאמער וועל איך דערזען א באקאַנטע.

פון אונדזער טראַנספּאָרט זענען געבליבן בלויז עטלעכע צענדליק, און זייער צאָל איז פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פארמינערט געווארן. עטלעכע האט מען אוועק־געשיקט אין א דערנעבנדיקן לאַגער, באַנאַ, און איינעם האט מען אריינגעזוכען אין זאַנדער־קאָמאַנדע און מיר האבן אים בכלל ניט געזען מחמת די זאַנדער־קאָמאַנדע איז געווען אָפּגעשלאָסן פון ארומיקן לאגער. טראַגדיק טאָרבעס עסנוואַרג, פלעגן זיי אָפט צוואַרפן ברויט די באַקאַנטע, און אזוי אונדזערע קרינקער — צו עמיצן פון אונדז, און מיר פלעגן זיך דערמיט טיילן.

איין מאל איז מיר געלונגען צו ריידן מיט אים דורך א לאָך, וואס זיי האבן אויסגעהאַקט אין וואַנט. פון אים האב איך מיך דערוווסט, אז אויך שלמה אַוונעט (אבנט — „דער געלער״) פון אונדזער שטעטל ארבעט אין קרעמאַ־טאָריום. מען האט אים געבראַכט מיט דריי חדשים פאר אונדז פון אן אַנדער שטעטל. דורכן לאָך פלעג איך אָפּט באקומען א ביסל וואַסער און אויך אַ שטיקל ברויט. איך פלעג אַפּוואַרטן א מאָמענט, ווען קיינער פלעגט ניט באמערקן, און מיר פלעגן זיך צונויפריידן. פון אים האב איך שוין געגוי געוווסט, ווי עס גייט צו ביים פאַר־גאַזן און פארברענען די קרבנות און וועגן גורל פון אונדזערע אייגענע.

צוזאַמען מיט אונדז האבן געארבעט עטלעכע ציווילע פּאָליאַקן, מיט וועלכע עס איז אונדז געווען פאַרבאָטן אויסצוריידן א וואָרט. מיט מיר צוזאַמען האט אויף דער קאָמאַנדע געארבעט אויך פיניע קלאס. ער האט שנעל געמאכט א קאַנטשאַפט מיט אט די פּאָליאַקן און אנגעהויבן „אין דער שטיל״ מיט זיי צו „האַנדלען״ — פארקויפן א העמד, א פאָר ציווילהויזן אן לאַגער־שטרייפן אד״גל, וואס מען פלעגט באקומען פון די וואס האבן געאַרבעט אין „קאַנאַדע״ און אין זאַנדער־קאָמאַנדע. פיניע האט אין זאַנדער־קאָמאַנדע געהאט א קוזין, אסניעל (עתניאל) לייבאָוויטש, פלעגט ער אים „אונטערשטיצן״ מיט זאַכן. איך האב מיט אסניעלן געמאַכט א שותפות, און וואס די פּאָליאַקן פלעגן דערפאַר ברענגען — א מאָל א פּאָר אייער אדער וואס אַנדערש — פלעגן מיר צוטיילן צווישן זיך. איין מאָל האט מען אבער ביי מיר אין קעשענע געפאַקט פינף אייער און מיך באַ־שטראָפט מיט פינף נעכט שטיין אין אן ענגן פינצטערן קוימען מיט זייער ווייניק לופט, פון אונטן פול מיט וואַסער, אין וועלכן מען האט אריינגעשטאָטן א ביסל פלאָריק.

פון אונדזער טראַנספּאָרט זענען נאך געבליבן אין בירקענאו בלויז צען פערזאָן. א גרופּע פון אונדזער קאָמאַנדע, צווישן זיי מיך און פיניען, האט דער מייסטער געשיקט גראָבן פונדאַמענטן צו אויוונס אין פרויען־לאַגער. מען האט אונדז געוואָרנט, אז עס איז פארבאָטן צו ריידן א וואָרט מיט די פרויען, אפילו מיט אן אייגענער שוועס־טער. מיר האבן דארט געזוכט א באקאַנט פּנים פון א פרוי און נישט געפונען. איך האב אבער אויך ווייטער נישט אראָפּגעלאָזט די אויגן פון יעדער פארבייגייענדיקער פרוי: אפשר וועל איך פאָרט עמיצן טרעפן פון קרינקי.

אונדזער קליינע גרופע איז ווידער קלענער געווארן. דאס מאָל איז געקומען דער סוף אויף יהושע שאַפּירא. ער האט שוין ניט געהאַט קיין כוח צו שטיין אויף די פיס און ארויסגיין ארבעטן. איין טאָג האט מען אים טאַקע אוועק־געפירט אין קרעמאַטאָריום.

## די קרינקער מיידל

דאָ אבער איז פאר מיר געשען דאס אומדערוואר־טעטע. ווי אלע טעג, האב איך מיר אזוי אָבסערווירט די פארבייגייענדיקע בלאַסע פאַרשוואַרצטע פרויען. פלוצים דערזע איך א מיידעלע אין א צעריסן העמד, פיס פארבונדענע מיט פאפיר און פון אונטער דעם רינט ארויס בלוט; דער קאָפּ — אָפּגעשוירן, דאס פנימל קליין און בלאַס. זי שלעפט א גרויסן עמער צום ארויסשיטן. די אויגן — אזוי באקאַנטע: צי זאָל עס ניט זיין מיינע א שול־חברטע, רחלה זאַקהיים ? !

כ׳טייל מיך מיט מיינע השערות מיטן חבר פיניע. מיר באשליסן זי אָנצורופן ביים נאָמען, ווען זי וועט גיין צוריק. מיר שטייען ביידע אומגעדולדיק. און אט באווייזט זי זיך — ווי א 10 יאָריק נעבעכדיק קינד. איך בין געבליבן שטיין אין דער אָפענער ט״ר אויף מיין פּאָסטן. פיניע גייט אָפּ אין א זייט און אז זי האט זיך דערנענטערט צום באַראַק, האט ער שטיל אויסגערופן: רחלע !

— אברהמל! — האט זיך דערהערט איר ענטפֿער, און זי איז אַנידערגעפֿאַלן א געחלשטע אויף דער ערד.

פֿאַרביי אונדז האבן זיך ארומגעדרייט עס־עס־לייט. כ'האב זיך ניט געטאָרט רירן פֿון אָרט: מיט מיין צוגיין צו איר, וואָלטן מיר ביידע פֿאַרלאָרן אונדזער לעבן. שטיי איך בכן און עס זעט זיך פֿאַר מיר רחלע מיין חברטע פֿ׳ן מיינע זיסע שוליאָרן. שפּעטער אין „סקיף", אין לאַגערן אין אויספֿלוגן, איצט — א שאָטן פֿון דער שטענדיק לאַכנדיקער רחלען.

מיר באשליסן, איך און פּיניע, איר ארויסצוהעלפֿן, דער לעצטער דא לעבן־געבליבענער קרינקער מיידל. כ'קויף אונטער מיין „קאַפּאָ". ער ברענגט מיר איר האַנטנומער און אינפֿאָרמירט מיך, ווו זי געפֿינט זיך. לויט יענעם בלאָק, זענען איר געבליבן נאר געציילטע טעג צום לעבן. דער קאַפּאָ פֿארבינדט צווישן אונדז, ער פֿירט צו איר איבער מיינע ערשטע פּאר ווערטער — זי זאָל זיך האַלטן, מיר ווען איר העלפֿן. ער ברענגט מיר צוריק א שטיקעלע פּאַפּיר פֿון איר — זי איז געבליבן די איינציקע פֿון גאַנצן טראַנספּאָרט, שרייבט זי.

זי האט זיך גענייטיקט אין ממשותדיקער הילף, קודם־כל צו באקומען א בעסערן אויסזען — זי זאָל ניט זיין פֿון די ערשטע קאַנדידאַטקעס אין קרעמאַטאָריום אריין. מיר האבן פֿאר איר געשאַפֿן אָנטועכץ, געדאַרפֿט גוט באצאָלן דעם קאַפּאָ, ער זאל עס באַזאָרגן צו איר. באזונדערס האבן מיר געהאט צו באצאָלן אים, ער זאָל פּועלן ביי די דייטשישע פֿרויען, וואס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פֿונעם לאַגער, זיי זאלן זי ארויסלאָזן פֿון בלאָק. מיר האבן זיי אָפּגעקויפֿט מיט גוטע ציגאַרעטן, זיידענע זאָקן און אנדערע לוקסוס־אַרטיקלען, פֿאר וועלכע מיר פֿלעגן איינשטעלן אונדזער לעבן ביים אוועקטראָגן עס צו זיי.

עס געלינגט אונדז איבערצופֿירן רחלען אויף ארבעט אין „קאַנאַדע". דאָ בעסערט זיך איר לאגע, מיר זעען זיך זייער אָפֿט פֿון דער ווייטנס, שרייבן זיך בריוו. זי וואַקסט פֿאר מיר אויבערהעמדער, איך זאל אויסזען ריין און „אויפֿגעפּאַסט". אבער נישט לאנג האט עס אנגעהאַלטן: מען האט אונדז ארויסגעפֿירט פֿון פֿרויען־לאַגער. רחלע האט מיך שטום און מיט גרויסע טרערן באגלייט, פֿון דער זייט.

מיר האבן ביי אונדז אין לאַגער געמאָלדן אונדזערע שטעטלדיקע, אז דאָ געפֿינט זיך רחלע זאַקהיים און ס'איז אונדזער חוב זען זי צו דערהאלטן ביים לעבן, כל זמן מיר אליין וועלן נאך לעבן. איך און פּיניע האבן אויף זיך גענומען די פֿליכט צו טאָן אלץ כדי זי ארויסצוראַטעווען פֿון איר איצטיקער לאַגע. כ'האב דערציילט דעם קאַפּאָ, אז איך האב געפֿונען א שוועסטער אין לאַגער און אז זי איז אין א סכנה, דאס א יעדן טאג זאל מען זי „צונעמען" ביי א סעלעקציע. ער האט מיר צוגעזאָגט העלפֿן מיט פּראָטעקציע ביי די דייטשקעס, וואס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פֿון לאַגער. מיר האבן געשאַפֿן און געבראַכט אין פֿרויען־לאַגער אלץ וואס איז אונדז נאר מעגלעך געווען צו קריגן, אום צו מוטיקן רחלען, זי זאָל פֿילן, אז זי איז שוין נישט מער עלנט.

## די קרעמאַטאָריעס פֿאַלעווען

האַרט פֿאר פּסח האבן אָנגעהויבן ברענען די ערשטע צוויי קרעמאַטאָריעס. טויזנטער אומשולדיקע מענטשלעכע נשמות פֿלעגן דא ערשט אָן אויפֿהער, טאָג און נאַכט, אויסגעשפּיגן ווערן פֿון די קוימענס. אויפֿן הויף האט מען געבויט א באַראַק און אונדזער קאָמאַנדע האט דארט געארבעט. יעדן טאג פֿלעג איך מיך טרעפֿן מיט אסניעל לייבאָוויטש און שלמה דעם געלן, און זיי פֿלעגן מיר דערציילן וועגן די שוידערלעכע סצענעס וואס זיי זעען זיך אָן ביים קרעמאַטאָריום.

אין מיטן 1943 האט זיך מיר איינגעגעבן ווידער אריין ארבעטן אין „קאַנאַדע". אויך רחלע האט ערשט געארבעט אין דער פֿרויען־קאמאנדע פֿון „קאַנאַדע". זי האט דא פֿיגורירט ווי מיינע א שוועסטער. אויך דא איז געווען שטרענג פֿארבאָטן צו ריידן מיט די פֿרויען, דאך איז מיר געלונגען צו כאַפּן א קורצן שמועס מיט רחלען. זי האט מיר דערציילט, אז די אלע איבעריקע מיידלעך, וואס זענען מיט איר געווען, זענען אומגעקומען ביז איינע, און די לעצטע — מערטשע יאַגלאָם. רחלע איז געווען מיט איר אין טויטן־בלאָק, פֿון וואַנען מען האט אויך זי געזאָלט פֿירן צו דער גאַזקאַמער. מערטשע איז געווען אזוי אויסגעמוטשעט און אָפּגעשוואַכט, אז עס זענען איר אויסגעגאנגען די כוחות און זי איז געשטאָרבן נאך איידער מען האט באַוויזן זי אָפּצופֿירן אין קרעמאַטאָריום.

אַפּאַרבעטנדיק צוויי חדשים אין „קאַנאַדע", בין איך קראַנק געוואָרן אויף פלעקטיפוס. כ׳בין אָפּגעלעגן זעקס וואָכן אין „רעוויר" און געזונט געוואָרן; כ׳בין אבער זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און צוריק אין „קאַנאַדע" האָט מען מיך נישט געוואָלט מער אויפנעמען. בין איך אוועק ארבעטן אין קאַמאַנדע־צימערײַ, אבער געאַרבעט האָב איך זייער ווייניק. יעדן טאָג פלעג איך אַרײַנקומען אין זאַנדער־קאַמאַנדע און באַקומען א שטיקל ברויט בײַ אסניעלן און שלמהן. כ׳האָב מיך געפילט זייער שלעכט און ניט געקענט מער אַרויס צו דער ארבעט. שלמה האָט מיך דאַן פאַרבאַהאַלטן בײַ זיך אין בעט, ווו כ׳פלעג אָפּליגן ביז פאַר נאַכט צום אַפּעל. עסן פלעג איך קריגן פון אים. צוויי וואָכן בין איך אזוי אָפּגעלעגן.

דעם ערשטן מאַי האָט מען געאַרבעט בלויז ביז מיטאָג. האָבן מיר זיך נאָך מיטאָג פאַרזאַמלט בײַ שלמהן אויפן בוקס און געזונגען ארבעטער־לידער. דערבײַ איז געשטאַנען אונדזער א וואַך בײַם טויער, וועלכע האָט געזאָלט אונדז געבן א צייכן, אויב עס זאָלן אָנקומען עס־עס. אסניעל פלעגט אפט זינגען רוסישע לידער און איז שטענדיק געווען פריילעך. פונקט פאַרקערט איז געווען שלמה: שטענדיק פאַרטרוימט, מיט א שטילן אומעטיקן בליק. ער פלעגט טענהן, אז מיר דאַרפן זיך אליין באַפרײַען, אדער פאַלן ווי העלדן אין קאַמף. שטענדיק איז ער געווען פאַרנומען מיט פּלענער ווי אזוי אויפצורײַסן די קרעמאַטאָריומס, אז מען זאָל מער נישט גאַזעווען.

דעם צווייטן צו מיר, וואָס איז פון אונדזערע גאַנצן טראַנספּאָרט געבליבן אין בירקענאַו, אסניעל לייבאָוויטש, האָט מען אין מאַי 1944 אויך אוועקגעפירט מיט נאָך 200 זאַנדער־קאַמאַנדע־ארבעטער. מען האָט זיי געפירט ביז לובלין מיטן אויסרייד, אז זיי וועלן דאָרט ארבעטן. אבער באַלד ווי זיי זענען אַרויס פון צוג, האָט מען זיי געפירט אין באָד. דאָ האָט מען זיי צו פינף אַרײַנגעפירט אין א צווייטן צימער און אויסגעשאָסן.

## לאָמיר אויפרײַסן די קרעמאַטאָריעס!

אין זאַנדער־קאַמאַנדע איז נאָך געבליבן שלמה דער געלער, וואָס האָט איצט אָנגעהויבן פעסט אויסצואַרבעטן א פּלאַן אויפצורײַסן דעם קרעמאַטאָריום. א געוועזענער מאַיאָר, א רוס, וועלכן מען האָט מיט נאָך א גרופּע רוסן איבערגעפירט פון מײַדאַנעק אין דער זאַנדער־קאַמאַנדע — האָט ערשט צוזאַמען מיט שלמהן אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן. שלמה האָט מיר פאַרטרויט, אז זיי ארבעטן אַרום א באָמבע. דעם פּולווער פלעגן ברענגען די פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פּולווער־פאַבריק. נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי פלעגן זייער שטרענג קאָנטראָלירט ווערן, פלעגן איינצלנע פרויען איטלעכן טאָג מיטנעמען א ביסל פּולווער אין די שיך. און דאָס פלעגט דערגיין צו שלמהן.

דער פּלאַן האָט פאַרגעזען, אז פיר קרעמאַטאָריומס זאָלן אויפגעריסן ווערן אין איין און דער זעלבער מינוט. דאַן זאָל מען אויפרײַסן די דראָטן פון פרויען־לאַגער און אלע זאָלן זיך צעלויפן. איין טאָג האָט מען אויפגעריסן דעם קרעמאַטאָריום נומער דרײַ און דעם דײַטשישן קאַפּאָ און דעם אָבשאַרפירער אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער לעבע־דיקערהייט. דער קרעמאַטאָריום איז צעשמעטערט געוואָרן. דאַן זענען אלע אַרויסגעלאָפן אויפן הויף און זיך געלאָזט לויפן צו די פאָסט־טורמעס. מיט נאַקעטע הענט האָבן זיי באַזיגט עטלעכע „פּאָסטנס", צוגענומען זייער געווער, האָבן אויפגעריסן דאָס דראָט פון פרויען־לאַגער, און די מערהייט איז אַנטלאָפן.

## שלמה אַבנט געפאַלן אין קאַמף

די עס־עס האָבן זיך אבער געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר אין געמאַכט אַן אַלאַרם, עס איז אויסגעבראָכן א קאַמף. די מערהייט העלדישע קעמפערס זענען אַנטלאָפן. דאָס גאַנצע הויף איז געוואָרן פאַרלייגט מיט רויטע קערפּערס, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפונען אויך שלמה מיט א צעשאָסענעם בויך.

דער קרעמאַטאָריום נומער דרײַ האָט שוין איצט מער נישט געגאַזעוועט. שלמה איז געפאַלן אין קאַמף פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק.

אז עס איז אָנגעקומען די צייט פון היטלערס גרויסע מפּלות און פונעם דערנענטערן זיך פון די רוסן — איז אַרויס א באַפעל צו עוואַקוירן אונדזער לאַגער קיין דײַטשלאַנד. האָט מען אונדז איבערגעפירט אין לאַגער שטוטהאָף לעבן דאַנציג. אויך דאָ האָט „געאַרבעט" דער

קרעמאַטאָריום; כאָטש פאַרנומען זענען דאָ געווען ווייניקער מענטשן ווי אין אוישוויץ. צווישן די פּאָליאַקן, וואָס זענען דאָ געווען א מערהייט, האָב איך געטראָפן איינעם פון קרינקי, א געוועזענער געהילפס־פּאָליציאַנט ביי די דייטשן. אַז איך האָב אים א זאָג געטאָן: „עדזשיק טשאַרניעצקי, דו ביסט אויך דאָ אין לאַגער?!" — האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געפרעגט: „יעשטשע זשיעש?", ס'הייסט, „דו לעבסט נאָך?"

ער האָט מיר דערציילט, וואָס עס איז געשען מיט די וואָס זענען אַנטלאָפן פון קרינקי אין וואַלד אַריין, אויך ווי אַזוי מען האָט געכאַפּט די וואָס האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין קעסל פון באָד און ווי מען האָט זיי אַלע דערשאָסן אויפן מיטן מאַרק. ווען קרינקי איז שוין געוואָרן „יודנריין", האָט ער דערציילט, האָט דער געוועזענער געטאָ־קאָמיסאַר אויפגעזאַמלט די קליידער און וועש וואָס די יידן האָבן איבערגעלאָזט — אין בית־מדרש אַריין. ער, טשאַרניעצקי, איז געווען פון די פּוילישע פּאָליציאַנטן, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען אויף דער וואַך. דער געטאָ־קאָמיסאַר האָט אים געפּאַקט ביים אַרויסנעמען עטלעכע קליידער פון דאָרט, און אים פאַרשיקט דערפאַר אין שטוטהאָף־לאַגער.

דעם 23סטן אַפּריל 1945 זענען מיר באַפרייט געוואָרן. ערשט אין א צייט אַרום האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט מיין חברטע און לעבנס־באַגלייטערין רחלע זאַקהיים, און נאָך פיל שוועריקייטן האָבן מיר זיך דערשלאָגן קיין אורוגוויי.

פייוול וואָלף

# אין געראַנגל און אין נע־ונד

**(פון גראָדנע ביז צו פּאַרטיזאַנער)**

### די „גרויסע אַקציע״ אין גראָדנע

פון גראָדנער געטאָ פלעג איך יעדן טאָג ארויסגיין ארבעטן אין פארשיידענע פלעצער. אַנטלויפן איז געווען זייער גרינג, ווייל יידישע פאַר־ארבעטער זענען געווען די פירער, און קיין שום באַזונדערער שמירה. דאס רוב האב איך געאַרבעט ביי קאַלעצקין פון פער־שטאָט; די פירמע האט געהייסן „געטריידע־האַנדל״.

איין טאָג אין יאַנואַר 1943, האט מען אָנגעהויבן ראַמען די גרויסע שול אין געטאָ. אלע האבן פארשטאַ־נען, אַ ס׳וועט זיין אַ טראַנספּאָרט.

איין שבת, דעם זעלבן חודש, האב איך פארשלאָפן און נישט ארויס צו דער ארבעט. ווען איך פארשלאָף נישט, וואָלט איך שוין, ווי ס׳איז ביי מיר געווען דעצי־דירט, אין געטאָ צוריק נישט געקומען. א גאַנצן טאָג האב איך מיך ארומגעדרייט. פינף פאר נאכט גיי איך צו לאַלע שטערנפעלד, כאַפּט מיך אויפן וועג א יידישער פּאָליציסט, און פאָדערט פון מיר, איך זאל מיט אים מיטגיין — ער דארף מיך האבן. האב איך מיך אָנגע־הויבן בעטן ביי אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, ווייל איך בין אַט ערשט געקומען פון א שווערער ארבעט. האבן מיינע רייד געהאָלפן ווי א טויטן באַנקעס און ער האט מיך אָנגעהויבן שלעפּן מיט געוואַלד, א נס איז מיר געשען, וואס אויף דעם פלאַץ איז געווען גליטשיק, פלעג איך בכיוון מיט אים פאַלן, ער זאל מיך אָפּלאָזן.

אויף אונדזער ראַנגלען זיך איז אָנגעקומען א צוויי־טער פּאָליצמאַן. האב איך געמיינט, אז ערשט וועלן זיי מיך ביידע א נעם טאָן. אבער יענער האט א מאַך געטאָן צום ערשטן:

— לאָז אים אָפּ, דעם עקשן, קום!

דער פּאָליצמאַן האט מיך טאַקע געקענט פון לאַלע שטערנפעלד: ער פלעגט אויך קומען אַהין צו. צו איר בין איך שוין נישט דערגאַנגען — כ׳בין געלאָפן צוריק, ווייל דער פּאָליצמאַן, וואס האט מיר ארויסגעהאָלפן, האט מיר א זאָג געטאָן, איך זאָל אַנטלויפן. בין איך אריינ־געלאָפן אין דעם הויף, וווּ איך האב געוווינט, ביי אברהמל פאראשא, און זיך פארבאַהאַלטן אויף א דאַך פון א שטעלכל, ווייל מ׳האט געכאַפּט מענטשן, בלויז מענער; צו וואס — האט קיינער נישט געוווּסט. צוועלף א זייגער ביי נאַכט בין איך אַריין אין שטוב און דערפילט, אז עס זענען מיר אָפּגעפראָרן די פינגער פון די הענט.

אויף מאָרגן פרי האט מען זיך דערוווּסט, אז די יידישע פּאָליציי האט געכאַפּט ביי א 300 מאַן אויף אויס־לאָדן וואַגאָנעס קוילן ביים באַן; נאכן ענדיקן די ארבעט האט מען זיי פארשלאָסן אין די זעלבע וואַגאָנעס און אין צוויי טעג ארום אוועקגעשיקט, מיט נאָך 3,000 יידן, מיטן טראַנספּאָרט.

אויף מאָרגן, מאָנטיק פרי, איז צוגיין צום טויער געווען שטרענג פארבאָטן. געסטאַפּאָ און עס־עס־לייט האבן ארומגערינגלט דעם געטאָ. אויף יעדע פאַר מעטער זענען לעבן די דראָטן געשטאַנען גרופּעס עס־עס־לייט מיט מאַשין־געווער. אין געטאָ איז געווען שטיל, א הורבן. מ׳האט נאָר געוואַרט צו זען וואס די נאַכט וועט ברענגען. אברהמל פאראשא האט זיך ביי זיין שוויגער, אברהם באַנצ׳ס מוטער, אין שטוב, עפּעס געפּאַרעט שוין זינט עטלעכע טעג און איך האב אויף דעם ניט געלייגט קיין אַכט.

זעקס אין אָוונט האט זיך אָנגעצונדן די עלעקטריע. דא איז מען שוין געווען זיכער, אז מען נעמט צום טראַנספּאָרט, ווייל עס איז געווען פארבאָטן אָנצוצינדן עלעקטריע. פונקט אַכט אין אָוונט האבן זיך אריינגעריסן אויף א יאַגשליטל ווייזע מיט סטרעבלאָוון און אָנגעהויבן שיסן פון מאַשין־געווער. אין דער צענטראַלער גאַס (אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, אדער טרויצע־גאַס) האבן זיי 12 מאַן דערשאָסן.

אין א פערטל שעה ארום האט זיך אָנגעהויבן די שפּיל. אברהמל האט אויסגעלאָשן די עלעקטריע און פארשלאָסן די שטוב. איך זע, אז אַלע פון דאַרט ווערן ערגעץ פארפאַלן. צום סוף איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און מיך איינגעלאָדן אריינצוגיין מיט אים אין שלאָפצי־מער. דאַרט אונטער א בעט האבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער, ווו עס זענען שוין געזעסן א 20 מאַן. קליינע

קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען. האָב איך געזען, אַז פאַר מיר איז דאָ ניט קיין פּלאַץ, און אין א צען מינוט ארום בין איך ארויס, גענומען א קאָלדרע פון בעט און ארויף אויפן בוידעם.

דער פראָסט איז דערגאַנגען ביז 30 גראַד. דורכן בוידעם־פענצטערל האָב איך נאָכגעקוקט ווי יידישע פּאָליציאַנטן טרייבן גרופּעס מענער אַלטע און יונגע, פרויען און קליינע קינדער אין שול אריין. פון דאָרט האָט מען זיי געטריבן שפּעטער צום טויער פון געטאָ — די קליינע קינדער אויף אויטאָס און די איבעריקע צופוסנס.

פיר אַ זייגער פאַר טאָג איז געוואָרן שטיל. האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט פון בוידעם אין פירהויז. פון די לעצטע טרעפּ פון לייטער בין איך געשפרונגען און ארויפגע־פאַלן אויף א מענטשן און אים ארויפגעטראָטן אויף די פיס. דאָס איז געווען יתום דער אַפּטייקער פון אַמדור און מיט אים זיין יינגל. ער האָט מיך דערקענט און מיר האָבן זיך פונאַנדערגעשמועסט. א שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן אונדזער שמועס:

— עפנט, עפנט!

מיר האָבן געשוויגן. ווידער האָט אונדז די שטימע געבעטן עפענען — זיין פרוי און מוטער זענען דאָ אונטן אין קעלער. מען קען שוין אַרויס אין גאַס, האָט ער געזאָגט. דער טראַנספּאָרט איז שוין פול און מען דאַרף נישט מער. איך האָב אַן עפן געטאָן די טיר און צעציטערט געוואָרן: עס איז געווען א יידישער פּאָליציי־מאַן.

— שרעקט אייך ניט, ביז נאַכט וועט זיין שטיל! — האָט ער אונדז געזאָגט — און ביין א זייגער וועט וויזע מיט אונדז און מיטן יודנראַט ריידן וועגן וואָס עס וועט ווייטער זיין.

## ביים אנטלויפן פון גראָדנע

גלייך מיט טאָג בין איך אַרויס אין גאַס זוכן אַן עצה ווי אַזוי צו אַנטלויפן. באַלד האָב איך געטראָפן דויד סיסקען, וועלכער האָט מיר צוגעזאָגט גרויסע גליקן: ער, זיינער א יינגל מיט דער שוועגערין, אלע פיר, וועלן מיר גיין אין דאָרף סימערענקע, ווו זיינע א געשמדטע שוועגערין וווינט. אַ פּלאַץ אויף ארויסצוגיין איז ביי אים גרייט, פאַר געלט: דורך הייזער, וואָס איין זייט זייערע גייט ארויס פון געטאָ אויף דאָמיניקאַנסקע גאַס, און וואָס זענען באַוווינט אויף יענער זייט פון קריסטן. איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז מען קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף אים, און אין א פאַר שעה ארום בין איך אַוועק זוכן ווייטער א וועג. סאַרנאַצקי פון יודנראַט האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן שטאָלץ און געפּאַטשט מענטשן אין מיטן גאַס.

נישט לאַנג געדויערט, האָב איך מיך צונויפגעטראָפן מיט יאַנקל רחקעס, חיים ליפּמאַנען, בערל באַשעס, מאָטל און דויד ווייסמאַן און איינעם פון די בוקעס — אלע פון אַמדור, און אַלע זוכן א וועג צו אַנטלויפן צוזאַמען.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. יידישע פּאָליציי האָט ווייטער געכאַפּט מענטשן צום טראַנספּאָרט, גאַסנווייז. מיר אלע, זיבן מאַן, האָבן זיך פאַרקליבן צו די קאַסמאַ־נעס אויף ווילענסקע געסל — מיט העק, מעסערס, אייזנס: טאָמער וועט די יידישע פּאָליציי אונדז וועלן נעמען, וועלן מיר שטעלן א ווידערשטאַנד. יאַנקל רחקעס און חיים ליפּמאַן זענען אריין צו די קאָסמאַנעס אין קעלער. מיר, פינעף, ביי זיי אויפן בוידעם.

דינסטיק איז דער גאַנצער טאָג אדורך רויק. אָבער ס'איז נאָר פינצטער געוואָרן, האָט מען ווייטער געכאַפּט מענטשן צום טראַנספּאָרט.

די נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך האָבן מיר אלע זיבן איבערגעזעסן ביי די קאָסמאַנעס אין קעלער. מיטוואָך איז דער טאָג ווידער אריבער רויק. ס'איז פינצ־טער געוואָרן, האָט מען ווידער געכאַפּט. נאָר די נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק האָט שוין די יידישע פּאָליציי געזוכט וועגן ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך גופא, ווייל ביים באַן האָט וויזע אריינגעוואָרפן א סך פּאָליציי־לייט אין די וואַגאָנעס און אַוועקגעשיקט צוזאַמען מיט אלע יידן. די נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק האָבן מיר אלע זיבן ניט אָפּגעטראָטן איינער פון דעם אנדערן ביי די קאָס־מאַנעס אויפן הויף, ווייל צוויי גראָדנער יונגע בחורים האָבן אונדז צוגעזאָגט, אז זיי וועלן אונדז ארויספירן פון געטאָ.

פיר אַ זייגער פאַר טאָג איז צוגעגאַנגען צו אונדז א שיינער העלדישער יידישער פּאָליציאַנט, נישט קיין גראָד־נער, א פּלאַצקער — און א פרעג געטאָן:

— ווער קען מיך נעמען מיט זיך — וועל איך אייך אַלעמען אַרויספירן פון געטאָ.

יאַנקל רחקעס האָט אַ זאָג געטאָן: — איך. ער האָט געהאַט אַרום סקידל אַן אַלמנה, וואָס האָט אים ליב געהאַט און אים דריי מאָנאַטן שוין געהאַלטן ביי זיך. דעם פּאַליציאַנט האָט זיך דער ענין געלייגט אויפן שכל, און ער האָט אונדז געבעטן זיין גרייט און פּונקט זעקס פאַר טאָג וועט ער אונדז אַרויספירן.

מיר האָבן זיך אַלע אָפּגעראַזירט, כדי אויסצוזען מענטשלעך אויף דער אַרישער זייט און פּונקט זעקס זענען מיר טאַקע אַרויס: דער פּאַליציאַנט — דער ערש־טער, איך דער צווייטער, חיים ליפּמאַן דער דריטער. ס׳האָט נישט געדויערט אפילו אַ מינוט און מיר זענען שוין געווען אויף יענער זייט דראָטן, נאָך דעם ווי מיר זענען דורכגעקראָכן דורך אַ לאָך נישט ווייט פון בריק אויף ווילענסקע געסל.

מיט עטלעכע גרויסע שפּרייזן זענען מיר שוין געווען אויף דאָמיניקאָנסקע, פון דאָרט שנעל דורך הוּוּעראַ־גאַס אַוועק צו בריגידסקע, און אין צען מינוט אַרום זענען מיר שוין געווען אויפן סלאָבאָדקער מאַרק. פון דאָרט זענען מיר מיטן סקידלער שאָסיי אַרויס פון שטאָט.

אויפן וועג האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט גויים, וואָס האָבן געפירט קיין גראָדנע קאָנטינגענטן תבואה, בהמות, חזירים, שעפּסן, און האָבן אונדז באַטראַכט ווי ווועלף. יאַנקל רחקעס און דער פּאַליציאַנט זענען אַנט־לאָפן לינקס פון שאָסיי, און מיר, זעקס מאַן — רעכטס.

דורך ראָוועס זענען מיר אָנגעקומען צום ניעמען, ווו אויפן צווייטן ברעג איז געשטאַנען אַ דאָרף, וואָס זיין נאָמען האָט קיינער פון אונדז נישט געוווּסט (ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס הייסט זשי־דאָווּשטשיזנע). אַריבערגיין דעם טייך איז געווען אַ ריזיקע, ווייל נישט אומעטום איז ער געווען פאַרפרוירן. האָב איך איבערגעבראָכן אַן אַלשינע בוים, געמאַכט אַ לאַנגן שטעקן און זיך געלאָזט דער ערשטער מיט אים אין האַנט, פּאַרזיכטיק, טריט ביי טריט, זענען מיר אַזוי געגאַנגען, איינער 10 מעטער ווייט פון דעם צווייטן, און מיט יעדן טראָסק פון דעם אייז האָט זיך מיר געדוכט, אַז אָט בין איך שוין אונטער אים. די גויים זענען אַרויס פון די הייזער און אונדז אָנגעקוקט. מיר האָבן אַלץ געמיינט, אַז אָט וועלן זיי אונדז כאַפּן און פירן צו די דייטשן. אָבער אַז מיר זענען אַריבער, זענען זיי זיך צעלאָפן איבער די הייזער.

### נע־ווּנד

פון דאָרטן זענען מיר דורך פעלדער און וועלדער אָנגעקומען אין אָוונט צו זאַרוביטשער אָסאַדניקעס, ביי וועלכע יעדער איינער פון אונדז האָט עפּעס געהאַט געלאָזט: ווער אַ קו, ווער אַ וואָגן, ווער מעבל און ווער סתם זאַכן. קיינער פון זיי האָט אונדז נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב. מאָטל ווייסמאַן האָט געקראָגן ביי זיין אָסאַדניק אַ האַלבן ברויט מיט ציבעלעס.

אין זאַרוביטשער דאָרף האָבן אַלע גויים פאַרמאַכט די טירן און אונדז נישט אַריינגעלאָזט. האָבן מיר אָנגעהויבן גיין צו די כוטאָרן, ווו־נישט־ווו באַקומען עפּעס צום עסן, זיך געוואָלגערט אין שטאַלן. אין איין כוטאָר זענען מיר זיך צעגאַנגען. כ׳האָב מיך מיט חיים ליפּמאַנען צעקושט און בין אַוועק צו קרינעק צו. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע לאַנגע וואַנדערונגען, ווו געגעכטיקט אין אַ שייער, דאָרט ניט געטאָגט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אין אָוונט אָנגעקומען אין דאָרף קאָוואַלי, 2 קמ פון ספּאָדווילע, 9 קמ פון קרינעק. די גויים דאָרטן זענען ווייסרוסן, געווען שטאַרקע פּאַטריאָטן פון קאָמוניזם, קיין מאָל ניט געטשעפּעט קיין יידן, אַ סך געליטן פון די דייטשן, וועלכע האָבן אויסגע־שאָסן זייער יונגוואַרג — מענטשן קולטורעלע און באַוווסטזיניקע. דאָרט האָב איך לייכטער אָפּגעאָטעמט. מיין כוונה איז געווען צו דערגיין, וואָס הערט מען פון די אין קרינעק געבליבענע יידן און צי איך וועל קענען אַריין צו זיי און בלייבן ביז זומער.

איך האָב באַשלאָסן אַריינצוגיין צו זינאַ עליזאַראַ־וויטש, די פרוי פונעם דאָרף־סאָלטיס אַלעקסאַנדער עליזאַראָוויטש, איינעם פון די בעסטע מענטשן אין יענער געגנט, וועלכער האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן. זינאַ האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגע־נומען, מיר געגעבן גוט אָפּעסן, געלאָזט אויסטריקענען מיינע נאַסע זאַכן און מיר אָנגעוויזן אַ שטאַל ווו איך וועל קענען דערווייל זיך אויסרוען אַ פּאָר טעג. אין צווישן וועט זי צופאָרן קיין קרינעק צו פאַני רויטבערג,

איר בעסטע חברטע, וועט זיך דארט זען מיט איר מאַן און וועט מיר מודיע זיין, וואס דארט טוט זיך.

די אינפאָרמאַציע, וואס כ'האב דורך איר באקומען אין א פּאָר טעג ארום, איז געווען, אז אַנהייב וואָך, זונטיק פרי, האט מען די 200 יידן פון קרינעק אוועקגע־טריבן צופוסנס קיין סאָקאָלקע. וועגן מיין ברודער איטש־קע האט זי זיך גארנישט דערוווּסט. איר חברטע פּאַני רויטבערג, וואס האט געזאָלט, ווי ס'איז ביי זיי געווען אָפּגערעדט, קומען צו איר אין דאָרף אין לעצטן מאָמענט, האט נישט באוויזן צו אַנטלויפן.

ווייטער האט זינאַ דערציילט, אז דריי יידישע בחורים, פּרץ פּרוזשאַנסקי מיטן ברודער און נאָך איינער, זענען ביי נאַכט אנטלאָפן צו א קרינקער גוי אין א שייער. יענער האט זיי באמערקט, זיך געמאכט ניט וויסנדיק און פאַרמאָלדן זיי צו די דייטשן. בעת מען האט זיי ארויסגעפירט פון שייער, האט דער גוי געבעטן, מען זאל אים געבן זייערע שטיוול, האט מען זיי באָרוויסער־הייט געטריבן איבערן שניי צום קריסטלעכן מאָהילניק און דארטן געשאָסן.

אין קאָוואַלי האב איך מיך געטראָפן מיט א צוויי־טער גוטער פריינד, זינאַ זאַמיראָווסקע, וועלכע האט מיך געוואָרנט, איך זאל מיך, למען השם, אויסבאַהאַלטן און קיינעם אין דאָרף ניט אַנטרויען מיין לעבן. עטלעכע פון דאָרף גופא, האט זי געזאָגט, וועלכע באהאלטן זיך דאָ, לעקן אויך נישט קיין האָניק.

אגב, האט זי מיר דערציילט א מעשה מיט איינעם א קרינקער, חאצקל „טעליע", וואס האט זיך געלאָזט איינרעדן דורך די דייטשן, אז מען וועט אים מאַכן פאר א ניט־ייד, און האט געארבעט ביי זיי און ארויסגעגעבן ווו נאר א סוד וואס ער האט געוווּסט פון דעם וואס עס טוט זיך ביי א יידן. דעם לעצטן דאָנערשטיק האט מען אים געהייסן אָנטאָן שיינע זאַכן, אויפגערופן די מוזשיקעס, וואס זענען געקומען צום מאַרק, זיי זאָלן זען ווי מען פירט אים אין קלויסטער שמדן. אָפּגעשמדט האט מען אים שוין אויפן פּוילישן צמענטאַזש.

הכלל, כ'האב געמוזט זיך אָפּטראָגן אויך פון קאָוואַלי, און דאָ ערשט האט זיך אָנגעהויבן מיין ריכטיקער נע־ונד זיין. עס אַלץ אָפּצושרייבן איז נישט דאָ דער פּלאַץ — וועל איך מיך באנוגענען מיט דערציילן עפּעס וועגן די מער מערקווירדיקע „סטאַנציעס" און איבערלעבונגען.

איינער פון די ווייטערדיקע פלעצער, וווּהין דער גורל האט מיך געבראַכט, איז געווען ביי אַלעקס אַנטאָשעוויטשן, א צוויי קמ פון ספּאַדווילע, ביי וועמען כ'האָב געהאָפט זיך עטוואָס צו דערוויסן וועגן מיין ברודער איטשקע, וואס איז פארבליבן אין קרינקער געטאָ. דער דאזיקער אַלעקס איז געווען זינט יאָרן באפריינדעט מיט איסר זאַקן און הערשל דוואָרעצקין פון גרויס־ברעסטאָוויץ און האט צוגע־גרייט אין שייער, אונטער תבואה, א גרוב אויף צו באהאַלטן זיי. זענען זיי טאַקע אַנטלאָפן פון וואָלקאָוויס־קער לאַגער און געגאַנגען גלייך צו אַלעקסן. זיי זענען אבער צוליב אומפאָרזיכטיקייט אריינגעפאַלן אויפן וועג צו די דייטשן און אומגעבראַכט געוואָרן אין קליין־ברעס־טאָוויץ.

היינט ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג, אז עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיין ברודער איטשקע לעבט און געפינט זיך טאַקע ביי אַלעקסן פארבאַהאַלטן אין יענעם גרוב, און ווי אזוי איך בין געווען גערירט פון מיין באַגעגעניש מיט אים. איטשקע האט אויסגעזען גאר אנדערש ווי איך — פריש און אָנגעטאָן גוט.

איך האב ביים גוטן און פריינדלעכן אַלעקסן נישט געקענט בלייבן און האב מיך א געוויסע צייט אויפגע־האַלטן אין דער נאָנט. מיין ברודער איטשקע איז געווען געצוווּנגען צו פארלאָזן דעם אָרט, ווייל ביי אַלעקסן האט געארבעט א „פּאַראַביק" (א געדונגענער לאַנדווירטשאַפט־לעכער ארבעטער), וואס איז מיט זיין בעל־הבית געווען אין נישט איבעריקנס פריינדלעכע באציונגען, און האט אים געסטראַשעט, אז ער וועט אים אָנלערנען פאר אויס־באהאַלטן ביי זיך יידן. איטשקע איז בכן אריבער קיין ספּאַדווילע צו אן אלמנה יערוליטשיכע.

אבער אויך אין ספּאַדווילע איז אונדזער לאגע געוואָרן געפערלעך, כאָטש נאר איינצלנע האבן געוווּסט ווו מיר געפינען זיך. דער גוי, וואס האט אָפּגעקויפט ביי די דייטשן אונדזער שטוב, האט געשמעקט און געזוכט, אווו מיר געפינען זיך, כדי אונדז צו כאַפּן און ארויסגעבן צו די דייטשן.

דעם ערשטן מאַרץ זענען מיר א גאַנצן טאָג אָפּגעזעסן אויפן פעלד צווישן שטיינער א צוויי קמ ווייט פון אַלעקסן. דא האט אונדז דער דאזיקער גוי אנטדעקט. ער האט זיך פארענטפערט, אז ער גייט אין וואלד זוכן

קאַרטשעס אויף אויסצוגראָבן צום הייצן און מיינט אונדז חלילה נישט עפּעס שלעכטס טאָן.

אויף איבערמאָרגן האבן 8 דייטשן און 4 פּוילישע פּאָליציאַנטן איבערגעקערט ביי אַלעקסן די שטוב, דעם שטאַל און שייער: זיי האבן דארט געזוכט אונדז. די זעלבע נאַכט זענען מיר אריבער קיין קאָוואַלע און זיך פארבאהאַלטן ביי א גוטן גוי אין א שטאַל. אבער אויך דאָרט האבן מיר נישט לאַנג געקאָנט בלייבן.

גויים פון אונדזערע גוטע פריינד, האבן אונדז דערציילט אין א פּאָר טעג ארום, אז די שטימונג בנוגע צו אונדז איז זייער א שלעכטע. פיר ספּאָדווילער שקצים האבן געפונען א געלעגענהייט צו גיין אין די נעכט, מיט געווער, ראַבירן ביי די ארומיקע אָסאַדניקעס, ריידנדיק דערביי צווישן זיך כלומרשט יידיש און אָנרופנדיק איינער דעם אַנדערן מיט אונדזערע נעמען; זיי האבן אפילו פאַרגעוואַלדיקט עטלעכע יונגע שיינע שיקסעס — אויף אונדזער חשבון, ווייל די קרבנות האבן געמיינט, אז עס איז אן אונדזעריקע ארבעט. מען איז געקומען פאָדערן ביים ספּאָדווילער סאָלטיס, ער זאָל אונדז ארויסגעבן. אונדזערע פריינד האבן אונדז געראָטן מיר זאָלן אַוועק ערגעץ־ווו אַנדערש אויף אַ פּאָר וואָכן, ביז דער עולם וועט זיך באַרויקן. סוף מאַרץ זענען מיר בכן אוועק קיין פּיראָוושטשיץ צו א גוטן גוי, שמיגין.

יענער האט אונדז ביי נאכט אָנגעוויזן צו גיין אין א ריכטונג, ווו מיר וועלן אין דער נאָנט צווישן קוסטעס זיך אָנטרעפן אויף 5 רוסן, וועלכע באהאלטן זיך אויס פון די דייטשן אין זומפּ — אפשר וועלן זיי אונדז נעמען צו זיך. זענען מיר אוועק אַהין צו, זיך ארומגעדרייט, און צו ערשט קיין מענטש נישט באמערקט, ביז צו מיין ברודער, וואס האט געהאט זייער א גוטן געהער, איז דערגאנגען א קול פון הוסטן. לויט וועלכן מיר האבן זיך אנגעשטויסן אָן א בודקע פון היי, ווו עס האט זיך געפונען א גרופּע באַנדיטן. איינער פון זיי איז ארויסגעקראָכן און אַנגעהויבן אויספרעגן אונדז, ווער מיר זענען, ווער קען אונדז און ועמען קענען מיר. און אז מיר האבן אים געענטפערט, אז מיר זענען יידן, האט ער געפרעגט, צי מיר קענען ביילילען פון פּאָדביאַניקי. אז עס האט זיך ארוסגעוויזן, אז מיר קענען זי טאקע, האט ער איר ארויסגערופן צו אונדז. מיר האבן אָנגעהויבן ריידן יידיש, האט ער אונדז ניט געלאָזט, ווייל מיר קענען דערמיט דערוועקן א חשד ביי די דייטשן אדער ביי די ארומיקע שכנים, אז דאָ געפינען זיך יידן, און ברענגען דערמיט צו אָבלאַוועס.

באלד זענען אויך ארויס קעגן אונדז די איבעריקע 5 באַנדיטן און מיט געווער אין די הענט געפּאָדערט פון אונדז צו פארלאָזן דעם פּלאַץ. נאך דעם האבן זיי אונדז פון דעסט וועגן דערלויבט דארט צו בלייבן עטלעכע טעג.

אין דער זעלבער וואָך האבן רעגולערע פּאַרטיזאַנער געכאַפּט אין דאָרף אָלעקשיץ 2 דייטשן, זיי געשטאָכן מיט באַגנעטן און ארונטערגעוואָרפן אונטער א בריק. די ארומיקע גויים האבן געראטן די באנדיטן צו פארלאָזן דעם אָרט אויף עטלעכע טעג, ווייל מען דאַרף זיך ריכטן אויף אַבלאַוועס. מיר, איך און מיין ברודער, זענען אַוועק אין קאָוואַלקער וואַלד.

אין אָוונט, דעם ערשטן טאָג רוסישער פּאַסכע (פסח), זענען מיר געקומען אין דאָרף באדזשיקי און אריין אין א שטוב, ווו מען האט אונדז אויפגענומען אויסער געווייניטלעך גאַסטפריינדלעך און אונדז גוט מכבד געווען, געבראכט א ראַזיר־מעסער זיך אָפּצוראַזירן און אונדז איינגעלאַדן אריינצוקומען, בעת מיר וועלן זיין אין דער געגנט. מיר האבן זיך דערויף זייער געוווּנדערט. אויף מאָרגן האבן מיר זיך דערוווסט, וואס האט מיטגעבראַכט צו דער דאזיקער באזונדערער גאַסטפריינדלעכקייט:

צוויי גויים זענען אריינגעפאָרן קיין גראדנע און אָנגעטראָפן א דייטש. איין גוי האט פאר אים אַראָפּגענומען דאס היטל, דער צווייטער אבער, וואס איז געזעסן פון הינטן איינגענורעט אין א קאָפּישאָן, האט עס ניט געטאָן. דער דייטש איז צוגעלאָפן צום פור און געגעבן אים א פּאַטש. עס איז אבער געווען נישט קיין מענטש, נאר אַן איינגעדעקטער געשטאָכענער חזיר. דער גוי האט ארויסגעכאַפּט א רעוואָלווער, געשאָסן דעם דייטש און אליין מיטן פור און חזיר אַנטלאָפן.

די דייטשן האבן דערפאר גענומען 25 ערובניקעס פון גראדנע — פּוילישע אינטעליגענץ: דאָקטוירים, לערערס און גלחים — און דערקלערט, אז אויב אין פאַרלויף פון 24 שעה וועט זיך צו זיי ניט צושטעלן דער

שולדיקער, וועלן זיי אַלע דערשאָסן ווערן. און אַזוי האָבן זיי טאַקע די ערובניקעס אומגעבראַכט.

די פּאָליאַקן האָבן, הייסט עס, אָנגעהויבן טועם זיין דעם טעם פון היטלערס הערשאַפט. מיר האָבן עס שוין טאַקע אויך אָנגעהויבן פילן בעת אונדזערע באַזוכן אין די דערפער אַרום.

אין זיבן טעג אַרום זענען מיר ווידער אַוועק אין זומפּ אַריין. מיר האָבן דאָרט געהאַט גענוג אויסצושטיין. די באַנדיטן האָבן געהאַט חשק צו לעבן אַלע מיט ביי־ליען. זי, ווידער, האָט געלעבט נאָר מיט איינעם, און דער וואָס האָט געלעבט מיט איר פלעגט יעדן טאָג קומען עסן צו אונדז. דערויף פלעגן די איבעריקע האָבן טענות צו אונדז.

ערשט אַז איך פלעג אַריין צו עמיצן אין אַ דאָרף און יענער פלעגט מיר ניט וועלן געבן קיין ברויט, פלעג איך זיך שוין דערוועגן אים צו וואָרענען, אַז בעת די דייטשן וועלן אַוועק, וועל איך אים עס ניט פאַרגעסן און אַז ער זאָל עס נעמען אין אַכט. און אַזאַ וואָרענונג פלעגט שוין טאַקע העלפן.

אין יולי 1943 זענען די באַנדיטן אַוועק ברענגען עסן און אויפן וועג געטראָפן רעגולערע פּאַרטיזאַנער און שפּעטער אַוועק מיט זיי. אונדז האָבן זיי ניט גע־וואָלט מיטנעמען. איך מיט איטשקען זענען אַוועק אין ספּאַדווילער געגנט זיך צו באַהאַלטן אין די פעלדער, און ביילע איז געבליבן אַליין אין זומפּ. שפּעטער זענען די באַנדיטן ווידער צוריקגעקומען אַהין צו, און האָבן אויך אונדז גערופן און אָנגעזאָגט, אַז זיי גייען אין גיכן אַוועק מיט די פּאַרטיזאַנער און וועלן אונדז מיטנעמען.

לסוף זענען זיי אין אַ שיינעם זונטיק אַוועק און אונדז נישט מיטגענומען. אין אָוונט זענען מיר, איך, איטשקע און ביילע, אַריינגעקראָכן אין בודע און זיך געלייגט שלאָפן. ביי נאַכט גיב איך זיך אַ כאַפּ: ביילע איז נישטאָ. פּלוצים הער איך אַ געשריי און אַ ספּאַזמירן. כ׳האָב אויפגעוועקט איטשקען און מיר זענען אַרויס. מיר זעען, אַז ביילע ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד און דער באַנדיט אירער שטיקט זי און שלאָגט איבערן קאָפּ. מיר האָבן געפּרוּווט זי אַרויסצוראַטעווען, האָט ער אָנ־געהויבן דערלאַנגען קולות צו די באַנדיטן אַרום, און זיי אַלאַרמירן ווייל מיר ריידן יידיש. ריידן מיט אים אין גוטן האָט אויך נישט געהאָלפן. לסוף האָט ער איר גע־הייסן גיין מיט אים. האָט זי געוואָלט נעמען אירע זאַכן, האָט ער אויסגעשריען, אַז זי באַדאַרף שוין נישט קיין זאַכן. האָט זי זיך צעכליפּעט און ער האָט זי אַוועק־געשלעפּט מיט זיך.

מיר ביידע זענען גלייך אַנטלאָפן פון אָרט און זיך פאַרבאַהאַלטן דעם גאַנצן טאָג צווישן די קוסטעס. ביי נאַכט זענען מיר אַרויס אין דער ריכטונג צו ספּאַדווילע, ערשט דער באַנדיט שפּרינגט אַרויס פון הינטער אַ קוסט מיט אַ ביקס אין האַנט און פאָדערט, מיר זאָלן אויפהייבן די הענט. ער האָט אונדז אָבער ניט געטשעפּעט און אויף אונדזערע פראַגעס, ווו איז ביילע — ער האָט דאָך זי ביי נאַכט אַוועקגעשלעפּט — האָט ער געטענהט, אַז ער איז שפּעטער איינגעשלאָפן און זי איז אַנטלאָפן.

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אין אונדזער וועג און זענען פאַר טאָג אָנגעקומען צווישן באַדזיקי און קאָוואַלקי אויפן פעלד פון דער טיאַטקע זאַמיראַווסקי.

מיין ברודער האָט זיך די גאַנצע צייט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו גיין קיין ביאַליסטאָק, ווו עס זענען נאָך געווען 35,000 יידן. מיר האָבן וועגן דעם געדאַנק דערציילט דער טיאַטקע. זי איז אמת געווען קעגן דעם, אָבער דער ברודער איז געווען שטאַרק גערירט פונעם פּאַקט, אַז אויך פאַר די רוסן דאַרף מען זיך אויסבאַ־האַלטן, און מען קען בכן אויך אין זייערע געגענטן זיך נישט אויפהאַלטן לענגער. דער טיאַטקעס זון איז בכן אַרויסגעפאָרן רייטנדיק, זיך דערוויסן ביי די גויים, וואָס קומען אָפּט קיין ביאַליסטאָק, וואָס הערט זיך דאָרטן מיט די יידן. ער איז צוריקגעקומען מיט גוטע גרוסן, אַז די יידן אַרבעטן ביט שווער און אַז זיי דער־ציילן, דאָס די דייטשן וועלן זיי שוין מער ניט טשעפּען.

### מיין ברודער אַוועק

דער טיאַטקעס זון האָט אונדז געבראַכט פון שטוב אַ ראַזיר־מעסער, אַ גוטע מאַרינאַרקע און אַ היטל, און מיין ברודער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און צעקושט און אַוועק קיין ביאַליסטאָק, צוזאָגנדיק מיר, אַז אויב דאָרט וועט זיין שטיל, וועט ער מיר אָנזאָגן, איך זאָל אויך קומען, אָדער ער וועט אַליין קומען מיך נעמען אַהין צו. עס איז געווען דינסטיק דעם 10טן אויגוסט 1943.

ארום 20סטן אויגוסט האט מיך די טיאַטקע געמו־סרט, פאר וואס האב איך איטשקען געלאָזט גיין קיין ביאַליסטאָק. פון 16טן אָן האט מען אָנגעהויבן ליקווידירן דעם ביאַליסטאָקער געטא. די יידן האבן געשטעלט א ווידערשטאַנד און די גוישע פורן לאָזט מען קיין ביאַליס־טאָק נישט אריין. פון טאָג צו טאָג האבן מיר געוואַרט אויף איטשקען, אפשר האט ער זיך געראַטעוועט, ער איז אבער נישט געקומען.

ביז שפעט אין האַרבסט פלעג איך זיך פארבאהאלטן אין די פעלדער צווישן אַרבעס, שטיינער און קאַרטאָפל. דריי מאל אין וואָך פלעג איך קומען צו דער מומע זאמיראַווסקי און נעמען ביי איר עסן. עס האט אָנגעהויבן שנייען און איך האב מיך ארומגעדרייט א באַרוועסער און געווען אויף גרויסע צרות. אין די שייערן האט מען ניט געקאָנט בלייבן, צוליב די אַבלאַוועס. בין איך ווידער אוועק אין זומפּ און דארטן געטראָפן צוויי קאַוואַלער שקצים און געזעסן צוזאַמען מיט זיי. שפּעטער האב איך מיך צונויפגעטראָפן דארט מיט איינעם פון די באַנדיטן, מיט וועלכע ס'איז אונדז פריער אויסגעקומען צו זיין דאָרט. דער איז גראָד געווען פון די גוטע צווישן זיי, און וואס האט אונדז געוואָלט מיטנעמען צו די פאַרטיזאַנער. ער האט מיר צוגעזאָגט, אז אין גיכן וועלן זיי דאָ זיין מיטן קאָמאַנדיר און דאַן וועל איך גיין מיט זיי.

## איך גיי צו די פאַרטיזאַנער

עס האט נאָך אבער געדויערט א היפּש ביסל צייט. ערשט דעם 16טן מאַרץ 1944 האט זייער קאָמאַנדיר מסכים געווען מיך מיטצונעמען, אויב איך וועל זיי קאָנען דאָ פירן אין דער געגנט. זיי האבן מיך טאַקע אויסגעפּרוּווט און זיך איבערגעצייגט, אז איך קען טאַקע יעדן פלאַץ אין דער אומגעגנט. ערשט דאַן האט דער קאָמאַנדיר, א 22 יעריקער שייגעץ, פארפירט מיט מיר א שמועס און אגב א פרעג געטאַן, וו האב איך פארבאהאַלטן מיין גאָלד : אלע יידן זענען דאָך רייכע. איך האב אים געדאַרפט דערקלערן, אז איך בין ניט געווען פון קיין רייכע, אז איך שטאַם פון א דאָרף אָט טאַקע דאָ אין דער נאָענט. איך האב אים אמת אנגעוויזן ביי וועלכן גוי עס ליגן מיינע זאַכן און ער וויל זיי ניט מיר אָפּגעבן. און מיר האבן עס טאַקע ביי יענעם אָפּגענומען כפל כפליים און איך בין געוואָרן רייך מיט א פּאָר שטיוול אויף די פיס און מיט נאָך גאַנצע אָנטועכץ אויף זיך.

איך בין מיט זיי מיטגעגאַנגען אויף אויפרייס־אַקציעס אויף דער באַראַנאָוויטש—ביאַליסטאָקער באַן־



(פייוול וואָלף / וולף)
מעדאַלירטער קרינקער
ווידערשטאַנדלער /
קרינקאי עטור עיטורי־
נאבק־בנאצים

ליניע און איך האב זיי געהאָלפן אָנטדעקן א ספּירט־פאַבריק נישט ווייט פון ספּאַדווילע, און מיר האבן עס אויפגעריסן אויף צעפּוקעניש די דייטשן. און פון דעסט וועגן, האבן די פאַרטיזאַנער מיך שפּעטער ווידער איבער־געלאָזט אליין, מיטן אויסרייד, אַז זיי גייען אין א געגנט וו מען האט פיינט יידן, און דעם 24סטן מאַרץ וועלן זיי ווידער קומען און מיך מיטנעמען מיט זיך אין דער ליפּיעטשאַנער פּושטשע. איך האב מיך דערפון זייער געיא־דעט, בפרט נאָך דעם ווי איך האב זיי אַזוי פיל געהאָלפן.

און ערשט נאָך אַכט טעג ארום זענען זיי צוריק־געקומען און מיך מיטגענומען.

דרצ"ר

# קרינקער פּאַרטיזאַנען

א גרופּע יונגע־לייט, דער רוב קרינקער און די איבעריקע פון אנדערע שטעטלעך ארום, וועלכע האבן נאך דער ליקווידאַציע פון זייערע היימישע יישובים געפונען א צייטווייליקן מקום־מקלט אין דעם דעמאָלט נאך „רויקן" ביאַליסטאָקער געטאָ — זענען געווען די ערשטע, וואס זענען ארויס, אין דעצעמבער 1942, פונעם דאזיקן געטאָ אין די וועלדער, צו פירן אַ פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט קעגן די דייטשע רוצחים. זייער קאָמאַנדיר איז געווען דער קרינקער משה סלאָפּאַק („מאַקסים", לויט זיין פּאַרטיזאַנישן ביינאָמען), א געוואָגטער און אויסגע־פּרוּווטער זעלנער.

„די באַזע פון דער גרופּע, וואס איז באַשטאַנען פון א מאַן 17 און איז דערגאַנגען אויף ביז 30 — איז געווען אין ליפּאָווי־מאָסט א 15 קמ צו מזרח פון קרינקי" — ווערט איבערגעגעבן אינעם בוך „ספר הפר־טיזנים היהודים" (וועגן די יידישע פּאַרטיזאַנען, באַנד 1, פאַרלאַג „ספרית פועלים", מיט דער הילף פון „יד־ושם", מרחביה 1958). „זיי האבן פאַרגרייט פאַר זיך אין וואַלד א גרויסע זעמליאַנקע פאַר א מאַן 40, און זיי זענען געווען באַוואָפנט אפילו בעסער, לערך, ווי אנדערע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס ביים אנהייב פון זייער טעטיקייט.

„אין איר קורצן עקסיסטענץ־פּעריאָד, האט די דאַן לחלוטין פּאַראייניזאַמטע גרופּע, באַוויזן דורכצופירן עטלעכע געוואַגטע דיווערסיעס. זי האט אַנגעגריפן עט־לעכע קלענערע פּאָליציי־סטאַציעס אין דער סביבה און האט באַוויזן צו צעיאָגן עטלעכע דייטשע וואַכפּאָסטנס און צונעמען וואָפן פון זייערע וועכטערס".

„מאַקסים" האט זיך געקליבן צו פאַרגרעסערן זיין גרופּע און האט מכוח דעם געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט אן אַנדערער קאָמפּאַניע, וואס האט זיך אָרגאַניזירט ארויסצוגיין פון ביאַליסטאָקער געטא אין וואַלד. אבער גראָד דאַן, סוף יאַנואַר 1943, האבן די דייטשן אַרומגע־רינגלט די באַזע פון „מאַקסימס" גרופּע. עס איז אויס־געבראָכן א שלאַכט, אין וועלכער א גרעסערער און בעסער באַוואָפנטער דייטשישער כוח איז געווען געצוווּנגען אָפּצו־טרעטן, נאָכשלעפנדיק מיט זיך 6 דערהרגעטע און א צאָל פאַרוווּנדעטע. איין פּאַרטיזאַן האט באַוויזן אויך אוועק־צונעמען די ביקס פון א געהרגעטן דייטש.

„ס'איז אבער קלאָר געווען, אז די דייטשן וועלן צוריקקומען מיט א פאַרגרעסערטער קראַפט, און אז מען מוז צוריקטרעטן פון דער באַזע — איז ממשיך דער „ספר הפרטיזנים היהודים". דערווייל האט זיך ארויסגע־וויזן, אז דער קאָמאַנדיר 'מאַקסים' איז שווער פאַרוווּנדעט און וועט נישט קענען מיטגיין. כדי נישט צו פאַלן צו לאַסט אויף זיינע חברים, האט 'מאַקסים' זיך דערשאָסן.

„די ידיעה מכוח דער דאַזיקער שלאַכט האט זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער סביבה און האט געמאַכט א געוואַלדיקן רושם אויף די פּוערים. שטילערהייט פלעגן זיי איבערגעבן איינער דעם אַנדערן, אז 'גראַנדיעזע' יידישע פּאַרטיזאַנישע כוחות זענען אקטיוו אין דער אומגעגנט. דאס אַנזען פון א יידישן באַוואָפנטן פּאַרטי־זאַן, וואס פלעגט זיך באַווייזן אין א דאָרף, איז שטאַרק געשטיגן, און דאס האט מיטגעהאָלפן אנדערע יידישע קאָמפּאַניעס איינצופונדעווען זיך אין וואַלד. אבער די 'קרינקער' גרופּע האט אויפגעהערט צו עקסיסטירן ווי א זעלבשטענדיקע, נאך דעם ווי 4 פון אירע יונגען זענען דורך די נאַציס פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט בעת אן אַקציע אין א דאָרף".

אויף וויפל ס'איז באַקאַנט, האבן אין „מאַקסימס" פּאַרטיזאַנער־גרופּע אַנטיילגענומען, אחוץ אים, די פאָלגנ־דיקע קרינקער יונגען: משה מוליע נישט (שלמה פּיוולס א זון), מוליע וויינער (משהקע שמואל „אַמעריקאַנערס" א זון), מוליע באַשעווקין (נאַרא־נישטיקס אן אייניקל), יודל לעווין, ניאַניע ראַבינאָוויטש (לייבל ראַבינאָוויטשעס א זון) און משה וויינער.

פון די וויניקע, וואס זענען דאַן געבליבן ביים לעבן פון דער גרופּע, האבן עטלעכע, צווישן זיי מוליע נישט, זיך אַנגעשלאָסן צו דער אנדערער קאָמפּאַניע, מיט וועל־כער „מאַקסים" האט געפירט די פאַרהאַנדלונגען מכוח פאַראייניקן זיך, און וועלכע איז, אין פעברואַר 1943,

ארויס אין די סופּראַסלער וועלדער און אין דעם איזאָ־
ווער מאַסיוו.

„נישט קוקנדיק אויפן דורכפאַל — שרייבט משה
כהנאָוויטש אין זיין בוך וועגן די יידישע פּאַרטיזאַנען
אין מזרח־אייראָפּע (פאַרלאַג „עיינות", ת"א תשי"ד) —
פּלאַנען אַלץ ווייטער צוקומען אין די סופּראַסלער וועלדער
גרופּעס יוגנט פון ביאַליסטאָקער געטאָ און פון ארומיקע
שטעטלעך. זומער 1943, האָבן זיי אַלע זיך פאַראייניקט
און געשאַפן דעם יידישן 'אָטריאַד' 'פאָרויס' ('וופּעריאָד'),
אין שפּיץ פון וועלכן עס זענען געשטאַנען דער קאָמאַנ־
דיר 'סאַשאַ' (יעזשי אדער יונה סאַכאַטשעווסקי), און די
קרינקער רבקה שינדער־וויסקאָווסקאַ, איינע פון די
אָרגאַניזאַטאָרינס פונעם אויפשטאַנד אין געטא ביאַלי־
סטאָק — ווי 'קאָמיסאַר' פון דעם 'אָטריאַד'".

די ספּעציפישע שווערע באַדינגונגען פון דער סביבה,
באַזונדערס גרויזאַמע אום ווינטער, און נאָך מער דער
מאַנגל אין וואָפן — האָבן זייער באַשווערט די טעטיקייט
פון דעם אָטריאַד און אים גורם געווען גרויסע פאַרלוסטן.
אין איין שלאַכט מיט די דייטשן, אין 1944, איז דער־
הרגעט געוואָרן דער קאָמאַנדיר סאַכאַטשעווסקי, און
רבקה שינדער־וויסקאָווסקאַ איז געוואָרן שווער פאַרוווּנ־
דעט פון דום־דום־קוילן. אירע ווונדן זענען געווען טיפע
און איר האַנט אינעווייניק צעשפּליטערט. מחמת די
שווערע היגיענישע באַדינגונגען, האָבן אירע ווונדן אָנגע־
הויבן צו גאַנגרעניזירן, און עס איז אַנטשטאַנען א סכנה
פון פאַרגיפטונג.

א סאָוועטישער עראָפּלאַן האָט זי אין גיכן ארויס־
גענומען און זי איבערגעפירט אין א מאָסקווער שפּיטאָל,
ווו זי איז אָפּגעלעגן אַכט חדשים. זי איז באַשאַנקען
געוואָרן מיט א סך מיליטערישע אָרדנס, סיי פון דער
רוסישער סיי פון דער פּוילישער מיליטערישער אָנפירונג.

„נישט געקוקט אויף די שווערע פאַרלוסטן — ווערט
ווייטער דערציילט אין „ספר הפּרטיזנים היהודים" —
האָט דער אָטריאַד 'פאָרויס' דורכגעפירט א חשובע די־
ווערסיע־אַקציע, אונטער דער אָנפירונג פונעם קרינקער
פּאַרטיזאַן אברהמל קרוצעווסקי (ליפּעס), וואָס
אירע אָפּקלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט גאַנץ ווייט:
זיינע יונגען האָבן אויפגעריסן די עלעקט־
ראָווניע אין קרינקי. דער דאָזיקער בליצאָנפאַל
איז צוגעגרייט געוואָרן גענוי מיט אַלע פּיטשעווקעס. די
נייטיקע אינפאָרמאַציע האָבן צוגעשטעלט די מיידלעך
פונעם ביאַליסטאָקער אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף־בלאָק. די
דייטשישע וועכטער פון דער עלעקטראָווניע זענען נש־
תומם געוואָרן פון דעם פּלוצימדיקן איבערפאַל, זיי האָבן
אַראָפּגעוואָרפן זייער וואָפן און געפּרוווט אַנטלויפן, אָבער
דער וועג איז פאַר זיי געווען פאַרבלאָקירט. די עלעק־
טראָווניע איז פולשטענדיק צעשמעטערט געוואָרן, ביי
די דייטשן האָט מען צוגענומען זייער וואָפן, און די
וואָס האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט, האָט מען דערהרגעט. די
פּאַרטיזאַנען האָבן באַוויזן, אין דער פינצטערניש, צוריק־
צוטרעטן פונעם שטעטל בשלום, א חוץ אברהמל קרו־
צעווסקי, וואָס איז אומגעקומען בעתן אויפרייס.

„צו מאָרגנס זענען אין די ביאַליסטאָקער גאַסן און
אין די שטעטלעך און דערפער אַרום, געווען אויסגעהאַנ־
גען גרויסע פּלאַקאַטן וועגן דעם 'פאַרברעכן' וואָס איז
נעכטן באַגאַנגען געוואָרן אין דער שטאָט קרינקי'".

שמואל געלער

## נאָך וועגן משה סלאָפּאַקן

### אין זיין קרינקער פּאַרטיזאַנער־גרופּע *

א זון פון א בעל־הבתישער משפּחה, אַן אַבטוריענט
פון דער „הרבות־שול", האָט זיך משה סלאָפּאַק אָנגע־
שלאָסן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין
פריסטן עלטער, צו 16 יאָר, בערך. ער האָט געלערנט
פּאַר זיך און גלייכצייטיק זיך פאַרטיפט אין די ווערק
פון די מאַרקסיסטישע און קאָמוניסטישע טעאָרעטיקער.
מיט גרויס ענטוזיאַזם האָט ער זיך באַמיט צו פאַר־
שפּרייטן זייער תורה צווישן דער קרינקער יוגנט. אין
געהיימע קרייזלעך, אויף „מאַסוווקעס" אין שאַלקער
וואַלד, האָט ער זיי געלערנט די קאָמוניסטישע געדאַנ־
קען און פּראָפּאַגירט זייערע שטרעבונגען.

פונקט ווי א סך אנדערע, האָט אויך סלאָפּאַק באמת

* די פּרטים וועגן משה סלאָפּאַקן פון ביאַליסטאָקער געטאָ
און פון וואַלד, זענען אָנגעגעבן דורכן פּאַרטיזאַן „לעאָן"
פון דער סופּראַסלער פּאַרטיזאַנער־גרופּע.

געגלייבט, אז יענע אידייען וועלן אויסלייזן די וועלט פון אונטערדריקונג, עקספּלואַטאַציע און נויט. מיט דער צייט האט משה סלאָפּאַקס קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט זיך פאַר־שפּרייט אין דער נאָנטער און ווייטערער סביבה, ער פירט זי אין די אַרומיקע ווייסרוסישע דערפער, פאַר־שפּרייט דאָרט פאַרטייישע ליטעראַטור און אָרגאַניזירט געהיימע קעמערלעך. ער נעמט אָנטייל אין די ראַיאָן־צוזאַמענטרעפן פון דער פאַרטיי אין גראָדנע און ביאַ־ליסטאָק.

זיין אַקטיוויטעט איז נישט נעלם געוואָרן פון די וואַכיקע אויגן פון דער פוילישער „דעפענסיווע״: סלאָפּאַק מוז פאַרלאָזן קריניק און גייט אַראָפּ אין „אונטערגרונט״. מיט פאַלשע דאָקומענטן וואַנדערט ער אַרום, באַהאַלט זיך אויס אין גראָדנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע ערטער. נישט קוקנדיק אויף דער דראָענדיקער געפאַר, איז ער ממשיך די קאָמוניסטישע טעטיקייט.

אין 1930 ווערט ער אַרעסטירט אין ווילנע בעת אַן אומגעריכטער אַבלאַווע אויף קאָמוניסטן, און ווערט געפּייניקט אין די קעלערן פון דער פוילישער געהיים־פּאָליציי. נישט קוקנדיק אויף אַלע עינויים, האט זיך סלאָפּאַק ניט איינגעבראָכן, און האט זיינע חברים נישט פאַרראַטן. לויטן פּסק פון ווילנער געריכט, איז ער אָפּגעזעסן אין לוקישקער טורמע 6 יאָר, און נאָך זיין באַפרייונג האט ער זיך אומגעקערט קיין קריניק. פיזיש האַלב־צעבראָכן, האט ער נאָך אַלץ געגלייבט אין דער קאָמוניסטישער תורה, פאַר וועלכער ער האט אָפּגעגעבן זיינע בעסטע יאָרן.

— — — — —

אין 1939, מיטן אריינטריט פון דער רויטער־אַרמיי, האט סלאָפּאַק אָנגעפירט מיט אַן אַרטעל פון קרינקער בעלי־מלאכהס און איז געווען זייער טעטיק אין פאַר־טייטשן געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיט דער צייט האבן אים אָבער די סאָוועטישע הערשער דעגראַדירט: זייער איינ־שטעלונג, אז אין דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי געפינען זיך א סך טראָצקיסטן און פּראָוואָקאַטאָרן, האט אַרויסגערופן אומצוטרוי אויך צום געטרייען, איבערגע־געבענעם קאָמוניסט — סלאָפּאַק.

— — — — —

בעתן אויסבראָך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה אין 1941, איז סלאָפּאַקן, צוזאַמען מיט א גרופּע קרינקער יוגנטלעכע, געלונגען צו אַנטלויפן קיין ביאַליסטאָק דאָרט אין געטאָ, פּונקט ווי אין אַנדערע, האט זיך דאָן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג געפירט א פאַרביי־טערטער וויכוח מכוח דעם אופן קאַמף קעגן די נאַצישע מערדער. די מערהייט האבן געטענהט, אז ער מוז געפירט ווערן אויפן אָרט אין געטאָ. די קרינקער, מיט סלאָפּאַקן און רבקה שינדערן בראש — האבן געפאָדערט, מ׳זאָל אַנטלויפן אין די וועלדער, און דאָרט, צוזאַמען מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער, קעמפן קעגן די דייטשע רוצחים.

סלאָפּאַק איז אַרויס פון ביאַליסטאָקער געטאָ בראש פון 20 מאַן (מערסטנטייל קרינקער) אין דעצעמבער 1942. זיין שטאַב האט ער לאָקירט אין א מוסטערהאַפטיקן, שטרענג באַוואַכטן בונקער אין די וועלדער פון ליפּאָווי־מאָסט.

די קרינקער גרופּע איז געווען פעסט דיסציפּלינירט און האט „געבאָמבירט״ (געגומען) ביי די אַרומיקע פּויערם נאָר ברויט, קאַרטאָפל און נייטיקע זאַכן, אָבער, לויט סלאָפּאַקס שטרענגן באַפעל — ניט גערויבירט סתם. צו מאַכן אַן איינדרוק, אז זיי זענען רוסן, פלעגט די גרופּע גיין אַנגעטאָן, ווי זעלנער פון דער רויטער־אַרמיי מיט רוסיש געווער, אָבער די פּוערים האבן געוווּסט, אז דאָס זענען יידן.

נאָך איידער די קרינקער האבן באַוויזן זיך איינצואָר־דענען אין וואַלד, האט שוין משה סלאָפּאַק אָוועקגעשיקט 2 באַוואָפנטע שליחים קיין ביאַליסטאָק, זיי זאָלן אַרויס־פירן נאָך יידן פון געטאָ אין וואַלד. ווען די סופּראַסלער פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז אָנגעקומען, האט סלאָפּאַק זיי ראשית־כל פאַרזאָרגט מיט עסן און אוועקגעשטעלט 3 פון זיינע קעמפער צו היטן און שיצן זייער בונקער.

סלאָפּאַק האט געזוכט צו פאַרבינדן זיך מיט רוסישע פּאַרטיזאַנער, און עס איז אים געלונגען איינצושטעלן א קאָנטאַקט מיט א געוויסן פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר „אַלעקסאַנדער״, א געוועזענער רוסישער אָפיציר. סלאָפּאַק האט געפּלאַנט פּלענער ווייטער אַרויסצופירן יידן פון געטאָ, פאַרגרעסערן זיין גרופּע און נקמה נעמען פון די נאַצישע בעסטיעס.

אין דער נאַכט פון סלאַפּאַקס באַזע האָבן געאַרבעט פויערים ביים אויסהאַקן וועלדער. די סליאַדן אין שניי האָבן געוויזן, אַז אין דער געגנט באַהאַלטן זיך אויס פּאַרטיזאַנער. דעם 10טן פעברואַר 1943 זענען געקומען צוליפן די וואַכן און אַנגעזאָגט, אַז אַ מאַסע ציווילע מיט געווער דערנענטערט זיך צום וואַלד. אויף דער באַזע זענען געווען ביי אַ 15 מאַן באַוואָפנטע (די איבעריקע — אויף פאַרשיידענע שליחותן). איבער 200 באַוואָפנטע „וולאַסאָווצעס" („ווייסגוואַרדייישע" רוסישע שוואַרץ־מאַהניקעס, אַנגעפירטע פון זייער גענעראַל וולאַסאָוו) אַרטיקע פּאָליציי און דייטשן, האָבן פון אַלע זייטן געעפנט אַ פייער. סלאַפּאַק מיט זיין ביסל קעמפער האָבן אויפגענומען די ניט־גלייכע שלאַכט. די שיסעריי האָט זיך געצויגן עטלעכע שעה. משה סלאַפּאַק איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן אין בויך, און איז אויסגעגאַנגען אויף די הענט פון זיינע קרינקער מיטקעמפער, בעת זיי האָבן אים געטראָגן אין בונקער. עס זענען געפאַלן אויך נאָך 3 קעמפער פון דער גרופּע.

10 דייטשן און זייערע מיטהעלפער האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר זייער אָנפאַל. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־קאַמף מיט דייטשן אין די ביאַליסטאָקער וועלדער.

נאָך די פאַרלוסטן פון ערשטן קאַמף, איז די גרופּע זיך צעלאָפן. טייל זענען אַנגעקומען אין אנדערע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, און די מערסטע זענען אומגעקומען אין קאַמפן מיט די דייטשע באַנדיטן.

***

## פּאַרטיזאַנער און קעמפער־קרינקער.

### יחידים און זייערע איינהייטן

אַחוץ די אויבן דערמאַנטע קרינקער, וואָס זענען געווען טעטיק געמיינזאַם מיט זייערע היימישע שטעטל־דיקע אין די פּאַרטיזאַנישע רייען — זאָלן דאָ פאַרצייכנט ווערן אויך די, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין אַזעלכע איינהייטן ווי יחידים פון זייער שטעטל. פון אַט די זענען אונדז באַקאַנט:

1) ביילקע שוסטער־גרינשטיין, וואָס איז, צוזאַמען מיט איר מאַן, מגולגל געוואָרן קיין מינסק, נאָך דעם ווי זיי זענען אַנטלאָפן פון קרינקי בעתן אָפּטריט פון דער רויטער אַרמיי. אין מינסקער געטאָ זענען זיי, אין יאָר 1942, געקומען אין באַרירונג מיט רוסישע פּאַרטיזאַנען, וואָס זענען געווען טעטיק אין די סטאַראָסעלער וועלדער, און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו זייערע רייען. ביילקע גופא איז ניצול געוואָרן און אויך באַקומען אויסצייכענונגען.

2) פייוול וואָלף, וואָס איז בשעתו ניצול געוואָרן פונעם קעלבאַסינער לאַגער. איז שפּעטער, נאָך לאַנגע וואַנדערונגען, מגולגל און אויפגענומען געוואָרן, פרילינג 1944, אין אַ רוסישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וואָס איז געווען טעטיק אין די ליעפּיטשאַנער וועלדער.

3) אברהמל סויפער, וואָס, אַנטלויפנדיק פון קרינקי אויף מזרח, בעתן אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי — איז מיט נאָך סאָוועטישע זעלנער אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, און ס'האָט אים זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. בעת זיין וואַנדערן אין וועלדער. נאָך אין 1941, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אַן אַ רוסישע פּאַרטיזאַנען־גרופּע און צו זיי זיך אָנגעשלאָסן. ביים אויספירן אַ קאָנספּיראַטיווע מיסיע אין קרינקער געטאָ, אין אויפטראָג פון זיין איינהייט, האָבן אים די דייטשן געכאַפּט, ביים אַרויסגיין פון געטאָ מיט אַ פּעקל מעדי־קאַמענטן, צוגעגרייטע פאַר זיינע מיט־פּאַרטיזאַנער. מען האָט אים „פאַרהערט" און געזאָלט טויטן, אָבער אַ דאַנק יאַנקל קאָזאַלטשיק, דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער „אָרדענונגס־דינסט", איז ער געראַטעוועט געוואָרן.

4) שמואל געלער איז נאָך דעם ווי די רויטע אַרמיי האָט אָנהייב 2טער וועלט־מלחמה, פאַרנומען די מזרח־געביטן פון פוילן — אַריבערגעפאָרן תחילת קיין איוויע, און שפּעטער, קיין לידע. פונעם דאָרטיקן געטאָ איז ער, אין סעפּטעמבער 1943, אַנטלאָפן, מיט אַ גרופּע יידן, צו די פּאַרטיזאַנער אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. ביז דער באַפרייונג, אין יוני 1944, איז ער געווען אַ פּאַרטיזאַן אין „אַטריאַד־קאַלינין", בריגאַדע „קיראָוו".

5) שלמה אבנט (אָוונעט „דער געלער"), האָט אין אוישוויצער טויטן־לאַגער, אין יאָר 1944, געפּלאַ־נעוועט אויפצוררייסן די קרעמאַטאָריומס, און איז דאָרט געהרגעט געוואָרן בעתן אויספירן די דיווערסיע.

## א קרינקער „סדרט" א סדר־פסח אין א דייטשן ארבעט־לאגער *

ווען אנהייב 1943 איז באוווסט געווארן, אז יידן פון קראקעווער געטא דארפן אריבערגעפירט ווערן אין איין גרויסן לאגער, וואס מע האט גענומען גרייטן אויפן שטח פון צעשטערטן יידישן בית־עולם אין פלאשאוו — האבן מער רירעוודיקע און פארמעגלעכע יידן צווישן די באשעפטיקטע אין די ארומיקע פאבריקן, צוגערעדט די אונטערנעמער, זיי זאלן זיך באמיען איינצואורדענען אייגענע לאגערן ביי זייערע פאבריקן. יידן האבן היפשלעך בייגעשטייערט במזומנים צו די הוצאות אויף בוימאטעריאלן, און אחוץ דעם, נאך א לאנגן און שווערן ארבעטסטאג, געהארעוועט צוגאבלעכע איבער־שעהן ביים בויען די באראקן. אזוי זענען אויפגעשטעלט געווארן 2 אזוינע לאגערן, איינער פון זיי דורך „קאבעלווערק".

אין די דאזיקע לאגערן האט געוועלטיקט די אזוי־גערופענע „ווערקשוץ", וואס איז באשטאנען ס'רוב פון פאלקס־דייטשן. זיי האבן יעדעס מאל גענומען אין האנט אריין און זיך געמאכט נישט זעענדיק, בעיקר פון געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן. אזוי ארום זענען אין דער „קאבעל־פאבריק" געפראוועט געווארן פרייטיק־צו־נאכטן און באזונדערס פייער־לעך יידישע ימים־טובים.

די נשמה פון די פייערונגען איז געווען משה שמואלאוויטש ז"ל, אן אפשטאמיקער פון קרינקי. ביז צום אויסבראך פון דער מלחמה איז ער געווען לערער פון יודאיסטישע לימודים אין דער קראקאווער העברעישער גימ־נאזיע א"נ פון ד"ר חיים הילפשטיין. ער איז געווען זייער באליבט ביי די תלמידים און פאפולער אין שטאט. אויפן פארשלאג פונעם ד"ר הילפשטיין, וואס איז בעת דער אקופאציע געווען פרעזידיום־מיטגליד פון דער „יידישער סאציאלער אליינהילף", איז פראפ. שמואלאוויטש באשטימט געווארן פארן ממונה איבער דער פארטיילונג פון מעדיקאמענטן און שפייז, וואס די אליינהילף האט געשיקט אין לאגער אריין.

דאס האט אים געגעבן א מעגלעכקייט צו באוועגן זיך אויפן שטח פון לאגער, אויפהאלטן א נאענטן קאנטאקט מיט אסירים און ארגאניזירן כלערליי צונויפקומען. פון דעם איז מיר באזונדערס פארבליבן אין זיכרון דער סדר־אוונט, וואס איז איינגעארדנט געווארן אין א פרויען־באראק ביי וו. ו" געדעקטע טישן מיט מצות און וויין. פראפ. שמואלאוויטש האט דאן דורכגעפירט א טיפן פארגלייך צווישן די עינויים קשים, וואס פרעה האט אנגעטאן די יידן אין מצרים, און דעם מצב פון די אסירים אין די לאגערן.

סוף 1944, זענען די אסירים פארשיקט געווארן אין אנדערע לאגערן. משה שמואלאוויטש איז דעם 22סטן יאנואר 1945 אומגעקומען אין גוזען, נאך א „דעזינפעקציע", ווען מען האט אנגעהאלטן עטלעכע שעה די אסירים נאקעטערהייט אויפן ברענענדיקן פראסט. זיין 15יאריקער בן־יחיד, אורי, וואס איז מיט אים געווען אינעם קאבעל־לאגער, איז געבליבן ביים לעבן, ער איז געקומען קיין ישראל מיט דער „עליית־הנוער", געענדיקט שפעטער דאס חיפהער פאליטעכניקום און איז אינזשעניר אין „מכון־וויצמאן" אין רחובות.



קבר־אחים לחללי הטבח של ערב־פסח תש"ב, שברחוב בית־המרחץ, עת נפתח למען העבירים לבית־הקברות היהודי הכללי
עקסהומאציע פון די קדושים, וואס זענען אומגעקומען בעת דער שחיטה ערב פסח, תשב.

* פון ד"ר מיכאל וויכערטס זכרונות.

**שמואל וולף / וואָלף; השיל / העשל אייזן (דעם שוחטס א זון)**

# העברת הגוויות של הקדושים / עקסהומאציע פון קרינקער קדושים*

ביזמתם של בני־קרינקי שבביאַליסטוק, בעזרתו של הוועד היהודי הווייבודאי ובסיועה הכספי של אגודת הקרינקאים באמריקה — ניגשה, ב־10 בדצמבר 1947, פלוגת עובדים יהודים, ובראשם אנשי־העיירה שמואל וולף והשוחט השיל אייזן, לפתוח את שני קברות־האחים שברחוב בית־המרחץ, ליד המעון של „לינת־הצדק", שם הוטמנו חללי הטבח של ערב־פסח שנת תש"ב.

בעומק של מטר, נתקלו החופרים בשתי שורות של גוויות, בראשונה 15 ובשנייה 19 — כולן עטויות בבגדיהן, עם הטלאי הצהוב עליהם, ועל גבי גולגלות מספר כיפות של חסידים; בין אלה הוכר מורה־ההוראה של החסידים, בקאפוטתו הארוכה. הגוויות היו של גברים, מאלה שני נערים.

במרחק של שלושה מטרים מן הקבר ההוא, נתגלו קבורות לחוד 5 נשים.

**כולם הועברו לקבורה בבית־העלמין של עדת ישראל בקרינקי, בהלוויה, שנערכה בשעה 13.30 ביום ה' כ"ז בכסלו שנת תש"ח.**

— — — — —

לויט דער איניציאַטיוו פון קרינקער לאַנדסלייט אין ביאַליסטאָק, מיט דער מיטהילף פון יידישן וואָיע־וואָדישן קאָמיטעט און דער פינאַנציעלער אונטערשטיצונג פון דער קרינקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמע־ריקע — איז א בריגאַדע יידישע ארבעטער, אונטער דער אנפירונג פון די קרינקער שמואל וואָלף און העשל אייזן, צוגעטראָטן, דעם 10טן דעצעמבער 1947, צו עקסהומירן די קדושים פון 2 מאַסן־קברים, אויף שמערל דעם קאַטלערס פּלאַץ, אין באָד־געסל, אין קרינעק — וועלכע זענען געוואָרן אַן אָרט צו אַנוואַרפן מיסט און אומריייניקייט.

דאָ זענען דערשאָסן געוואָרן, פרייטיק ערב־פסח תשב, אין דער אַקציע אויף אַלטע־לייט אין געטאָ — 39 פון די שענסטע און פרומסטע יידן פון שטעטל, מיטן חסידישן מורה־הוראה בראש.

דערגראָבנדיק צו דער טיף פון א מעטער, האט מען אַנגעטראָפן אויף 2 רייען טויטע קערפּערס. אין דער ערשער — 15 פּערזאָן, אין דער אַנדערער — 19, אלע אַנגעטאָן אין זייערע מלבושים מיט די געלע לאַטעס; א טייל — אין חסידישע יאַרמעלקעס אויף די קעפּ, עטלעכע אין ברילן. ס'איז דערקענט געוואָרן דער חסידישער מורה־הוראה, לויט דער לאַנגער קאַפּאָטע און דער יאַרמעלקע. געלעגן זענען אין גרוב, צווישן די 34 קערפּערס, 2 פון עלטערע קינדער.

א 3 מעטער אין א זייט, האט מען אַנגעטראָפן אויפן צווייטן קבר, ווו ס'זענען געלעגן באַזונדער 5 פרויען.

**די לוויה איז פאַרגעקומען דאָנערשטיק, כ"ז בכסליו תשח — דעם 11טן דעצעמבער 1947, האַלב 2 א זייגער בייטאָג, אויפן יידישן בית־עולם אין קרינקי.**

---

* מתעודות המכון היהודי ההיסטורי בוורשה / פון דאָקומענטן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

## רשימות הקרבנות / די קרבנות פון דעם בלוטיקן ערב־פסח

פון די 39 קרבנות פונעם בלוטיקן ערב־פסח, וואס זענען עקסהומירט געווארן, לאָזט זיך, לויט אָנגאָבן פון עטלעכע עדות און רשימות, צונויפשטעלן די פאָלגנדיקע ליסטע פון 33 זייערע נעמען אדער צונעמען:

28 מענער — 1) ר׳ שמואל לעוו, דער חסידישער מורה־הוראה („דער געלער״), 2) דער דיין ר׳ לייב (לייבקע) סעגאַל, 3) חייקל אליאן (אינהאַבער פון א רעסטאָראַציע), 4) משה אלעקשיצער, 5) העשל אָקון („העשל דער משרת״), 6) סענדער אַהרונאָוויטש („סענדער פופעקס״), 7) הערשל אַהראָנאָוויטש (סענדערס א זון), 8) מאיר בלאָך (מאיר „מאנצעס״), 9) אברהם ברעוודע (א חסיד, מנהל פון „הכנסת־אורחים״), 10) פיניע גענדלער (פיניע מוניע פייגל יהושעס), 11) וועלוול וויינאָך (דער וואַלקער), 12) בנימין וויראַך (ניאָמע אידעס), 13) אברהם לאַפּאַטע (אברהמקע „דראַלעס״), 14) משה לאַפּאַטע, 15) משהקע לעוו („מזיקס״, חנה דער בעקערקעס מאַן), 16) מאָטקע לעווין (דער שניידער, „דער האַרבולטשיק״), 17) שמואל לעווין (מוניע כתריאלס, א שמש אין בית־מדרש), 18) מונטשיק וואָלף (דער שמיד), 19) יאַנקל וואָלף (אהרונס ייִנגל, מונטשיק דעם שמידס אייניקל), 20) נאטאַנאָוויטש, 21) העניעך נאַקדימאַן (ישראל הערצקעס פון גאַרבאַרניע א זון), 22) מאַנעס פאַטשעבוצקי (א פאַניר־קרעמער), 23) אַלטער קאַפּלאַן („דער האָן״), 24) מאַניע יעקב קאַפּלאַן (א לעדער־פאַבריקאַנט), 25) דניאל קאַגאַנאָוויטש („דער הויכער״), 26) מאָטל קראַוועצקי (שמואל און באַשקע ספּאַדוווילערס זון), 27) ראַבקין, 28) סענדער שאַפּיר.

5 פרויען — 1) אילין (דעם אַלטן מענדלס פרוי) 2) חנה אלעקשיצער, 3) אָקון (העשל אָקונס מוטער), 4) שאַשקע לאשער (שאַשקע רחל מאַצקעס, די אייערהענדלערקע), 5) פייגל נאַקדימאַן (ישראל הערצקעס ווייב).

## על משואת קרינקי עיירתנו / אויפן תל פון דער יידישער קרינקי

שרה פעל־יעלין

### מיין שטעטעלע קרינ יק

מיין שטעטעלע קריניק, א בילד אין זיכרון —
כמעט נישט פארטונקלט אין נעפל פון יאָרן;
מיין טאַטע און ברידער, היים און מיין גאָרטן —
איז כאָטש א זכר פארבליבן איצט דאָרטן?

גרויליקע יאָרן פון חורבן און מהומה,
מיט א חלף זיי האבן צעפליקט אונדזער אומה;
אין אַש ערגעץ ווו איז משפחה פארבליבן,
ס׳האט נאַצישע בעסטיע אין פלאַם נישט געקליבן.

כ׳האב פעדעם פון טרייסט און פון האָפנונג געשפונען,
די נעמען פון נאָענטע געזוכט, נישט געפונען;
נאָר ווידער און ווידער דאָס זוכן באַנייט
צווישן שארית־הפליטה פון גיהנום באַפרייט.

און בין איך אַט ווידער אין שטעטל צוריק,
דעם חורבן דעם וויסטן באַנעם מיט מיין בליק;
אויפן אָרט פונעם מארק — א חורבה מיט ברוך,
אין געסלעך פארמעקטע מיין אייגן איך זוך.

אַט איז דער ברונעם, די ביימער, דאָס הויז,
איך שריי מיט א ציטער אין שטימע אַרויס:
„די ביימער!... ס׳האט טאַטע אין טאָג —
בשעת מיין געבאָרן —
פינף ביימלעך פאַרפלאַנצט שוין זעקס צענדליק יאָרן!״

און אַט איז דאָס הייזל, דער גאַנעק, דער גאָרטן,
א פרעמדע משפחה לעבט איצטער דאָרטן;
ווי מיט פיבער באַריר איך א ברעטל, א שטיין —
ווי ביים אָפענעם קבר מיך שטיקט דאָס געוויין.

ס'שטייען אָן ווערטער די פוילישע שכנים —
„יא, יא, נישט געשאָנעוועט האבן זיי קיינעם,
אויך אונדז האבן צרות און שרעק אויפגעזידן,
נאר גרוילעך געווען איז דער גורל פון יידן".

אין האַרץ קלאַפּן האַמערס, עס בלוטיקט ס'געמיט,
מיר דוכט, אז דעם טאַטנס איך פיל ערגעץ טריט,
אין ריח פון לופט — זיין בלוט, זיין טרער,
אין יעטוועדן שטיינדל און זעמדל איז ער.

ווי פון א לווייה, איך וואַרף אויף צוריק
אויף היים און אויףביימער צעגרינטע מיין בליק:

פון שטעטל מיט יידן, פאַבריקן און קראָמען,
פאַרבליבן אין אָנדענק א ליכטיקער נאָמען.

אומקום פון קריניק אין פנקס פאַרשריבן,
איר קעמפער'שער גייסט איז ירושה פאַרבליבן;
איר העלדיש'ער שטעל ביזן לעצט סאָמען טאָג,
לייגט דימענט־געוויכט אויף אונדז'רער קדושים
דער וואָג.

מיין שטעטעלע קריניק, א בילד אין זיכרון —
בלוטיקער חורבן, שרעקפולע יאָרן;
פון ליבסטע און נאָנטסטע פארבליבן איז קיינער,
משפחה־מצבה נאָר: פינף גרינע ביימער.

ברוך ניב

# על חרבותינו

### מביקורי

בשנת 1949 נתמניתי כקונסול של מדינת ישראל בוואַרשה. בבואי לשם, הקדשתי בראש וראשונה את מלוא כוחי ומרצי להעלאתם לארץ של שרידי השואה, דרך הפשפש הצר שנפתח אז לפניהם מפולין. זכות גדולה ראיתי לעצמי לחלק להם הפעם אַשרות של מדינת ישראל בשגרירותה בווארשה, מקום, שבו עשיתי בשעתו, במח־תרת, לעלייתם ה„לא־לגאלית" של חלוצים למכורתנו.

אולם, עם כל פעולתי המושכת את הלב, לא יכולתי להסיח מדעתי את הצורך החיוני אשר חשתי בקירבי, להגיע לקרינקי עיירתנו, בקוותי, שאולי אצליח למצוא עוד שם מישהו מיהודיה.

יעצוני, שלא לנסוע ברכבת, שכן היו כנופיות חולי־גאנים משתוללות אז במסעיה, ובמסווה של „הצלת פולין מידי הקומוניסטים, אשר השתלטו עליה" — הם היו רוצחים יהודים או משליכים אותם מן הרכבות בעיצומה של דהרתן. נסעתי אפוא במכוניתי — תחלה לביאַ־ליסטוק, שאך יהודים מעטים נתקבצו בה עתה, אודים מוצלים מאש השואה. מצאתי ביניהם גם שני קרינקאים: אחד ממשפחת פטריצר, שהיה אז ראש ה„וועד היהודי" במקום, וכן, בבית מושב־הזקנים, את אשת אדינאק.

מביאליסטוק המשכתי את דרכי לקרינקי. הדרך היתה שוממה, ולצדי שוטר בבגדים ציוויליים, שמפקד המשטרה בחבל הפקידו ללוותני. עברנו את סוקולקה, שנותרה שלימה כמעט, אך ללא יהודי בתוכה, ואחר־כך כפרים שבסביבת עיירתנו, עד שמגבעה רמה נגלתה לפנינו קרינקי גופה. והנה מראיה לא כתמול־שלשום, כפי שזכרנוה: פחתו הבתים, בשדות מסביב דממה, ליד הכביש — דומיית־מוות.



הכניסה לקרינקי — מסוקולקה
אריינפאָר קיין קרינקי — פון סאָקאָלקע



בית־המדרש שב„קאווקאז" — כיום בית־קולנוע
„קאווקאזער" בית־המדרש — היינט צו טאג א קינא

רחוב סוקולקה הגויי, על בתיו הקטנים, חלף לפנינו, ועומדים אנו בשוק. רחוב אוז'שקו („חייקלס") כמו נעלם, הכול בו עלה באש. בשוק גופו אין לראות עוד את טור החנויות, את המחסן של מכבי־האש, חסרים בתים רבים, ביניהם של מרדכילביץ' ושל חצקל המוזג — כיכר ריקה.

ברחוב הדואר לא נותר סימן של בית עד לסימטה „הצרה" („וונסקה"). אני ממשיך את דרכי, ולפני רחובות וסימטאות חרוכים וחרבים כליל או למחצה. הרובע „קאוו־קאז" ריק כמעט, ברחוב הבורסים („גארבארסקה") — תלי־חרבות. מבית־הכנסת נשאר שלד חרוך; מבניין בית־המדרש הגדול, על פתחיו וחלונותיו, אשר לוחות דבוקים אליהם ומכסים אותם — עולה מרה־שחורה. רק רחובות הגויים נותרו שלימים ובלא שנגעו בהם.

נפש יהודית חיה כלתה מן העיירה. קרינקאים אחדים משלנו ניקרו כאן לאחר המלחמה ועקרו חיש רגליהם. קרינקי — „יידנריין", נקייה מיהודים! בבתים אשר נשתמרו, משל אחינו, מתגוררים עתה נכרים, מקומיים או שמן הכפרים שמסביב עברו הנה.

ניגשתי אל יאַנק לאַפּוּץ', צלם העיירה הפולני. הוא הכירני על נקלה, העלה ממגרותיו תצלומים אחדים משלי וסיפר על עצמו ועל אשתו שאינה חיה עוד, זו מלכה המשומדת. שיחתנו מתנהלת ביידיש, והנה נזכר להצביע ברמז על מלווני ולשאלני, האם „מבין ערל זה בלשון?" והפטיר: „כן, פּאַני נישט, עצוב ורע עתה — כל ימי חייתי בקרב יהודים, וכעת עלי למות בין גויים."

ביקרתי בבית־הקברות. המצבות שוקעות והולכות. קבר־האחים, שאליו אספו אלה שביקרו בקרינקי, את עצמותיהם של עשרות קרבנות, שנרצחו ע"י המרצחים הנאצים עוד בראשית פלישתם לעיירה — קבר זה, שאין עליו כל ציון כלל, שקע כדי כך, שהוא נראה כבור פעור גדול. השומר שמטעם הרשות של בית־העלמין מבקש ליתן לו כסף, להשליט כאן מקצת סדר במקום הקדוש.

בדרך כלל היו הגויים, שנזדמן לי לפגשם בקרינקי בעת ביקורי בה גם ב־1950 ו־1951, מציגים עצמם לפני כאוהדי יהודים וכצדיקים גמורים. אולם ברובם נמנעו מלהחליף עמי דברים, למראה השומרים־השוטרים שליווני. במיוחד חשתי בכך ב־1951, עת הילכו בעקבותי שוטרי־חרש בלא הרפות ממני, ואמנם בטוח הייתי הפעם, שלא אוסיף עוד לראות את קרינקי לעולם.

והנה 16 שנה לאחר־מכן, ב־1967, נזדמן לי שוב לעשות בפולין, במשלחת מישראל לגילוי הלוט מעל אנדרטה באושביץ לזכר המיליונים אשר הושמדו שם. התגברתי על תכנית הביקורים הדחוסה, שעמדה לפנינו ועל ההקפדה שהקפידו בנו, שלא נחרוג חלילה ממסגרת תחולתה הקצרה של האשרה שבידינו, וגמרתי אומר להגיע שוב לקרינקי, לערוך אי־אלה צילומים שם ולראות מן הנעשה במקום.

הגעתי לביאַליסטוק ומשם לא היתה לפני ברירה, אלא לנסוע היישר לקרינקי במונית. הנהג עמד משום־



בית הכנסת הגדול החרב
— 1967 —
די חרובע גרויסע שול

מה על כך, שניסע דרך סופראַסל, כלומר בנתיב־יער לא סלול ושמם. הואיל וקרינקי היא נקודת־ספר בסמוך לגבול ממש עם רוסיה, אין זה שכיח שאדם מן החוץ ייראה שם, ואם יופיע — יעורר אך תמיהת־יתר וחשדות, ולא יעז איש להחליף עמו מלה. החלטתי אפוא לרדת היישר ליד המשטרה ולהסביר שם את תכלית ביקורי. ואמנם תמה מפקד המשטרה שם לא מעט להעזתי לבוא למקום כזה בלא רשיון עמי, ולא עוד אלא אף במגמה לצלם בו. אף־על־פי־כן, שיחה קצרה ובקבוק יי״ש, אשר מכר לא־יהודי, וולודיה אַניסימוביץ, הביא עמו — „ריככו" את איש־השררה כדי מתן הכשר לבקשתי, עד שניפנה אפילו בכבודו ובעצמו להראות לי את העיירה ולהעמידני על „התפתחותה" במשך השנים.

את כיכר השוק תופס עתה „גן עירוני", שניטע שם במשך הזמן, אולם הוא „עודנו בראשיתו", כפי שהסביר מלווני. עוד על שינוי „חשוב" הצביע לפני: בית־המדרש



רחוב גרודנה / גראָדנער־ גאַרבער־גאַס
— 1967 —
משמאל, תחנת־המשטרה כיום / פון לינקס — היינט צו טאָג דער פּאָליציי־„פּאָסטערונעק"

אשר ב„קאַווקאַז" משמש עתה כקולנוע ו„מעלים בו סרטים יפים מאוד מדי שבוע בשבוע", כפי שהוסיף בגאווה. בניין בית־המדרש של „ינטה" („יענטעס"), שב־קומתו השנייה שכן חלק מבית־הספר העברי — תפוס כיום ע"י צרכנייה ומחסן של קמח, סוכר ומיצרכים אחרים. בצרכנייה הכירתני בתו של גוטצייג (שמוצאו היה גרמני למחצה), והיא תמהה, שעודני חי... בית־המדרש הגדול שופץ לצרכי בית־דואר, השוכן בו כעת. שאר בתי־התפילה נימחו ואינם.

קרינקי היהודית, התוססת והסואנת, אינה עכשיו אלא כפר נכרי שוקט על שמריו בלא רוח חיים. קרינקי, עיירת־מוצאנו, זו — חרבה בשבילנו, אש להבה אכלתה, על בניה־ישראל.

יתקדש ויתעלה זכרם!

שלג דק החל יורד, עת ניפניתי לצלם, הראות מסביב נתערפלה, נתקדרו ונתערפלו גם עיני לפני. ביקורי האחרון בקרינקי נסתיים.

**ארנולד רוזנפלד**

## עם קרינקאים — בדרך לישראל

עברו שנים, הגורל המר זימנני לאחר המלחמה לאי־טליה, בדרכי הארוכה לארץ־ישראל. בעיר קרמונה, לא הרחק ממילאַנו, התחלתי לעבוד כמנהל בית־ספר גדול, והנה גיליתי שם לשמחתי הרבה את האחיות פולונסקי מקרינקי. אחת מהן סידרתי כמורה בבית־ספרי. מצבה הכלכלי של משפחתי, לאחר שחזרתי מרוסיה, היה לא מצוין, אך לא התלוננתי על גורלי ולא ביקשתי עזרה אפילו מקרובי. אבל האחיות פולונסקי נתעוררו מעצמן וכתבו לידידיהן בארצות־הברית. והנה באו לעזרתנו אנשי־קרינקי, תלמידי בעבר. לא אשכח זאת!

אבל יקרה מכול היתה לי הפגישה הנרגשת במילאַנו עם ידידי היקר בנדט נישט. עמדתי לפני דלת אחד המשרדים של מחנה היהודים שם, ובפתע מצאתי, שהפקיד הגבוה המקבל את הפונים שמו נישט. היה זה בנדט שלנו, ולא היה שיעור לשמחתנו. בזכותו הוזמנתי לנהל את הגמנזיה ברומא, או לפקח על בתי־הספר העבריים בוועד המרכזי של מחנות היהודים באיטליה; אלא שמי־הרתי לעלות לארץ־ישראל ולא היתה לי שיהות לקבל על עצמי תפקידים חשובים בגולה.

ועד היום הקרינקאים הם ידידים יקרים לי, ורבה שמחתי כאשר אני פוגש איש מהם.

# נאכן חורבן

בײלקע שוסטער־גרינשטײן

## אויף די רוּינען
## פון דער יידישער קרינעק

ווי א זכר פון מיין גאַנצער משפחה בין איך בלויז געבליבן. נישט גלייבנדיק זיך אליין, אז אזוי איז עס טאַקע, האב איך מיך גלייך נאך מיין ארויסגיין פון וואַלד, אין יאר 1944, אַ לאָז געטאָן קיין קרינעק, זען, אפשר וועל איך דאָרט עמיצן געפינען.

צופאַרנדיק, אויפן וועג צום שטעטל, מיליטערישע אנגעטאָן, מיט אָפּצייכענונגען, וועלכע כ'האב געקראָגן אין „אָטריאַד", און מיט געווער אין האַנט — האט מען מיר געמאָלדן פון דער גרענעץ־וואַך, אז קיין שום יידן געפינען זיך נישט אין קרינעק און ס'איז א סכנה אריינצוגיין אהין צו, ווייל עס בושעווען דאָרט די „אַ.ק.אַ"־לייט,* און די פּאָר יידן, וואס זענען יאָ געבליבן, געפינען זיך אין בריסטאָוויץ. בין איך באַלד טאַקע אַהין געפאָרן און געטראָפן הערשל רויטבאַרד און פערל לעווי, יאַנקל דעם קלאָרנס טאָכטער. פון זיי האב איך צום ערשטן מאָל געהערט וועגן דעם טרויעריקן סוף פון מיין משפחה און פון דעם גאַנצן שטעטל.

— נישטאָ מער קיין קרינעק! — האט פאַרענדיקט פערל.

דאָך האב איך נאָך אַלץ נישט געוואָלט זיך צוגע־ וווינען צום געדאַנק, אז מיט דעם האב איך פאַרענדיקט. און אזוי האב איך, מיט דער הילף פון לאנדסלייט און צייטונגען, געפונען א מומע, וואס וווינט אין אַרגענ־ טינע — אן איינציקע צו מיר פון אונדזער גאַנצער פאַמיליע, וואס האט געציילט העכער הונדערט פערזאָן.

זאָל דער אָנדענק־בוך בלייבן פאר אונדז און אונ־ דזערע קינדער ווי אַ לעבעדיקע מצבה.

---

* „אַ.ק.אַ." — ארמייאַ קראַיאָווא — פוילישע נאַציאָנאַליסטישע אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער.

שרה פעל־יעלין

## אויפן תל־עולם פון
## אונדזער היימשטעטל

1960, פערציק יאר נאך דעם ווי איך האב פאַר־ לאָזן פוילן, בין איך צוריקגעקומען אין מיין היימ־ שטעטל.

א שטעטל — א בית־עולם, א חורבן, קיין יידישע קריניק איז מער נישטאָ! דער רונדער מאַרק שטייט נאַקעט — נישטאָ מער די קראָמען, די בראָם, די הייזער אַרום. דא און דאָרט זענען הייזקעס פארבליבן, זיי זענען גרוי, איינגעשרומפּן, פאַרגראָבן אין דער ערד. איך געפין פלאַנטאַנסקע, דערקענט לויט די פינףביימער וואס מיין טאַטע האט פארפלאַנצט ביי מיין געבורט; דערקענט דעם ברונעם, וואס שטייט איצט א טרוקענער קעגן דעם פּלאַץ ווו ס'איז געווען ברוך חכמס הויז.

איך שטיי א פארקלערטע; מיט א ים טרערן אין די אויגן קוק איך אויף מיין הויז, נאר קיין נאָענטע מיר זענען דא נישטאָ. א פרוי גייט ארויס, פילט זיך אומבאַקוועם, דערשראָקן — אפשר מיינט זי, אז איך קום נאך ירושה? א צווייטער שכן קומט ארויס, מיר גיבן זיך די הענט: מיכל צאַרעוויטש איז זיין נאמען. יע, געוויס קען ער אלי דעם בלעכער און זיין משפחה...



— 1967 —
טעפערשע גאַס (פלאַנטאַנסקע) אין שניי
רחוב הקדרים לעת שלג

# שלוס־וואָרט

אַנגעהויבן זאמלען מאטעריאל וועגן דער יידישער קרינקי, האָב איך נאָך מיט יאָרן צוריק, אין דעם ראַם פון א „יד־ושם"־פּראָיעקט צו פאָרשן די געשיכטע פון די יידישע קהילות אינעם גראָדנער קאַנט און פון זייער אומקום. וועגן געדאנק ארויסצוגעבן א קרינקער יזכור־בוך האָט מיך אינפאָרמירט ערשט שפּעטער מיין גוטער פריינד, נאָך זינטן אָנהייב פון דער „החלוץ"־באַוועגונג אין גראָדנער גליל — בענדעט נישט (ברוך ניב), בעת א צופעליקער באַגעגעניש.

ער האָט מיר דעמאָלט דערציילט אויך וועגן דעם, אז א גרופּע קרינקער, אין איינעם מיט אים, טרעפן זיך פּעריאָדיש צונויף צו ארויפברענגען זכרונות פון זייער היימשטעטל און צו פארנאָטירן עם ווי א מעגלעכן מאטעריאל פארן פּראָיעקטירטן יזכור־בוך; זיי „פארריכטן" זיך אפילו קעגנזייטיק און שטעלן פעסט די פאַקטן גענוי. כ'האָב טאַקע צוגעמונטערט בענדעטן, זיי זאלן ווייטער ממשיך זיין מקיים צו זיין די דאָזיקע מצווה, אין וועלכער איך זע אויך איינעם פון די וועגן צו שאַפן מאטעריאל פאַר אַן אָנדענק־בוך.

דאָ האָט מיך בענדעט א פרעג געטאָן, צי וואָלט איך מסכים געווען צוזשטיין צוגרייטן דאָס בוך, וואָס די קרינקער פּלאַנעווען ארויסצולאָזן. מיין ענטפער איז געווען, אז מע וועט קענען זיך „דורכשמועסן" מכוח דעם, אז ס'וועט האַלטן דערביי; אבער דער עיקר דאַרפן די קרינקער לאַנדסלייט גופא שאַפן דאָס בוך מיט זייערע אייגענע כוחות. ווידער מיך קען עס אינטערעסירן, אויב עס וועט זיך האַנדלען וועגן א ראַווידיקער מצבה־בכתב, ווי עס פּאַסט פאר אזא אייגנאַרטיקע קהילה ווי די קרינקער, לויט מיין באַגריף וועגן איר פון די פאַרש־מאטעריאַלן, וואָס איך גופא האָב דערווייל צונויפגעזאמלט און פון מיין אַמאָליקן באַזוך דאָרט (אין פרילינג 1920 — צו אָרגאַניזירן אַן ערשטע חלוצים־עליה קיין ארץ־ישראל). און לעת עתה, לאָזן זיי דורפירן א ברייטע זאמלונג־אקציע פון די נייטיקע דאָקומענטן און אַנדערע מאטעריאַלן, און דער עיקר און קודם־כל — וועגן דעם אומקום.

עס זענען אוועק א שיינע פּאָר יאָר, און מען האָט מיך איינגעלאַדן „אויסטוישן מיינונגען" מיט די איניציאַטאָרס פונעם „פּנקס". די אויף דער־אָ באַראַטונג ארויסגעזאָגטע אויפפאַסונגען האָבן מיך איבערגעצייגט, אז עס איז דאָ מיט וועמען און וועגן וואָס צו פאַרהאַנדלען. האָבן מיר זיך גאַנץ היפּש און גרינטלעך פונאַנדערגעשמועסט, אין א גוטער מוט און א קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, און רעזיומירט:

א) צו צילן דערצו, אז דער „פּנקס־קרינקי" זאָל זיין נישט קיין פּראָוויזאָרישע אימפּראָוויזאַציע, נאָר א מאָנומענטאַלע און קאָנסטאַנטע אָנדענק־מצבה — א ווערדיקע ירושה פון דער קרינקער עדת־ישראל אירע אָפּשטאַמיקע לדורות.

ב) אז דער „פּנקס" זאָל זיין אַן אויטענטיש עדות־ווערק פונעם יידישן חורבן און אומקום אין קרינקי, מיט א באַזונדער באַטאָנונג פון די גבורה־אַנטפּלעקונגען, אַקטיווע ווי פּאַסיווע — וואָס האָבן באַגלייט די פאַרניכטונג; און דערמיט מקיים זיין דעם לעצטן טיפן באַגער פון אונדזערע פאַרלענדטע — עס זאָל כאָטש דערציילט און פאַרשריבן ווערן, „פאַר דער וועלט", וואָס זיי האָבן געהאַט דורכצולעבן און ווי אזוי מען האָט זיי אויסגעראָטן.

ג) דער „פּנקס" זאָל אויך אנטהאַלטן די געשיכטע־בלעטער פון דער עדת־ישראל אין קרינקי — לפּחות אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך צו קאָנסטרויִרן פון די קנאַפּע צוגענגלעכע אויטענטע צעוואָרפענע דאָקומענטאַרע מקורים. דער „פּנקס" זאָל אויך אויסגעפורעמט ווערן אין זיין פלאַן און אינהאַלט מיט דער מאַקסימאַלסטער אָביעקטיווקייט, און די אין אים באַשריבענע געשעענישן און פאַקטן זאָלן פּרעציז רעוויִדירט און פעסטגעשטעלט ווערן.

ד) דער „פנקס" זאל אזוי אויסגעשטאַלטיקט ווערן, אז ער זאל אין דער מערסטער מאָס אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון דער קרינקער עדה אין איר לעצטער קיום־תקופה — אין אַלע זיינע כלל־אַספּעקטן און באַזונדערע ספּעציפיש־אָריגינעלע שטריכן.

ה) דער צוועק פונעם „פנקס" איז צו פאַראייביקן די קהילה אין איר כ ל ל, לויט אירע שיכטן און גרופּן, און ניט צו דינען ווי א זאַמלונג פון פּריוואַטע משפּחה־דיקע יזכור־בלעטער. עס דאַרף אויך גענומען ווערן אין אַכט, אז דער „פנקס" איז אַן אָ נ ד ע נ ק ־ מ צ ב ה פאַר די וואָס זענען ניט מער מיט אונדז ביים לעבן, און דאָס איז מחייב געוויסע קאָנסעקווענצן.

אויף די־אָ יסודות און בוך־זיילן איז אויפגעבויט געוואָרן דער „פנקס־קרינקי", וואָס ליגט דאָ פאַר אייך; אמת, נישט אַלץ איז מעגלעך געווען צו דערגרייכן און ניט אין דער פולער מאָס.

אזוי האָבן אונדז, למשל, אויסגעפעלט היסטאָרישע אַקטן און אפילו סטאַטיסטישע ציפערן (וועגן דער באַפעלקערונג אין קרינקי אד"גל); האָט זיך די קרינקער לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציע אין ישראל געווענדעט צום קרינקער מאַגיסטראַט און צום יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און געבעטן אַרויסהעלפן אויסגעפינען און צושיקן דאָס פעלנדיקע. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

האָבן מיר געמוזט זיך באַנוגענען מיטן מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער רשות, און אויפצושטעלן, למשל, בלויז ספּאָראַדישע געשיכטס־טיילן — פון צעזייטע און צעשפּרייטע ברעקלעך און שטיקלעך. אָבער דער „יש", וואָס מיר האָבן צונויפגעבראַכט דאָ אין „פנקס" — רעדט פאַר זיך, און מיר האָבן עס שוין באַהאַנדלט אין אונדזער הקדמה.

דער „פנקס" איז א פּראָדוקט קודם־כל פון די ק ר י נ ק ע ר ל אַ נ ד ס ל יי ט ג ו פ א, פון זייער גרייט־פולער ברידערלעכער קאָאָפּעראַציע און וואַרעמען אָפּרופן זיך און שרייבן פאַרן בוך, איטלעכער לויט זיין זכרון און געשיקטקייט, אָדער מיט זאַמלען און צושיקן מאַטע־ריאַלן, איינשליסיק בילדער אד"גל.

לסוף, פיל איך פאַר נייטיק — פאַר א חוב — אויך צו דערמאָנען לשבח די אַלע געטרייע און אַקטיווע טוערס־אָרגאַניזאַטאָרס פונעם „פנקס"־באַשאַף אין אַלגע־מיינעם, פונעם בוך־קאָמיטעט און דער רעדאַקציע־קאָלעגיע, און בפרט דעם בראש פון זיי געשטאַנענעם אומדערמידלעכן און תמיד וואַכעדיקן — בענדעט נישט־ניב. כלערליי מניעות האָבן אים ניט אָפּגעהאַלטן פון זיין התמדהדיקייט במשך יאָרן, און ווי אַן „אומר ועשה" און אויך ו„גומר" — האָט ער טאַקע דערבראַכט דעם „פנקס־קרינקי" צום דערשיינען.

זאָל עס אים פאַרשריבן ווערן צום לויב און דאַנק־באַרקייט!

**דוב ראבין**

ירושלים, ט"ו בשבט תש"ל

# מפתח־עזר לעניינים* / הילפס־זוכצעטל פון עניינים*

**מתולדות היהודים בקרינקי עד לפלישת הנאצים בשנת 1941**
(מסודר לפי סדר א"ב)



* בנושאים מסויימים, שלא הוכתרו בספר בכותרות מיוחדות להם ולא הובאו בו במרוכז.

## פון דער געשיכטע פון די יידן אין קרינקי ביז דער נאצישער אינוואזיע אין 1941
(געאָרדנט לויטן סדר א״ב)

## שנתיים שלטון סובטי 1939—1941
(לפי סדר כרונולוגי)



## צוויי יאָר סאָוויעטישער הערשאַפט 1939—1941
(געאָרדנט כראָנאָלאָגיש)



## חורבן ועוז
(לפי סדר כרונולוגי)

## חורבן און העלדנמוט
(געאָרדנט כראָנאָלאָגיש)

# מפתח למקומות / ערטער זוכצעטל

## עיבורי קרינקי ופלגיה / קרינקער שטעטל׳שער ארום און טייכלעך



## מקומות, שיהודי קרינקי עמדו עמם בקשרים הדוקים
## מקומות, מיט וועלכע קרינקער יידן זענען געווען נאָנט אויפגעטראָגן



## המחנות, שבהם עונו והושמדו קדושי קרינקי
## לאגערן, אין וועלכע ס׳זענען פארפייניקט און אומגעבראכט געווארן די קרינקער קדושים

## עם הסיום / אין סוף

עם חתימת ה„פנקס", הרינו מודים לכל שסייעו בידינו ברשימות, בתצלומים, במפות ובתמונות, ובייחוד לאמן־הצייר מר נטע קוזלובסקי מצ׳יקאגו, שהעניק לספר מספר ציורים־קומפוזיציות בנושא־השואה; אנו מכירים תודה לבני־קרינקי, שערכו את רשימת תושביה היהודים; לאברהם סופר, שהעמיד לרשותנו את ספרו „קריניק אין חורבן" — להעתקה ולהבאה ממנו, ולבני־קהילתנו מוציאיו לאור, שבאורוגבאי וארגנטינה; למר עמיאל סלע, שטרח על הדפסת ה„פנקס" ולעיצוב צורתו, ובייחוד של העטיפות והכריכה, וכן לבית־הדפוס ולעובדיו גופם.

יבורכו כולם.

המערכת

— — — — — —

מיטן אָפּשליסן דעם „פנקס־קרינקי", דריקן מיר אויס אונדזער װאַרעמען דאנק אלע די, וואס האבן צוגעשטייערט פארן יזכור־בוך אָפּהאַנדלונגען, ארטיקלען, פאָטאָס, מאַפּעס, אד"גל; און אונדזערע היימישע שטעטלשע, וואס האבן צונויפגעשטעלט די ליסטע פון די יידן אין קרינקי; דעם לאנדסמאַן אברהם סויפער, וואס האט אונדז דערלויבט צו באארבעטן, איבער־זעצן און איבערדרוקן טיילן פון זיין בוך „קריניק אין חורבן", און זיינע ארויסגעבערס — די קרינקער לאנדסלייט אין אורוגוויי און ארגענטינע; פריינט עמיאל סלע, וואס האט אריינגעלייגט כוחות און געשיקטקייט אין אויסדרוקן דעם „פנקס" און אין זיין אויספורעמונג, בפרט פון די הילעס און פונעם איינבונד, ווי אויך דעם דרוק און זיינע ארבעטער.

און א באזונדערן דאנק זענען מיר שולדיק דעם מאלער־קינסטלער פר׳ נטע קאָזלאָווסקי (טשיקאַגע), וואס האט אונדז צוגעשטעלט פארן „פנקס" פון זיינע בילדער־קאָמפּאָזיציעס פונעם אומקום.

לויב זיי אלעמען.

די רעדאקציע

## ...לאחר סגירת הספר / ... נאכן שליסן פון בוך

מיר ברענגען אין די פאלגענדע בלעטער פרטים און בילדער, וועלכע זענען צוליב אומפאראויסגעזענע סיבות נישט אריין אין בוך.

אנו מביאים בעמודים הבאים פרטים מצולמים, אשר מסיבות טכניות שאינן תלויות במערכת, לא נכללו בספר.

### עוד שמות של לוחמים בני־קרינקי, שנפלו חלל

לאחר הדפסת הטכסט של הספר, נודעו לנו (מ„לכסיקון הגבורה", חלק ב׳ של כרך א׳, בהוצאת „יד־ושם", ירושלים, תשכ"ט), עוד שמות של לוחמים בני קרינקי, והם:

1) **לעוו,** מֶשל בן טוביה ופיגה
נולד 1911 בקרינק, סנדלר, חי ועבד בביאליסטוק, חבר למחתרת, נפל בעת המרד, באוגוסט 1943.
פרטים נמסרו ע"י גלר.

2) **קוליא ואשתו** (Kolja) מקרינקי
נימנו עם המחתרת שבגטו ביאליסטוק. נפלו 19/8/43.

### נאך נעמען פון אומגעקומענע קרינקער קעמפערס

שוין נאָכן אָפּדרוקן דעם טעקסט פון אונדזער „פנקס", זענען אונדז באקאנט געווארן נאך נעמען פון קרינקער אומגעקומענע קעמפערס (פארעפנטלעכט אין „לכסיקון הגבורה", חלק ב׳ של כרך א׳, בהוצאת „יד־ושם", ירושלים, תשכ"ט):

1) **לעוו** משהל, בן טוביה און פייגע,
געבארן 1911 אין קרינקי, געוווינט און געארבעט אין ביאליסטאָק, מיטגליד פון דער אונטערערד, געפאלן דארט בעתן אויפשטאנד, אויגוסט 1943.
פרטים איבערגעגעבן דורך געלער.

2) **קאָליאַ און פרוי,** פון קרינקי,
געהערט צו דער אונטערערד אין געטא ביאליסטאָק. אומגעקומען 19טן אויגוסט 1943.

## דמויות... / טיפן...



יעקב מרדכילעוויטש.
לויט זיין איניציאַטיוו איז פון
ס'ניי אופגעבויט געוואָרן די שול
נאך דער שריפה



דויד גאָטליב,
פירער פון קרינקער „בונד",
געוו. וויצע בירגערמייסטער
אין קרינקי



וואלף וויינער (וועלוול דער סטאָלער)
געוועזענער לאַווניק און וויצע
בירגערמייסטער אין קרינקי

## אירועים... / געזעלשאַפטלעכע געשעענישן...





כיתות בבית־הספר „תרבות"



„בונד" אקטיווע אין קרינקי






דער דראמאטישער קרייז

## קרינקי היינט... (אפריל 1967)



דער מארק און די צערקווע



דער מארק — היינט א שטאָט־פּאַרק



דער מארק




העיירה, השואה והמרד בעיני קרינקאי / דער שטעטל, דער אומקום און דער אויפשטאנד אין דער אויג פון א קרינקער

